# אינהאלט

# שיר־השירים

א יוגענד־ראָמאַן
(אין פיער טייל).

געשריבען אין יאָהרען 1911 — 1909

# שיר־השירים

## א יוגענד־ראָמאַן.

---

### ערשטער טייל.

### בוזי.

---

א.

בוזי איז א נאָמען, פערצויגען פון אסתר ליבע: ליבוזי — בוזי. זי איז עלטער פון מיר מיט א יאָהר, און אפשר מיט צוויי, און ביידע אינאיינעם זענען מיר נישט אַלט קיין צוואַנציג יאָהר. היינט זעצט אייך אוועק, זייט מוחל, און רעכענט אויס, וויפיעל בין איך אַלט און וויפיעל זי? נאָר דאָס, מיין איך, איז נישט וויכטיג. איך וועל אייך בעסער דערצעהלען איהר ביאָגראַפיע אין קורצען.

מיין עלטערער ברודער בעני איז געזעסען אין א דאָרף, געהאַל־טען א מיהל, געקאָנט שיסען פון א ביקס, פאָהרען רייטענדיג אויף א פערד און שווימען ווי א מזיק. איינמאָל זומער האָט ער זיך גע־באָדען אין טייך און איז דערטרונקען געוואָרען. אויף איהם איז געזאָגט געוואָרען דער פסוק: „אַלע גוטע שווימער ווערען דער־טרונקען“. נאָך איהם איז געבליבען א מיהל, צוויי פערדלעך, א יונגע אלמנה מיט איין קינד. די מיהל האָט מען אָפּגעלאָזט, די פערדלעך האָט מען פערקויפט, די יונגע אלמנה האָט חתונה גע־

האט און איז אוועקגעפאהרען ערגיץ ווייט, און דאס קינד האט מען געבראכט צו אונז.

דאס איז געווען בוזי.

ב.

אז דער טאטע האט ליעב בוזי'ן, ווי איין אייגען קינד, און אז די מאמע ציטערט איבער איהר, ווי איבער א בת־יחידה — דאס איז גרינג צו פערשטעהן. זיי האבען געפונען אין איהר א טרייסט נאך דעם גרויסען בראך. אבער איך? פאר וואס אז איך קום פון חדר און טרעף נישט בוזי'ן, קריכט מיר נישט דאס עסען אין האלז אריין? און אז בוזי איז געקומען, ווערד ליכטיג אין אלע ווינקעלעך? און אז בוזי רעדט צו מיר, לאז איך אראפ די אויגען? און אז בוזי לאכט פון מיר, ווין איך?

און אז בוזי...

ג.

איך האב לאנג ארויסגעקוקט אויף דעם ליעבען גוטען יום־טוב פסח. דעמאלט וועל איך זיין פריי. איך וועל שפיעלען מיט בוזי'ן אין ניס, ארומלויפען אין דרויסען, געהן בארג־אראפ צום טייך. דארט וועל איך איהר ווייזען, ווי מע לאזט קאטשקעלעך אויפ'ן וואסער. אז איך זאג איהר, גלויבט זי מיר נישט. זי לאכט. בכלל, גלויבט מיר בוזי נישט פון דאנען אהין. דאס הייסט, זאגען זאגט זי מיר גארנישט ניט, נאר זי לאכט. און איך האב פיינט, אז מע לאכט פון מיר. בוזי גלויבט נישט, אז איך קאן זיך ארויפדראפען אויפ'ן העכסטען בוים (איך זאל נאר ווילען!). בוזי גלויבט נישט, אז איך קאן שיסען (איך זאל נאר האבען מיט וואס!). לאז נאר קומען פסח, דער ליעבער גוטער פסח, ווען מע קאן שוין זיין אין דרויסען, אויף דער פרייער לופט, נישט פאר טאטע־מאמע אין די אויגען, — וועל איך איהר בעווייזען אזעלכע קונצען, אז זי וועט ארויס פון די כלים!

ד.

געקומען דער ליעבער גוטער יום־טוב פסח.

מע האָט אונז ביידען אויסגעקליידט אויף יום־טוב בגדי־מלכות. אליץ, וואָס אויף אונז איז געווען, האָט געגלאַנצט, געשיינט און געקנאַקט. איך קוק אויף בוזי'ן און איך דערמאָן מיך אין דעם שיר־השירים, וואָס איך האָב געלערענט פאַר פסח מיט'ן רבי'ן אין חדר. א פסוק נאָך א פסוק: „ה נ ך י פ ה ר ע י ת י — שען ביזט דו, מיין חבר'טע, שען ביזט דו ביז גאָר. אויגעלעך ווי טייבעלעך, הערעלעך ווי ציעגעלעך, גליטשען זיך אַראָפּ א באַרג. צייהנדעלעך — ווייסע שעפעלעך, פון טייך אַרויס, איינס און איינס, איין מאַמע האָט זיי געהאַט. רויטע שנירעלעך — דיינע ליפּעלעך, אַז דו רעדסט, איז צוקער־זיס".

זאָגט מיר, איך בעט אייך, פאַר וואָס אַז מע קוקט אויף בוזי'ן, מוז מען זיך דערמאָנען אין דעם שיר־השירים? פאַר וואָס אַז מע לערענט שיר־השירים, קומט אויף די געדאַנקען בוזי?

ה.

א זעלטענער ערב־פסח. א ליכטיגער טאָג. א וואַרעמער אין־דרויסען.

— געהען מיר?

אזוי זאָגט צו מיר בוזי, און איך פיהל, אַז איך ברען. די מאַמע האָט אונז ניט געזשאַלעוועט קיין ניס. פולע קעשענעס מיט ניס. זי האָט אָבער גענומען ביי אונז דאָס וואָרט, אַז מיר זאָלען איצט, פאַר'ן סדר, נישט דערוועגען זיך די ניס צו קנאַקען. שפּיעלען זיך אין ניס — וויפיעל דאָס האַרץ גלוסט. מיר לאָזען זיך געהן. די ניס לאָזען זיך הערען. אין דרויסען איז גוט. אין דרויסען איז וואויל. די זון האַלט שוין ווייט אין הימעל, קוקט שוין אַראָפּ אויף יענער זייט שטאָדט. ס'איז ברייט און גראָם און ווייך

און פריי ארום און ארום. ערטערווייז שלאָגט זיך דורך פון באַרג, וואָס אויף יענער זייט שוהל, אַ גרעזעלע אַ גרינס, אַ פּריש, אַ צאַ־פּעלדיגס. מיט אַ קווימש און מיט אַ צוויץ פליהט דורך איבער אונ־זערע קעפּ אַ גלייך שנירעל פון קליינע שוועלבעלעך, און וויעדער דערמאָן איך מיך אין דעם שיר־השירים פון חדר: „ה נ צ נ י ם — די שפּראָצונגען האָבען זיך שוין בעוויזען אויף דער ערד, די צייט פון דעם סאָלאָווייטשיק איז געקומען, און אַ קול פון'ם ערשטען זומער־פויגעל האָט זיך געלאָזט הערען אין אונזער לאַנד". איך פיהל מיך מאָדנע גרינג. עס דאַכט זיך מיר, אַז איך האָב פליעג־לען: אָט הויב איך מיך אויף און פליה.

ו.

פון שטאָדט לאָזט זיך הערען אַ מאָדנער הילך. עס רוישט. עס קאָכט. עס זידט. ס'איז ערב־פּסח! אַ זעלטענער ערב פּסח. אַ ליכטיגער טאָג. אַ וואַרעמער אין־דרויסען.

אין מיינע אויגען בעקומט אין דער מינוט די גאַנצע וועלט גאָר איין אַנדער פּנים. אונזער הויף איז אַ שלאָס. אונזער שטוב איז אַ פּאַלאַץ. איך בין אַ פּרינץ. בוזי איז אַ פּרינצעסין. די קלעצער, וואָס ליגען אָנגעוואָרפען ביי דער שטוב, זענען טענענ־בוימער און בוקסענבוימער, וואָס ווערען דערמאַנט אין שיר־השירים. די קאַץ, וואָס ליגט ביי דער טהיר און וואַרעמט זיך אויף דער זון, איז פון די פעלד־אינדען, פון די א י ל ו ת ־ ה ש ד ה, וואָס ווע־רען דערמאַנט אין שיר־השירים. דער באַרג, וואָס אויף יענער זייט שוהל — דאָס איז דער ל ב נ ו ן, וואָס ווערד דערמאַנט אין שיר־השירים. די ווייבלעך און מיידלעך, וואָס שטעהען אין דרויסען און וואַשען און פּרעסען און כשר'ען אויף פּסח — דאָס זענען די טעכטער פון ירושלים, וואָס ווערען דערמאַנט אין שיר־השירים. אַלעס, אַלעס איז פון שיר־השירים.

איך געה, די הענד אין די קעשענעס, טרייסעל מיט די נים. די נים קלינגען. בוזי געהט מיט מיר טריט ביי טריט. איך קאָן נישט געהן פּאַוואָלי, עס טראָגט מיך אין דער לופטען. מיר ווילט זיך פליהען, שוועבען, טראָגען זיך ווי איין אָדלער. איך לאָז מיך לויפען. בוזי לויפט מיט מיר. איך שפּרינג אויף די צענויפגעלעג־טע קלעצער, פון איין קלאָץ אויפ'ן אַנדערען. בוזי שפּרינגט מיט מיר. איך אַרויף, זי אַרויף. איך אַראָפּ, זי אַראָפּ. ווער וועט זיך פריהער איינמיעדען? איך האָב געטראָפען.

— ביז וואַנען איז דער שיעור?

אַזוי זאָגט צו מיר בוזי. און איך ענטפער איהר מיט'ן לשון פון שיר־השירים:

— עד שיפוח היום — ביז עס וועט אַ בלאָז טהון דער טאָג, ונסו הצללים — און עס וועלען אַנטלויפען די שאָטענס — באַ־באַ־באַ! דו האָסט זיך איינגעמיעדט, און איך נישט!

ז.

איך פיהל מיך גליקליך, וואָס בוזי קאָן נישט דאָס, וואָס איך. און אין דער זעלבער צייט האָב איך אויף איהר רחמנות. עס טהוט מיר וועה דאָס הארץ. עס דאַכט זיך מיר, אַז זי איז פערזאָרגט. בוזי האָט שוין אַזאַ טבע: פרעהליך־פרעהליך — פּלוצים זאָל זי זיך אַוועקזעצען אין אַ ווינקעלע און וויינען שטילערהייד. וויפיעל די מאַמע זאָל זי דערמאָלט נישט טרייסטען, וויפיעל דער טאַטע זאָל זי דעמאָלט נישט קושען — עס העלפט קיין זאַך נישט. בוזי מוז זיך אויסוויינען. נאָך וועמען? נאָכ'ן טאַטען, וואָס איז אַזוי פריה געשטאָרבען? צי נאָך דער מאַמע, וואָס האָט חתונה געהאַט, אַוועקגעפאָהרען און פערגעסען דעם זייי־געזונד? אַך, איהר מאַמע, איהר מאַמע! אַז מע דערמאַנט איהר די מאַמע, ווערד זי אַלערלייַ קאָלירען. זי האַלט נישט פון איהר מאַמע. זי רעדט נישט קיין

שלעכט וואָרט אויף דער מאַמע, נאָר זי האַלט נישט פון איהר. איך ווייס דאָס פאַר געווים. איך קאָן נישט ליידען, אַז בוזי זיצט פערזאָרגט. איך זעץ מיך אוועק נעבען איהר אויף די קלעצער און וויל איהר צעשלאָגען די געדאַנקען.

ח.

איך האַלט די הענד אין די קעשענעס. קלינג מיט די ניס און זאָג צו איהר:

— טרעף, וואָס איך קאָן טהון, אַז איך וויל?

— וואָס קאָנסט דו טהון?

— אַז איך וויל, געהען איבער אַלע דיינע ניס צו מיר.

— ווערסט זיי ביי מיר אָפּגעווינען?

— ניין. מיר וועלען אַפילו נישט אָנהויבען שפּיעלען.

— וואָס־זשע, וועסט זיי ביי מיר אַוועקנעמען מיט געוואַלד?

— ניין. זיי געהען אַליין אַריבער צו מיר.

זי הויבט אויף איהרע שענע אויגען אויף מיר. איהרע שענע בלויע שיר־השירים־אויגען.

איך זאָג צו איהר:

— דו מיינסט, אַפּנים, אַז איך טרייב קאַטאָוועס? איך האָב, נאַרעלע, אַזאַ שפּרוך... איך זאָג אַ פּסוק...

זי עפענט אויף די אויגען נאָך שטאַרקער. איך פיהל מיך גרויס. איך גיב איהר צו פערשטעהן, ווי אַ גרויסער, ווי אַ העלד:

— מיר, יונגלעך, קאָנען אַלסדינג. ביי אונז אין חדר איז דאָ אַ חבר, שייקע דער בלינדער רופט מען איהם (ער איז אַ בלינדער אויף איין אויג), ווייסט ער אַלסדינג. ס'איז גאָר נישטאָ אַזאַ זאַך אויף דער וועלט, וואָס שייקע זאָל נישט וויסען. אַפילו קבלה. ווייסט דו, וואָס הייסט קבלה?

ניין. פון וואַנען זאָל זי וויסען? איך פיהל מיך אויפ'ן זיעבע־טען הימעל, וואָס איך קאָן איהר געבען אַ לעקציע וועגען קבלה.

— קבלה, נארעלע, איז אזא זאך, וואס קומט צוניטץ. מיט קבלה קאן איך מאכען אזוי, אז איך זאל דיך זעהן, און דו מיך נישט. מיט קבלה קאן איך צאפען וויין פון א שטיין און גאלד פון דער וואנט. מיט קבלה קאן איך מאכען אזוי, אז מירביידע, אזוי ווי מיר זיצען אטא, זאלען מיר זיך אויפהויבען ביז צו דער חמארע, און נאך העכער פון דער חמארע!...

ט.

אויפהויבען זיך אין דער הויך מיט בוזי'ן דורך קבלה ביז דער חמארע, און נאך העכער פון דער חמארע, און אוועקפליהען מיט איהר ווייט־ווייט, אויף יענער זייט אוקינוס, — דאס איז געווען איינער פון מיינע בעסטע חלומות. דארט, אויף יענער זייט אוקינוס, הויבט זיך דאך אן דאס לאנד פון די קארליקעס, וואס קומען ארוים פון די גבורים פון דוד המלך'ס צייטען. די קארלי־קעס זענען דאך בטבע זעהר גוטע מענשעלעך. לעבען — לעבען זיי נאר פון צוקערקעס מיט מאנדעל־מילך, שפיעלען גאנצע טעג אויף קליינע פייפעלעך און טאנצען אלע אינאיינעם א „קאראהאד“, האבען קיין מורא נישט פאר קיין זאך און האבען ליעב געסט. פון אונז אז עס קומט עמיצער צו פאהרען, גיבען זיי איהם עסען און טרינקען, שענקען איהם די טהייערסטע קליידער מיט אהן א שיעור זילבערנע און גאלדענע כלים, און פאר'ן אוועקפאהרען שטו־פען זיי איהם אן פולע קעשענעס מיט דימענטען און מיט ברי־ליאנטען, וואס וואלגערען זיך ביי זיי, ווי, למשל, ביי אונז מיסט אויף דער גאס.

— ווי מיסט אויף דער גאס? נו?

אזוי האט מיר א מאל א זאג געטהאן בוזי, אז איך האב איהר דערצעהלט פון די קארליקעס.

— דו גלויבסט נישט?

— און דו גלויבסט?

— פאַר וואָס נישט?
— וואו האָסטו דו דאָס געהערט?
— וואָס הייסט, וואו? אין חדר.
— אַך! אין חדר?...

נידעריגער, נידעריגער לאָזט זיך אַראָפּ די זון און בעפּאַרבט דעם הימעל מיט אַ רויטען פּאַס פון גין־גאָלד. דאָס גאָלד שיינט אָפּ אין בוזי'ס אויגען. זיי באָדען זיך אין גאָלד!

י.

מיר ווילט זיך זעהר, אַז בוזי זאָל נתפּעל ווערען פון שייקעס מעטאָדע און פון די קונצען, וואָס איך קאָן מאַכען מיט קבלה. בוזי אָבער הויבט נישט אָן נתפּעל צו ווערען. אדרבה, עס ווייזט זיך מיר אויס, אַז זי לאַכט. וואָס דען בעוויייזט זי מיר אַלע איהרע פּערעלדיגע צייהנדלעך? עס הויבט מיך אָן פערדריסען און איך זאָג צו איהר:

— דו גלויבסט מיר אפשר נישט?

בוזי לאַכט.

— דו מיינסט אפשר, אַז איך באריהם זיך? אַז איך טראַכט אויס פון קאָפּ ליגענס?

בוזי לאַכט נאָך שטאַרקער. ע! וויבאַלד אַזוי, דאַרף מען זיך מיט איהר אָפּרעכענען! איך וויים שוין מיט וואָס. איך זאָג צו איהר:

— דער חסרון איז, וואָס דו ווייסט נישט, וואָס הייסט קבלה, דו זאָלסט וויסען, וואָס קבלה איז, וואָלסטו דו אַזוי נישט געלאַכט. מיט קבלה, אַז איך וויל, קאָן איך אַראָפּבררענגען אַהער דיין מאַמע. יאָ־יאָ. און אַז דו ווילסט מיך שטאַרק בעטען, ברענג איך דיר זי נאָך היינטיגע נאַכט, רייטענדיג אויף אַ שטעקען.

מיט אַ מאָל הערט זי אויף צו לאַכען. אַ וואָלקענדעל איז אַי־בערגעלאָפען איבער איהר שען ליכטיג פּנים, און עס ווייזט זיך

מיר אויס, אַז די זון איז פּלוצים פּערפאַלען געוואָרען. אויס זון. אויס טאָג. איך האָב מורא, אַז איך האָב אַ ביסעל איבערגעחאַפּט די מאָס. איך האָב נישט בעדאַרפט אַנריהרען איהר וועהטיג — די מאַמע איהרע. איך האָב חרטה אויף דער מעשה. מע דאַרף עס פערגלעטען. מע דאַרף זיך מיט איהר איבערבעטען. איך רוק מיך צו צו איהר. זי קעהרט זיך אָפּ פון מיר. איך וויל זי נעמען ביי דער האַנד. איך וויל איהר זאָגען מיט'ן לשון פון שיר־השירים: „שובי, שובי, השולמית — קעהר זיך אום צו מיר, בוזי!..." פּלוצים הערט זיך אַ קול פון שטוב אַרויס:

— שימעק! שימעק?

שימעק — דאָס בין איך. דאָס רופט מיך מיין מאַמע, איך זאָל געהן מיט'ן טאַטען אין שוהל אַריין.

יא.

דאָס געהן מיט'ן טאַטען אין שוהל אַריין ערב־פּסח דאַוונען — וואָס קאָן שוין זיין אַ גרעסערער פערגעניגען? וואָס איז ווערטה דאָס אַליין, וואָס מען איז אָנגעטהאָן פון קאָפּ ביז פוס שפּאָגעל־ניי, און ס'איז דאָ מיט וואָס צו בעוויייזען זיך פאַר די חברים? היינט דאָס דאַוונען? דער ערשטער יום־טוב'דיגער מעריב? דער ערשטער יום־טוב'דיגער ברכו? אך! וויפיעל תענוגים דער גוטער גאָט האָט אָנגעגרייט פון אידישע קינדערס וועגען!

— שימעק! שימעק?

די מאַמע מיינע האָט קיין צייט נישט. „איך וועל געהן, איך וועל באַלד געהן, אָט אָ געה איך! איך וויל נאָר זאָגען בוזי'ן צוויי ווערטער. מעהר נישט ווי צוויי ווערטער"...

און איך זאָג איהר צוויי ווערטער. איך בין זיך מודה פאַר איהר, אַז דאָס, וואָס איך האָב איהר אָט ערשט געזאָגט, איז נישט אמת. מאַכען מיט קבלה אַזוי, אַז יענער זאָל פליהען — דאָס קאָן מען נישט. אַליין — יאָ, איך אַליין זאָל פליהען — דאָס קאָן איך.

און דאָס וועל איך איהר ווייזען. לאָז נאָר איבערגעהן דער יום־טוב, אַזוי מאַך איך די ערשטע פּרוב. איך וועל זיך אויפהויבען פאר איהר אין די אויגען, אָט דאָ אויף דעם אָרט, וואו די קלעצער ליגען, און וועל אין איין מינוט זיין שוין אויף יענער זייט חמארע. פון דאָרט וועל איך זיך נעמען רעכטס, אַהינצו־אָ — זעהסט דו? — דאָרט ענדיגט זיך אַלסדינג און עס הויבט זיך שוין אָן דער ים־הקרח.

## יב.

בוזי הערט זיך צו מיט קאָפּ. די זון שיקט איהרע לעצטע שטראַהלען, צעקושט זיך מיט דער ערד.

— וואָס הייסט דאָס ים־הקרח? — פרעגט מיך בוזי.

— ים־הקרח ווייסט דו נישט? ים־הקרח הייסט דער פערגלי־ווערטער ים. דאָס וואַסער איז געדיכט אַזוי ווי לעבער און געזאַל־צען אַזוי ווי ליאַג. קיין אָקרעטען געהען נישט אויף איהם. און מענשען, אַז זיי חאַפּען זיך אַהין אריין, קאָנען זיי שוין צוריק נישט קומען קיינמאָל.

בוזי קוקט אויף מיר מיט גרויסע אויגען.

— למאי זשע זאָלסט דו געהן אַהין?

— איך געה דען, נאַרעלע? איך פליה דאָך. איך פליה פון אויבען, אַזוי ווי איין אָדלער. אין עטליכע מינוט בין איך דאָך שוין ווידער אויף דער יבשה. דאָרט הויבען זיך אָן די צוועלף הויכע בערג, וואָס שפּריצען מיט פייער, און אויפ'ן צוועלפטען בארג, סאַמע ביי'ם שפּיץ, שטעל איך זיך אָפּ און געה צו־פוס זיעבען מייל, ביז איך קום צו אַ געדיכטען וואַלד. נאָכדעם געה איך וואַלד־איין, וואַלד־אויס, ביז איך קום־צו צו אַ קליין וואַסערעל. דאָס וואַסערעל שווים איך אריבער און צעהל אָפּ זיעבען מאָל זיעבען, וואַכסט אויס פאר מיר איין אַלטיטשקער מיט אַ לאַנגען באָרד און פרעגט מיך: „וואָס איז דיין באַגעהר?“ זאָג איך איהם: „פיהר מיך אָפּ צו דער בת־מלכה“.

— וואָסער בת־מלכה?

אזוי זאָגט צו מיר בוזי, און עס דאַכט זיך מיר, אַז זי איז דערשראָקען.

— די בת־מלכה — דאָס איז די שענע פּרינצעסין, וואָס מע האָט זי אויפגעחאַפּט פון אונטער דער חופּה און מע האָט זי פאַר־כשופ'ט און אוועקגעפיהרט און אריינגעזעצט אין אַ קרישטאָלענעם פּאַלאַץ, שוין זיעבען יאָהר...

— וואָס זשע געהער זיך עס אָן מיט דיר?

— וואָס הייסט, וואָס געהער זיך עס אָן מיט מיר? איך דאַרף דאָך זי באַפרייען.

— דו דאַרפסט זי באַפרייען?

— ווער דען?

— מע דאַרף נישט פּליהען אזוי ווייט. פּאָלג מיך, מע דאַרף נישט!...

יג.

און בוזי נעמט מיך אָן ביי דער האַנד, און איך פּיהל, ווי איהר קליין ווייס הענטעל איז קאַלט. איך קוק איהר אין די אויגען אריין און איך זעה, ווי עס שיינט זיך אָפּ אין זיי די גין־גאָלדענע זון, וואָס געזעגענט זיך מיט'ן טאָג, מיט'ן ערשטען ליכטיגען וואַ־רעמען ערב־פּסח טאָג. ביסלעכווייז שטאַרבט אָפּ דער דאָזיגער טאָג. ווי אַ ליכט ווערד אויסגעלאָשען די זון. דער היכל, וואָס איז געשטאַנען דעם גאַנצען טאָג, ווערד פערשטאָרבען. מע זעהט שוין נים כמעט קיין לעבעדיגען מענשען אויף דער גאַס. אין די פענסטער פון די הייזלעך בעווייזען זיך פּייערלעך פון די יום־טוב־דיגע בענשליכט. אַ מאָדנע, אַ הייליגע שטילקייט רינגעלט אונז ארום, מיך מיט בוזי'ן, און מיר פּיהלען זיך פעסט צענויפגעגאָסען מיט דער דאָזיגער יום־טוב'דיגער שטילקייט.

— שימעק! שימעק?

## יד.

דאָס דריטע מאָל שוין, אַז די מאַמע רופט מיך, איך זאָל געהן מיט׳ן טאַטען אין שוהל אריין. ווייס איך דען אַליין נישט, אַז מע דאַרף געהן אין שוהל אריין? איך וועל דאָ זיצען נאָך אַ מינוט, איין מינוט, נישט מעהר. דערהערט בוזי, אַז מע רופט מיך, רייסט זי אַרויס איהר האַנד, חאַפּט זיך אויף און טרייבט מיך:

— שימעק, דיך רופט מען דאָס, דיך. געה־געה. שוין צייט. געה־געה.

איך קלייב מיך געהן. אויסגעבלאָזען האָט דער טאָג. אויס־געלאָשען האָט די זון. פון׳ם גאָלד איז געוואָרען בלוט. אַ ווינ־טעלע האָט אַ בלאָז געטהאָן, אַ גרינגס, אַ קיהלס. בוזי טרייבט מיך, איך זאָל געהן. איך וואַרף אויף איהר דעם לעצטען בליק. גאָר נישט די בוזי, וואָס פריהער. איין אַנדער פּנים מיט איין אַנדער חן בעקומט זי אין מיינע אויגען אינ׳ם דאָזיגען פער׳כשופ׳טען אָבענד. „די פער׳כשופ׳טע פּרינצעסין״ — פליהט מיר דורך אַ געדאַנק אין קאָפּ. בוזי לאָזט מיך אָבער נישט לאַנג מיט מיינע געדאַנקען. זי טרייבט מיך, זי טרייבט מיך, איך זאָל געהן. איך לאָז מיך געהן און קוק מיך אום צוריק אויף דער פער׳כשופ׳טער פּרינצעסין, וואָס האָט זיך אינגאַנצען צענויפגעגאָסען מיט׳ן דאָ־זיגען פער׳כשופ׳טען פּסח־אָבענד, און איך בלייב שטעהן אַ פער׳כשופּ־טער. ווייזט זי מיר אָבער מיט דער האַנד: איך זאָל געהן! איך זאָל געהן!... און עס מאַהלט זיך מיר אויס, אַז איך הער איהר קול, ווי זי זאָגט צו מיר מיט׳ן לשון פון שיר־השירים:

— ב ר ח ד ו ד י — אַנטלויף, מיין געליעבטער! ו ד מ ה ל ך ל צ ב י — און זיי געגליכען צו אַ הירש, אָדער צו אַ אינד אויף די בשמים־בערג!...

---

צוויטער טיול.

## מיר רייסען גרינס.

### א.

— גיכער, בוזי, גיכער! — זאָג איך צו בוזי'ן א טאָג פאַר שבועות און נעם זי פאַר א האַנד, און מיר לאָזען זיך האַסטיג באַרג אַרויף. — דער טאָג שטעהט נישט, נאַרעלע. מיר דאַרפען דורכגעהן אַזאַ באַרג, און נאָכ'ן באַרג האָבען מיר נאָך א טייכעל. איבער'ן טייכעל געהט א קלאַדקע פון ברעטער, הייסט עס „דאָס בריקעל". דאָס טייכעל לויפט, די זשאַבעס קוואַקען, די ברעטער שאָקלען זיך, הוידען זיך, און ערשט דאָרט, אויף יענער זייט בריקעל — דאָרט איז ערשט דער אמת'ער גן־עדן, בוזי! דאָרט ערשט הייבען זיך אָן מיינע מאַיאָנטקעס.

— דיינע מאַיאָנטקעס?

— מיין איך, די „לעוואַדע". א גרויס פעלד, וואָס ציהט זיך, ציהט זיך אָהן א סוף, אָהן א ברעג. מיט א גרינער קאָלדרע איז דאָס איבערגעצויגען. מיט געלינקע שפּרענקעלעך איז דאָס בע־שפּרענקעלט. מיט רויטינקע צוויקעלעך איז דאָס בעצוויקעלט. און ריחות זאָלסט דו הערען דאָרטען — די שענסטע בשמים פון דער וועלט! און בוימער האָב איך דאָרטען, אָהן א שיעור בוימער, הויכע, צווייגענדיגע בוימער. און א בערגעל האָב איך מיר דאָרט, וואָס איך זיץ אויף דעם. וויל איך, זיץ איך מיר. וויל איך, הויב איך מיך אויף דורכ'ן „שם־המפורש" און פליה מיר, ווי איין אָד־לער, העכער פון דער חמאַרע. איבער פעלדער און וועלדער, איבער ימים און מדבריות, ביז איך קום אויף יענער זייט הרי־חושך...

— און פון דאָרטען — שלאָגט מיך איבער בוזי — געהסט דו צו פוס זיעבען מייל, ביז דו קומסט צו א וואַסערעל.

— ניין, צו א געדיכטען וואַלד... פריהער געה איך וואַלד־איין, וואַלד־אויס, און ערשט נאָכדעם קום איך צו א וואַסערעל...

— דאָס וואַסערל שווימסט דו אַריבער און צעהלסט אָפּ זיעבען מאָל זיעבען...

— וואַכסט אוים פאַר מיר איין אַלטיטשקער מיט אַ לאַנגען באָרד...

— פרעגט ער דיך: „וואָס איז דיין באַגעהר?"

— זאָג איך איהם: „פיהר מיך אָפּ צו דער בת־מלכה"...

בוזי רייסט אַרויס איהר האַנד פון מיין האַנד און לאָזט זיך לויפען באַרג אַראָפּ. איך לויף איהר נאָך.

— בוזי, וואָס לויפסט דו אַזוי?

בוזי ענטפערט נישט. זי איז ברוגז. זי האָט פיינט די בת־מלכה. אַלע מעשיות האָט זי ליעב, נאָר נישט די בת־מלכה...

ב.

ווער בוזי איז — דאַרפט איהר געדענקען. איך האָב אייך שוין אַמאָל דערצעהלט. נאָר טאָמער האָט איהר פערגעסען, חזר איך אייך איבער נאָך אַמאָל.

איך האָב געהאַט איין עלטערען ברודער — בעני. איז ער דערטרונקען געוואָרען. נאָך איהם איז געבליבען אַ וואַסער־מיהל, אַ יונגע אַלמנה, צוויי פערדלעך און איין קינד. האָט מען די מיהל אָפּגעלאָזט. די פערדלעך פערקויפט. די אַלמנה האָט חתונה געהאַט ערגיץ ווייט. און דאָס קינד האָט מען געבראַכט צו אונז. דאָס איז געווען בוזי.

האַ־האַ־האַ! אַלע מיינען, אַז איך און בוזי זענען אַ ברודער מיט אַ שוועסטער. מיין טאַטען רופט זי טאַטע. מיין מאַמען רופט זי מאַמע. און מיר צווישען זיך לעבען, ווי אַ ברודער מיט אַ שוועסטער, און האָבען זיך ליעב, ווי אַ ברודער מיט אַ שוועסטער.

ווי אַ ברודער מיט אַ שוועסטער? פאַר וואָס זשע שעהמט זיך פאַר מיר בוזי?

איין מאָל האָט זיך געטראָפען אַ מעשה. מיר זענען געבליבען אַליין, אַליין אין צווייען איבער דער גאַנצער שטוב. פאַרנאַכטליך איז דאָס געווען. פינסטערליך שוין. דער טאַטע איז געגאַנגען אין שוהל זאָגען קדיש נאָך מיין ברודער בעני, און די מאַמע — נאָך שוועבעלעך. איך און בוזי האָבען זיך פערשלאָגען אין אַ ווינ־קעלע און איך דערצעהל איהר מעשיות. בוזי האָט ליעב, אַז איך דערצעהל איהר מעשיות. שענע מעשיות פונ'ם חדר, מעשיות פון טויזענד איין נאַכט. זי רוקט זיך צו צו מיר גאַנץ נאָהענט. איהר האַנד איז אין מיין האַנד.

— דערצעהל, שימעק, דערצעהל.

שטיל לאָזט זיך אַראָפּ די נאַכט. פּאַוואָלי קלעטערען אויף די ווענד די שאָטענס, ציטערען, פויזשען אויף דער ערד און צעקריכען זיך. קוים־קוים וואָס מיר זעהען זיך. נאָר איך פיהל, איהר הענטעל ציטערט, און איך הער, איהר הערצעל קלאַפּט, און איך זעה, איהרע אויגען אין דער פינסטער גלאַנצען. פּלוצים רייסט זי אַרויס איהר האַנד פון מיין האַנד. „וואָס איז, בוזי?" „מע טאָר נישט". „וואָס טאָר מען נישט?" „האַלטען זיך ביי די הענד". „פאַר וואָס? ווער האָט דיר געזאָגט?" „איך וויים אַליין". „מיר זענען דען פרעמדע? מיר זענען דען נישט שוועסטער און ברודער?" „ע! ווען מיר זאָלען זיין שוועסטער און ברודער!"... — ציהט אויס בוזי, און עס הערט זיך מיר אין איהרע ווערטער דאָס לשון פון שיר־השירים: „מ י י ת נ ך כ אָ ח ל י — פאַר וואָס ביזט דו נישט מיר אַ ברודער?"

תמיד אַזוי. רעד איך פון בוזי'ן, דערמאָן איך מיך אין שיר־השירים.

## ג.

וואו זשע האַלטען מיר? ערב־שבועות. מיר לויפען באַרג־אַראָפּ. פריהער בוזי, נאָכדעם איך. בוזי איז אויף מיר ברוגז

פאַר דער בת־מלכה. אַלע מעשיות האָט זי ליעב, נאָר נישט די בת־מלכה. בוזי'ס ברוגז זיין, איהר זאָלט גאָר קיין יסורים נישט האָבען, דויערט נישט אַפילו אַזוי פיעל, ווי איך רעד צו אייך. אָט קוקט זי שוין ווידער אויף מיר מיט איהרע גרויסע ליכטיגע פערטראַכטע אויגען. פערוואַרפט די האָר אַרונטער און זאָגט צו מיר:

— שימעק! אוי, שימעק! טהו נאָר אַ קוק. זעה אַ הימעל. דו זעהסט גאָר נישט וואָס אין דרויסען טהוט זיך!

— איך זעה, נאַרעלע. וואָס דען, איך זעה נישט? איך זעה אַ הימעל, איך פיהל אַ וואַרעם ווינטעלע, איך הער פויגעלעך פיש־טשען און צוויטשען און טראָגען זיך איבער אונזערע קעפּ. דאָס איז אונזער הימעל, אונזער ווינטעלע, אונזערע פויגעלעך — אַלס־דינג איז אונזערס, אונזערס, אונזערס! געב אַהער דיין האַנד, בוזי!...

ניין. זי גיט מיר נישט די האַנד. זי שעהמט זיך. לּמאי שעהמט זיך פאַר מיר בוזי? לּמאי איז זי רויט געוואָרען?

— דאָרטען — זאָגט מיר בוזי און לויפט פאָראויס — דאָרטען, אויף יענער זייט בריקעל... און עס דאַכט זיך מיר אויס, אַז זי רעדט צו מיר מיט'ן לשון פון שולמית, וואָס אין שיר־השירים: „ל כ ה ד ו ד י — קום, טהייערער! לאָמיר געהן אין פעלד אַרויס! לאָמיר נעכטיגען אין די דערפער! לאָמיר זיך פעדערען אין די וויינגערטנער! לאָמיר זעהען, אויב דער וויינשטאָק בליהט? אויב דער וויינצווייג האָט זיך פאַנאַנדער־נענומען? אויב די מילגראָמען שפּראָצען?“...

און אָט זענען מיר ביי'ם בריקעל.

ד.

דאָס טייכעל לויפט, די זשאַבעס קוואַקען און די ברעטער שאָק־לען זיך, הוידען זיך, און בוזי ציטערט.

— אי, ביזט דו, בוזי, אַ... וואָס האָסט דו מורא, נאַרעלע? האַלט זיך אָן אָן מיר, אָדער גיב, לאָם איך דיך ארומנעמען. איך דיך און דו מיך. זעהסט דו? אַט אזוי. אַט אזוי.

אוים בריקעל.

און אזוי ווי מיר האָבען זיך ארומגענומען, אזוי געהען מיר שוין אין צווייען, איינע אליין איבער דעם דאָזיגען גן־עדן. בוזי האַלט זיך אָן אָן מיר שטארק, זעהר שטארק. זי שווייגט. נאָר עס דאַכט זיך מיר, אז זי זאָגט צו מיר מיט'ן לשון פון שיר־השירים: „אני לדודי ודודי לי — איך בין דיינע און דו ביזט מיינער"...

די לעוואַדע איז גרויס. זי ציהט זיך אָהן אַ סוף, אָהן אַ ברעג. מיט אַ גרינער קאָלדרע איז זי איבערגעצויגען. מיט געלינקע שפּרענקעלעך איז זי בעשפּרענקעלט. מיט רויטינקע צוויקעלעך איז זי בעצוויקעלט. און ריחות שמעקען דאָ, די שענסטע בשמים פון דער וועלט! און מיר געהעןביידע ארומגענומען, איינע אליין, אין צווייען, אינ'ם דאָזיגען גן־עדן.

— שימעק! — זאָגט מיר בוזי און קוקט מיר גלייך אין די אויגען אריין און רוקט זיך צו צו מיר נאָך נעהענטער. — ווען וועלען מיר אָנהויבען רייסען גרינס אויף שבועות?

— דער טאָג איז נאָך געווין גרויס, נאַרעלע! — זאָג איך צו איהר און איך ברען. איך ווייס נישט, וואוהין זאָל איך קוקען פריהער: צי אין דער יאַרמעלקע פונ'ם בלאָהען הימעל? צי אויף דער גרינער קאָלדרע פונ'ם ברייטען פעלד? צי אָהין, אין עק וועלט אריין, דאָרטען, וואו דער הימעל געהט זיך צענויף מיט דער ערד? צי אין בוזי'ס ליכטיג פּנים זאָל איך אריינקוקען, אין בוזי'ס שענע גרויסע אויגען, וואָס ווייזען מיר אוים טיעף, ווי דער הימעל, און פערטראַכט, ווי די נאַכט? תמיד זענען איהרע אויגען פערטראַכט. אַ טיעפער זאָרג ליגט אין זיי פערבאָרגען. מיט אַ שטילען טרויער זענען זיי איבערגעצויגען. איך ווייס איהר זאָרג,

מיר איז בעקאַנט איהר טרויער. זי טראָגט אַ גרויסען וועהטיג אין האַרצען. אַ פערדראָס אויף איהר מאַמע, וואָס האָט התונה געהאַט פאַר אַ פרעמדען טאַטען און איז אַוועקגעפאָהרען פון איהר אויף שטענדיג, אויף אייביג, גלייך ווי זי וואָלט איהר אַנגעקעהרט אַ פרעמדע. אין שטוב טאָר איהר מוטער׳ס נאָמען נישט דערמאַנט ווערען, גלייך ווי זי וואָלט גאָר קיין מאָל נישט געהאַט קיין מאַמע. מיין מאַמע — דאָס איז איהר מאַמע. מיין טאַטע — דאָס איז איהר טאַטע. און זיי האָבען זי ליעב, ווי אַיין אייגען קינד, ציטערען איבער איהר, געבען איהר נאָך, וואָס איהר האַרץ געלוסט. נישטאָ קיין צו טהייערס פאַר בוזי׳ן. בוזי האָט געזאָגט, אַז זי וויל געהן מיט מיר אָנרייסען גרינס אויף שבועות (דאָס האָב איך זי אַרויפגעפיהרט דערויף), האָט דער טאַטע אַ זאָג געטהאָן צו דער מאַמע: „ווי מיינסט דו?“ און בעת מעשה האָט ער אַריבערגעקוקט אַריבער די זילבערנע ברילען און געגלעט זיך די זילבערנע פעדעם פון זיין זילבער־באָרד. און עס געהט אַוועק אַ שמועס צווישען טאַטע־מאַמע וועגען אונזער געהן אַליין הינטער דער שטאָדט אַרויס אָנרייסען גרינס אויף שבועות:

דער טאַטע: וואָס זאָגסט דו?
די מאַמע: וואָס זאָגסט דו?
דער טאַטע: זאָל מען זיי לאָזען געהן?
די מאַמע: פאַר וואָס זאָל מען זיי נישט לאָזען געהן?
דער טאַטע: איך זאָג דען, אַז ניין?
די מאַמע: וואָס זשע דען זאָגסט דו?
דער טאַטע: איך זאָג נאָר, צי זאָלען זיי געהן?
די מאַמע: פאַר וואָס זאָלען זיי נישט געהן?

און אַזוי ווייטער. איך וויים, וואָס זיי קוועטשט. אפשר צוואַנציג מאָל זאָגט מיר אָן דער טאַטע, און נאָכ׳ן טאַטען אויך די מאַמע, אַז דאָרט איז דאָ אַ בריקעל, און אונטער׳ן בריקעל איז דאָ אַ וואַסער — אַ טייכעל, אַ טייכעל, אַ טייכעל...

ה.

מיר, איך און בוזי, האָבען שוין לאַנג פערגעסען דאָס בריקעל מיט'ן וואסער, מיט'ן טייכעל. מיר טראָגען זיך איבער דער ברייטער פרייער לעוואדע, אונטער'ן ברייטען פרייען הימעל. מיר לויפען איבער'ן גרינעם פעלד, פאַלען און קאַטשען זיך אינ'ם שמעקענדיגען גראָז. מיר שטעהען אויף, פאַלען און קאַטשען זיך נאָך א מאָל און נאָך א מאָל, און קיין גרינס אויף שבועות הויבען מיר נאָך אַלץ נישט אָן צו רייסען. איך פיהר בוזי'ן אין דער לענג און אין דער ברייט איבער דער לעוואדע. איך בעריהם זיך פאַר איהר מיט מיינע מאַיאָנטקעס.

— זעהסט דו אָט די בוימער? זעהסט דו אָט דעם זאמד? זעהסט דו אָט דאָס בערגעל?

— איז דאָס אין גאַנצען דיינס?

אזוי זאָגט צו מיר בוזי, און איהרע אויגען לאַכען. מיר פערדריסט עס, וואָס זי לאַכט. תמיד איז ביי איהר אזא טבע לאַכען פון מיר. איך בלאָז זיך אָן און קערעווע מיך אָפּ אויף א ווײַלע פון בוזי'ן. שטויסט זיך בוזי, אז איך בין ברוגז. פערגעהט זי צו מיר פון פאַרענט, פערקוקט מיר אין די אויגען אריין און נעמט מיך אָן ביי דער האַנד און זאָגט צו מיר: „שימעק!"... פליהט אוועק דער רוגז און אַלץ ווערד פערגעסען. און איך נעם זי פאַר דער האַנד און איך פיהר זי צו מיין בערגעל, דאָרטען, וואו איך זיץ מיר תמיד, אַלע יאָהר. וויל איך, זיץ איך מיר. וויל איך, הויב איך מיך אויף דורכ'ן „שם־המפורש" און פליה מיר, ווי איין אָדלער, העכער פון דער חמארע, איבער פעלדער און וועלדער, איבער ימים און מדבריות...

ו.

דאָרטען, אויפ'ן בערגעל, זיצען מיר, איך און בוזי (קיין גרינס אויף שבועות האָבען מיר נאָך אַלץ נישט אָנגעריסען), און דערצעהלען מעשיות. דאָס הייסט: איך דערצעהל און זי האָרכט.

איך דערצעהל איהר פון דעם, וואס וועט זיין אמאל, אמאל, אז איך וועל זיין א גרויסער און זי א גרויסע און מיר וועלען זיך נעמען... מיר וועלען זיך באלד אויפהויבען דורכ'ן שם־המפורש אריבער דער חמארע און וועלען ארומרייזען די גאנצע וועלט. פריהער וועלען מיר זיין אין אלע לענדער, וואו אלכסנדר מוקדון איז געווען. און נאכדעם וועלען מיר געבען א פאהר־איבער קיין ארץ־ישראל. דארט וועלען מיר זיין אויף אלע בשמים־בערג, אין אלע וויינגערטנער, אנשטופען פולע קעשענעס מיט באקסערען, פייגען, טייטלען און איילבירטען און אוועקפליהען פון דארטען נאך ווייטער און ווייטער. און אומעטום וועלען מיר אפטהון איין אנדער שפיצעל, ווארום קיינער וועט דאך אונז נישט זעהען...

— קיינער וועט אונז נישט זעהען? — פרעגט מיך בוזי און האפט מיך אן פאר די הענד.

— קיינער, קיינער! מיר וועלען זעהען אלעמען, און אונז וועט נישט זעהען קיינער!

— וויבאלד אזוי, שימעק, האב איך צו דיר א בקשה.

— א בקשה?

— א קליינע בקשה...

נאר איך וויים פריהער איהר בקשה. זי וויל, אז מיר זאלען זיך דורכפאהרען אהין, וואו איהר מאמע האט חתונה געהאט. אפטהון עפים א שפיצעל איהר שטיעפטאטען...

— פאר וואס נישט? — זאג איך צו איהר. — מיט'ן גרעסטען כבוד! אויף מיר מעגסטו דו זיך שוין פארלאזען, נארעלע. איך קאן זיי אפטהון אזעלכעס, אז זיי זאלען מיך האבען צו געדענקען!

— נישט זיי, נאר איהם, איהם אליין. — בעט זיך ביי מיר בוזי. נאר נישט אזוי גיך פועל'ט זי דאס ביי מיר. מיך, אז מע צע'כעס'ט, איז מיט סכנת נפשות! וואס הייסט, איך וועל איך איהר אפשווייגען אזא מעשה? א פאטעפאלנעסט פון א ווייבעל — נעמען און חתונה האבען מיט איין אנדער טאטען, פערפאה־

רען צו אַלדי שוואַרצע יאָהר און אוועקוואַרפען אַ קינד, נישט אריינשרייבען קיין בריוועל אפילו! היתכן? וואו איז דאָס גע־הערט געוואָרען אַזאַ רציחה?!...

ז.

אומזיסט האָב איך מיך אַזוי צעפלאַקערט. איך האָב חרטה, ווי הינט עסען מיך. נאָר ס'איז שוין פאַרפאַלען. בוזי האָט פערשטעלט דאָס פּנים מיטביידע הענד. זי וויינט? איך וואָלט גענומען און צעריסען זיך אַליין אויף שטיקלעך! צו וואָס האָט מיר געטויגט אָנריהרען איהר וועהטיג — די מאַמע איהרע? שטיל אין האַרצען ביי זיך רוף איך מיך אָן מיט אַלע מיאוס'ע נעמען: „פערד! בהמה! אָכס! קאַלב! לעקיש! לאַנגע צונג!"... איך רוק מיך צו צו איהר. איך נעם זי אָן ביי דער האַנד: „בוזי! בוזי!" איך וויל איהר זאָגען מיט'ן לשון פון שיר־השירים: „ה ר א י נ י א ת מ ר א י ך — לאָז מיך זעהן דיין פּנים, ה ש מ י ע י נ י א ת ק ו ל ך — לאָז מיך הערען דיין שטים"...

פלוצים... פון וואַנען האָבען זיך גענומען אַהער דער טאַטע מיט דער מאַמע?

ח.

דעם טאַטענס זילבערנע ברילען גלאַנצען פון דער ווייטען. די זילבערנע פעדים פון זיין זילבער־באָרד האָבען זיך צעלאָזט אויפ'ן ווינטעל. און די מאַמע מאַכט צו אונז פון דער ווייטען מיט דער פעטשיילע. מיר ביידע, איך און בוזי, זענען געבליבען זיצען, ווי געלעהמט. וואָס טהוען דאָ טאַטע־מאַמע?

דאָס זענען זיי געקומען צו אונז אַהער, געוואָהר ווערען, וואָס מיר מאַכען. צי האָט זיך ניט געטראָפען מיט אונז, חס־ושלום,

עפּים איין אומגליק? א קשיא אויף א מעשה — א בריקעל, א וואַ־סער, א טייכעל, א טייכעל, א טייכעל...

מאַדנע טאַטע־מאַמע!

— און וואו איז אייער גרינס?

— וואָסער גרינס?

— דאָס גרינס, וואָס איהר זענט געגאַנגען אָנרייסען אויף שבועות?...

מיר ביידע, איך און בוזי, קוקען זיך איבער. איך פערשטעה איהרע אויגען. איך פערשטעה איהר קוק. און עס דאַכט זיך מיר, אז איך הער, ווי זי זאָגט צו מיר מיט׳ן לשון פון שיר־השירים:

„מ י י ת נ ך כ אָ ח ל י — אָ, ווען דו ביזט מיר א ברו־דער!... פאַר וואָס ביזט דו מיר נישט קיין ברודער?"...

— — — — — — — — — — — — — — —

— מילא, גרינס אויף שבועות וועט שוין מסתמא ווי עס איז זיין. — זאָגט דער טאַטע מיט א שמייכעל, און די זילבערנע פעדעם פון זיין זילבער־באָרד גלאַנצען אָפּ אין די ליכטיגע שטראַהלען פון דער גינגאָלדענער זון. — אבי, געלויבט דער אויבערשטער, די קינ־דער זענען געזונד און ס׳איז זיי חלילה קיין זאַך נישט געשעהען.

— געלויבט איז גאָט! — ענטפערט איהם די מאַמע און ווישט זיך מיט דער פעטשיילע דאָס רויטע פערשוויצטע פּנים. און ביידע קוועלען זיי אָן, ווערען ברייטער ווי לענגער.

מאַדנע, מאַדנע טאַטע־מאַמע!

— — — — — — — — — — — — — — —

---

דריטער טייל.

# אין דער דאָזיגער נאַכט.

א.

„לבני היקר מוהר"ר...

„איך שיק דיר 00 רו"כ און בעט דיך, מיין זוהן, זאָלסט מיר טהון צוליעב און קומען צו פאָהרען אהיים אויף פסח. עס איז מיר א בזיון פאַר דער וועלט אויף מיינע עלטערע יאָהרען. מע האָט איין שטיקעל זוהן א בן־יחיד, און מען איז ניט זוכה איהם צו זעהן. אויך די מאַמע בעט דיך רחמים, אז דו זאָלסט למען־השם קומען צו פאָהרען אויף פסח. און זיי וויסען, אז בוזי'ן קומט מזל־טוב. זי איז למזל א כלה געוואָרען. אם־ירצה־השם, שבת נאָך שבועות איז די חתונה.

ממני אביך..."

— — — — — — — — — — — — — — —

אָט דאָס שרייבט צו מיר מיין טאַטע — דאָס ערשטע מאָל אזוי שאַרף. דאָס ערשטע מאָל פאַר דער גאַנצער צייט, פון זינט מיר זענען זיך צעגאַנגען. און צעגאַנגען זענען מיר זיך מיט'ן טאַטען שטיל, נישט געקריעגט זיך. איך האָב וויעדערשפּעניגט זיין געבאָט. נישט געוואָלט געהן אין זיינע וועגען. געגאַנגען מיין אייגענעם וועג — זיך אוועקגעלאָזט לערנען. פריהער איז ער געווען ברוגז, געזאָגט, אז ער וועט מיר קיינמאָל ניט מוחל זיין, סיידען ער וועט ליגען אויפ'ן טוידטען־בעט. דערנאָך האָט ער מיר מוחל געווען. דערנאָך האָט ער מיר אָנגעהויבען שיקען געלד: „איך שיק דיר 00 רו"כ און עס לאָזט דיר גריסען די מאַמע גאָר פריינדליך". קורצע, טרוקענע בריעף. אויך מיינע בריעף צו איהם זענען געווען קורצע, טרוקענע בריעף: „דיין בריעף מיט די 00

רו"כ האָב איך מקבל געווען און לאָז גריסען דער מאַמען גאָר פריינדליך".

קאַלט, מורא'דיג קאַלט זענען געווען אונזערעביידענס בריוו־לעך. ווער האָט צייט געהאַט דאָס צו בעמערקען אין דער וועלט פון חלומות, וואו איך האָב מיך געפונען? נאָר דעם טאַטענס בריעף אצינד האָט מיך אויפגעוועקט. ניט אַזוי דעם טאַטענס קלאָגען זיך, וואָס ס'איז איהם אַ בזיון פאַר דער וועלט (איך בין מיך מודה). און ניט אַזוי דער מאַמעס בקשה, וואָס זי בעט רחמים — קיין זאַך האָט מיך אַזוי ניט גענומען (איך בין מיך מודה), ווי די עטליכע ווערטער: „און זיי וויסען, אַז בוזי'ן קומט מזל־טוב"...

בוזי — אַט די בוזי, וואָס איהר גלייבען איז ניטאָ אין ערגיץ ניט, סיידען אין שיר־השירים. אַט די בוזי, וואָס איז איינגעקניפּט און אויסגעבונדען מיט מיינע יונגע יאָהרען. אַט די בוזי, וואָס איז אַלע מאָל געווען די פער'כשופ'טע בת־מלכה פון אַלע מיינע וואונדערליכע בבא־מעשיות, די שענסטע פּרינצעסין פון מיינע גאָלדענע חלומות — אַט די בוזי איז איצט אַ כלה? עמיצענס, ניט מיינע?! ...

ב.

ווער איז בוזי? — אָך, איהר ווייסט ניט, ווער בוזי איז? איהר האָט פערגעסען? איך מוז אייך נאָך אַ מאָל איבערדער־צעהלען איהר ביאָגראַפיע אין קורצען, און מיט דעם אייגענעם לשון, וואָס איך האָב אייך דערצעהלט אַמאָל, מיט יאָהרען צוריק.

איך האָב געהאַט איין עלטערען ברודער — בעני. איז ער דערטרונקען געוואָרען. נאָך איהם איז פערבליבען אַ וואַסער־מיהל, אַ יונגע אלמנה, צוויי פערדלעך און איין קינד. האָט מען די מיהל אַפּגעלאָזט, די פערדלעך פערקויפט. די אלמנה האָט חתונה גע־האַט און איז אַוועקגעפאָהרען ערגיץ ווייט. און דאָס קינד האָט מען געבראַכט צו אונז אין שטוב אריין.

דאָס איז בוזי.

און שען איז בוזי, ווי די שענע שולמית, וואָס פון שיר־השירים. אַלע מאָל, ווען איך האָב געזעהען בוזי׳ן, האָב איך מיך געמוזט דערמאָנען אין דער שולמית, וואָס פון שיר־השירים. און אַלע מאָל, ווען איך האָב געלערענט אין חדר דעם שיר־השירים, איז מיר גע־קומען אַקעגען בוזי.

איהר נאָמען איז פערצויגען פון אסתר־ליבע: ליבוזי — בוזי. מיט מיר אינאיינעם איז זי געוואַכסען. מיין טאַטען רופט זי טאַ־טע. מיין מאַמען רופט זי מאַמע. אַלע האָבען געמיינט, אז מיר זענען אַ ברודער מיט אַ שוועסטער. און מיר האָבען זיך ליעב געהאַט, ווי אַ ברודער מיט אַ שוועסטער.

ווי אַ ברודער מיט אַ שוועסטער פלעגען מיר זיך פערקליבען אין א ווינקעלע, און דאָרט פלעג איך איהר דערצעהלען בבא־מעשיות פון חדר, פון מיין חבר שייקע, וואָס ווייסט אַלסדינג, אפילו קבלה. דורך קבלה, האָב איך איהר געזאָגט, קאָן איך מאַכען קונצען: צאַ־פּען וויין פון אַ שטיין און גאָלד פון דער וואַנד. מיט קבלה, האָב איך איהר געזאָגט, קאָן איך מאַכען אזוי, אַז מיר ביידע זאָלען זיך אויפהויבען ביז דער חמארע, און נאָך העכער פון דער חמארע. אָך, האָט זי ליעב געהאַט האָרכען פון מיר מעשיות! איין מעשה נור האָט בוזי פיינט געהאַט פון מיר צו האָרכען: פון אַ בת־מלכה, פון אַ פּרינצעסין, וואָס מע האָט זי פער׳כשופ׳ט, אויפגע־חאַפּט פון אונטער דער חופה און אריינגעזעצט אין אַ קרישטאָלע־נעם פּאַלאַץ אויף זיעבען יאָהר, און איך פליה זי אויסלייזען... אַלסדינג האָט בוזי ליעב געהאַט צו הערען, נאָר ניט פון קיין פער׳־כשופ׳טער בת־מלכה, וואָס איך זאָל דאַרפען פליהען זי אויסלייזען. „מע דאַרף ניט פליהען אזוי ווייט, פאָלג מיך, מע דאַרף נישט!“... אזוי האָט געזאָגט צו מיר בוזי, אַוועקגעשטעלט אויף מיר איהרע שענע בלויע שיר־השירים־אויגען.

אָט דאָס איז בוזי.

איצט שרייבט מען מיר, אז עס קומט איהר מזל־טוב. זי איז א כלה געוואָרען. בוזי איז א כלה. עמיצענס א כלה. עמיצענס, ניט מיינע! האָב איך מיך אוועקגעזעצט און אָפּגעענטפערט דעם טאַטען מיט א בריעף:

„לכבוד אָבי' היקר מוהר"ר...

„דיין בריעף מיט די 00 רו"כ האָב איך מקבל געווען. אין עט־ליכע טעג ארום, ווי נור איך וועל פּאַרטיג, אזוי קום איך צו פאָה־רען. אויף די ערשטע טעג פּסח, אָדער אויף די אנדערע — נאָר זיין וועל איך. איך לאָז גריסען דער מאַמען גאָר פריינדליך. און בוזי'ן — מזל־טוב. איך ווינש איהר גליק...

ממני בנך..."

ג.

ס'א ליגען. נישט איך האָב געהאַט מיט וואָס פאַרטיג צו ווערען. נישט איך האָב געדאַרפט וואַרטען עטליכע טעג. דעם זעלבען טאָג, וואָס איך האָב בעקומען פונ'ם טאַטען דעם דאָזיגען בריעף און געענטפערט מיט מיין בריעף, האָב איך מיך אויפגעזעצט און בין געפלויגען אהיים און בין געקומען צו פליהען פונקט דעם טאָג, וואָס ערב יום־טוב. אין א וואַרעמען ליכטיגען ערב פּסח'יגען טאָג.

און האָב געטראָפען מיין שטעדטעל פונקט אזוי, ווי איך האָב עס איבערגעלאָזט אמאָל, מיט יאָהרען צוריק. נישט פערענדערט אויף א האָר, נישט געמינערט א טראָפּען. די אייגענע שטאָדט. די אייגענע מענשען. דער אייגענער ערב־פּסח'יגער אין־דרויסען מיט'ן אייגענעם ערב־פּסח'יגען טאַראַראַם.

איין זאַך נור האָט געפעהלט: דער שיר־השירים. ניין. עס איז שוין נישט מעהר שיר־השירים'דיג, ווי ס'איז געווען אמאָל, מיט יאָהרען צוריק. אונזער הויף איז שוין נישט מעהר שלמה המלך'ס וויינגאָרטען, וואָס אין שיר־השירים. דאָס האָלץ מיט די

קלעצער, מיט די ברעטער, וואָס ליגן אָנגעוואָרפן ביי אונזער שטוב, איז שוין נישט מעהר טענענבוימער און בוקסענבוימער. די קאַץ, וואָס ליגט ביי דער טהיר און וואַרעמט זיך אויף דער זונן, איז שוין נישט מעהר פון די פעלד־אינדען, וואָס בעגעגענען זיך אין שיר־השירים. דער באַרג, וואָס אויף יענער זייט שוהל, איז שוין ניט מעהר דער לבנון. ניט מעהר פון די בשמים־בערג... די ווייב־לעך און מיידלעך, וואָס שטעהען אין דרויסען און וואַשען און פּרע־סען און רייניגען און כשר'ען אויף פּסח, זענען שוין ניט מעהר די טעכטער פון ירושלים, וואָס ווערען דערמאָנט אין שיר־השירים... וואו איז אַהינגעקומען מיין אַמאָליגע יונגע, פרישע, קלאָרע, ליב־טיגע, מיט בשמים שמעקענדיגע שיר־השירים־וועלט?...

ד.

איך האָב געטראָפען מיין היים פּונקט אַזוי, ווי איך האָב זי איבערגעלאָזט מיט יאָהרען צוריק. נישט פערענדערט אַ האָר, נישט געמינערט אַ טראָפּען. דער טאַטע — ווי געווען. נאָר זיין זילבער־באָרד איז געוואָרען עטוואָס נאָך מעהר געזילבערט. זיין ברייטער ווייסער געקנייטשטער שטערן — נאָך עטוואָס מעהר געקנייטשט. אַפּנים, פון דאגות...

אויך די מאַמע — ווי געווען. נאָר דאָס רויטע פּנים איז גע־וואָרען געלבליך. און דאַכט זיך מיר, אַז קלענער איז זי געוואָרען אין וואוכס. און אפשר ווייזט זיך מיר אויס, דערפאַר ווייל זי האָט זיך אַביסעל איינגעבויגען, איינגעבויגען צו דער ערד? און די אויגען זענען איהר רויטליך און מיט קישעלעך, ווי אונטערגעשוואָ־לען. שוין זשע פון געוויין?...

אויף וואָס האָט געוויינט מיין מאַמע? אויף ועמען? אויף מיר, איהר בן־יחיד, וואָס איך האָב ניט געוואָלט פאָלגען דעם טאַ־טען און האָב ווידערשפּעניגט זיין געבאָט, נישט געוואָלט געהן אין זיינע וועגען, געגאַנגען מיין אייגענעם וועג, זיך אָוועקגעלאָזט לער־

נען און אזוי לאנג אין דער היים נישט געוועזן? צי אויף בוזי'ן
וויינט מיין מאמע, וואס האט חתונה שבת נאך שבועות?...

אך, בוזי! אויך זי האט זיך אויף קיין האר ניט פערענדערט.
ניט געמינערט א טראפען. אויסגעוואכסען איז זי נור. אויסגע־
וואכסען און שענער געווארען. נאך שענער, ווי ווען ס'ניט איז
אמאל. הויך און שלאנק און רייף און מלא חן. אויגען — די זעלבע
שענע בלויע שיר־השירים־אויגען. נאר מעהר פערטראכטע, ווי אמאל
פערטראכטע, פערטיעפטע, פערזארגטע, שענע, בלויע שיר־השירים־
אויגען. און א שמייכעל אויף די ליפען. און פריינדליך, און ליעב,
און היימיש, און צוגעלאזט, און שטיל, ווי א טויב, צנועה'דיג־שטיל.

קוק איך אויף בוזי'ן, דערמאן איך מיך אן יענער בוזי, וואס
אמאל. דערמאן איך מיך אן איהרע נאר־וואס אויפגענייהטע יום־
טוב'דיגע קליידלעך, וואס די מאמע האט איהר דעמאלט אויפגע־
נייהט אויף פסח. דערמאן איך מיך אן איהרע נייע קליינע יום־
טוב'דיגע שיכלעך, וואס דער טאטע האט איהר דעמאלט געקויפט
אויף פסח. און דערמאן איך מיך אן יענער בוזי, וואס אמאל,
אזוי קומט מיר ניט־ווילענדיג דאס לאנג־פערגעסענע שיר־השירים
ווידער א מאל, א פסוק נאך א פסוק: „אויגעלעך ווי טייבעלעך,
הערעלעך ווי ציעגעלעך, גליטשען זיך בארג־אראפ... צייהנדעלעך —
ווייסע שעפעלעך, נאר־וואס פון טייך ארויס, איינס און איינס.
שנירעלעך — איהרע ליפען. אז זי רעדט, איז צוקער־זיס“...

איך קוק אצינד אויף בוזי'ן, און עס ווערד שוין אלעס ווידער
שיר־השירים'דיג, ווי אמאל־אמאל, מיט יאהרען צוריק.

ה.

— בוזי, דיר קומט מזל־טוב?

זי הערט ניט. וואס זשע האט זי אראפגעלאזט די אויגען?
וואס זשע זענען רויט געווארען איהרע בעקלעך? ניין. איך מוז

איהר אָפּגעבען מזל־טוב.

— מזל־טוב דיר, בוזי!

— מיט מזל זאָלסט דו לעבען.

און מעהר ניט. פרעגען זי — קאָן מען ניט. רעדען מיט איהר — איז ניטאָ וואו. עס לאָזט מיך ניט דער טאַטע. עס לאָזט מיך ניט די מאַמע. עס לאָזען מיך ניט די קרובים, די משפּחה, די שכנים, וואָס קומען אַריין מיך מקבל־פּנים זיין. דער אַריין, דער אַרויס. אַלע שטעהען אַרום מיר. אַלע בעטראַכטען מיך, ווי אַ בער, ווי אַ מאָדנע בעשעפעניש פון איין אַנדער וועלט. אַלע ווילען מיך זעהען און הערען, וואָס איך מאַך און וואָס איך טהו — אַזאַ צייט ניט געזעהען זיך!

— דערצעהל זשע אונז עפּיס נייעס: וואָס האָסט דו געזעהען, וואָס האָסט דו געהערט?

און איך דערצעהל זיי נייעס, וואָס איך האָב געזעהען און וואָס איך האָב געהערט. און איך קוק בעת מעשה אויף בוזי'ן. איך זוך איהרע אויגען און בעגעגען מיך מיט איהרע אויגען. מיט איהרע גרויסע, טיעפע, פערזאָרגטע, שענע בלויע שיר־השירים־אויגען. נאָר איהרע אויגען זענען שטום, ווי איהרע ליפּען, ווי זי אַליין. גאָרניט זאָגען מיר איהרע אויגען. גאָלע גאָרניט. און עס קומט מיר אָקעגען, ווי אַמאָל, דער שיר־השירים, אַ פּסוק נאָך אַ פּסוק: „ג ן נ ע ו ל אחותי כלה — אַ גאָרטען אַ פערשלאָסענער איז מיין שוועסטער די כלה. אַ גאָרטען אַ פערשלאָסענער, אַ קוואַל אַ פער־זיגעלטער"...

ו.

און אַ שטורם הויבט זיך אויף ביי מיר אין קאָפּ, און אַ פייער אין האַרצען. אַ פייער — ניט אויף קיינעם, נאָר אויף זיך אַליין. אויף זיך און אויף יענע חלומות, נאַררישע, יונגעלשע, גאָלדענע חלומות, וואָס צוליעב זיי האָב איך פערלאָזען טאַטע־מאַמע. צו־

ליעב זיי האָב איך פערגעסען אָן בוזי'ן. צוליעב זיי האָב איך מקריב געווען אַ שטיק פון מיין לעבען, פערשפּיעלט מיין גליק, פערשפּיעלט, פערשפּיעלט אויף אייביג!

פערשפּיעלט? ניין. עס קאָן ניט זיין. עס קאָן ניט זיין! אָט בין איך דאָך געקומען. בעצייטענס געקומען... לאָס איך נור בלייבען מיט בוזי'ן אַליין. לאָס איך נור רעדען מיט איהר אַ פּאָר ווערטער. נאָר ווי קאָן איך רעדען מיט בוזי'ן אַ פּאָר ווער־טער, אַז אַלע זענען דאָ? אַז אַלע זענען זיי אַרום מיר? אַלע בעטראַכטען מיך, ווי אַ בער, ווי אַ בעשעפעניש פון איין אַנדער וועלט. אַלע ווילען מיך זעהען און הערען, וואָס איך מאַך און וואָס איך טהו — אַזאַ צייט ניט געזעהען זיך!

מעהר פון אַלע הערט מיך אויס דער טאַטע. איבער אַ ספר זיצט ער, ווי אַלע מאָל, און פערקנייטשט איז זיין ברייטער שטערן, ווי אַלע מאָל, און קוקט אויף מיר אַריבער די זילבערנע ברילען און גלעט זיך די זילבערנע פעדעם פון זיין זילבער־באָרד, ווי אַלע מאָל. און עס דאַכט זיך מיר, אַז ער קוקט אויף מיר ניט אַזוי, ווי אַלע מאָל. ניין, ס'איז ניט דער קוק, וואָס אַמאָל. איך פיהל עס. דער מענש איז בעלעדיגט. איך האָב וויעדערשפּעניגט זיין געבאָט. ניט גע־וואָלט געהן אין זיינע וועגען. געגאַנגען מיין אייגענעם וועג...

אויך די מאַמע שטעהט ביי דער זייט, אָוועקגעוואָרפען די קיך מיט'ן ערב־פּסח, און הערט מיך מיט טרערען אויף די אויגען. מיט'ן שפּיץ פאַרטוך ווישט זי בגנבה אַ טרער, חאַטש דאָס פּנים שמייכעלט, און זי הערט, ווי איך דערצעהל, און זי קוקט מיר אין מויל אַריין און שלינגט, שלינגט איטליכס וואָרט מיינס.

אויך בוזי זיצט אַקעגען מיר, די הענד צענויפגעלעגט אויפ'ן האַרצען, און הערט מיך אויס גלייך מיט זיי. גלייך מיט זיי קוקט זי מיר אין מויל אַריין. גלייך מיט זיי שלינגט זי איטליכס וואָרט מיינס. איך קוק אויף בוזי'ן. און איך לייען אין איהרע אויגען און קאָן ניט איבערלייענען גאָרנישט ניט. גאָרנישט ניט.

— דערצעהל זשע, וואָס ביזט דו אנשוויגען געוואָרען? — מאַכט צו מיר דער טאַטע.

— לאָז איהם צורוה, האָסט דו געזעהען א ביסעל! — טהוט זיך א חאַפּ די מאַמע. — דאָס קינד איז מיעד, דאָס קינד איז הונגעריג. און ער: דערצעהל און דערצעהל! דערצעהל און דערצעהל!

ז.

ביסלעכווייז הויבט אָן דער עולם זיך צעגעהן, און מיר בלייבען אליין: דער טאַטע און די מאַמע, איך און בוזי. די מאַמע לאָזט זיך אַוועק אין קיך און קומט גיך צוריק מיט א שענעם פּסח'יגען טעלער — א בעקאַנטען טעלער, געמאָהלט מיט גרויסע גרינע פייגענבלעטער.

— טאָמער וואָלסט דו עפּיס גענומען אין מויל אריין, שימעק? ביז'ן סדר איז נאָך ווייט.

זאָגט צו מיר מיין מאַמע מיט אַזוי פיעל ליעבשאַפט, געטריישאַפט און וואַרעמער איבערגעבענהייט, און בוזי הויבט זיך אויף מיט איהרע שטילע טריט און טראָגט מיר צו א גאָפּעל־מעסער — בעקאַנטע פּסח'יגע גאָפּעל־מעסער. אלץ איז מיר בעקאַנט. קיין זאַך האָט זיך ניט געענדערט. ניט געמינערט א טראָפּען. דער אייגענער טעלער מיט די גרויסע גרינע פייגענבלעטער. די אייגענע גאָפּעל־מעסער מיט די ווייסע ביינערנע קלעצלעך. דער אייגענער ריח־ניחוח פון דער פּסח'יגער גענזענשמאַלץ. דער אייגענער טעם גן־עדן פון די ערב־פּסח'יגע צוגעפּרישע מצה. ניט געענדערט א האָר. ניט געמינערט א טראָפּען.

ניט מעהר, וואָס דעמאָלט ערב־פּסח האָבען מיר געגעסען ביידע, איך און בוזי. פון איין טעלער, געדענק איך, האָבען מיר געגעסען. טאַקי אָט פון דעם בעקאַנטען שענען פּסח'יגען געמאָהלטען טעלער, וואָס איז געמאָהלט מיט גרינע פייגענבלעטער. און ניט האָט אונז דעמאָלט געגעבען די מאַמע, געדענק איך. פולע קעשע־

נעם מיט ניס. און מיר האָבען זיך גענומען דעמאָלט פאַר די הענד, געדענק איך, איך און בוזי, און מיר האָבען זיך געלאָזט פליהען, געדענק איך, ווי די אָדלערס. איך לויף — זי לויפט מיר נאָך. איך שפּרינג איבער די קלעצער — זי שפּריגט מיר נאָך. איך אַרויף — זי אַרויף. איך אַראָפּ — זי אַראָפּ.

— שימעק! ביז וואַנען וועלען מיר לויפען, שימעק?

זאָגט צו מיר בוזי. און איך ענטפער איהר מיט'ן לשון פון שיר־השירים: „עד שיפוח היום — ביז ס'וועט א בלאָז טהון דער טאָג, ונסו הצללים — און עס וועלען אַנטלויפען די שאָטענס"...

ח.

דאָס איז געווען אמאָל, מיט יאָהרען צוריק. היינט איז בוזי אויסגעוואַכסען, געוואָרען א גרויסע. און איך בין אויסגעוואַכסען, געוואָרען א גרויסער. און א כלה איז געוואָרען בוזי, עמיצענס א כלה, עמיצענס, ניט מיינע... און איך וויל בלייבען מיט בוזי'ן אַליין. און איך וויל רעדען מיט איהר א פּאָר ווערטער. איך וויל הערען איהר קול. מיט'ן לשון פון שיר־השירים ווילט זיך מיר זאָגען צו איהר: „הראיני את מראיך — מאַך מיך זעהען דיין אויסזיכט. השמיעיני את קולך — מאַך מיך הערען דיין שטים"... און עס דאַכט זיך מיר, אז איהרע אויגען ענטפערען מיר אויך מיט'ן לשון פון שיר־השירים: „לכה דודי — קום, טהייערער, נצא השדה — ניט דאָ, נאָר אין דרויסען... אין דרויסען... דאָרט וועל איך דיר זאָגען. דאָרט וועל איך דיר דערצעהלען. דאָרטען וועלען מיר רעדען. דאָרטען"...

איך חאַפּ א קוק אין דרויסען אַרויס דורכ'ן פענסטער. אַך, ווי שעהן דאָרט איז, ווי ערב־פּסח'יג! ווי שיר־השירים'דיג! איין עבירה נור, ס'איז שוין באַלד אוים טאָג. נידעריג־נידעריג לאָזט זיך אַראָפּ די זון און בעפאַרבט דעם הימעל מיט גין־גאָלד. דאָס גאָלד

שיינט אָפּ אין בוזי׳ס אויגען. זיי באָדען זיך אין גאָלד. אָט באַלד שטאַרבט דער טאָג. איך וועל ניט האָבען קיין צייט אפילו מיט בוזי׳ן אַ וואָרט צו רעדען. דער גאַנצער טאָג איז אַוועק אויף פּוסטע רעד מיט׳ן טאַטען, מיט דער מאַמען, מיט דער משפּחה — וואָס איך האָב געהערט, וואָס איך האָב געזעהען... איך האַפּ מיך אויף און קוק דורכ׳ן פענסטער אין דרויסען אַרוים און טהו פאַרבייגעהענדיג אַ זאָג צו בוזי׳ן:

— מיר וועלען זיך אַ ביסעל אפשר דורכגעהן? אַזאַ צייט אין דער היים ניט געווען. איך וויל אָנקוקען דעם הויף, איך וויל זעהען די שטאָדט...

ט.

ווייסט איהר ניט, וואָס איז מיט בוזי׳ן? אָנגעצונדען האָט זיך איהר דאָס פּנים, ווי אַ העליש פייער. ווי די זון־קוגעל, וואָס האַלט ביי׳ם אונטערגעהן, איז זי רויט געוואָרען. זי וואַרפט אַ בליק אויפ׳ן טאַטען. אפּנים, זי וויל הערען, וואָס דער טאַטע וועט זאָגען? און דער טאַטע קוקט אויף דער מאַמען אַריבער די זילבערנע ברילען. ער גלעט די זילבערנע פעדעם פון זיין זילבער־באָרד און זאָגט אין דער וועלט אַריין, צו קיינעם ניט:

— די זון זעצט זיך. שוין צייט זיך איבערטהון. געהן אין שוהל אַריין דאַוונען. שוין צייט ליכט בענשען. ווי מיינסט דו?

ניין. איך וועל, אפּנים, היינט ניט רעדען מיט בוזי׳ן אַ וואָרט ניט? מיר נעמען זיך איבערטהון. די מאַמע איז שוין באַלד איינגאַנצען פּסח׳יג. זי האָט שוין אָנגעטהאָן אויף זיך איהר יום־טוב׳דיג זיידען מלבוש. איהרע ווייסע הענד שעמערירען. קיינער האָט ניט אַזעלכע שענע ווייסע הענד, ווי מיין מאַמע. אָט באַלד וועט זי זיך שטעלען ליכט בענשען. מיט איהרע ווייסע הענד וועט זי פערשטעלען איהרע אויגען און ווייגען שטילערהייד, ווי אַמאָל. דער לעצטער שטראַהל פון דער פערגעהענדיגער זון וועט זיך שפּיעלען

אויף איהרע שענע קלאָרע ווייסע הענד. קיינער האָט ניט אַזעלכע שענע קלאָרע ווייסע הענד, ווי מיין מאַמע.

נאָר וואָס איז מיט בוזי'ן? איהר פּנים איז אויסגעלאָשען, ווי די זון, וואָס האַלט ביי'ם זעצען זיך, ווי דער טאָג, וואָס האַלט ביי אונטערגעהן. נאָר שען איז זי און חנ'עוודיג, ווי קיינמאָל ניט. און טיעף־טרויעריג זעגען איהרע שענע בלויע שיר־השירים־אויגען. און פערטראַכט זענען איהרע אויגען.

פון וואָס טראַכט איצט בוזי? פון דעם ליעבען גאָסט, וואָס זי האָט אויף איהם אַזוי אַרויסגעקוקט און וואָס איז געקומען צו פליהען אַזוי אומגעריכט, נאָכדעם ווי ער איז אַזאַ צייט אין דער היים ניט געוועזן?... אָדער פון איהר מאַמע, וואָס האָט חתונה געהאַט דאָס אַנדערע מאָל און אַוועקגעפאָהרען ערגיץ ווייט און פערגעסען, אַז זי האָט אַ טאָכטער, וואָס הייסט בוזי? אָדער פון איהר חתן טראַכט איצט בוזי, פון איהר חתן, וואָס טאַטע־מאַמע האָבען איהר אודאי אַנגעהאַנגען קעגען איהר ווילען? און פון איהר חתונה, וואָס דאַרף זיין שבת נאָך שבועות מיט אַ מענשען, וואָס זי קען איהם ניט און ווייסט איהם ניט, ווער ער איז און וואָס ער איז?... אָדער, פערקעהרט, אפשר האָב איך אין גאַנצען אַ טעות? אפשר צעהלט זי גאָר די טעג פון פּסח ביז שבועות, ביז שבת נאָך שבועות? וואָרום ד אָ ס איז איהר אויסדערוועהלטער, וואָרום ע ר איז איהר ליעב און ע ר איז איהר טהייער. ע ר וועט זי פיהרען אונטער דער חופּה, און א י ה ם וועט זי אַוועקשענקען איהר האַרץ און ליעבע. און מ י ר? מיר איז זי, אוי־וועה, ניט מעהר ווי אַ שוועסטער. געוועזן אַ שוועסטער און געבליבען אַ שוועסטער... און עס דאַכט זיך מיר, אַז זי קוקט אויף מיר מיט רחמנות און מיט פאַרדראָס און זאָגט צו מיר, ווי זי האָט געזאָגט צו מיר אַמאָל, מיט'ן לשון פון שיר־השירים: „מ י י ת נ ך כ א ח ל י — ווען דו ביזט מיר אַ ברודער! אַך, פאַר וואָס ביזט דו מיר ניט אַ ברודער?!"... וואָס זאָל איך איהר ענטפערען דערויף?

איך ווייס שוין, וואָס איך וועל איהר ענטפערען דערויף. לאָם איך נור רעדען מיט איהר עטליכע ווערטער. עטליכע ווערטער.

ניין. איך וועל היינט ניט קאָנען רעדען מיט בוזי'ן קיין איינ־ציג וואָרט, קיין האַלב וואָרט אפילו. אָט הויבט זי זיך אויף, געהט מיט שטילע גרינגע טריט צו דער שאַפע, גרייט־צו פאָר דער מאַמען ליכט אין די זילבערנע לייכטערס. אַלטע בעקאַנטע, היימישע הויכע, געבלאָזענע זילבערנע לייכטערס. מיר זענען מיט זיי גוט בעקאַנט און בעפריינדעט פון אמאָל. די דאָזיגע זילבערנע לייכטערס האָ־בען דאָך פערנומען אמאָל א בכבוד'ען אָרט אין מיינע גאָלדענע חלומות ביי דער פער'כשופ'טער בת־מלכה אין דעם קרישטאָלענעם פאַלאַץ. די דאָזיגע גאָלדענע חלומות מיט די דאָזיגע זילבערנע לייכטערס, מיט די בענשליכט, מיט דער מאַמעס שענע קלאָרע ווייסע הענד, מיט בוזי'ס שענע בלויע שיר־השירים־אויגען, מיט די לעצטע גאָלדענע שטראַהלען פון דער פערגעהענדיגער זון — איז עס דען נישט איינס און דאָס זעלבע, געקניפּט און געבונדען ?...

— טאַ ! — זאָגט דער טאַטע צו מיר מיט א קוק אין פענסטער און מיט א וואונק, אַז ס'איז שוין צייט זיך איבערטהון און געהן אין שוהל אריין דאַווענען.

מיר טהוען זיך איבער, איך און דער טאַטע, און מיר געהען אין שוהל אריין דאַווענען.

י.

אונזער שוהל, אונזער אַלטע־אַלטע שוהל, האָט זיך אויך ניט פערענדערט, איהר זאָלט זאָגען א האָר. נישט געמינערט א טראָ־פּען. א ביסעל זענען נאָר געוואָרען שוואַרצער די ווענד. נידעריגער דער עמוד. עלטער דער אַלמעמער. און דער ארון־קודש האָט פער־לאָרען דעם גלאַנץ פון זיין נייהייט.

ווי א קליין בית־המקדש האָט אונזער שוהל אויסגעזעהען אין מיינע אויגען. איצט האָט זיך דאָס בית־המקדש אָנגעבויגען א

ביסעלע אויף אַ זייט. אַך! וואו איז אַהינגעקומען די הייליגע פּראַכט און גלאַנץ פון אונזער אַלטער שוהל? וואו זענען די מלאכים, וואָס פלעגען דאָ שוועבען אונטער דעם געמאָהלטען סופיט אַלע פרייטאָג צו נאַכט, צו קבלת־שבת, און אַלע יום־טוב אויף דער נאַכט, צו ברכו?

אויך די בעלי־בתים פון שוהל האָבען זיך ווענינ־וואָס פערענ־דערט. נאָר אַ ביסעלע פערעלטערט זיך. שוואַרצע בערד זענען ווייס געוואָרען. גלייכע פּלייצעס האָבען זיך אויסגעבויגען. אַכילע־סענע קאַפּאָטעס זענען צעהאַקט געוואָרען. עס זעהען זיך אַרוים ווייסע פעדעם, געלע פּאַסען. מלך דער חזן זינגט נאָך היינט אויך אַזוי שען, ווי אַמאָל, מיט יאָהרען צוריק. אַ ביסעלע נאָר איז איהב פערדומפּען דאָס קול. עס הערט זיך אין זיין דאַוונען אַ נייער טאָן: מעהר געוויינט, ווי געזונגען. מעהר געקלאָגט זיך, ווי גע־בעטען. און אונזער רב? דער אַלטער רב? — דער האָט זיך ג־ ניט פערענדערט. געוועזען ווי געפאַלענער שניי און געבליבען ווי געפאַלענער שניי. איין קלייניגקייט נאָר: די הענד ציטערען אַצינד. און מיט'ן גאַנצען גוף ציטערט ער. פון אַלטקייט, אפּנים. עזריאל דער שמש, אַ איד אָהן אַ סימן פון אַ באָרד, וואָלט געוועזען דער אייגענער, וואָס אַמאָל, ווען נישט די צייהן. ער האָט פערלאָרען אַלע צייהן און ער זעהט אוים מיט זיינע איינגעפאַלענע קינבאַקען מעהר ווי אַ אידינע, ווי אַיידער אַ מאַנסביל. נישקשה, ער קלאַפּט נאָך היינט אויך מיט'ן פּראַטש איבער'ן שלחן, אַז עס קומט צו שמונה־עשרה. אמת, שוין נישט דער קלאַפּ, וואָס אַמאָל. אַמאָל, מיט יאָהרען צוריק, האָט מען געקאָנט טויב ווערען פון זיין קלאַ־פּען. היינט שוין נישט. אַפּנים, נישטאָ דער כח, וואָס אַמאָל. געוועזען אַ איד אַ גבר.

אַמאָל, מיט יאָהרען צוריק, איז מיר דאָ געוועזען גוט, געדענק איך, גוט אָהן איין ערך, אָהן אַ מאָס! דאָ, אין דעם קליינעם בית־המקדש, האָט מיין קינדערשע נשמה אַמאָל, מיט יאָהרען צוריק,

געשוועבט אינאיינעם מיט די מלאכים אונטער דעם געמאָהלטען סופיט. דאָ, אין דעם קליינעם בית־המקדש, האָב איך אמאָל, מיט יאָהרען צוריק, אינאיינעם מיט'ן טאַטען און מיט אלע אידען, גע־שמאַק און ערנסט געדאַווענט...

### יא.

און אַט בין איך איצט ווידער אַ מאָל אין מיין אלטער אמאָלי־גער שוהל, און איך דאַווען מיט אונזערע אלטע אמאָליגע בעלי־בתים, און איך הער דעם אייגענעם חזן, וואָס אמאָל, וואָס זינגט מיט'ן אייגענעם ניגון, וואָס אמאָל. און דער עולם דאַווענט געשמאַק און וואַרעם און מיט'ן זעלבען נוסח, וואָס אמאָל. און איך דאַווען אינאיינעם מיט'ן עולם. נאָר מיינע געדאַנקען זענען ווייט פונ'ם דאַוונען. איך מיש אַ בלעטעל נאָך אַ בלעטעל אין מיין סדור און — איך בין ניט שולדיג — עס מישט זיך מיר אויף שיר־השירים קאַ־פיטעל ד': „ה נ ך י פ ה ר ע י ת י — ווי שען דו ביזט, חבר'טאָרין מיינע. ה נ ך י פ , ע י נ י ך י ו נ י ם — ווי שען דו ביזט מיט דיינע טויבענאויגען“... איך וואָלט וועלען דאַוו־נען גלייך מיט אלע, גלייך ווי איך האָב אמאָל געדאַווענט. נאָר עס דאַווענט זיך ניט! איך מיש אַ בלעטעל נאָך אַ בלעטעל אין מיין סדור און — איך בין ניט שולדיג — עס מישט זיך אויף וויע־דער שיר־השירים קאַפּיטעל ה': „ב א ת י ל ג נ י, א ח ו ת י כ ל ה — איך בין געקומען אין מיין וויינגאָרטען, מיין שוועסטער די כלה“...

און ווייטער: „איך האָב געקלויבען מיינע קרייטער, געשמעקט מיינע בשמים, געגעסען מיין האָניג, געטרונקען מיין וויין“...

נאָר וואָס רעד איך? וואָס זאָג איך? דער גאָרטען איז נישט מיינער. איך וועל נישט קלויבען קיין קרייטער, ניט שמעקען קיין בשמים, ניט עסען קיין האָניג, ניט טרינקען קיין וויין. דער גאָר־טען איז ניט מיין גאָרטען. בוזי איז נישט מיין כלה. בוזי איז

עמיצענס אַ כלה. עמיצענס, נישט מיינע!... און עס קאָכט אין מיר אַ גיהנם. נישט אויף בוזי'ן. נישט אויף קיינעם. ניין. אויף מיר אַליין: סטיימשע, ווי האָב איך געקאָנט אין אַזאַ צייט זיין אַזוי ווייט פון בוזי'ן? ווי האָב איך געקאָנט דערלאָזען, אַז מע זאָל צונעמען פון מיר בוזי'ן און אָפּגעבען זי צו איין אַנדערען? האָט זי מיר דען ניט געשריבען אַלע מאָל בריוולעך און געגעבען אָנצוהערעניש, „אַז זי האָפּט אין גיכע צייטען זיך מיט מיר צו זעהען?"... האָב איך איהר דען ניט אָפּגעלעגט אַלע מאָל פון איין יום־טוב אויפ'ן אַנדערען, אַזוי לאַנג, ביז זי האָט מיר אויפגעהערט צו שרייבען?...

יב.

— גוט יום־טוב. דאָס איז מיין זוהן.

אַזוי שטעלט מיך פאָר דער טאַטע נאָכ'ן דאַווגען פאַר די בעלי־בתים אין שוהל, וואָס בעטראַכטען מיך פון אַלע זייטען און געבען מיר אָפּ און נעמען צו פון מיר דעם שלום־עליכם, ווי איין אַלטען חוב.

— דאָס איז מיין זוהן...

— דאָס איז אייער זוהן? נאַ דיר אָפּ שלום.

אין דעם טאַטענס ווערטער „דאָס איז מיין זוהן" זענען דאָ אַלערליי פאַרבען: פרייד און גדלות און פערדראָס. מע קאָן לערנען דעם פשט, ווי מע וויל: „וואָס זאָגט איהר? דאָס איז דאָך מיין זוהן!"... אָדער: „שטעלט אייך פאָר — דאָס איז מיין זוהן!"...

איך פיהל זיין האַרץ. דער מענש איז בעלעדיגט. איך האָב וויעדערשפעניגט זיין געבאָט. איך בין נישט געגאַנגען אין זיינע וועגען. איך בין מיר געגאַנגען אין מיין אייגענעם וועג און האָב איהם פערעלטערט פאַר דער צייט. ניין, ער האָט מיר נאָך ניט מוחל געווען. ער זאָגט דאָס מיר ניט. ער פערשפאָרט עס מיר

צו זאָגען. איך פיהל עס אליין. דאָס זאָגען מיר זיינע אויגען, וואָס קוקען מיר דורך די זילבערנע ברילען גלייך אין הארצען אריין. דאָס זאָגט מיר דער שטילער זיפץ, וואָס רייסט זיך ארויס פון צייט צו צייט פון זיין אלטער שוואכער ברוסט... מיר געהען ביידע פון שוהל אהיים און שווייגען. מיר געהען שפּעטער פון אלעמען. די נאכט האָט פערשפּרייט איהרע פליגעל איבער'ן הימעל, און אראָפּגעלאָזט האָט זיך איהר שאָטען אויף דער ערד. א שטילע, א ווארעמע, א הייליגע פּסח'יגע נאכט איז דאָס. א נאכט פול מיט סודות און רעטענישען. פול מיט וואונדער. די הייליגקייט פון דער דאָזיגער נאכט פיהלט זיך אין דער לופט. קוקט אראָפּ פונ'ם טונקעל־בלויען הימעל. וועגען איהר שמועסען זיך דורך שטילערהייד די שטערען. י צ י א ת מ צ ר י ם לאָזט זיך הע־רען פון דער דאָזיגער נאכט...

מיט גיכע־גיכע טריט געה איך אהיים אין דער דאָזיגער נאכט. און דער טאטע — קוים וואָס ער געהט מיר נאָך. ווי א שאָטען געהט ער מיר נאָך. „וואָס יאָגסט דו אזוי?" — פרעגט מיך דער טאטע, קוים וואָס ער האפּט דעם אָטעם.

עך, טאטע, טאטע! זעהסט דו דען ניט, אז איך בין געגליכען צו א הירש, אָדער צו א אינד פון די אינדען אויף די בשמים־בערג?... מיר איז לאנג, טאטע, צו לאנג די צייט. מיר איז ווייט, טאטע, צו ווייט דער וועג. דעמאָלט, ווען בוזי איז א כלה. עמי־צענס א כלה. עמיצענס, ניט מיינע!... איך בין געגליכען צו א הירש, אָדער צו א אינד פון די אינדען אויף די בשמים־בערג.

אזוי ווילט זיך מיר ענטפערן מיין טאטען מיט'ן לשון פון שיר־השירים, און איך פיהל נישט די ערד אונטער זיך. און איך געה מיט גיכע־גיכע טריט אהיים אין דער דאָזיגער נאכט. און מיין טאטע — קוים וואָס ער געהט מיר נאָך. ווי א שאָטען געהט ער מיר נאָך אין דער דאָזיגער נאכט.

יג.

מיט דעם אייגענעם „גוט־יום־טוב“, וואָס מיר פּלעגן אַריינ־קומען אין דער דאָזיגער נאַכט פון שוהל אַהיים אַמאָל, מיט יאָה־רען צוריק, זענען מיר אַריינגעקומען אויך אַצינד — איך און דער טאַטע.

מיט דעם אייגענעם „גוט־יום־טוב — גוט־יאָהר“, וואָס די מאַמע און בוזי פּלעגען אונז בעגעגענען אין דער דאָזיגער נאַכט אַמאָל, מיט יאָהרען צוריק, האָבען זיי אונז בעגעגענט אויך אַצינד.

די מאַמע, די מלכה, אָנגעטהאָן אין איהר קעניגליך זיידען מלבוש, און די בת־מלכה, בוזי, — אין איהר שניי־ווייס קלייד. אָבער פּונקט דאָס אייגענע בילד, וואָס אַמאָל, מיט יאָהרען צוריק. נית פערענדערט אויף אַ האָר, נישט געמינערט אַ טראָפּען.

ווי מיט יאָהרען צוריק, אַזוי אויך אַצינד, אין דער דאָזיגער נאַכט, איז אונזער שטוב פול מיט חן. אַ בעזונדערע שענקייט, אַ הייליגע, יום־טוב'דיגע, מאַיעסטעטישע שענקייט האָט אַראָפּגע־נידערט אויף אונזער שטוב. אַ הייליגער, יום־טוב'דיגער גלאַנץ איז אויסגעגאָסען אויף אונזער שטוב אין דער דאָזיגער נאַכט. דאָס ווייסע טישגעבעט — געפּאַלענער שניי. דער מאַמעס בענשליכט שיינען אַרויס פון די זילבערנע לייכטערס. עס לאָזט גריסען פון די פּלעשער אַרויס דער אַרבע־כוסות־וויין. אַך, ווי צנועה'דיג־נאַ־איוו עס קוקען אַרויס פון דער קערה די אומשולדיגע מצות! ווי ליעב עס שמייכעלט דער אָנגעריבענער מרור־חריין, דער קאָמפּלי־צירטער חרוסת מיט'ן אָנגעגרייטען זאַלצוואַסער! פייערליך און מיט שטאָלץ שטעהט אויסגעבעט דעם מלך'ס שטוהל, דאָס עסעבעט. אויף דער מלכה'ס פּנים רוהט די שכינה, ווי אַלע מאָל אין דער דאָ־זיגער נאַכט. און די בת־מלכה (בוזי) איז אינגאַנצען, פון אויבען ביז אַראָפּ, שיר־השירים'דיג. ניין, וואָס זאָג איך? — זי איז דער שיר־השירים אַליין.

אײן עבירה נאָר, וואָס מע האָט דעם בן־מלך אַוועקגעזעצט אַזוי ווײט פון דער בת־מלכה. אַמאָל זענען זײ, געדענק איך, אַנדערש געזעסען בײ׳ם סדר. אינאײנעם, אײנס נעבען אַנדערען, זענען זײ געזעסען. דער בן־מלך האָט געפרעגט דעם טאַטען, געדענק איך, די פיער קשיות, און די בת־מלכה האָט אַרויסגע׳גנבה׳ט בײ זײן מאַיעסטעט פון אונטער דעם קישען דעם אַפיקומן — און אַך! וואָס מיר האָבען זיך דעמאָלט אָנגעלאַכט! אַמאָל, נאָכ׳ן סדר, געדענק איך, אַז דער מלך האָט שוין אַראָפּגעצויגען דעם ווײסען קיטעל, און די מלכה — איהר קעניגליך זײדען מלבוש, זענען מיר געזעסען, איך און בוזי, אינצווײען, אין אַ ווינקעלע, געשפּיעלט אין ניסלעך, וואָס די מאַמע האָט אונז געגעבען, אָדער איך האָב איהר דערצעהלט אַ מעשה, פון יענע בבא־מעשיות פון חדר, פון מײן חבר שײקע, וואָס ווײסט אַלסדינג. אַ מעשה מיט אַ פערכשופ׳טער בת־מלכה, וואָס איז געזעסען אין אַ פּאַלאַץ פון קרישטאַל זיבען יאָהר כסדר און געוואַרט, ביז עמיצער וועט דורכ׳ן שם־המפורש זיך אויפהויבען אַריבער דער חמאַרע, פליהען איבער בערג און איבער טהאָלען, איבער טײכען און מדבריות, און וועט זי אויסלײזען, און וועט זי בעפרײהען.

יד.

דאָס איז אָבער אַלץ געווען אַמאָל — אַמאָל, מיט יאָהרען צוריק. איצט איז שוין די בת־מלכה אויסגעוואַקסען, געוואָרען אַ גרויסע. און דער בן־מלך איז אויסגעוואַקסען, געוואָרען אַ גרויסער. און בעזעצט האָט מען איהם אַזוי אומ׳ברחמנות׳דיג, אַז מיר קאָנען זיך אַפילו ניט זעהען אײנס דאָס אַנדערע, ווי עס געהער צו זײן. שטעלט אײך פאָר: אין דער רעכטער האַנד פון זײן מאַיעסטעט דער בן־מלך, אין דער לינקער האַנד פון איהר מאַיעסטעט די בת־מלכה!... און מיר זאָגען די הגדה, איך מיט׳ן טאַטען, הויך אויף אַ קול, ווי אַמאָל, מיט יאָהרען צוריק, און מיט אַ ניגון, אַ בלעטעל

נאָך אַ בלעטעל. און די מאַמע מיט בוזי'ן זאָגען אונז נאָך שטילער־הייד, אַ בלעטעל נאָך אַ בלעטעל — ביז מיר קומען צו שיר־השירים. זאָג איך מיט'ן טאַטען דעם שיר־השירים, ווי אַמאָל, מיט יאָהרען צוריק, מיט גאָר אַ בעזונדער ניגון. אַ פּסוק נאָך אַ פּסוק. און די מאַמע מיט בוזי'ן זאָגען אונז נאָך שטילערהייד אַ פּסוק נאָך אַ פּסוק. ביז דער מלך, אויסגעמיעדט פון דער יציאת־מצרים־געשיכטע און שכור'ליך פון דעם אַרבע־כוסות־וויין, הויבט אָן ביסלעכווייז אונ־טערצודרימלען, דרימעלט אַ ווייל און כאַפּט זיך אויף און זינגט ווייטער דעם שיר־השירים, הויבט אָן אויף אַ קול: „מ י ם ר ב י ם — פיעל וואַסערען קאָנען נישט אויסלעשען די ליעבע“... און איך האַפּ איהם אונטער מיט'ן זעלבען ניגון: „ו נ ה ר ו ת ל א י ש ט פ ו ה — און טייכען וועלען זי ניט פערפלייצען“... דאָס זאָגען געהט ביי אונז אַלע מאָל שטילער און שטילער, ביז זיין מאַיעסטעט ווערד צום סוף אַנשלאָפען שוין טאַקי אויף דעם רעכטען אמת. ריהרט איהם אָן די מלכה ביי'ם אַרבעל פונ'ם ווייסען קיטעל. מיט אַ ליעבער זיסער איידעלקייט וועקט זי איהם, ער זאָל געהן שלאָפען, — און איך מיט בוזי'ן קאָנען זיך דערווייל איבערוואַרפען מיט אַ פּאָר ווערטער. שטעה איך אויף פון טיש און געה־צו צו איהר נאָהענט, און מיר שטעהען איינס אַקעגען דאָס אַנדערע — דאָס ערשטע מאָל אַזוי נאָהענט אין דער דאָזיגער נאַכט. איך ווייז איהר אָן אויף דער שענער זעלטענער נאַכט. „אין דער דאָזיגער נאַכט, זאָג איך איהר, איז גוט שפּאַציערען געהן“... זי האָט מיך פערשטאַנען און ענט־פערט מיר מיט אַ האַלבען שמייכעל, פרעגענדיג: „אין דער דאָ־זיגער נאַכט?“... און עס מאַהלט זיך מיר אויס, אַז זי לאַכט פון מיר. אַזוי פלעגט זי לאַכען פון מיר אַמאָל, מיט יאָהרען צו־ריק. פערדריסט דאָס מיך. זאָג איך צו איהר: „בוזי, מיר האָ־בען וואָס צו רעדען, אַ סך וואָס צו רעדען“. „אַ סך וואָס צו רעדען?“ — חזר'ט זי איבער מיינע ווערטער, און עס דאַכט זיך מיר,

אז זי לאכט פון מיר... פערחאפ איך מיך: „און אפשר האב איך א טעות? אפשר האב איך מיט דיר אצינד גארניט וואס צו רעדען?“...

דאס איז געזאגט געווארען מיט אזא ביטערקייט, אז בוזי הערט אויף צו שמייכלען און ערנסט ווערד איהר פנים. „מארגען — מאכט זי צו מיר — מארגען וועלען מיר שוין רעדען“... און ליכ־טיג ווערד מיר אין מיינע אויגען. ליכטיג און גוט און פריילּיך. מארגען! מארגען וועלען מיר שוין רעדען! מארגען! מארגען!... איך געה־צו צו איהר נאך נעהענטער און איך דערפיהל דעם ריח פון איהרע האר, דעם ריח פון איהרע קליידער, דעם אמאליגען בע־קאנטען ריח. און עס קומען מיר אויפ'ן זינען די ווערטער פון שיר־השירים: „נפת תטפנה שפתותיך, כלה — צוקער טהוען טריפען דיינע ליפען, כלה! האניג און מילך אונטער דיין צונג. און דער ריח פון דיינע קליידער איז ווי דער ריח פון דעם לבנון“...

דאס וויטעריגע רעדען מיר שוין אזוי, אהן ווערטער. מעהר מיט די אויגען. מיט די אויגען...

טו.

— בוזי, א גוטע נאכט. — זאג איך צו איהר שטיל. עס איז מיר שווער אוועקצוגעהן פון איהר. איין גאט ווייסט דעם אמת.

— א גוטע נאכט. — ענטפערט מיר בוזי, ריהרט ניט פון ארט און קוקט אויף מיר טיעף־פערזארגט מיט איהרע שענע בלויע שיר־השירים־אויגען.

איך זאג איהר נאך א מאל א גוטע נאכט. און זי ענטפערט מיר נאך א מאל א גוטע נאכט. קומט צו געהן די מאמע און פיהרט מיך אריין אין א בעזונדער שלאף־חדר. דארט נעמט מיין מאמע און גלעט מיר אוים מיט איהרע שענע ווייסע הענד דאס ווייסע

אויבערדעק פון מיין שלאָף־בעט, און איהרע ליפּען שעפּטשען:
„שלאָף געזונדע, מיין קינד, שלאָף געזונד"...

אין די דאָזיגע עטליכע ווערטער האָט זיך אויסגעגאָסען דער גאַנצער ים פון ליעבשאַפט, וואָס האָט זיך צענויפגעזאַמעלט ביי מיין מאַמען אין דער צייט, וואָס איך בין אין דער היים ניט געוועזען. איך בין גרייט צופאַלען צו איהר, אויסקושען איהר די שענע ווייסע הענד. נאָר איך בין דאָס ניט ווערטה. ניין, איך בין דאָס ניט ווערטה. איך וויים דאָס... שטיל זאָג איך איהר אַ גוטע נאַכט, און איך בלייב איבער אַליין, איינער אַליין אין דער דאָזיגער נאַכט.

טז.

...איינער אַליין אין דער דאָזיגער נאַכט. אין דער דאָזיגער שטילער ווייכער וואַרעמער פריהער פריהלינג־נאַכט.

איך עפען אויף דאָס פענסטער און קוק אַרוים אין דרויסען אַרוים, צום טונקעל־בלויען נאַכט־הימעל, צו די שעמערירענדיגע בריליאַנטען־שטערען, און איך פרעג ביי זיך אַליין: ניט שוין זשע? ניט שוין זשע?

ניט שוין זשע האָב איך פערשפּיעלט מיין גליק, פערשפּיעלט אויף אויביג?

ניט שוין זשע האָב איך אַליין מיט מיינע אייגענע הענד גענומען און פערברענט מיין וואונדערליכען פּאַלאַץ און אַרויסגעלאָזט די שענע געטליכע בת־מלכה, וואָס איך האָב אַמאָל פער'כשופ'ט?... ניט שוין זשע? ניט שוין זשע? און אפשר ניין? אפשר בין איך געקומען בעצייטענס? ב א ת י ל ג נ י, א ח ו ת י כ ל ה — איך בין געקומען אין מיין גאָרטען, מיין שוועסטער די כלה...

און איך זיץ נאָך לאַנג ביים אָפענעם פענסטער אין דער דאָזיגער נאַכט. און איך סוד'ע מיך מיט דער דאָזיגער שטילער ווייי־

בער ווארעמער פריהער פריהלינג־נאכט, וואס איז פול, מאדנע פול, מיט סודות און רעטענישען...

און אין דער דאזיגער נאכט בין איך געוואהר געווארען א נייעס:

אז איך האב ליעב בוזי'ן.

אז איך האב זי ליעב מיט יענער הייליגער פלאם־פייעריגער גיהנם־ליעבע, וואס ווערד אזוי שען בעשריבען אין אונזער שיר־השירים. גרויסע פייעריגע אותיות שניידען זיך אויס, איך ווייס ניט פון וואנען, און שוועבען מיר פאר די אויגען. די אותיות זענען פונ'ם נאר־וואס אפגעזאגטען שיר־השירים, איין אות נאך איין אות: „כי עזה כמות אהבה — ביטער ווי דער טוידט איז די ליעבע. קשה כשאול קנאה — שווער ווי דער גיהנם איז די קנאה. רשפיה רשפי־אש — איהרע פונקען זענען פונקען פייער. שלהבתיה — א פלאקער פון גאט“...

און איך זיץ אין דער דאזיגער נאכט ביי'ם אפענעם פענסטער און איך פרעג ביי דער דאזיגער נאכט פון סודות און רעטענישען, זי זאל מיר אנטפלעקען דעם סוד: ניט שוין זשע? ניט שוין זשע?...

נאר זי שווייגט, די דאזיגע נאכט פון סודות און רעטענישען. דער סוד בלייבט א סוד פאר מיר — ביז מארגען.

מארגען, אזוי האט דאך מיר בוזי צוגעזאגט, וועלען מיר רע־דען. אך! מארגען וועלען מיר שוין רעדען... לאז נאר אוועק־געהן די נאכט. לאז נאר פערשווינדען די דאזיגע נאכט.

די דאזיגע נאכט. די דאזיגע נאכט...

---

פיערטער טייל.

# שבת־נאָך־שבועות.

---

א.

ויהי ערב — און ס'איז געוועזן איין אָבענד. ויהי בוקר — און ס'איז געוועזן א פריהמאָרגען.

א שענער, א זעלטענער פריהמאָרגען, ווי עס גיט זיך אוים אמאָל תחילת זומער, אין דער צייט, וואָס צווישען פסח און שבועות.

פון די ערשטע בין איך געוועזן אינ'ם דאָזיגען פריהמאָרגען, וואָס האָבען זיך געפּעדערט אויפצושטעהן. דער טאָג האָט ערשט געהאַלטען ביי געבוירען צו ווערען. מיין קליין שלעפעריג שטעד־טעל האָט ערשט אָנגעהויבען אויפצווואַכען פונ'ם זיסען שלאָף. די לויטערע וואַרעם־גלעטענדיגע זונן האָט זיך מכין געווען ארויס־שפּאַציערען פון איהר געצעלט און לאָזען זיך לויפען איהר גרויסען הימעלוועג אינ'ם דאָזיגען פריהצייטיגען זומער־טאָג, וואָס צווישען פסח און שבועות. א גרינג, קיהל נאַכט־ווינטעל האָט זיך נאָך געטראָגען איבער דער וועלט. קוים־קוים, ווי מיט מלאכים־פליגעל, בעריהרט די שטיל־אויפוואַכענדיגע ערד.

אויפגעחאַפּט זיך פון שלאָף, איז מיין ערשטער געדאַנק גע־ווען:

בוזי.

ווידער א מאָל בוזי?

יאָ, ווידער א מאָל בוזי. ווידער א מאָל און אָבער א מאָל בוזי. עס איז מיר אַזוי געלעגען צו רעדען פון בוזי'ן, אז עס וועט מיר ניט נמאס ווערען צו דערצעהלען אייך פון איהר נאָך א מאָל און אָבער א מאָל. נאָך א מאָל און אָבער אמאָל איבערגעבען אייך איהר ביאָגראַפיע אין קורצען. דער, וואָס האָט שוין געהערט, וועט

מיר מסתמא מוחל זיין. פאַר דעם, וואָס האָט נאָך ניט געהערט, איז דאָס נויטיג צו הערען: ער דאַרף וויסען, ווער בוזי איז.

ב.

איך האָב געהאַט אַ ברודער בעני, איז ער דערטרונקען געוואָרען אין טייך. איז געבליבען פון איהם אַ יתומה מיט'ן נאָמען בוזי. פערצויגען פון אסתר־ליבע: ליבוזי — בוזי. און שען איז זי געוועזען, אַזוי ווי די שולמית, וואָס אין שיר־השירים. און מיר זענען געוואַכסען, ווי אַ ברודער מיט אַ שוועסטער. און מיר האָבען זיך ליעב געהאַט, ווי אַ ברודער מיט אַ שוועסטער. אַט דאָס איז די בוזי.

עס זענען איבערגעלאָפען יאָהרען. איך בין אַוועק פון דער היים קענען ווילען פון מיין טאַטע־מאַמע. איך האָב וויעדערשפּעניגט זייער געבאָט, ניט געוואָלט געהן אין זייערע וועגען, אַוועקגעגאַנגען מיין אייגענעם וועג, זיך אַוועקגעלאָזט לערנען. קומט מיר אָן איינמאָל פאַר פסח אַ בריוועל פון מיין טאַטען מיט אַ מזל־טוב: בוזי איז אַ כלה געוואָרען, שבת נאָך שבועות איז די חתונה, זאָל איך קומען צו פאָהרען אויף פסח אַהיים. האָב איך אָפּגעענטפערט מיט אַ מזל־טוב און בין געקומען צו פליהען אויף פסח אַהיים.

און האָב געטראָפען בוזי'ן אויסגעוואַכסען און שען, נאָך שענער ווי געוועזען. און עס האָט אויפגעוואַכט אין מיין זכרון די אַמאָליגע בוזי, די שולמית פון שיר־השירים. און אַ שטורם האָט זיך אויפגעהויבען ביי מיר אין קאָפּ און אַ פייער האָט זיך אָנגעצונדען אין מיין הארצען. אַ פייער — ניט אויף קיינעם, נאָר אויף זיך אַליין. אויף זיך און אויף מיינע יונגעלשע גאָלדענע נאַררישע חלומות, וואָס צוליעב זיי האָב איך פערלאָזען טאַטע־מאַמע, וויעדערשפּעניגט זייער געבאָט און אַוועקגעלאָזט זיך לערנען, און אַט אַזוי האָב

איך פערשפּיעלט, פערשפּיעלט מיין גליק, דערלאָזט, אַז בוזי זאָל ווערען אַ כלה, עמיצענס — ניט מיינע!...

בוזי איז פון קינדוויז אָן געווען מיר ליעב און טהייער — דאָס איז אמת. נאָר אַז איך בין געקומען צו פאָהרען אהיים און דערזעהן בוזי׳ן, האָב איך אַרויסגעזעהען:

אַז איך האָב ליעב בוזי׳ן.

אַז איך האָב זי ליעב מיט יענער הייליגער פייעריגער גיהנם־ליעבע, וואָס ווערד אַזוי שען בעשריבען אין אונזער שיר־השירים: „שטאַרק ווי דער טוידט איז די ליעבע, שווער ווי דער גיהנום איז די קנאה. איהרע פונקען זענען פונקען־פייער. אַ פלאַקער פון גאָט“.

ג.

איך האָב געהאַט אַ טעות: איך בין ניט געווען דער ערשטער יענעם פריהמאָרגען. מיין מאַמע האָט זיך געפעדערט נאָך פריהער פון מיר. זי איז שוין אָנגעטהאָן. זי איז שוין בעשעפטיגט מיט דער טיי, מיט׳ן אָנבייסען.

— דער טאַטע שלאָפט נאָך. דאָס קינד שלאָפט נאָך (אַזוי הייסט ביי איהר בוזי). וואָס ווילסט דו טרינקען, שימעק?

מיר איז אַלץ איינס. וואָס זי וועט מיר געבען, וועל איך טרינקען. מיין מאַמע גיסט מיר אָן טיי און דערלאַנגט מיר מיט איהרע שענע ווייסע הענד. קיינער פערמאָגט ניט אַזעלכע שענע ווייסע הענד, ווי מיין מאַמע. זי זעצט זיך אַוועק קעגען מיר און רעדט מיט מיר שטיל, דער טאַטע זאָל ניט הערען. טאַקי פונ׳ם טאַטען רעדט זי מיט מיר. ער ווערד עלטער, ניט יונגער. ווערד עלטער און שוואַכער און הוסט. הוסט, צום מיינסטען, אין דער־פריה, אַז ער שטעהט אויף. און אַ מאָל ביי נאַכט מאַכט זיך, זאָל ער זיך אויפכאַפּען און אַוועקהוסטען אַ גאַנצע נאַכט. און

אַ מאָל ביי טאָג אויך... רעדט זי איהם איין, ער זאָל זיך דורכ־געהן צום דאָקטאָר — וויל ער ניט. איין עקשן. זיין עקשנות איז דען איבערצוטראָגען? זי בעקלאָגט זיך ניט, הלילה, אויף איהם. נאָר גאָר ניט. ס'איז געקומען צו רעד, רעדט זיך...

אַזוי גיט מיר איבער די מאַמע שטילערהייד אַ ראַפּאָרט פונ'ם טאַטען. און אויך וועגען בוזי'ן דערצעהלט מיר די מאַמע שטילער־הייד, און איהרע אויגען לייכטען. און זי גיסט מיר אָן נאָך אַ גלאָז און פרעגט מיך, וואָס איך זאָג אויף בוזי'ן? איאָ, אויסגע־וואַכסען, קיין עין־הרע, ווי אַ בוים? קיין בייז אויג זאָל איהר נור ניט שולט זיין! שבת נאָך שבועות איז די התונה. אם ירצה השם, שבת נאָך שבועות. אַ גליקליכער שדוך, אַ געראָטענער חתן. אַ שענער אָרט, אַ בעל־הבית'יש, נגיד'יש הויז. אַ שמאַלץ־גרוב...

— פון דעסטוועגען — אַזוי דערצעהלט מיר די מאַמע וויי־טער — פון דעסטוועגען, וויפיעל האָט מען מיט איהר געהאָרעוועט. טאַקי מיט בוזי'ן, איידער מע האָט ביי איהר גע'פועל'ט, זי זאָל זיך לאָזען אָנקוקען. איצט איז זי, דאַנקען גאָט, צופריעדען. נאָך ווי אַזוי צופריעדען! די בריוולעך, וואָס מע שרייבט זיך! אַ טאָג איבער אַ טאָג. (דער מאַמעס פנים שיינט. דער מאַמעס אויי־גען לייכטען.) אַשטייגער, לאָז ניט זיין אַזוי גיך קיין בריעף — טהוט זיך חושך!... דאָס איז איצט. אָבער פריהער? שיער ניט ארוים, שונאי ציון, די נשמה, ביז מע האָט דערלעבט פון איהר דאָס וואָרט „יאָ“ צו הערען... בוזי — אויך אַ גוטע עקשנ'טע. פון אַזאַ משפחה: זיי, אַז זיי שפּאַרען זיך איין!... זי רעדט ניט, חלילה, קיין שלעכטס אויף קיינעם. נאָר גאָר ניט. ס'איז געקו־מען צו רעד, רעדט זיך...

פונ'ם טאַטענס אַלקיר לאָזט זיך הערען אַ הוסטען — און ניש־טאָ מיין מאַמע, פערשוואונדען.

ד.

מ י ז א ת ה נ ש ק פ ה כ מ ו ש ח ר — ווער קוקט דאָס ווי דער מאָרגענשטערן? י פ ה כ ל ב נ ה — שען ווי די לבנה? ב ר ה כ ח מ ה — לויטער ווי די זון?

דאָס איז אַריינגעקומען פון איהר שלאָפצימער בוזי.

איך קוק מיך איין אין בוזי'ן — איך וואָלט געמעגט שווערען איינם פון די ביידע: אָדער זי האָט געוויינט, אָדער זי איז ניט געשלאָפען די נאַכט.

מיין מאַמע איז גערעכט: ווי אַ בוים איז זי אויסגעוואַכסען. ווי אַ רויז האָט זי אויפגעבליהט. איהרע אויגען, איהרע שענע בלויע שיר־השירים־אויגען, זענען אין דעם פריהמאָרגען נאָך אי־בערגעצויגען מיט אַ דין רויכעל. און דאָס גאַנצע פנים איהרס איז אין דעם פריהמאָרגען איבערגעדעקט מיט אַ דינעם פרוכת. און בוזי אינגאַנצען איז אַ סוד פאַר מיר. אַ שמערצליכער סוד. אַ סך זאַכען וואָלט איך וועלען וויסען. פאַר וואָס איז בוזי ניט גע־שלאָפען די דאָזיגע נאַכט? איך וואָלט וועלען וויסען, וועמען האָט זי געזעהען אין חלום: מיך, דעם ליעבען גאַסט, וואָס זי האָט אויף איהם אַזוי לאַנג אַרויסגעקוקט און וואָס איז געקומען צו פליהען אַזוי אומגעריכט? אָדער איין אַנדערען האָט זי געזעהען אין חלום? איין אַנדערען, דעם, וואָס טאַטע־מאַמע האָבען איהר אָנגעהאַנגען קעגען איהר ווילען?... בוזי איז אַ סוד פאַר מיר. אַ שמערצלי־כער סוד. ג ן נ ע ו ל א ח ו ת י כ ל ה — אַ גאָרטען אַ פער־שלאָסענער איז מיין שוועסטער די כלה. אַ גאָרטען אַ פערשלאָסע־נער, אַ קוואַל אַ פערזיגעלטער...

ה.

בוזי איז אַ סוד פאַר מיר. אַ שמערצליכער סוד. עטליכע מאָל אין טאָג בייט זיך ביי איהר די שטימונג. ווי דער אינדרויסען

אין א זומערדיגען וואַלקען־טאָג: אַט איז וואַרעם, אַט איז קיהל. אַט טהוט א שיין ארוים די זון פון די וואָלקענס ארוים — און עס ווערד שען. ביז עס רוקט זיך אָן א נייער וואָלקען — און עס ווערד ווידער טריב און טונקעל.

נישטאָ דער טאָג, וואָס בוזי זאָל ניט בעקומען א בריעף פון „עמיצען". נישטאָ דער טאָג, זי זאָל ניט ענטפערען דעם „עמי־צען".

איך וויים גאַנץ גוט ווער דער „עמיצער" איז, און איך פרעג זי נישט. איך רעד נישט מעהר מיט בוזי'ן פון „איהם". איך האַלט, אז „ער" איז דאָ איין איבעריגער, איין אָנגעוואָרפענער. בוזי רעדט אָבער אַליין פון איהם. רעדט זי ניט פון איהם שוין צו־פיעל? אין די געצעהלטע מינוטען, ווען מיר בלייבען מיט איהר אַליין איינ־צווייען, רעדט מיט מיר בוזי פון „איהם", און לויבט איהם. לויבט איהם אין טאָג אריין. לויבט זי איהם נישט צו פיעל?

זי זאָגט צו מיר:

— דו ווילסט וויסע: וואָס ער איז? (זי לאָזט אראָפּ די אוי־גען.) ער איז א פיינער — אָ! זעהר א פיינער. ער איז א וואוי־לער — אָ! זעהר א וואוילער. נאָר... (זי הויבט אויף די אויגען אויף מיר און לאכט.) ער קומט ניט צו דיר... ווי קומט ער צו דיר?...

וואָס מיינט דערמיט בוזי? זי וויל מיך פערגיטיגען? אָדער זי טרייבט מיט מיר קאַטאָוועס?

ניין. ניט זי וויל מיך פערגיטיגען, ניט זי טרייבט מיט מיר קאַטאָוועס. נאָר זי רעדט זיך אוים דאָס הארץ...

דאָס איז ווי צוויי מאָל צוויי.

נאָך דער טיי זענען די מאַמע און בוזי אוועק אין קיך וועגען אָנבייסען, און איך מיט'ן טאַטען האָבען זיך געשטעלט דאַווענען. איך האָב עס געמאַכט בקיצור. נאָר דער טאַטע, איינגעוויקעלט אין טלית און תפלין, איז נאָך געשטאַנען מיט'ן פּנים צו דער וואַנד

און געלויבט גאָט. קומט אָן פלוצים בוזי אויסגעקליידט, מיט אַ זאַנטיקעל אין האַנד, און רופט זיך אָן צו מיר:

— קום.

— וואוהין?

— הינטער דער שטאָדט אַרוים. אביסעל זיך דורכגעהן. אַ שענער טאָג. אַ זעלטענער טאָג.

דער טאַטע האָט אויסגעדרעהט צו איהר דעם קאָפּ, קוקט אַריבער די זילבערנע ברילען. און בוזי ציהט אָן די הענטשקעלעך אויף די הענד און מאַכט צו איהם:

— ניט אויף לאַנג, טאַטע, ניט אויף לאַנג. מיר קומען באַלד צוריק. די מאַמע ווייסט, אַז מיר געהען. קום, שימעק, דו געהסט?

די בעסטע מוזיק, די שענסטע סימפאָניע קאָן דען אַזוי שען קלינגען, ווי די ווערטער האָבען אָפּגעקלונגען אין מיינע אויהערען? עס האָט זיך געלאָזט הערען אין זיי איין אָפּקלאַנג פון שיר־השירים: „לכה, דודי — קום ליעבער, נצא השדה — לאָמיר געהן אין פעלד אַרוים. לאָמיר נעכטיגען אין די דערפער. לאָמיר זיך פערדערען אין די וויינגערטנער. לאָמיר זעהען, אויב עס בליהט דער וויינשטאָק? אויב עס שפּראָצען די מילגראַמען?"...

אויסער זיך פון התפּעלות לאָז איך מיך נאָך בוזי'ן און פיהל נישט די ערד אונטער זיך. וואָס איז דאָס מיט בוזי'ן? דאָס ערשטע מאָל, זינט איך בין אין דערהיים, טרעפט, אַז בוזי זאָל מיך רופען שפּאַציערען געהן. וואָס איז דאָס מיט בוזי'ן?...

ז.

בוזי איז גערעכט. ס'איז אַ שענער טאָג. אַ זעלטענער טאָג. אָפּשאַצען אַזאַ זומער־טאָג קאָן מען נור אין מיין קליין אָרעם שטעדטעל, אַז מע חאַפּט זיך אַרוים פון דער קלעהם און פון דער ענגשאַפט אויף גאָט'ס פרייהער שענער וועלט. די ערד האָט זיך

בעקליידט מיט איהר גרינעם מאַנטעל, אויסגעקליידט מיט׳ן גאַנ־צען שמוק פון איהרע פיעל־פאַרביגע פעלדבלומען. אָרומגעברעמט מיט אַ זילבערן טייכעל פון איין זייט און מיט אַ קליינוואוכסיג נאַר געדיכט וועלדעל פון דער אַנדערער זייט. דאָס זילבערנע טײ־כעל זעהט אויס, ווי אַ זילבערנע עטרה צו אַ נייעם טלית מיט בלויע תכלת. דאָס געדיכטע וועלדעל זעהט אויס, ווי אַ געדיכטע פאַטלע געקרייזעלטע האָר, פון צייט צו צייט בעריהרט פון אַ ווינ־טעל.

אויף בוזי׳ן איז געווען אַ בלוי בעזשען קלייד, גרינג ווי אַ רויך, דורכזיכטיג ווי די לופט, ווי דער הימעל. אַ זאַנטיקעל מיט שפיצ־לעך פון גרינער פאַרב און ווייסע אַזשור־הענטשקעלעך אויף די הענד. פיעלפאַרביג האָט זי אויסגעזעהען, פיעלפאַרביג, ווי דאָס פעלד.

„דאָס לעצטע מאָל — זאָגט מיר בוזי — האָט זי זיך אויסגעבע־טען ביי דער מאַמע. דאָס לעצטע מאָל וויל זי זיך געזעגענען מיט דער שטאָדט, מיט הינטער דער שטאָדט, מיט׳ן „הייליגען אָרט״; מיט די מיהלען, מיט׳ן טייכעל, מיט׳ן בריקעל. צוליעב דעם לעצ־טען מאָל האָט איהר די מאַמע צוליעב געטהאָן. אַ כלה דאַרף מען צוליעב טהון, חאַ־חאַ... אַ כלה פיהרט אויס אַלסדינג... וואָס זאָגסט דו, שימעק?״

שימעק זאָגט גאָרנישט. שימעק האָרכט. עס ווייזט זיך מיר אויס, אַז בוזי איז היינט מאָדנע פריילירך. ניט נאַטירליך פריילירך, און לאַכט, ווי איבער נויט. און אפשר דאַכט זיך מיר אַזוי?

— געדענקסט דו, בוזי, ווען מיר זענען דאָ געווען?

איך דערמאָן איהר, ווען מיר זענען דאָ געווען. שוין לאַנג־לאַנג. מיט יאָהרען צוריק איז דאָס געווען. מיר זענען געגאַנגען אַהער אינצווייען רייסען גרינס אויף שבועות, אויב זי געדענקט. דעמאָלט זענען מיר אויך געגאַנגען מיט׳ן זעלבען וועג, פערביי די

זעלביגע מיהלען, איבער דעם זעלביגען טייכעל, איבער דעם זעלבי־גען בריקעל.

— נאר אנדערש האבען מיר דעמאלט שפאציערט, בוזי. דער־מאלט זענען מיר געלאפען, ווי די יונגע הירשען, געשפרונגען, ווי די פעלדאינדען איבער די בשמים־בערג. און איצט?

— און איצט? — זאגט בוזי און בויגט זיך אן רייסען בלו־מען.

— איצט געהען מיר סטאטעטשנע, ווי עס פאסט פאר אזעל־כע סטאטעטשנע לייט, ווי מיר זענען... געדענקסט דו, בוזי, ווען מיר זענען דא געוועזן דאס לעצטע מאל?

— ערב שבועות איז דאס געוועזן. — ענטפערט מיר בוזי און שענקט מיר א בוקעט מיט שמעקענדיגע בלומען, וואס זי האט אנגעריסען.

— פון מיינעטוועגען, בוזי?

— פון דיינעטוועגען, שימעק. — זאגט צו מיר בוזי מיט א קוק פון איהרע שענע בלויע שיר־השירים־אויגען. און דער קוק דרינגט אריין גלייך מיר אין הארצען אריין.

ח.

מיר זענען שוין ווייט הינטער דער שטאדט. מיר זענען שוין אויפ'ן בריקעל. דארט געב איך איהר מיין האנד. (דאס ערשטע מאל זינט איך בין געקומען צו פאהרען אהיים.)

מיר געהעןביידע, האנד ביי האנד, איבער'ן בריקעל. די ברע־טער הוידען זיך. דאס וואסער לויפט אונטער אונזערע פיס, קאט־שעט זיך, שלענגעלט זיך און פאלט מיט א שטילען זשומען און מיט א גרינגען רעש בארג־אראפ, אזוי אז איך קאן הערען דעם „טיק־טאק" פון בוזי'ס הארץ, וואס איז אזוי נאהענט, אזוי נאהענט צו מיר. (דאס ערשטע מאל זינט איך בין געקומען צו פאהרען אהיים.)

עס מאַהלט זיך מיר אויס, אַז בוזי דערנעהענט זיך צו מיר אַלע מאָל נעהענטער און נעהענטער. איך דערשפּיר דעם בעקאַנטען ריח פון איהרע שענע האָר, איך דערפיהל די איידעלקייט און גלאַטקייט פון איהר פּרעכטיגער האַנד, די וואַרעמקייט פון איהר ליַיב. און עס דוכט זיך מיר, אַז איך הער פון איהר ווערטער מיט׳ן לשון פון שיר־השירים: „אני לדודי — איך בין מיין געליעבטענס, ודודי לי — און דער געליעבטער איז מיינער“... און די זון, און דער הימעל, און דאָס פעלד, און דאָס טייכעל, און דער וואַלד בעקומען אַ נייעם גלאַנץ, אַ נייעם חן אין מיינע אויגען. איין עבירה, איין עבירה, וואָס דאָס בריקעל איז אַזוי קורץ. אַ מינוט — און מיר זענען שוין אויף יענער זייט בריקעל, אויף דער „לעוואַדע“. אַ מינוט — און בוזי׳ס איידעלע גלאַטע פּרעכטיגע האַנד האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון מיין האַנד — און די זון, און דער הימעל, און דאָס פעלד, און דאָס טייכעל, און דער וואַלד האָבען אָנגעוואָרען דעם פריהעריגען גלאַנץ מיט׳ן פריהעריגען חן אין מיינע אויגען.

— אַ מאָדנע זאַך — זאָגט צו מיר בוזי, און איהרע שענע בלויע שיר־השירים־אויגען זענען אין דער מינוט טיעף, ווי דער הימעל, און פערטראַכט, ווי די נאַכט — אַ מאָדנע זאַך: אַלע מאָל, ווען איך געה, אָדער איך פאָהר איבער אַ וואַסער, עס מאַג זיך זיין וואָס פאַר אַ וואַסער עס וויל זיך, מוז איך זעהן מיין טאַטען, און אַלע מאָל...

איך שלאָג איהר איבער די רעד:

— דו רעדסט נאַרישקייטען, בוזי.

בוזי טראַכט אַ ווײַלע, נאָכדעם זאָגט זי צו מיר:

— נאַרישקייטען? חאַ־חאַ, ביזט געװעכט. איך רעד נאַריש־קייטען. ווייל איך בין אַ נאַרעלע. אַ נאַריש מיידעל בין איך. איאָ, אַ נאַריש מיידעל? זאָג דעם אמת, שימעק. דעם אמת זאָלסט דו מיר זאָגען, חאַ־חאַ־חאַ!

בוזי לאכט, פערוואָרפט דעם קאָפּ און בעווייזט מיר איהרע חנ'עוודיגע פּערעל־צייהן. איהר פּנים שיינט אויף דער שיינענ־דיגער זוהן. און אַלע פאַרבען פונ'ם פעלד פינקלען זיך גאָפּ אין איהרע אויגען, אין איהרע שענע בלויע פערטראַכטע שיר־השירים־אויגען.

ט.

אומזיסט! איך קאָן ביי איהר ניט פּועל'ען, אַז זי איז גאָר־ניט אַזאַ נאַר, אַז זי איז גאָר קיין נאַר ניט. זי ווייסט, זאָגט זי מיר, זי ווייסט, אַז ס'איז פאַרהאַן נאַרישערע פון איהר. זי ווייסט. נאָר אַקעגען מיר איז זי אַ נאַרעלע. שטעלט איך פאָר — זי גלויבט אין חלומות!

— איאָ, שימעק, דו גלויבסט ניט? און איך גלויב. אָט איז מיר ערשט נעכטען געקומען צו חלום דער טאַטע פון יענער וועלט, אַנגעטהאָן און פרייליך, לעבעדיג, מיט אַ שטעקעלע אין האַנד. און מאַכט צו מיר אַזוי זיס, אַזוי פריינדליך, און דרעהט מיט'ן שטע־קעלע: „איך קום, טאָכטער, צו דיר אויף דער חתונה"... נו, וואָס ועסט דו זאָגען דערויף, שימעק?...

— בוזי, מע דאַרף ניט גלויבען אין חלומות. חלומות זענען דברים בטלים.

— דברים בטלים — זאָגסט דו?

בוזי שטעהט אַ ווײַלע פערטראַכט. לאָזט זיך לויפען איבער'ן פּיעל־פאַרביגען פעלד און בלייבט שטעהן.

ווי אַ בלום, ווי אַ פּיעל־פאַרביגע בלום, זעהט אויס בוזי אינ'ם דאָזיגען פּיעל־פאַרביגען פעלד, וואָס ציהט זיך אַרום אונז אָהן אַ סוף און אָהן אַ ברעג. מיט געלינקע שפּרענקעלעך איז זי בעשפּרענ־קעלט. מיט רויטינקע צוויקעלעך איז זי בעצוויקעלט. די בלויע הימעל־יאַרמעלקע איבער איהר קאָפּ. דאָס זילבערנע טייכעל פאַר איהרע פיס. פון אַלע זייטען טראָגען זיך אַקעגען אונז שאַרף־שמע־

קענדיגע בשמים־און־געווירצען־ריחות. איך בין פער׳כשופ׳ט. איך בין פער׳שכור׳ט.

ווי א פער׳כשופ׳טע שטעהט אויך בוזי אין מיטען פיעלפאר־ביגען פעלד און קוקט אויף מיר פערטראכט, פערטראכט ווי דער וואלד.

פון וואס טראכט אצינד בוזי? וואס זאגען איהרע אויגען, איהרע שענע בלויע פערטראכטע שיר־השירים־אויגען?

„א נ י ח ב צ ל ת ה ש ר ו ן — איך בין א ליליע פון שרון.
ש ו ש נ ת ה ע מ ק י ם — די רויז פון די טהאלען"...

אט וואס עס זאגען מיר איהרע אויגען. און עס דאכט זיך מיר, אז קיינמאל, קיינמאל איז נאך בוזי נישט געווען אזוי די אמת׳ע שולמית פון שיר־השירים, ווי אין דער דאזיגער מינוט.

י.

ווי א בלום זעהט אויס בוזי, די ליליע פון שרון. ווי א בליהענדיגע רויז זעהט אויס בוזי, די רויז פון די טהאלען, אין דעם דאזיגען בריימען פיעל־פארביגען פעלד, וואס ציהט זיך ארום אונז אהן א סוף און אהן א ברעג. מיט געלינקע שפרענקעלעך איז זי בעשפרענקעלט. מיט רויטינקע צוויקעלעך איז זי בעצוויקעלט. די בלויע הימעל־יארמעלקע איבער איהר קאפ. דאס זילבערנע טיי־בעל פאר איהרע פיס. פון אלע זייטען טראגען זיך אקעגען אונז שארף־שמעקענדיגע בשמים־און־געווירצען־ריחות. איך בין פער־בשופ׳ט. איך בין פער׳שכור׳ט.

בוזי לאזט זיך געהן. איך — נאך איהר. גרינג און גיך געהט בוזי. גרינג, ווי א סארנע, ווי א אינד פון די אינדען, טראגט זי זיך אין פיעל־פארביגען פעלד, וואס ציהט זיך אהן א סוף און אהן א ברעג. און איהר פנים שיינט אויף דער שיינענדיגער זון, און אלע פארבען פונ׳ם פעלד פינקלען זיך אפ אין איהרע אויגען, אין איהרע שענע בלויע פערטראכטע שיר־השירים־אויגען.

קיינמאָל, קיינמאָל איז נאָך בוזי ניט געווען אַזוי די אמת׳ע שולמית פון שיר־השירים, ווי אין דעם דאָזיגען טאָג.

— דערקענסט, בוזי, דאָס דאָזיגע פעלד?

— אַמאָל האָט דאָס געהערט צו דיר...

— און דאָס בערגעל?

— דיין באַרג. אַמאָל איז דאָס געווען אַלסדינג דיינס. אַלס־דינג דיינס...

זאָגט מיר בוזי מיט אַ גרינג שמייכעל אויף די שענע ליפּען. נאָר עס ווייזט זיך מיר אויס, אַז זי לאַכט פון מיר, ווי זי פלעגט לאַכען פון מיר אַמאָל, מיט יאָהרען צוריק.

— זיצען מיר?

— זיצען מיר.

איך זעץ מיך אַוועק אויפ׳ן בערגעל און מאַך איין אָרט פאַר איהר. בוזי זעצט זיך אַוועק אַקעגען מיר.

— אָט דאָ, געדענקסט דו, בוזי, האָב איך דיר אַמאָל דער־צעהלט, ווי אַזוי איך...

בוזי פערהאַפּט און ענדיגט פאַר מיר:

— ווי אַזוי דו הויבסט זיך אויף מיט׳ן „שם־המפורש“ און פליהסט, ווי איין אָדלער, ביז דער חמאַרע, העכער פון דער חמאַרע, איבער פעלדער, איבער וועלדער, איבער בערג, איבער טהאָלען, אי־בער ימים און מדבריות, ביז דו קומסט אויף יענער זייט הרי־חושך, אין אַ קרישטאָלענעם פּאַלאַץ. דאָרט זיצט דיין פער׳כשופ׳טע בת־מלכה שוין זיעבען יאָהר און וואַרט, ביז דו וועסט זיך דערבאַרעמען אויף איהר און וועסט קומען צו פליהען מיט׳ן „שם־המפורש“ זי אויסלייזען, בעפרייען — האַ־האַ־האַ!

ניין. בוזי איז מיר היינט מאָדנע פרייליך. ניט־נאַטירליך פרייליך. זי לאַכט, ווי איבער נויט. געצוואונגען. אויף אַלץ איז אַ צייט. שוין צייט רעדען מיט איהר אַביסעל ערנסטע, ריינע, קלאָרע דבורים. שוין צייט עפענען פאַר איהר מיין האַרץ, אַנטפּלעקען

פאַר איהר מיין נשמה... און איך לאָז אוים מיין געדאַנק מיט'ן לשון פון שיר־השירים: „ע ד ש י פ ו ח ה י ו ם — איידער עם וועט אַוועק דער טאָג, דער דאָזיגער גליקליכער טאָג, ו נ ס ו ה צ ל ל י ם — און עס וועלען אַנטלויפען די שאָטענס“...

יא.

פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס איך בין אין דער היים, האָב איך בוזי'ן קיין צעהנט־חלק, קיין הונדערט־חלק ניט אַרויסגעזאָגט פון דעם, וואָס עס האָט זיך אויסגעגאָסען ביי מיר אָט דאָ, אין דעם דאָזיגען פריהמאָרגען. איך האָב איהר אויפגעדעקט מיין האַרץ, אַנטפּלעקט פאַר איהר מיין נשמה. דערצעהלט דעם גאַנצען אמת, וואָס האָט מיך אַהער געבראַכט...

ווען ניט דעם טאַטענ'ס בריוועל מיט'ן מזל־טוב, ווען ניט די דריי ווערטער: „שבת־נאָך־שבועות“ — וואָלט מיך איצט ניט געזעהען אָט דאָס טייכעל, וואָס לויפט דאָרט באַרג־אַראָפּ, און דאָס וועלדעל, וואָס גרינט אָט דאָ ניט ווייט...

און איך שווער איהר טאַקי ביי אָט דעם טייכעל, וואָס לויפט דאָרט באַרג־אַראָפּ, און טאַקי ביי דעם וועלדעל, וואָס גרינט אָט דאָ ניט ווייט, און ביי'ם דאָזיגען בלויען הימעל־דעק, וואָס איבער אונזער קאָפּ, און ביי דער גין־גאָלדענער זון, וואָס פינקעלט אָפּ אין איהרע אויגען, און ביי דעם אַלעם, וואָס שען און ריין און הייליג איז, — אַז איך בין געקומען אַהער נור צוליעב איהר, נור צוליעב איהר, וואָרום... איך האָב זי ליעב — ענדליך האָט דאָס וואָרט זיך אַרויסגעריסען!

— וואָרום איך האָב דיך ליעב, בוזי, דו הערסט, איך האָב דיך ליעב מיט יענער הייליגער פלאַם־פייעריגער גיהנם־ליעבע, וואָס ווערד בעשריעבען אין שיר־השירים: „ש ט אַ ר ק ו ו י ד ע ר ט ו י ד ט א י ז ד י ל י ע ב ע, ש ו ו ע ר ו ו י ד ע ר ג ר ו ב א י ז ד י ק נ א ה. א י ה ר ע פ ו נ ק ע ן ז ע נ ע ן

פונקען־פייער. א פלאקער פון גאט"... וואס איז מיט דיר, בוזי? דו וויינסט? גאט איז מיט דיר!...

יב.

בוזי האט געוויינט.

בוזי האט געוויינט — און די גאנצע וועלט האט זיך אנגע־קליידט אין טרויער. די זון האט אויפגעהערט צו שיינען. דאס טייבעל — צו לויפען. דאס וועלדעל — צו גרינען. די פליעגעלעך — צו פליהען. די פויגעלעך — צו זינגען.

בוזי האט געוויינט. זי האט בעהאלטען דאס פנים אין די הענד. איהרע פלייצעס האבען אויפגעציטערט. און זי האט גע־וויינט אלע מאל שטארקער און שטארקער.

אזוי וויינט א קליין קינד, וואס דערפיהלט, אז עס האט פער־לוירען טאטע־מאמע.

אזוי וויינט א געטרייע מוטער אויף איהר קינד, וואס מע האט דאס ביי איהר צוגענומען.

אזוי וויינט א יונג־פרוי, וואס בעקלאגט איהר געליעבטען, וואס האט זיך אפגעקעהרט פון איהר.

אזוי וויינט א מענש, וואס בעקלאגט זיין אייגענע וועלט, וואס האט זיך ארויסגעגליטשט פון אונטער זיינע פיס.

אומזיסט איז געווען מיין טרייסטען, וואס איך האב זי גע־טרייסט. ארויסגעווארפען אלע מיינע שיר־השירים־עפיטעטען, וואס איך האב אויסגענוצט פאר איהר. בוזי וויל זיך ניט טרייסטען. בוזי וויל מיינע עפיטעטען ניט הערען. צו שפעט, זאגט זי, צו שפעט האב איך מיך דערמאנט אן איהר... צו שפעט האב איך מיך ארומגעזעהן, אז עס איז דא א בוזי אויף דער וועלט. א בוזי, וואס האט א הארץ, וואס בענקט, און א נשמה, וואס רייסט זיך פון דאנען אין איין אנדער וועלט ארויס... אפשר וואלט איך מיך דער־מאנען, זאגט זי, אן די בריוולעך, וואס זי האט מיר אמאל גע־

שריבען? נאָר — פערהאַפּט זי זיך — ווי קום זיך צו געדענקען אַזעלכע נאַרישקייטען? פערשטעהט זי דען ניט אַליין, אַז זי האָט דאָס, אייגענטליך, בעדאַרפט שוין לאַנג פאַראויסזעהן, — איז אונזערע וועגען זענען פערשיעדען? אַז זי קאָן זיך צו מיר ניט גלייכען? ווי קומט זי צו מיר? זי, אַ אידישע טאָכטער, אַ קליינשטעדטעלדיג מיידעל, ווי קומט זי צו מיר?... ערשט פערשטעהט זי, אַז ס'איז געווען אַ נאַרישקייט פון איהר, אַ גרויסע נאַרישקייט, וואָס זי פלעגט מיר דולען אַ קאָפּ מיט איהרע קינדערשע בריוועלעך, מיט איהרע נאַרישע אָנצוהערענישען, אַז טאַטע־מאַמע בענקען נאָך מיר... ניין. זי האָט אַליין בעדאַרפט פערשטעהן, אַז זי קאָן זיך צו מיר ניט גלייכען. ווי קומט זי צו מיר? אַ אידישע טאָכטער, אַ קליינשטעדטעלדיג מיידעל!... זי האָט אַליין בעדאַרפט אַרויסזעהן, אַז קוים האָב איך ניט געפאָלגט טאַטע־מאַמע, וויעדערשפּעניגט זייער געבאָט, נישט געוואָלט געהן זייערע וועגען און בין געגאַנגען מיין אייגענעם וועג, וועל איך געווים אַוועקגעהן ווייט, וועל איך געווים שטייגען הויך, אַזוי ווייט און אַזוי הויך, אַז איך וועל קיינעם שוין ניט אַרויסזעהן, קיינעם ניט וועלען קענען.

— קיינעם ניט, אַחוץ דיך, בוזי!

— ניין, קיינעם ניט! קיינעם ניט! קיינעם ניט! קיינעם ניט זעהען, קיינעם ניט הערען, אַלעמען פערגעסען...

— אַלעמען, נאָר נישט דיך, בוזי.

— ניין, אַלעמען! אַלעמען! אַלעמען!

יג.

בוזי האָט אויפגעהערט צו וויינען — און אַלץ האָט אויפגעלעבט. די זון האָט אָנגעהויבען צו שיינען, אַזוי ווי פריהער. דאָס טייכעל — צו לויפען. דאָס וועלדעל — צו גרינען. די פליעגעלעך — צו פליהען. די פויגעלעך — צו זינגען.

בוזי האָט אויפגעהערט צו וויינען, און טרוקען זענען געוואָ־רען איהרע אויגען. איהרע שענע בלויע שיר־השירים־אויגען. און אויסגעטריקענט האָבען איהרע טרערען, אַזוי ווי טראָפּענס טהוי אויף דער הייסער זון.

און פּלוצים האָט זי זיך גענומען פערענטפערען איהרע טרערען. אצינד זעהט זי, ווי נאַריש זי איז. וואָס איז געווען דער געוויין? וואָס האָט זי צו וויינען? וואָס פעהלט איהר? אַ סך מיידלעך אויף איהר אָרט וואָלטען זיך פיהלען גליקליך. איבער־גליקליך!...

און אַ פייערעל האָט זיך אָנגעצונדען אין איהרע אויגען. אין איה־רע שענע בלויע שיר־השירים־אויגען. איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געזעהען דאָס דאָזיגע פייערעל אין בוזי'ס אויגען. און רויטע פלע־קען זענען אַרויסגעטראָטען אויף איהרע בעקלעך, אויף איהרע שענע רויזענבעקלעך. איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געזעהען בוזי'ן אַזוי פייערען, אַזוי פלאַמען, ווי זי האָט געפייערט און געפלאַמט אין דער דאָזיגער מינוט. און איך וויל זי אָננעמען פאַר אַ האַנד, און איך זאָג צו איהר מיט'ן לשון פון שיר־השירים:

— הנך יפה רעיתי — ווי שען דו ביזט, בוזי, בעת דיינע בעקלעך פלאַמען און דיינע אויגען שפּריצען פייער...

אַרויסגעוואָרפען! בוזי הערט ניט מיין שיר־השירים. בוזי האָט איהר אייגענעם שיר־השירים. זי הערט ניט אויף צו לויבען „עמיצען“, לויבען איהם אין טאָג אריין. זי זאָגט צו מיר:

— דודי צח ואדום — מיין בעשערטער איז פיין און שען. דגול מרבבה — פיינער פון אַ סך - אַ סך אַנדערע. ער איז אפשר ניט אַזוי געלערענט, ווי אַנדערע, דערפאַר איז ער אָבער גוט. דערפאַר איז ער מיר געטריי. דערפאַר האָט ער מיך ליעב. זאָלסט זעהן די בריעף, וואָס ער שרייבט צו מיר, זאָלסט זעהן די בריעף!

— לבבתיני, — זאָג איך צו איהר ווייטער, גלייך ווי איך וואָלט ניט הערען וואָס זי זאָגט — לבבתיני, אחותי

כ ל ה — דו האָסט מיין האַרץ אַוועקגענומען, מיין שוועסטער די כלה!...

און זי צו מיר:

— ח כ ו מ מ ת ק י ם ו כ ו ל ו מ ח מ ד י ם! — זאָלסט זעהן די בריעף, וואָס ער שרייבט מיר, זאָלסט זעהן די בריעף!...

עס הערט זיך אין איהרע ווערטער אַ מאָדנער טאָן. אַ מאָדנע שטימע. די שטימע — אַזוי ווייזט זיך מיר אויס — וויל אַריבער־שרייען איין אַנדער שטימע. איין אינוועניגסטע שטימע.

דאָס איז ביי מיר ווי צוויי מאָל צוויי.

יד.

ראַשיג און אומגעריכט האַפּט זיך בוזי אויף פון'ם שמע־קענדיגען גראָז, טרייסעלט זיך אָפּ, גלייכט זיך אויס, פערוואַרפט די הענד אַהינטער און בלייבט שטעהן אַקעגען מיר און קוקט אויף מיר פון אויבען אַראָפּ.

שטאָלץ און שען, גרויסאַרטיג שען, נאָך שענער ווי אַלע מאָל, זעהט זי אויס אין דער מינוט ביי מיר אין די אויגען.

איך האָב מורא צו זאָגען, נאָר מיר דאַכט, אַז ווען איך זאָל זאָגען, אַז בוזי — דאָס איז די אמת'ע שולמית, וואָס אין שיר־השירים, וואָלט דאָס געוועזן אַ כבוד און אַ שבח פאַר דער אמת'ער שולמית, וואָס אין שיר־השירים.

ניט שווין זשע האָט זיך דערמיט געענדיגט אונזער געשפּרעך? איך שטעה אויף נאָך איהר און געה־צו צו איהר:

— ש ו ב י, ש ו ב י ה ש ו ל מ י ת — קעהר דיך אום צוריק צו מיר, בוזי! — זאָג איך צו איהר ווייטער מיט מיין שיר־השירים־שפּראַך און נעם זי אָן פאַר אַ האַנד. — קעהר זיך אום צו מיר, בוזי, קעהר זיך אום צו מיר בעצייטענס! נאָך איין וואָרט. מעהר ניט אַז איין וואָרט דאַרף איך דיר נאָך זאָגען.

אומזיסט. אומזיסט. בוזי וויל ניט הערען דאָס איינע וואָרט. וואָס איך וויל איהר זאָגען. גענוג, זאָגט זי, זיך אָנגערעדט. גענוג געזאָגט איינס דעם אַנדערען — אפשר נאָך מעהר, ווי מע בעדאַרף... גענוג־גענוג. שוין שפּעט. זעה, ווי שפּעט עס איז! — זאָגט צו מיר בוזי און בעווייזט מיר מיט איהר האַנד אויפ׳ן הימעל, און בעווייזט מיר אויף דער זון, וואָס בעגיסט זי פון אויבען ביז אַראָפּ מיט איהרע מילדע ווייכע גאָלדענע שטראַהלען. און בוזי, די ליליע פון שרון, בוזי, די רויז פון די טהאָלען, בעקומט אַ נייעם קאָליר, אַ גין־גאָלדענעם קאָליר, אויפ׳ן פּיעל־פאַרביגען פעלד, וואָס ציהט זיך אַרום אונז אָהן אַ סוף און אָהן אַ ברעג.

— אַהיים־אַהיים! — זאָגט צו מיר בוזי און חאַפּט זיך געהן און טרייבט מיך געהן. — אַהיים־אַהיים. שוין צייט, שימעק, שוין צייט. טאַטע־מאַמע וועלען דאַרטען איבערטראַכטען גאָט ווייסט וואָס. · אַהיים־אַהיים!

אין איהרע לעצטע ווערטער „אַהיים־אַהיים“ לאָזט זיך מיר הער־רען דער טאָן פון אמאָל, אמאָל, מיט יאָהרען צוריק, דער לשון פון שיר־השירים:

— ב ר ח, ד ו ד י — אַנטלויף, ליעבער, און זיי געגליכען צו אַ הירש, אָדער צו אַ אינד פון די אינדען אויף די בשמים־בערג.

טו.

עס געהען די טעג. עס לויפען די וואָכען. עס איז אָנגעקומען דער ליעבער יום־טוב שבועות. עס איז אָנגעקומען דער שבת, וואָס נאָך שבועות. עס איז אַוועקגעגאַנגען דער שבת, וואָס נאָך שבועות, און נאָך אַ שבת, און נאָך אַ שבת — און איך בין נאָך אַלץ אַ גאַסט אין מיין שטעדטעל.

וואָס טהו איך דאָ? — גאָרנישט. גאָלע גאָרנישט. מיין טאַטע־מאַמע רעכענען, אַז איך בין געוואָרען אַ בעל־תשובה. אַז איך האָב חרטה אויף דעם, וואָס ס׳איז געווען, וואָס איך האָב

וויעדערשפּעניגט זייער געבאָט, ניט געוואָלט געהן אין זייערע וועגען. און זיי זענען צופריעדען. זעהר צופריעדען.

און איך? וואָס טהו איך דאָ? וואָס דאַרף איך דאָ? — גאָרנישט. גאָלע גאָרנישט. אַלע טאָג געה איך מיר אַרוים אײנער אַליין אויפ'ן שפּאַציער, הינטער דער שטאָדט אַרוים. אַהין — אויף יענער זייט מיהל. אַהין — אויף יענער זייט בריקעל. אַהין — צו יענעם פיעל־פאַרביגען פעלד, וואָס ציהט זיך אָהן אַ סוף און אָהן אַ ברעג, וואָס איז אַרומגעברעמט מיט אַ זילבערן טייכעל פון איין זייט און מיט אַ קליינוואוכסיג נאָר געדיכט וועלדעל פון דער אַנדערער זייט. דאָס זילבערנע טייכעל זעהט אויס, ווי אַ זילבערנע עטרה צו אַ נייעם טלית פון בלויען תכלת. דאָס געדיכטע וועלדעל זעהט אויס, ווי אַ געדיכטע פּאַטלע געקרייזעלטע האָר, פון צייט צו צייט געריהרט פון אַ ווינטעל.

דאָרט זעץ איך מיך אַוועק אײנער אַליין אויפ'ן בערגעל. אויף יענעם בערגעל, וואו מיר זענען ערשט דאָ ניט לאַנג געזעסען אינצווייען, איך און בוזי, די ליליע פון שרון, די רויז פון די טהאָלען.

אויף יענעם בערגעל, וואו מיר זענען אַמאָל, מיט יאָהרען צוריק, אין צווייען, איך און בוזי, געלאָפען, ווי די יונגע הירשען, און געשפּרונגען, ווי די פעלד־אינדען, אויף די בשמים־בערג. דאָרט, אויף יענעם אָרט, וואו עס ליגען בעהאַלטען די בעסטע זכרונות פון מיין אויף־אייביג־פערלאָרענער יוגענד, פון מיין אויף־אייביג־פערלאָרענעם גליק, קאָן איך מיר אַוועקזיצען אײנער אַליין שטונדען־לאַנג און בעוויינען און בעקלאָגען די אונפערגעסליכע שולמית פון מיין שיר־השירים־ראָמאַן.

## טז.

און וואָס איז מיט דער שולמית פון מיין שיר־השירים־ראָמאַן? וואָס איז מיט בוזי'ן? וואָס איז דער שלום? וואָס איז דער סוף?

צווינגט מיך ניט, איך זאָל אייך דערצעהלען דעם סוף פון מיין ראָמאַן. דער סוף, ער מעג זיך זיין דער בעסטער, איז ער אַ טרויע־ריגער אַקאָרד. דער אָנהויב, דער ערגסטער אָנהויב, איז בעסער פונ'ם בעסטען סוף. עס איז מיר דעריבער אַ סך גרינגער און אַ סך מעהר אַנגענעהם צו דערצעהלען אייך די דאָזיגע געשיכטע נאָך אַ מאָל פונ'ם אָנהויב. נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל און נאָך הונדערט מאָל. און מיט'ן אייגענעם לשון, וואָס אַלע מאָל:

איך האָב געהאַט אַ ברודער בעני. איז ער דערטרונקען געוואָ־רען אין טייך. האָט ער איבערגעלאָזט אַ יתומה'לע. האָט מען זי גערופען בוזי. פערצויגען פון אסתר־ליבע: ליבוזי — בוזי. און שען איז געווען די בוזי, ווי די שולמית, וואָס פון שיר־השירים. און מיר זענען געוואַכסען, איך און בוזי, ווי אַ שוועסטער מיט אַ ברודער. און מיר האָבען זיך ליעב געהאַט, איך און בוזי, ווי אַ שוועסטער מיט אַ ברודער.

און אזוי ווייטער.

דער אָנהויב, דער ערגסטער אָנהויב, איז בעסער פונ'ם שענסטען סוף.

דער אָנהויב — לאָז זיין דער סוף, דער עפּילאָג פון מיין ניט־אויסגעטראַכטען, נאָר אמת'ען, שמערצליכען ראָמאַן, וואָס איך האָב מיר ערלויבט צו קרוינען מיט'ן נאָמען: ש י ר ־ ה ש י ר י ם.

# דער מלך מיט דער מלכה

אַ פּסח׳יגער ראָמאַן
אין פיער טייל
מיט איין עפּילאָג

געשריבען אין יאָהר 1902

# דער מלך מיט דער מלכה

ערשטער טייל.

## דער מלך שדכ׳נט זיך צו דער מלכה.

ביי העניך דעם סטאָליר אין פּאָדראַד איז אַ היץ. מע באַקט מצות, דעם נגיד׳ס מצות, געוויינטליך, אויפ׳ן ערשטען אויוועו. אויפ׳ן ערשטען אויוועו איז בעסער און שענער און כשר׳ער און מעהר כבוד, און טאַקי מעהר מצוה אויך, און וויבאַלד ס׳איז בעסער און שענער און כשר׳ער און מעהר כבוד און מעהר מצוה — קומט דאָך דאָס דעם נגיד... העניך אַליין, דער פּאָדראַדטשיק הייסט דאָס, איז גאָר ניט דער העניך, וואָס תמיד. אויף זיין געל פּנים האָט זיך צעגאָסען אַ מין חן, די בעקלעך פלאַמען איהם, און פון דער ניט־צעקעמטער באָרד איז געוואָרען נאָך מעהר זשמוט — אַ גאַנצער קאָלטון.

— קינדער, לעבעדיג! לעבעדיג! — טרייבט אונטער העניך די העלפּערס. — קאַטשעט, רעדעלט, זעצט די מצות, ס׳איז דעם נגיד׳ס מצות!...

דעם נגיד׳ס ווייב, שרה־זיסעל די נגידית, אַ אידינע מיט אַ גוידער און מיט פּערעלעך, ווערד גרעבער ווי לענגער. זי שטעהט און קלערט, וויפיעל זאָל זי איבערלאָזען די העלפּערס: צוויי קערב־

לעך איז צו פיעל, אַ קערבעל איז צו ווינציג; אכצעהן פּאַרשוין, אַ רובעל מיט אַכציג — וועט זיין אַקוראַט צו גריוונעס אויף אַ מענ־שען...

— וויפיעל, מיינסט דו, וועלען מיר דאָ האַפּען? — פרעגט איין ווייבעל אַ ראַבעטיני ביי אַ אַנדערען ווייבעל מיט אַ פויגעלש פּנים, און ביידע קאַטשען געשמאַק.

— איך רעכען צו פערטעלעך, — ענטפערט איהר דאָס אַנדע־רע ווייבעל וואָס מיט'ן פויגעלש פּנים.

— פאַר וואָס ניט צו האַלבע קערבלעך? — זאָגט דאָס ערשטע ווייבעל, די ראַבעטיני.

— משוגע וועט זי ווערען? צעטיילען נייען קערבלעך? — זאָגט יענע וואָס מיט'ן פויגעלש פּנים.

— פאַר וואָס ניט? קראַנק איז זי? — זאָגט די ראַבעטיני.

— לאָז זי זיין קראַנק פאַר מיר און פאַר אַלע אידען! — זאָגט די וואָס מיט'ן פויגעלש פּנים און צעלאַכט זיך.

אויף זיי קוקענדיג צעלאַכען זיך נאָך עטליכע ווייבלעך.

— און פאַר מיר אויך!

— און פאַר מיר אויך!

— און פאַר מיר אויך!

— לאָז זיין שטילער, נשים! — שרייט אָן אויף זיי מלך דער רעדלער, אַ שוסטער־יונג מיט אַ שוואַרצער גלאַנצענדיגער, געגריי־זעלטער פּאַטלע, מיט אַ געשטופּעלט פּנים פון פּאָקען און מיט אַ צענויפגעוואַכסענער נאָז, כמעט אָהן נאָזלעכער, אַזוי, אַז ער רעדט, סווישטשעט ער מיט די צייהן: סססס!... אַ חוץ די דריי חסרונות: 1) וואָס ער איז געשטופּעלט, 2) וואָס ער איז אָהן נאָז־לעכער און 3) וואָס ער סווישטשעט, איז ער דוקא אַ פיינער יונג „מיט שפּאָרען"; די שוואַרצע גלאַנצענדיגע, געקרייזעלטע פּאַטלע איז ביי איהם תמיד אונטערגעשערען אַזוי קיילעכיג און איז תמיד אַזוי אָנגעשמירט מיט פעטען, אַז ס'איז אַ מחיה צו קוקען. היינט

טראָגט ער ס׳ קאַשקעט פון „קאַשקעטען־לאַנד“ — קיילעכיג, פון אויבען מיט אַ קנאָפּ, פון פאָרענט מיט אַ דאַשעק און מיט אַ שוואַרץ גלאַנצענדיג רימענדעל און מיט צוויי שוואַרצע גרויסע ספּראָנטשעקעס. דער „גאַרניטור“, וואָס מלך פערגינט זיך טראָגען אין דער וואָכען, וואָלט זיך עס איין אַנדערער געוואונשען טראָגען אום יום־טוב. און פון שטיוועל שמועסט מען ניט. די שטיוועל זענען אויף אַזעלכע הויכע אָבצאַסען, אַז ס׳איז נור אַ וואונדער, ווי אַזוי ער האַלט זיך אויף די פיס. און אַז איך וועל אייך שוין אויסמאָהלען ביז׳ן סוף, אַז ער טראָגט אויפ׳ן האַלז אַ מין שאַרף פון רויטע מיט גרינע פּאַסען, איין עק פערוואָרפען אַרונ־טער, און אַ גרויסען זילבערנעם זייגער מיט אַ לאַנגער זילבערנער קייט מיט אַ „רוקער“, און אויפ׳ן פינגער אַ גרויסען זילבערנעם „סיגנעט“, וועט אייך שוין קיין קשיא ניט זיין, פאַר וואָס אַלע מיידלעך מיט אַלע ווייבלעך (די אלמנות מיט די גרושות) זענען נאָך איהם די כפּרה.

— זאָג נור, מלך, — רופט זיך אָן צו איהם די ראַבעטיני אויף קאַטאָוועס — אפשר וואָלסט דו זיך אויסגעקלויבען דאָ אַ מלכה אויף פּסח?

— ער האָט שוין! — ענטפערט איהר יענע וואָס מיט׳ן פוי־געלש פּנים.

— ווי אַזוי רופט מען זי?

— מלכה.

— וואָסער מלכה?

— די וואָס האָט זיך גע׳גט מיט מאָטעל דעם שניידער.

— פון וואַנען ווייסט דו דאָס?

— איך קוק אויף זיי די גאַנצע צייט, זעה איך, אַז ס׳איז אַ שדוך...

— אזא שטילע, דאכט זיך?

— שטילע וואסער גראָבט טיעף...

אוןביידע ווייבלעך לאָזען אַרוים אַ טיעפען־טיעפען זיפץ.
זיי וואָלטען ביידע זיך ניט אָפּגעזאָגט פון אזא שדוך. זיי זענען ביידע אַלמנות, קיין קינדער האָבען זיי ניט. דער רוח וואָלט איהם ניט אָוועקגעהאַפּט, ער זאָל בעסער נעמען איינע פון זיי. וואָס האָט ער אַזעלכם דערזעהען אויף מלכה'ן? שווארץ ווי אַ שווארצע קאַץ אין אַ פינסטערע נאַכט. סיידען דאָס, וואָס זי האָט גראָבע הענד?

— האָב קיין מורא ניט, ער וועט ביי איהר ליגען אין דער ערד! — רעדט אוים איינע דאָס אַנדערע דאָס האַרץ.

— ווי אַ באַרג! — ענטפערט איהר יענע. — לאָז ער פּרובען זיין אַ טאָג מיט איהר מאַמע, מיט דער בלינדער מכשפה'טע! — און ביידע ווייבלעך טרייסטען זיך האַטש דערמיט, וואָס מלך וועט ליגען אין דער ערד.

— אָדער פאַרקעהרט, איך האָב מורא, אַז זי זאָל ביי איהם ניט ליגען אין דער ערד. ער איז אויך אַ רעכטער פויגעל!

— אַט צעקראַץ איך מיך! האַפּט זי דער רוח מיט איהם אינ־איינעם לכבוד דעם הייליגען יום־טוב!

— אָמן הל״אי!...

און מלכה, אַ נידעריג ווייבעל, אַ שווארצע נאַר אַ פּוכקע, מיט אַ פּעררייסען נעזעל, מיט קליינע שווארצע, תמיד לאַכענדיגע אויג־לעך, פּערקאַטשעט די אַרבעל ביז די עלענבויגען, ווארפט מיט אויגען אויף מלך דעם רעדלער. און מלך דער רעדלער דרעהט זיך צו שטאַרק אַרום איהר, צו אָפּט רעדעלט ער איהרע מצות, צו פיעל רעדט ער מיט איהר, — יאָ, דאָס ווייבעל וואָס מיט'ן פויגעלש פּנים איז גערעכט: ס'איז אַ שדוך...

## צווייטער טייל.

# ביי דער מלכה אין דער היים.

... אז ער איז געקומען צו איהר צו געהן, האט מען איהם ניט בעגעגענט מיט כלי־זמר, פון קיין פושקעס האט מען ניט געשאָסען, קיין פאזשען זענען איהם נישט געקומען אקעגען, קיין פאלאצען האט מען פון זיינעטוועגען ניט צוגעגרייט, קיין באל נישט געמאכט. אויף די קניהעס איז ער פאר איהר נישט געפאלען, די האנד נישט געקושט, — ס'איז צוגעגאנגען גאר פראסט, אהן צערעמאָניעס. מלכה איז ניט געזעסען אליין, זי האט געהאלטען נעבען זיך איין אלטע מאמע — א שלאק־פורעניות, זאל גאט שומר ומציל זיין! א שטיקעל גליק, וואס זי איז א בלינדע, ווייטער וואלט זי דורס געווען מענשען. אז מלך האט נור אריבערגעטראָטען די שוועל, האט די בלינדע מאמע אויסגעשריען אויף א קול:

— מלכה, ווער איז דאס געקומען?

— ס'איז מלך. — ענטפערט איהר מלכה.

— וואסער מלך?

— מלך דער שוסטער.

— וואס טהוט ער דא?

— ער איז א רעדלער אין פאדראד.

— טרייב איהם ארויס, דעם שארלאטאן.

נאך אזא ברוך־הבא האט זיך מלך ניט געקאנט פיהלען שטארק פויגעלדיג, ווען מלכה זאל ניט געווען ווייזען איהם מיט די חיטרע שווארצע אויגלעך, ער זאל בלייבען דא. מלך פיהלט זיך א ביסעל שטארקער און וויל אויפמונטערען די בלינדע, זי זאל ווערען מיט איהם שלום.

— מוהמעניו, וואס זענט איהר אזוי אנגעדראדעלט אויף מיר? איהר קענט מיך דען? איהר האט מיך דען אמאל געזעהען?

— געזעהען האָב איך דיך נים, נאָר הערען הער איך, אז דו פייפסט. איך וואָלט געמעגט שווערען, אז דו האָסט ניט קיין נאָז.

— אזא מכּה מיינע שונאים אויפ׳ן שטערן, וואָס פאר א נאָז איך האָב.

— וואָס זשע פייפסט דו אזוי?

— ס׳איז ביי מיר אזא לשון.

— אזא יאָהר אויף דיר. וואָס ווערסט דו זאָגען גוטס? ביזט דאָך נישט געקומען אומזיסט. זאָג, וואָס דאַרפסט דו מיך?

— איך בין ניט געקומען צו אייך, מוהמעניו, איך בין געקומען צו אייער מלכּה׳ן.

— צו מיין מלכּה׳ן? וואָס פאר א מחותן ביזט דו מיט מיין מלכּה׳ן?

מלך איז געבליבען אָהן לשון. ער האָט ניט געוואוסט, וואָס ער זאָל זאָגען. מלכּה איז געשטאַנען און האָט איהם געוואונקען, ער זאָל זאָגען גלייך, ער זאָל ניט אָפּלעגען אויף שפּעטער.

— איך וויל... איך האָב, פארשטעהט איהר מיך, געוואָלט, אז איך, אז מלכּה...

— זעה נור, ווי ער פּלאָנטעט מיט דער צונג! מירקע, געב לשון!

— דאָס הייסט, אז מיר ביידע, איך און אייער מלכּה, זאָלען חתונה האָבען ביידע...

— אָט אזוי זשע רעד! האָסט דו זיך באַדאַרפט אזוי לאַנג קוועטשען? וויפיעל פאַרדיענסט דו א וואָך? נאָר דעם ריינעם אמת זאָלסט דו זאָגען! איך האָב פיינט א באַריהמער!

— א מאָל פיער און א מאָל פופטהאַלבען קאַרבען.

— דו אַרבייטסט אַליין, צי ביי יענעם?

— איצט אַרבייט איך נאָך ביי יענעם.

— ביי וועמען?

— ביי חנא דעם שוסטער.
— ביזט נאָך אַ בחור ?
— אַ בחור.
— וועמען האָסט דו — אַ טאַטען, אַ מאַמען, אַ שוועסטער, אַ ברודער ?
— קיינעם ניט, קיינעם ניט.
— אַ שטעקען הייסט דאָס ? דו ווייסט, אַז מלכּה איז אַ גרושה ?
— וואָס דען, איך וויים ניט ?
— און דאָס ווייסט דו, אַז זי איז אַ שלאַק, אַ צרה שלא תבוא ?
— דערפאַר האָב איך קיין מורא ניט.
— אַזאַ בריה ביזט דו ? ווען קאָנסט דו שטעלען הופּה ?
— אפילו באַלד.
— מלכּה, ער געפעלט דיר ? — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — —

---

דריטער טייל.

## דער מלך אויפ'ן טראָן.

וואו נעמט מען אַ מאָהלער אַ קינסטלער, ער זאָל זיך אַראָפּלאָזען אין דער פינסטער אויף נאַסע־גליטשיגע טרעפּ אין אַ גרוב אַריין און בעטראַכטען דאָס גליקליכע געזינדעל פּסח ביי'ם ערשטען סדר ! אויבען־אָן, אויף צוויי פּעסלעך, איבערגעלעגט מיט אַ לאָקשען־ברעט, מיט אַ קישען אויסגעבעט, זיצט דער מלך און „פּראַוועט“ דעם סדר. אויף אַ גרויסען טעלער ליגען דריי מצות, איבערגעדעקט מיט אַ ווייסען האַנטוך, און אויבען, אויפ'ן האַנטוך, ליגען אויסגעלעגט עטליכע קאַרטאָפּליס, אָפּגעשיילטע אייער, אַביסעל גרינס, דריי ווערצלעך חריין און חרוסת. נעבען דעם מלך, ביי דער רעכ־

טער האנד, זיצט די מלכה אין א נייער רויטער פלאטיע און מיט א ווייסען פארטוך, וואס קליידען איהר זעהר צום שווארץ־חנ׳עווי־דיגען פנים, און אקעגען זיי זיצט א שווארצער שטן, אנגעטהאן אין גאלע שווארצע, מיט א געל פארמעט־פנים מיט א סך קנייטשען, און אויף דעם ארט, וואו עס זענען געווען אמאל אויגען, — צוויי פינסטערע לעבער מיט גרויסע ווייסע בעלמעס. א שווארצע פעטשיילע מיט געלע פליאמעס, אונטערגעבונדען אונטער דער שפיצעכיגער מארדע מיט צוויי שפיצען, געבען־צו דעם דאזיגען שרעקליכען פנים נאך מעהר פינסטערניש — ס׳איז א מורא צו קוקען! דער מלך זאגט די הגדה הויך אויף א קול, מישט איין בלעטעל נאכ׳ן אנדערען, געהט גלייך, ווי א פאטשטאווע פערד, און זעצט עברי, ווי א באנדער, אבי מיט א ניגון, פייפט צו מיט דער נאז און שאקעלט זיך גאנץ געשמאק. די מלכה זיצט מיט גרוים דרך־ארץ, צענויפגעלעגט די הענד אויפ׳ן הארצען, און שווייגט. און דער שווארצער שטן מיט די אייסע בעלמעס שאקעלט מיט׳ן קאפ הין און צוריק, עפענט אויף אלע מאל דאס מויל, וואס זעהט אוים ווי א קבר, און געהניצט.

— אילו עשה — זינגט דער מלך און נעמט א קארטאפלי און טונקט זי איין אין זאלצוואסער — באלהיהם ולא הרג, מלכה, נעם א קארטאפלי, את בכוריהם, מיט זאלצוואסער, — דיינו! — ביי איטליבען „דיינו“ טהוט ער זיך א זעץ מיט׳ן קולאק אין הארצען אריין, ווי צו „על־חטא“. — אילו הרג, טונק איין די קארטאפלי, את בכוריהם, אין זאלצוואסער, ולא נתן, געב נאר, מלכה, לנו את ממונם, א קארטאפלי דער מאמען, — דיינו!... (א זעץ אין הארצען אריין).

די מלכה טהוט אלסדינג, וואס דער מלך הייסט איהר, פערפעהלט ניט קיין האר, און אז עס קומט צו „זכר למקדש כהלל“, קלאפט ער דאס אפ אויף דער גיך, שוין אין איין גאנג מיט דער ברכה פונ׳ם אפיקומן, און שאפט, די מלכה זאל דערלאנגען די פווארט מיט דער פאמעניצע, וועט ער זיך וואשען. געוואשען זיך,

טהוט ער א זעץ מיט דער האנד איבער אלע דריי מצות, צעטריש־טשעט זיי אויף שטיקלעך, מאכט א מוציא און גיט דער מלכה א שטיקעל מצה אויף א מוציא און אויך דער בלינדער א מוציא. די בלינדע, וואס האלט די גאנצע צייט א פרום פנים, נעמט דאס שטיקעל מצה מיט צוויי פינגער, ווי איין אבן טוב, טראגט דאס צו פריהער צו די ווייסע בעלמעס, גלייך ווי זי זעהט עפּים, שעפּ־טשעט בשעת מעשה מיט די ליפּען „גאט ברוך הוא וברוך שמו" לאנג־לאנג, איידער זי עקספּעדירט דאס אין מויל אריין.

— מלכה, די פיש! — לאזט ארויס דער מלך א בעפויל, און עס ווערד אין איין כהרף־עין בעשאפען פיש אויפ'ן טיש.

— מלכה, חריין! — הערט זיך א נייער בעפויל פונ'ם מלך, און ביידע ווייבער זיצען מיט גרויס רעשפּעקט און ווארטען, וואס נאך פאר א בעפויל וועט ארויסגעהן פונ'ם מלך.

אז וואהל איז דעם מענשען, וואס קאן זיך שאפען, וואס זיינע ווערטער האבען א ממשות, וואס זיין בעפויל ווערד אנגענומען און וואס אלע זיינע קאפּריזען ווערען אין דער מינוט אויסגע־פיהרט.

ס'איז גוט צו זיין א מלך, ווי איך בין א איד!

---

פיערטער טייל.

## דער מלך אין גלות.

מיר בעטען דעם לעזער, ער זאל זיך מטריח זיין מיט אונז נאך א מאל אינ'ם אייגענעם קעלער שוין נאך פּסח. אוים טראן, אוים מלוכה, אוים מלך! מלך דער שוסטער זיצט ביים „ווארסטעק" אויף א רימען בענקעלע מיט א רימענעם פארטוך, מיט א רימענ־דעל ארומגענומען די געגרייזעלטע פאטלע, דער קאשקעט איז צע־קנייטשט, דער שארף איז צעטריפעט, נישטא קיין זילבערנע קייט, מע זעהט ניט קיין סיגנעט. ער האלט א שטיוועל איבערגעקעהרט

מיט דער פאַדעשווע אַרויף און שלאָגט פּלעקלעך. מלכה, אָפּגע־ריסען, אויסגעשמירט און פערשלומפּערט, פּאָרעט זיך בײ'ם אויוועז, בויגט זיך אַן אַלע מינוט, בלאָזט און בלאָזט מיט אַלע כחות — אין אויוועז וויל ניט ברענען.

— אַ שענער ברויט-געבער! — זאָגט זי, גלײַך ווי זי רעדט צו זיך אַליין. — קיין שייטעל האָלץ נישטאָ אין שטוב! שוין באַלד אַ יאָהר נאָך דער חתונה, צעריסען אַלע קלײדלעך, דער בור־נוס צעפּאַלען אויף שטיקלעך, קיין פּאָר שיך אויף די פיס, אַלע שוסטערס געהען באָרוועס, — נישטאָ ווער ס'זאָל לאָכען.

— געהן וואָלט ער בײ מיר אויף אַלע פיער! — רופט זיך אָפּ אַ משונה מאָדנע זאַמדיג קול פון אַ נקבה, וואָס רעדט ווי אַ מאַנס־ביל. — ווי אַזוי דער מענטש נעמט זיך פיר, אַזוי העלפט איהם גאָט. וואָס הערסט דו איהם, דו נאַריש פּנים? הײם איהם, ער זאָל אָוועקלעגען די אַרבייט און זאָל דיר מאַכען אַ פּאָר באַטיקעס זאָל ער דיר מאַכען.

דאָס דאָזיגע קול געהט פון אַ פינסטער ווינקעל. דאָרט זיצט די בלינדע, אָנגעטהאָן אין שוואַרצען, אײַנגעבויגען אין דרייען, זעהט אויס פון דער ווייטען, ווי אַ שוואַרצער קנויל; בלינדערהייד אַרבייט זי אַ זאָק, און די דרעטלעך לויפען בײ איהר אונטער די פינגער מיט אַ שרעקליך מהירות.

— אַ רוח זיצט אין דער אידינע! — קלערט זיך מלך, ענטפ־פערט איהר ניט דאָס אַנדערע וואָרט און שלאָגט פּלעקלעך.

— גאָט ברוך הוא וברוך שמו האָט מיר געשיקט אַ מתנה אויף דער עלטער, אַ געניידעם אַ דערקוויקעניש. — רעדט ווייטער די בלינדע אויף איהר זאַמדיגער שטימע, און די דרעטלעך פליהען בײ איהר אונטער די הענד. — געננוג, ער איז אַ שוסטער, איז ער נאָך אַ פוילער יונגאַטש און אַ שלים-מזל דערצו!

— אַ ניט-גוטער! — טראַכט זיך מלך, ענטפערט איהר ניט דאָס אַנדערע וואָרט און שלאָגט פּלעקלעך.

— ווי גייציג ער איז געווען בחור־ווייז! זיך געדרעהט אויפ'ן קארעק, צוגעזאגט גילדענע בערג, גענומען א ווייבעל, א יונגס, א שענס, בלוט און מילך, זי אלט געמאכט, פארוויסט, פארפינסטערט, אויסגענארט דעם אנבייסען...

— א קליפה! — טראכט זיך מלך, ענטפערט איהר ניט דאס אנדערע ווארט און שלאגט פלעקלעך.

— שען אויסגעשפיעלט די טאכטער מיינע! פוילער הערינג, פארשטונקענע פיש! א מאן א שוסטער, א קבצן א וויסטער, א פוילער יונג, א שטומע צונג, א צענויפגעוואכסענע נאז און סע פייפט...

— מכשפה'טע!!! — האט זיך ארויסגעריסען ביי מלך'ן פונ'ם מויל. ער האט זיך אויפגעהאפט פונ'ם בענקעל, ווי איין אפגעבריהטער, אין איין האנד האט ער געהאלטען דעם שטיוועל, אין דער אנדערער — דעם האמער, וואס ער האט געשלאגען מיט איהם פלעקלעך, און האט ניט געוואוסט, וואס זאל ער איהר ווארפען אין קאפ אריין: דעם שטיוועל, צי דעם האמער?

די בלינדע האט דערפיהלט, אז דער שונא שטעהט איהר אקעגען און וויל זי דורס זיין, האט זי זיך אין איין אויגענבליק אויפגעהאפט פונ'ם ארט, און פונ'ם שווארצען קנויל איז מיט א מאל אויסגעוואכסען א הויכער שווארצער שטן. זי האט אויסגעצויגען צוויי שווארצע דארע הענד, ווי שטעקלעך, מיט אויסגעבויגענע פינגער, ווי ביי א צעבייזערטען האהן, דעם קאפ האט זי פערווארפען ארונטער און די צוויי ווייסע בעלמעס זענען מיט א מאל עפיס ווי גרעסער געווארען און האבען, דאכט זיך, אנגעהויבען קוקען און זעהען. די נאז האט זיך אויסגעצויגען, די ביינער פון די נעקנייטשטע באקען ארויסגעסטירטשעט, דאס מויל האט זיך אויפגעעפענט, ווי א קבר.

אויב ס'איז פאַרהאַן ערגיץ אויף דער וועלט אַ מכשפה, קאָן זי, דאַכט מיר, שרעקליכער ניט זיין, ווי די בלינדע איז געווען אין דער מינוט.

מלך איז געווען אַפּהענדיג. ער האָט נור אויסגעשפּיגען און האָט זיך געזעצט צוריק צום וואַרסטעק — שלאָגען פלעקלעך...

---

עפּילאָג.

ערב פּסח האָבען זיי ביידע זיך ווידער געשטעלט אין פּאַדראַד ביי די מצות. מלכה האָט געקאַטשעט און מלך האָט גערעדלט. פערדיענט עטליכע קערבלעך, האָבען זיי אויסגעקליידט זיך לכבוד יום־טוב און אויך דער בלינדער מאַמען געמאַכט אַ נייע פּלאַטיע, אַ שוואַרצע, מיט געלע פלעקען. און אַ פעטשיילע אַ געלע מיט שוואַרצע פלעקען. אַז ס'איז געקומען צום סדר, איז דער מלך ווידער געזעסען אויבען־אָן אויפ'ן טראָן און „געפּראַוועט". נעבען איהם איז געזעסען די מלכה, אָנגעטהאָן יום־טוב'דיג, און אַקעגען זיי — די בלינדע, ווי אַ שוואַרצער שטן, מיט אַ פרום פּנים — „גאָט ברוך הוא וברוך שמו"... דער מלך רייבט די הגדה גאַנץ געשמאַק הויך אויף אַ קול, מישט איין בלעטעל נאָכ'ן אַנדערען, געהט גלייך, ווי אַ פּאָטשטאָווע פערד, זעצט עברי, ווי אַ באַנדער, אַבי מיט אַ ניגון, שלאָגט זיך ביי די „דיינו'ס" אין הארצען אריין, ווי צו „על־חטא" — פּונקט דאָס אייגענע, וואָס פּאַראַיאָהרען.

— מלכה, די פיש! — לאָזט אַרויס דער מלך אַ בעפויל.

— מלכה, חריין! — הערט זיך אַ נייער בעפויל פונ'ם מלך.

און ביידע ווייבער זיצען מיט גרויס רעשפּעקט און וואַרטען, וואָס נאָך פאַר אַ בעפויל וועט אַרויסגעהן פונ'ם מלך.

יאָ, ס'איז גוט צו זיין אַ מלך, ווי איך בין אַ איד... חאָטש איין מאָל אין יאָהר, חאָטש אויף אַ האַלבע שעה!

# בערעלע

אַ מעשה, ווי אַזוי אַ פּאָר־פאָלק אָהן קינדער
האָבען אויסגעהאָדעוועט אַיין אומגליק אויף
זייער קאָפּ. דערצעהלט לכבוד שבועות.

געשריבען אין יאָהר 1908

# בערעלע

## א הקדמה פונ'ם ערצעהלער.

די מעשה, וואָס איך גיב אייך דערצעהלען, קעהר זיך, אייגענט־ליך, מיט שבועות ווינציג־וואָס אָן. אין איהר הערט מען ניט דעם ניגון פון „אקדמות" און מע פיהלט ניט דעם טעם פון בלינצעס. אזוי ווי זי האָט זיך געטראָפען ערב שבועות, אזוי האָט זי זיך געקאָנט טרעפען ערב פסח, און אפילו ערב תשעה־באָב. נישט מעהר, אזוי ווי ס'איז איצט ערב שבועות, און אַ מעשה דערצעהלען לכבוד יום־טוב ווילט זיך (אוי ווילט זיך! הלואי וואָלט איהר אזוי וועלען לייענען...), דערצעהל איך אייך, וואָס איך האָב אַליין געהערט פון מיין עלטערען ברודער, אז ער האָט זי געהערט פון זיין רבי'ן — עליהם השלום, זיי זענען שוין אַלע טוידט: מיין עלטערער ברודער, זיין רבי און בערעלע און אַלע פערזאָנען פון דער דאָזיגער אמת'ער געשיכטע, אונז צו לאַנגע יאָהר — און לאָז דאָס זיין אַ מעשה לכבוד שבועות.

שלום־עליכם.

---

א.

ער האָט געהייסען משה־יענקיל, זי האָט געהייסען שרה־זיסעל. געזעסען זענען זיי אין אַ דאָרף, געהאַלטען אַ מיהל, געהאַט גאַנץ שען פרנסה, געלעבט זעהר צופריעדען, נאָר איין זאַך — קיין קינ־דער האָט זיי גאָט ניט געגעבען.

— ס'זאָל איהם אָנהויבען צו ריהרען, וואָס מיר זיצען אַט־אַזוי־אָ, מע ווערד אַקערשט ניט משוגע, שונאי ציון! זאָלסט כאָטש קריגען ערגיץ אַ „האָדאָוואניק", אַ יתומ'על איין אָרעמס, אָדער אַ יתומה'לע. בעסער וואָלט געווען אַ יתום איידער אַ יתומה: אַ יתום וואָלט זיין אַ קדיש. און פאַר נויטה לאָז זיין אַ יתומה, אַבי אַ לעבעדיגער נפש אין שטוב, ניט זיצען מיט די פיער ווענט, משטיינס געזאָגט!...

אַזוי האָט גע'טענה'ט שרה־זיסעל נעבאך צו איהר מאַן משה־יענקיל און האָט איהם גענעסען, געטאַטשעט, ווי געוויינטליך אַ ווייב, וואָס הייסט שרה־זיסעל, זיצט אין אַ דאָרף און האָט קיין קינדער ניט.

און משה־יענקיל האָט דאָס אויסגעהערט ניט איין מאָל און ניט צוויי מאָל, נאָר צעהן מאָל, הונדערט מאָל, טויזענד מאָל — און געשוויגען, ווי געוויינטליך אַ מאַן, וואָס הייסט משה־יענקיל און זיצט אין אַ דאָרף און האָט קיין קינדער ניט און דאָס ווייב עסט איהם און טאַטשעט איהם טאָג־טעגליך, יאָהרען־לאַנג.

ויהי היום — קומט משה־יענקיל איינמאָל צו פאָהרען אַהיים און געהט אריין אין שטוב אריין מיט אַ שיינענדיג פנים און אין בוזעם האַלט ער פערשטעלט עפּיס אַ בעשעפעניש, וואָס ריהרט זיך און וואָרטשעט, און ער רופט זיך אָן צו זיין ווייב:

— שרה־זיסעל, נאַ, איך האָב דיר געבראַכט אַ האָדאָוואניק, געפונען פאָהרענדיג אין וואַלד פאַרבלאָנזעט... ער הייסט בערעלע.

און משה־יענקיל האָט אַרויסגעוויקעלט פונ'ם בוזעם דעם געפונענעם פערבלאָנזעטען נפש, וואָס הייסט בערעלע, און האָט איהם געגעבען אַ שטעל־אַוועק אויף דער ערד פאַר זיין ווייב שרה־זיסעל. און זיין ווייב שרה־זיסעל, אַז זי האָט געגעבען אַ קוק אויף דעם האָריגען בעוואַכסענעם נפש בערעלע, האָט זי געגעבען אַ שפּרונג־אָפּ צוריק און איז שיער ניט געפאַלען חלשות. נאָכדעם האָט זיך אויפגעעפענט אַ קוואַל פון קללות, און די גאַנצע תוכחה האָט זי

אויסגעגאָסען אויף איהר מאַן'ס קאָפּ און איהר גאַנץ ביטער האַרץ האָט זי אויסגעלאָזט צו זיינע הענד און פיס, ווי געוויינטליך אַ ווייב, וואָס הייסט שרה־זיסעל, זיצט אין אַ דאָרף און האָט קיין קינדער ניט.

און איהר מאַן משה־יענקיל האָט אויסגעהערט די תוכחה פון זיין ווייב מיט אַ שמייכעלע, ווי געוויינטליך אַ מאַן, וואָס הייסט משה־יענקיל, זיצט אין אַ דאָרף און האָט קיין קינדער ניט, און האָט זיך אָנגערופען צו איהר:

— הכלל, שרה־זיסעל, ביזט דו שוין פאַרטיג מיט אַלע קללות? אַצינד נעם געב אונזער בערעלען עפּיס עסען. זעהסט דאָך, אַז ער איז הונגעריג, זוכט און וויינט — אַ צער־בעלי־חיים...

— אַ פינסטערער שלים־מזל אויף דיין קאָפּ מיט איהם אינ־איינעם! — אזוי האָט איהם געענטפערט שרה־זיסעל און איז גע־גאַנגען פונדעסטוועגען צו דער שאַפע און האָט צענויפגענומען וואָס ס'איז געווען, און ביידע האָבען זיך אַוועקגעזעצט אָנהאָדעווען דעם הונגעריגען בערעלע, וועלכער איז פערבליבען ביי זיי אין שטוב אַ האָדאָווניק אויף שטענדיג און איז געוואַכסען און איז אויסגע־וואַכסען און איז געוואָרען אַ גרויסער.

ב.

אַ נפש איז בערעלע געווען אַ פּראָסטער, אַ ווילדער, אַ ברייט־ביינינגער, אַ געפּאַקטער, אַ בעוואַכסענער פון קאָפּ ביז פיס, און איז געווען במחילת כבודו אַ גרויסער זולל־וסובא'ניק, און ניט אזוי אַ זולל־וסובא'ניק, ווי אַ נאַשער, און ניט אַזוי אַ נאַשער, ווי, ניט אויסגערעדט זאָל זיין, אַ שכור. בטבע איז ער געווען נישט קיין מפונק, נישט קיין איבערקלויבער; וואָס עס האָט זיך געמאַכט איז געווען גוט: בראָנפען איז בראָנפען, מעד איז מעד, ביער איז ביער; זיך ניט אָפּגעזאָגט אויך פון קוואַס; שטאַרק ליעב געהאַט האָניג, נישט פיינט געהאַט קיין פלייש, און אויף היהנער

איז ער געווען גאָר אַ גרויסער בעלן, און דוקא פון דער שטייג, אַזוי אַז קיינער זאָל ניט זעהען... מע מוז זיך מודה זיין, אַז בערעלע איז געווען געחאַפּט, האָט געהאַט לעפּקע פינגער... האָט ליעב געהאַט אַוועק'לקח'ענען אַלסדינג, וואָס ליגט נישט גוט.

אַז מע רעדט פון חסרונות, דאַרף מען רעכענען אויך די מעלות. בערעלע איז געווען אַ פאַרשוין אַ פריילינקער, אַ פערשייטער, אַ שפּרינגער, געקראָכען און געקלעטערט אויף די גלייכע ווענט, געקוליעט זיך און געבראָכען זיך, געמאַכט משוגע'נע העויות, אָנשטעלען, תנועות אַזעלכע, אַז מע האָט בעדאַרפט צעגעהן פאַר געלעכטער. משה־יענקיל האָט באמת הנאה געהאַט, געקלויבען נחת פון בערעלען, ווי ער וואַכסט, ווי ער מאַכט אָנשטעלען, ווי ער פערשטעהט אַלסדינג, להבדיל ווי אַ מענש. אַז מע זאָגט איהם: בערעלע, קום אַהער! — געהט ער צו. אַז מע זאָגט איהם: בערעלע, נאַ דיר! — שטעלט ער אויס די לאַפּע, אָדער ער עפענט אויף דאָס מויל. אמת, אַ קאָפּ איז אויף איהם אַ גראָבליכער, אַ מח אַ פּלאַטשיגער; איידער מע קלאַפּט איהם אריין עפּיס אין קאָפּ אריין, דאַרף מען גוט צוהאָרעווען, האַקען האָלץ, טעסען פלעקער; נאָר האָט ער שוין איבערגענומען עפּיס אַ זאַך, וועט ער עס שוין געדענקען. אונזער משה־יענקלען איז אָנגעקומען מיט גרינע ווערעם, איידער ער האָט איהם אויסגעלערענט, אַז דאָס, וואָס מע גיט איהם ניט אין דער לאַפּע אריין, זאָל ער אַליין זיך ניט דערוועגען נעמען. בערעלע, וואָס איז כמעט געווען, ווי מיר האָבען שוין אויבען בעמערקט, אַביסעל געחאַפּט אין דער מעשה, האָט דוקא געהאַט גרויס חשק צו אַלסדינג צוגעהן, געבען אַ שמעק מיט דער נאָז און טאַקי באַלד אריינחאַפּען אין מויל אריין — און געהט לאָדט איהם צום ונתנה־תוקף! בשום אופן האָט בערעלע ניט געקאָנט פערשטעהן מיט זיין גראָבען בערישען שכל, למשל, אַזאַ פּשוט'ע זאַך: פלייש ליגט, שמעקען שמעקט דאָס, עסען וויל ער, — היינט פאַר וואָס זאָל ער דאָס ניט נעמען אין מויל אריין? אודאי האָט איהם משה־יענקיל

געגעבען אַ רעכטען פּסק, גוט אָנגעדרעהט ביי די קורצע אויהערען, דורכגעפּאַטשט און מכבד געווען מיט אַ פּאָר גוטע שטעקענס אי־בער די פּאָדערשטע לאַפּעס און אָנגעזאָגט איהם אַ מאָל צעהן מיט'ן הארבען וואָרט, אַז ער זאָל געהן די רגע הינטער'ן אויווען, זיך אַנידערהאָליען פּאָפּען...

פּאָפּען (שלאָפען), פּרעסען (עסען), זשליאָקען (טרינקען), חאָליען (ליגען), זאָכען (רוהען), קרענקען (זיצען) — דאָס איז געווען די שפּראַך, וואָס מע האָט גערעדט מיט בערעלען, און בערעלע האָט דאָס פּערשטאַנען. אַ סימן — ער האָט געפאָלגט.

## ג.

מע קאָן נישט וויסען אַקוראַט: צי ווייל אונזער פּאָר־פּאָלק זענען אַזוי זשערנע געווען קינדער, צי דערפאַר, וואָס דער דאָזיגער נפש איז אויפגעוואַכסען און האָט זיך ערצויגען, מע קאָן זאָגען, אויף זייערע הענד — זיי האָבען זיך צוגעבונדען צו בערעלען אַזוי שטאַרק, אַז זיי האָבען איהם פּשוט ליעב געקריגען, איהם נאָכ־געגעבען, ווי מע גיט נאָך אַ ליעב קינד, געבאַלעוועט, ווי מע באַ־לעוועט אַ בן־יחיד, זיך אויסגעבראַכט אויף זיסע זאַכען, נאַשערייען, און משה־יענקיל האָט איהם אויסער דעם אונטערגעטראָגען אָפּט־מאָל אַביסעל בראָנפען בשתיקה, עס זאָל נישט דערזעהן חלילה שרה־זיסעל זיין ווייב, וואָרום אַז עס וועט געוואָהר ווערען דערפון שרה־זיסעל, וועט זיך טהון חושך! שרה־זיסעל, ווי זי איז נים געווען צוגעבונדען צו בערעלען, פלעגט זי דאָך טענה'ן מיט איהר מאַן, אַז מע באַלעוועט איהם צו שטאַרק, אַז מע גיט איהם צופיעל נאָך די שמד.

— פאָרט אַ חיה רעה, — פלעגט זי זאָגען — אַ בער בלייבט אַ בער. זעה נאָר, ער זאָל אונז אַמאָל נים אָפּדראַנקען...

שרה־זיסעל פלעגט אָפּטמאָ צוקלאָגען בערעלען פאַר איהר מאַן, ווי מע זאָגט, צושטעלען אַ בענקעלע, דערצעהלען אויף איהם,

אז ער טהוט איהר צום טוידט, כאכט אַן שאַדענס אין שטוב, זאָל גאָט שומר ומציל זיין. למשל, בערעלע האָט געהאט אַ טבע ברע־כען טעלער, טעפּלעך, גלעזער, שיסלען, סקאָווערדעס, פּאַקרישקעס — אַלסדינג, וואָס מע קאָן נאָר מיט איין קלאַפּ צעברעכען, פלעגט ער דאָס צעברעכען. און נישט חלילה פאַר כעס, מיט רציחה — ניין, דוקא אין גוטען מוטה: דערזעהען, עס שטעהט אַ טעלער, אונ־טערגע׳גנב׳עט זיך אויף צוויי פיס, אויפגעהויבען די לאַפּע, באַץ — אוים טעלער! מע האָט אַרויסגעזעהען, אַז בערעלע האָט דערפון חיות, פּשוט, עס קומט איהם צו דערפון אַ שטיק געזונד. משה־יענקלען איז דאָס ערשטע מאָל אַפילו זעהר שטאַרק געפעלען גע־ווען די מעשה; ער האָט געלאַכט מיט׳ן פולען מויל, זיך געהאַל־טען ביי די זייטען פאַר געלעכטער. נאָר שרה־זיסלען איז די מעשה דוקא ניט געפעלען, האָט זי דעם מאַן בעגראַבען, געלעגט אין דער ערד אַריין אינאיינעם מיט׳ן „תכשיט“. און משה־יענקיל האָט גענומען מיט בערעלען לערנען בלק, אַזוי לאַנג, ביז ער האָט איהם אָפּגעוואָהנט פון ברעכען טעלער.

איינמאָל האָט משה־יענקיל דערהערט אַ געשריי, גלייך ווי מע קוילעט אַ מענשען. דאָס האָט געשריען שרה־זיסעל זיין ווייב.

— געה נאָר זעה, וואָס דער קדיש דיינער האָט געטהאָן, ברע־נען זאָלסט דו מיט איהם אויף איין פייער, רבונו של עולם!

משה־יענקיל איז צוגעלאָפען און האָט דערזעהען אויף דער ערד ליגען צוויי געפּענטעטע עופות, אַ הוהן מיט אַ האָהן, וואָס מע האָט זיי געוואָלט אָוועקפיהרען צום שוחט, — ערב יום־כפור איז דאָס געווען — האָט זיך, אַפּנים, מיישב געווען בערעלע, עס איז דאָך מיט זיי אַלץ איינס קאַפּוט, למאי זאָלען זיי זיך מוטשען? האָט ער אַרויפגעלעגט אויף זיי די לאַפּע — און אַ סוף. די הוהן מיט׳ן האָהן זענען נאָך געלעגען מיט פערגלאַנצטע אויגלעך און מיט אַרויסגעשטעלטע צינגלעך, און בלוט האָט זיך זיי געלאָזט פונ׳ם האַלז, און בערעלע איז זיך געזעסען אין אַ ווינקעלע און געלעקט די

לאַפּע, גלייך ווי ניט איהם מיינט מען. פערשטעהט זיך, אַז משה־יענקיל האָט איהם מקיים פּסק געווען, ווי עס געהער צו זיין, און בערעלע האָט שוין פון דעמאָלט אָן גענומען אויף זיך: לאָז מען די אָרעמע עופות בינדען, לאָז מען מיט זיי שלאָגען כפּרות, לאָז מען זיך שלאָגען מיט זיי קאָפּ אָן וואַנד, — מיט איהם געהערט זיך עס נישט אָן...

האָט זיך אָבער געטראָפען איין אַנדער מעשה, — בערעלע איז שוין דעמאָלט געוואָרען אַ גרויסער, ס'איז איהם אַוועקגעגאַנגען דאָס דריטע יאָהר — ס'איז געווען ביי שרה־זיסלען אַ בהמה'לע, וואָס האָט זיך געמאָלקען פון קאַלב צו קאַלב. דאָס בהמה'לע, אַ קליינע מורע בהמה אָהן הערנער, האָט געגעבען מילך בשפע, געווען טהייער ביי שרה־זיסלען, ווי דאָס שוואַרצאַפּעל פון אויג. בעדאַרף זיך דאָס בהמה'לע אָפּקעלבען און געבוירען אַ קעלבעלע אַ חיות: אַ קליינטשיקס, אַ רויטינקס, אַ ווייכינקס מיט אַ ווייס מאָרדעטש־קעלע, האָטש אַרומנעמען קושען! און מחמת אין דרויסען איז געווען קאַלט, האָט מען דאָס קעלבעל גענומען אין שטוב אַריין, געלעגט דאָס אינאיינעם מיט בערעלען צווישען אויווען אויף שטרוי.

— זעה נאָר, דער תכשיט דיינער זאָל ניט צורעכט מאַכען דאָס קעלבעל! — מאַכט שרה־זיסעל צו איהר מאַן מיט אַ שענעם יברכך דערביי, ווי געוויינטליך אַ ווייב, וואָס הייסט שרה־זיסעל, זיצט אין אַ דאָרף און האָט קיין קינדער ניט.

— חס ושלום! — זאָגט משה־יענקיל און נעמט זיך קנעלען מיט בערעלען „הלכות קעלבעל", ווייזט איהם מיט'ן פינגער און זאָגט איהם אָן טויזענד מאָל: „נע ראוש!"... און בכדי בערעלע זאָל ניט פערגעסען, שענקט ער איהם פּאַראויס אַ פּאָר שטעקענס איבער די פּיאַטעס. בערעלע זעצט זיך אוועק ווי אַ סטאַטיק, קוקט אויפ'ן קעלבעל מיט זיינע קליינע רויטע בערישע אויגלעך און בעלעקט זיך. משמעות, ער פערשטעהט וואָס מע מיינט... און עס ווערד

צווישען די צוויי א מין אהבה, א ליעבשאפט, אז ס'איז גאר א מחיה צו קוקען, ווי די צוויי ליגען זיך איינס צום אנדערען און דרימלען. און אז דאס קעלבעל שטעהט אויף, שטעהט אויף אויך בערעלע. דאס קעלבעל מאכט „מע!“ — בערעלע שטעלט אן די אויהערען. דאס קעלבעל טהוט א שפרונג — בערעלע שפרינגט אריבער דעם און שטעלט זיך מיט'ן קאפ אראפ, מיט די פיס ארויף. נאכדעם האפט ער ארום דאס קעלבעל מיט די לאפעס און קוועטשט דאס צו צום הארצען, ווי א מומער נעמט ארום און קוועטשט צו א קינד. פון אזא קוועטשעניש האט זיך אויסגעלאזט, אז דאס קעלבעל האט איין מאל ארויסגעלאזט א מאדנעם געשריי „מע!“ מיט א חראפעען אינאיינעם. א גליק, וואס ס'איז אונטערגעלאפען משה־יענקיל מיט'ן שטעקען און האט מציל געווען דאס אומשולדיגע קעלבעל פון א מורא'דיגער סכנה...

ד.

פון דעמאלט אן איז אונזער משה־יענקיל אריין אין נאז די ווערטער, וואס זיין ווייב שרה־זיסעל האט איהם אמאל געזאגט, אז א בער בלייבט א בער, פארט א חיה רעה, וויפיעל מע זאל דאס ניט לערנען... משה־יענקיל האט זיך אנגעהויבען צוקוקען צו בערעלען און האט ארויסגעזעהען, אז עס קומט צו ווינטער, איז דאס גאר ניט דער בערעלע, וואס תמיד: עפים גארניט דאס לעבעדיג־קייט, עפים דרעהט ער זיך ארום, קאן זיך קיין ארט ניט געפינען, פערקלויבט זיך אין א ווינקעל, זויגט די לאפע און דרימעלט גאנ־צע טעג מיט גאנצע נעכט. מע דארף איהם וועקען, ער זאל עפים פרעסען, עפים זשליאקען... בערעלע שלאפט!

נייז, בערעלע שלאפט ניט. בערעלע טראכט, בערעלע טרוימט, בערעלע חלום'ט פון א גרויסער וועלט, וואס ער ווייסט זי ניט, פון א פרייען וואלד, וואס ער קען איהם ניט, פון א בעסער גליקליך לעבען, וואס ער האט דאס קיינמאל ניט פערזוכט, נאר ער פיהלט

דאָס, ער פיהלט דאָס בחוש און בענקט נאָך דעם, ווי עס בענקט אַ קינד אַ יתום נאָך דער מאַמע, וואָס ער האָט זי קיינמאָל ניט געזעהען. בערעלע פיהלט, אַז ניט דאָ, אַז ניט צווישען אויוועֶן, איז זיין אָרט; צו ענג איז פאַר איהם דער צווישען־אויוועֶן; צו קליין איז פאַר איהם די שטוב. ער פיהלט, אַז עפּיס ציהט איהם, עפּיס שלעפּט איהם, עפּיס טרייבט איהם פון דאַנען, און עמיצער שעפּטשעט איהם אויפ'ן אויהער: „בערעלע! נאַרישער בערעלע! שטעה־אויף, גלייך־אויס דיביינער דיינע, צעטראָג די שטוב אויף שטיקלעך, לעג אויס די מענשען מיט איין קלאַפּ און טראָג זיך אָפּ פון דאַנען אַהין, ווייט־ווייט, אָט דאָרטען, וואו עס גרינט דער וואַלד, אָט דאָרט, וואו עס שמעקט מיט בלאָטע, אַהין טראָג זיך אָפּ, אַהין, צווישען דייניגע!"... און בערעלע הערט זיך צו צום קול, וואָס שעפּטשעט איהם, און האַלט צוגעמאַכט די אויגען. ער שלאָפט ניט, נאָר ער טראַכט, ער טרוימט, ער חלומ'ט פון אַ גרויסער וועלט, וואָס ער ווייסט זי ניט, פון אַ פרייען וואַלד, וואָס ער קען איהם ניט, פון אַ בעסער גליקליך לעבען, וואָס ער האָט דאָס קיין מאָל ניט פערזוכט... נאָר אָט קומט צו געהן משה־יענקיל פון שטאָדט מיט פולע קעשענעס. בערעלע דערשמעקט, אַז משה־יענקיל האָט געבראַכט צו טראָגען גוטע זאַכען, נים און האָניג און אַ ביסעל משקה — אוי, דאָס ביסעל משקה! — און ער שטעלט זיך אַוועק אויף די הינטער־שטע פיס, נעמט איהם אַרום מיט די פעדערשטע לאַפּעס, קריכט מיט דער מאָרדע צו איהם גלייך אין בוזים אַריין. משה־יענקיל טרייבט איהם אָפּ: אַוועק, דו טרפה'נער האַלז! אַוועק, דו שבור־ניק! און בשעת מעשה ציטערט ביי איהם דאָס לייב, וואָרום פון בערעלע'ס אַרומנעמען קאָן מען זיין לייטען־גלייך; נאָך איין קוועטש אַביסעל אַ שטאַרקערען — ווערד מען אַ קדוש... און ער גיט איהם אָפּ וואָס ער האָט, אַבי פטור ווערען פון זיינע לאַפּעס. פון דעם אַרומנעמען, וואָס בערעלע נעמט איהם אַרום, טראָגט משה־יענקיל אין זיך צווייערליי געפיהלען: אי פערגעניגען, אי שרעק.

ס'איז איהם בשעת מעשה אי גוט, אי ער האָט מורא. גוט איז איהם, וואָס ער האָט אויסגעהאַדעוועט אַזאַ גוואַרדיאַן; מורא האָט ער, וואָס בערעלע איז שוין צופיעל בערעלע...

ה.

ניט איין מאָל פלעגט אונזער משה־יענקיל, ליגענדיג אין בעט, קוקען אויף בערעלען און זיך טראַכטען: „אוי, ווען דער דאָזיגער נפש זאָל חלילה וויסען וואָס פאַר אַ כח אין איהם ליגט!"... אַלע מאָל, ווען ער איז אויפגעשטאַנען פונ'ם שלאָף, האָט משה־יענקיל מיט שרעק אַ קוק געטהאָן אין קאַמערעל: וואו איז בערעלע? וואו איז שרה־זיסעל זיין ווייב?... און שרה־זיסעל זיין ווייב האָט נישט אָנגעהויבען צו וויסען פון איהר מאַן'ס פחדים: איהר איז קיינמאָל אויף די געדאַנקען נישט געקומען, אַז ס'איז דאָ וואָס מורא צו האָבען פאַר בערעלען. מערקווירדיג! זי איז מיט איהם אַזוי געוואוינט געוואָרען, אַז מיט דער צייט האָט זי אָנגעהויבען פערגעסען, אַז בערעלע איז אַ חיה, אַ „חיה רעה", ווי זי פלעגט אַמאָל אויף איהם זאָגען. וואָס הייסט, בערעלע איז אַ חיה? בערעלע איז אַ בערעלע — און אַ סוף... האָדעווען האָט זי איהם געהאָדעוועט ווי אַ קינד, און געאַרבייט האָט זי מיט איהם, ווי מיט אַ קנעכט. זי האָט זיך געשאַפט מיט איהם, ווי מע שאַפט זיך מיט אַ בעדיענטען. און בערעלע האָט געטהאָן אַלסדינג, וואָס מע האָט איהם געהייסען: געטראָגען האָלץ פון דרויסען, געשעפּט וואַסער פונ'ם ברונען, אַרויסגעטראָגען דאָס מיסט פון שטוב, — כל עבודת פרך האָט זי מיט איהם געטהאָן, און אַלע מאָל מיט ווערטער, ווי מע רעדט, להבדיל, מיט אַ מענשען:

— נו, שלים־מזל, שטעל פיס! זעה נאָר, ווי ער ריהרט זיך, ווי אַ בלייען פויגעל!

אַזוי פלעגט שרה זיסעל זיך אויס'מענה'ן מיט איהם, און אַ מאָל, אַז ער איז געלעגען און געדרימעלט, פלעגט זי זיך מיט איהם ניט

צערעמאָניען און דערלאַנגען איהם מיט דער קאַטשערע אין זייט אריין:

— געגוג דיר שוין, שלים־מזל, צו פּאַפּען, שטעה אויף, וועל איך דיר געבען פרעסען!

און בערעלע שטעהט אויף פון דער ערד, טרייסעלט זיך אָפּ די פּעל, געהט־צו צו שרה־זיסלען אויף צוויי פים און שטעלט זיך אוועק, ווי איינער רעדט:

— הנני — איך בין אָנגעברייט...

— וואָס זאָגסט דו אויף אונזער בערעלען, ווי ער איז דאָס, קיין עין־הרע, אויסגעוואַכסען?

אזוי זאָגט שרה־זיסעל צו איהר מאַן און בעקומט ענטפער:

— אויסגעוואַכסען איז ער, נאָר אַזוי זיך באַגעהן, ווי דו באַגעהסט זיך מיט איהם, דאַרף מען אויך נים.

ענטפערט איהם דערויף שרה־זיסעל:

— אַ מכה דער מאַמע זיינער! ס׳וועט איהם שאַדען צום שדוך?

ענטפערט איהר דערויף משה־יענקיל:

— צום שדוך וועט דאָס איהם נים שאַדען, נאָר דערמאָן דיך וואָס דו אַליין האָסט אמאָל געזאָגט אויף איהם...

— וואָס האָב איך דען געזאָגט אויף איהם?

— אַנו, דערמאָן דיך נאָר אַקאָרשט.

— אדרבה, דערמאָן מיר וואָס האָב איך געזאָגט?

— דו האָסט געזאָגט, אַז אַ בער בלייבט אַ בער, אַ חיה רעה.

— איך האָב געזאָגט?

— ווער דען האָט געזאָגט?

— אוי! עס איז פון זיי נים אויסצוהאַלטען, פון די מאַנס־בילען!

אזוי שרייט אוים שרה־זיסעל און טהוט אַ פּליעסק מיט די הענד און עסט דעם מאַן און טאַטשעט איהם, און פיילט איהם אַ גאַנצע

נאכט, ווי ער איז ווערטה און ווי עס פאַסט פאַר אַ ווייב, וואָס הייסט שרה־זיסעל און זיצט אין אַ דאָרף און האָט קיין קינדער ניט.

**ז.**

איינמאָל — דאָס איז געווען פאַר שבועות — איז משה־יענקיל געפאָהרען פון שטאָדט אהיים אויף יום־טוב אויפגעלעגט, פרעהליך. די זון האָט געפייערט, צעגאָסען זיך מיט איהרע הייסע שטראַהלען אויף די גרינע פעלדער פוןביידע זייטען וועג. און מחמת ס'איז שוין אַ צייט ניט געווען קיין רעגען, איז דער שטויב פון די רעדער געווען גרויס, געגאַנגען ארויף, ווי אַ רויך, פערשטעלט דאָס דאָרף מיט דער מיהל מיט דער שטוב מיט די בוימער, וואָס פאַר דער שטוב. נאָר פיהלען פיהלט משה־יענקיל, אַז ער איז אין דער היים, און ער דערהערט אַ מאָדנעם רעש, קולות פון אַ סך מענשען, אַ טומעל, אַ הו־האַ, אַ טיוקען מיט אַ פייפען מיט אַ געלעכטער און מיט אַ געשריי: הוררראַאַאַ!!

— בערעלע!...

דאָס איז געווען די ערשטע מחשבה, וואָס איז איהם געקומען אויפ'ן קאָפּ, — און משה־יענקיל האָט אַ שמייץ געטהאָן דאָס פערד און איז צוגעפאָהרען צו דער שטוב, און זיינע אויגען האָבען דער־זעהען...

מיר מוזען אוועקוואַרפען אויף אַ מינוט משה־יענקלען און אָפּ־מאָהלען זיין וואָהנונג, וואָס איז בעשטאַנען פון אַ הויף, אַ שטוב, אַ קאַמער פון תבואה מיט אַ גאָרטען פון עטליכע בוימלעך, מיט אַ ברונען און מיט אַ געפלאָכטענעם הילצערנעם פּלויט אַרום און אַרום. דאָס אַלעס האָט משה־יענקיל אַליין כמעט מיט זיינע אייגענע הענד געמאַכט אין פערלויף פון מעהר אַלס צוואַנציג יאָהר. איטליכעס פּלעקעל איז איהם געווען טהייער. יעדעס שטיינדעל האָט צו איהם גערעדט ווערטער. ניט בלויז גערעדט, נאָר געזונגען, געזונגען!

דעם גאָרטען האָט ער אַליין געזעצט. די בוימלעך אַליין געפּלאַנצט. און וואָס פאַר אַ חיות, וואָס פאַר אַ פערגעניגען, וואָס פאַר אַ נחת האָט ער געשעפּט, אַז דער ליעבער זומער איז געקומען, און דער גאָרטען האָט זיך צעוואַכסען, און די בוימער האָבען זיך צעבליהט, און... אָט וואָס זיינע אויגען האָבען איצט דערזעהען: די קאַמער צעוואָרפען, די זעק צעשלייִדערט, די תבואה צעשאָטען איבער'ן גאַנצען הויף און אויסגעמישט מיט צעריסענע פּערינעס מיט קי־שענס, וואָס האָבען זיך געוואַלגערט אינאיינעם מיט אַ סך שערב־לעך פון צעבראָכענע כלים, און ווייסע פעדערען האָבען זיך גע־דרעהט און געטראָגען אין דער לופטען, ווי שניי, און געפאַלען אין בלאָטע אריין. עטליכע בוימער פון'ם גאָרטען זענען געלעגען במחילת כבודם מיט'ן פּנים אַראָפּ, אויסגעבראָכען און אויסגעריסען מיט'ן וואָרצעל, און אויך דער קלאָץ פון'ם ברונען, וואָס מע שעפּט מיט איהם וואַסער, איז געלעגען אויסגעצויגען אויף דער ערד ווי לאַנג ער איז... די שטוב גופא איז געווען ערטערווייז צעשלאָגען, די פענסטער צעבראָכען, די טהיר איז געלעגען ביי אַ זייט, און אויף איהר האָבען זיך געוואַלגערט צעבראָכענע בענקלעך מיט צעשטוי־סענע כלים מיט צעשאָטענע גרויפּען, אויסגעמישט מיט פעדערען — איין אמת'ער פּאָגראָם, אַ חורבן!...

און אויבען, אויפ'ן דאַך פון דער שטוב, שפּאַציערט אַרום היין און צוריק בערעלע אויף צוויי פיס, ברומט ווי אַ באָס, מלא כעס, האַפּט אַ ציגעל פון'ם קוימען, אַ באַלקע פון'ם דאַך און טהוט אַלע מאָל אַ שליידער אין דער ערד אַריין מיט אַזאַ כח, מיט אַזאַ האַס, מיט אַזאַ רציחה, וואָס משה־יענקיל האָט דאָס אויף איהם נאָך קיינמאָל ניט געזעהען. ער האָט בערעלען גישט געקאָנט דער־קענען: דאָס מויל איז איהם אָפען, די צונג אַרויסגעשטעלט, די אויגען אָנגעגאָסען מיט בלוט, און בערעלע שפּרינגט פון איין עק דאַך צום אַנדערען, מיט אַזאַ מין מהירות און מיט אַזאַ מין אימ־פּעט, אַז מע האָט געזעהען, טאָמער שפּרינגט ער אַראָפּ, — איז

סכנת־נפשות, ער איז דורס מענשען... און די ווייסע־חברה׳ניקעס, די וואָס פערשטעהען ניט וואָס דערפון קאָן ארויס, שטעהען און לאַ־כען און פייפען און שיטען מיט ווערטלעך:

— אָט אַזוי, בערקאַ! אָט אַזוי פּאַטאַפּיטש! באַווייז זיי וואָס דו קאָנסט! רעכען זיך אָפּ מיט דיינע בעלי־בתים, זיי זאָלען וויסען ווי טהייער פעפער איז!... הוררא!!...

און וואָס מעהר די קונדסים שרייען, הוקען און טיוקען און פייפען, אַזוי מעהר געהט בערעלע ארוים פון די כלים און ארבייט מעשים אשר לא יעשו.

— אַ ביקס! אַ ביקס! גיכער אַ ביקס! — שרייען די על־טערע מענשען, די וואָס פערשטעהען, וואָס דאָ טהוט זיך, מיט וואָס דאָס שמעקט...

משה־יענקיל שטעהט און קוקט, און קוים וואָס ער פערשטעהט וואָס דאָ טהוט זיך. אַ פּראָסט לויפט דורך איבער זיין לייב, און ער טראַכט זיך: „בערעלע איז משוגע געוואָרען! משוגע גע־וואָרען! שוין זשע וועט מען בערעלען שיסען?!“... און משה־יענקיל פיהלט, ווי עס האָט זיך איהם אָפּגעריסען עפּיס אין האַר־צען: מע וועט בערעלען שיסען? שיסען בערעלען?... און איידער ער רעדט אויס אַ וואָרט הערט זיך אַ שאָס, און נאָך אַ שאָס, — איינס, צוויי, דריי, פּיף־פּאַף! אַ בלוי רויכעל פערשטעלט אויף אַ מינוט די אויגען; עט הערט זיך אַ שאַרפער ריח פון פּולווער, און פון דאָך פאַלט אַראָ אַ גרויסע שווערע זאַך, טהוט זיך אַ זעץ אין דער ערד אריין מיט אַ שטאַרקען כח, קאַטשעט זיך נאָך אַבי־סעל אין בלאָטע און האָרחעלט, ווי אַ געקוילעטער אָכס, און ציהט זיך אויס מיט אַלע פיער פים ארויף, און עס זעהען זיך ארויס די הוילע שוואַרצע טריט מיט די ברייטע פּיאַטעס.

— בערעלע?... אויס בערעלע!...

און די ווייסע־חברה׳ניקעס הויבען אויף אַ נייעם „הורראַ“, און משה־יענקיל דערזעהט, ווי עס יאָשעט בלוט פון בערעלע׳ס קאָפּ

און פון בערעלע׳ס הארץ, פערשטעלט ער זיך מיטביידע הענד דאס פנים; ער קאן קיין בלוט ניט זעהען; ער קאן ניט זעהען בע־רעלע׳ס בלוט...

* * *

און דארט, אין שטוב, אין מיטען גרויסען חורבן, ליגט אויס־געצויגען שרה־זיסעל, צוגעקוועטשט הארט צו דער ערד, דאס מויל איז איהר אפען, דאס פנים בלוי, די אויגען שרעקליך, שרעקליך! און עמיצענס שווערע־שווערע טריט זענען קענטיג אויף איהר צע־בלוטיגט לייב, אויף איהר צעריסענער ברוסט... — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פריהער איז געגאנגען פון דער וועלט שרה־זיסעל, און נאכ־דעם — בערעלע.

## דריי לוחות

פאַר וואָס איז דער בעריהמטער טאָלמאַטשאָוו? געוואָרען אַ שונא־ישראל? — דערצעהלט פון איין אַדעסער אידישען ראַזנאָזשטשיק, וואָס פערקויפט אידישע גאַזעטען און האַנדעלט־אונטער בשתיקה מיט „אינטערעסנע אָטקריטקעס“ פון פּאַריז. — איבערגעגעבען טאַקי מיט זיין לשון.

געשריבען אין יאָהר 1913

# דריי לוחות

—איהר פרעגט, ווי קום איך, אַ איד, אַ טאַטע פון קינדער, צו האַנדלען מיט אַזאַ טריפה סחורה, זאַפּרעשטשאַנע טאָוואַר, „אינטערעסנע אַטקריטקעס" פון פּאַריזש? —דאָס האָב איך איהם צו פאַרדאַנקען, נאָר איהם — אונזער טאָלמאַטשאָוו'ען ימח שמו! איצט, אַז ס'איז שוין אוועקגעגאַנגען אַזאַ צייט, און טאָלמאַטשאָוו איז אויס טאָלמאַטשאָוו און אַדעס איז שוין ווידער אַדעס, מעג מען שוין, דאַכט זיך, דערצעהלען דעם גאַנצען אמת, פון וואַנען גענומט זיך עס, וואָס אונזער טאָלמאַטשאָוו איז געווען אַזאַ שונא ישראל? איך האָב מורא, אַז איך, ווי איהר קוקט מיך אָן, האָב אין דעם אַ גרויסען חלק, אויב ס'איז ניט אינגאַנצען איבער מיר! איאָ, ס'איז אייך אודיוויטעלנע, ווי קום איך, אַ איד אַ ראַזנאָשטשיק, וואָס פאַרקויפט אידישע גאַזעטען בשתיקה, וואָס האַנדעלט אונטער מיט „אינטערעסנע אַטקריטקעס" פון פּאַריזש, ווי קום איך צום גענעראַל טאָלמאַטשאָוו? און וואָס פאַר אַ מחותן בין איך וואָאַבשטשע מיט גענערעלע? נאָר די מעשה איז, פאַרשטעהט איהר מיך, וואָס יעדער „וואַרום" האָט זיך זיין „דאַרום" און וואָס אַ איד איז אַ איד... אויב איהר האָט צייט, וועל איך אייך עפּיס דערצעהלען, וועט איהר הערען אַ שענס.

דאָס איז געווען, פונקט אַזוי ווי היינט, חול המועד סוכות איז דאָס געווען, טאַקי דאָ אין אַדעס, שוין היבשע עטליכע יאָהר אוועק,

אַדעס איז נאָך געווען וואָאַבשטשע אַדעס, מע האָט נאָך נישט גע־
וואוסט פון קיין טאַלמאַטשאָוו צו זאָגען, און אַ איד האָט זיך גע־
קאָנט פראַנק און פריי אַרומטראָגען איבער דער גאַס מיט אידישע
ספרים און ביכלעך אויף צו פאַרקויפען. קיין אידישע גאַזעטען
איז נאָך דעמאָלט ניט געווען אַזוי פיעל ווי היינט, נאַפּרימער,
און מע האָט פאַר קיינעם קיין מורא ניט געהאַט, און קאָנטרעבאַנ־
דעווען מיט אינטערעסנע אָטקריטקעס פון פאַריזש האָט מען אויך
נישט באַדאַרפט. בין איך מיר אַרומגעגאַנגען מיט מיין ביסעל
סחורה, סדורימלעך, מחזורימלעך און לוחות לכל השנה, אויף דער
לאַנדזשעראָנאָווסקי און אויף דער קאַטערינענסקי, נעבען פאַנקאָ־
ני'ן, דאָרט וואו מע קאָן חאַפּען אַ אידען, דאָרט, וואו עס דרעהען
זיך אַרום אַלע בירזשעוויקעס און מעקלערס און וואָאַבשטשע אַלער־
ליי אידען, אויסגעקוקט, טאָמער וועט גאָט צושיקען עפּיס
פּדיון. שפּאַציער איך מיר, הייסט עס, איינמאָל אַזוי, ווי איהר
קוקט מיך אָן, אויפ'ן טראָטואַר נעבען פאַנקאָני'ן, דאָרט וואו אונזע־
רע אַדעסער בירזשעוויקעס רייבען די פאַדעשוועס, און טראַכט —
וואו נעמט מען אַ פּאָקופּאַטעל אויפ'ן ביסעל לוחות, וואָס איז מיר
פאַרבליבען? מע האָט שוין אָפּגעבלאָזען שופר, מע האָט שוין
אָפּגעפאַסט יום־כפור, אָט באַלד, אָקערשט ווי מע זעהט ניט, וועט
שוין דער סוכות אויך אַוועקעט — און איך האָב נאָך מיין ביסעל
רעשט אַלץ ניט פאַרקויפט, און גאָט ווייסט, אויב איך וועל עס
שוין גאָר פאַרקויפען, ווארום דאָס איז אַזאַ סחורה, וואָס טאָמער
בלייבט עס אויף נאָך יום־טוב, איז חאָטש נעם און שענק עס אַוועק
אַ גוי. צו וואָס טויג, נאַפּרימער, אַ פּראָסטראָטשעטער לוח? און
איך האָב אַזש דריי אַזעלכע פּראָסטראָטשעטע לוחות, פאַרבליבען
פון ערב ראש השנה. געהאַט אַ מאה, האָב איך זיי צעשטעקט
טאַקי אָט דאָ אויף דער גאַס, צום מיינסטען צווישען די בירזשעווי־
קעס, — אידען וואָאַבשטשע עפּיס ניט אַזעלכע אַי־אַי־אַי, האַלטען
ניט אַזוי שטאַרק פון אידישע ספרים, נאָר אַ לוח אַ אידישען לכל

**השנה — דאָס איז אַפילו פאַר אַ בירזשעוויק אויך אַמאָל אַ סחורה.** מע דאַרף וויסען ווען פאַלט אוים פסח, ווען האָט מען יאָהר־צייט — אַ איד איז אַ איד.

און שפּאַציערענדיג אַזוי, שטעל איך מיך אָפּעט נעבען פאַנקאָני'ן און באַקוק די חברה בירזשעוויקעס, וואָס לויפען הין און צוריק — איך קען זיי שוין אַלעמען אויסגעבונדען — און טראַכט מיר: וועמען לעגט מען פאַר דאָס רעשטעל, אַז זיי זענען אַלע אָבגעפּעטשעט פון מיר מיט לוחות לכל השנה, דאַכט זיך, ניט דורכגעלאָזט קיינעם? און אַזוי ווי איך שטעה מיר און טראַכט, דערזעה איך ביי אַ טישעל ביי פאַנקאָני'ן, פאָרענט, אין דרויסען־צו, זיצט אַ גענעראַל מיט פּאַליעטען, דרעהט מיט אַ לעפעלע אין גלאָז קאַווע, און נעבען איהם שטעהט אַ „קראַסנע שאַפּאָטשקע“, פון די, וואָס פּאָלגען אַ גאַנג, און דער גענעראַל זאָגט איהם עפּים אָן נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל, און יענער, די קראַסנע שאַפּאָטשקע הייסט עס, ענטפערט איהם אויף אַלסדינג: „סלושאַיוס, וואַשע פּרעוואָסחאָדיטעלסטוואָ!“ טראַכט איך מיר: וואָס קאָן ער איהם אָנזאָגען אַזעלכס, דער גענעראַל הייסט עס? און נעם, ווי איהר קוקט מיך אָן, און רוק מיך צו אַביסעל נעהענטער צום גענעראַל'ס טישעל, קוק בלומרשט אין אַ זייט, אַ איד איז אַ איד, און איך הער, ווי דער גענעראַל זאָגט צו איהם, צו דער „קראַסנע שאַפּאָטשקע“ הייסט עס, אַ גויעשער קאָפּ, איינציגע ווערטער, צעקייעט און לעגט איהם אריין אין מויל אריין: „געדענק זשע, זאָגט ער, וואָס מע רעדט צו דיר, זאָלסט געהן צו מיר אַהיים, אויף דער חערסאָנסקי נומער דריי, זאָגט ער, און זאָלסט זאָגען, זאָגט ער, דער גענעראַלשע, אַז היינט עסט ביי אונז וואַרעמעס דער גראַף מוסין־פּושקין. געדענק זשע, זאָגט ער, זאָלסט ניט פאַרגעסען — חערסאָנסקי נומער דריי און דער גראַף מוסין־פּושקין!“ און יענער, די „קראַסנע שאַפּאָטשקע“ הייסט עס, שטעהט פאַר איהם אויסגעצויגען, ווי אַ סטרונקעלע, און מע הערט פון איהם מעהר ניט, נאָר „סלושאַיום“

און „סלושאיום״! און אז יענער לאָזט זיך שוין גען, שרייעט איהם נאָך דער גענעראַל נאָך אַ מאָל: „געדענק זשע, חערסאָנסקי נומער דריי, גראַף מוסין־פּושקין!״ — און וויל זיך נעמען צו דער קאַווע, דערזעהט ער מיך, ווי איך שטעה נעבען איהם גאָר נאָהענט און קוק איהם אַריין אין גלאָז אַריין, נישט צו מיינען דערביי חלילה קיין זאַך, נאָר וואָאַבשטשע, גלאַט אַזוי, — אַז ער הויבט ניט אויף אויף מיר אַ קול און נעמט מיך דורך מיט די אויגען: „טיעבע טשעוואָ נאַדאָ?״ — וואָס דאַרף איך הייסט עס. טראַכט איך מיר: וואָס איך דאַרף ווייסט דו מיר ניט געבען; און אפשר, האַ?... אַ איד איז אַ איד, וואָס שטעל איך דאָ אַיין? און איך נעם, ווי איהר קוקט מיך אָן, און טהו איהם אַ זאָג: „וואַשע פּרעוואָסחאָדיטעל־סטוואָ! קויף ביי מיר אַ לוח, אַ קאַלענדאַר הייסט עס״. קוקט ער מיך אָן: „וואָס פאַר אַ לוח?״ זאָג איך: „אַ אידישער לוח״. קוקט ער מיך שוין אָן גאָר ווי אַ משוגענעם: „צו וואָס דאַרף איך אַ אידישען לוח?״ זאָג איך: „צו וואָס דו דאַרפסט ווייס איך ניט, נאָר איך דאַרף, זאָג איך, אויף יום־טוב, ס׳איז ביי מיר פאַרבלי־בען, זאָג איך, דריי. קויף, זאָג איך, וואַשע פּרעוואָסחאָדיטעל־סטוואָ״... און אין הארצען טראַכט איך מיר: „שען וועט זיין, אַז ס׳וועט געהן אַ גאַנג און ער וועט זיך הייסען געבען אַ אידי־שען לוח לכל השנה!...״

און כך הוה: ווי איך האָב נאָר אויסגערעדט דאָס וואָרט „פּרעוואָסחאָדיטעלסטוואָ״, אַז ער טהוט ניט אַ הוק אויף מיר — „פּאַשאָל וואָן!״ דאָס גאַנצע בלוט איז מיר פאַרקיהלט געוואָרען און, ווי איהר קוקט מיך אָן, האָב איך גענעבען אַ נעם דאָס פּעקעל, אַ איד איז אַ איד, און וויל שוין מאַכען נאַ ליעוואָ קרוגאָם, דערהער איך פּלוצים, ווי ער מאַכט צו מיר: „סטופּאַי סיודאַ!״ — איך זאָל געהן הייסט עס צוריק. העלפט זיך ניט. געה איך צו צוריק, הייסט ער זיך ווייזען אַ לוח. געה איך און ווייז איהם אַ לוח. פרעגט ער, וואָס קאָסט דער לוח? זאָג איך איהם וואָס קאָסט

דער לוח. נעמט ער דעם לוח און באַצאָהלט מיר פאַר'ן לוח, נישט געדונגען זיך, נישט געריעדט, נישט גאָר־נישט! ווי געפעלט אייך אַ גענעראַל? מעגען ניט זיין פאַר איהם די כפּרה דריי בירזשע־וויקעס?

— האָבען מיר שוין, הייסט עס, אַ פעטשאַטעק! — טראַכט איך מיר, נעם דאָס פעקעל און לאָז מיך געהן. — אַ פעטשאַטעק איז טאַקי זעהר גוט, נאָר וואָס טהוט מען ווייטער? וואו נעמט מען נאָך אַ צוויי גענערעלע אַזעלכע, וואָס מע זאָל קאָנען אַפּזעצען ביי זיי דאָס איבעריגע ביסעל סחורה, די לעצטע צוויי לוחות הייסט עס? און עס פליהט מיר דורך אַ געדאַנק — אַ איד איז אַ איד: למאי האָב איך איהם ניט פאָרגעלעגט נאָך אַ לוח? דעם דאָזיגען גענעראַל וואָלט דענן ניט אָנגעשטאַנען צו האָבען צוויי לוחות לכל השנה? אי, וואָס וועט ער טהון מיט צוויי אידישע לוחות? למאי וואָס וועט ער טהון מיט איין אידישען לוח?... און אָט אַזוי טראַכ־טענדיג, איז מיר דוכגעפליגען אַ נייער געדאַנק — איך האָב מיך דערמאָנט, ווי ער האָט ניט לאַנג אָט דאָ איינגע'טענה'ט מיט'ן גוי עטליכע מאָל: „גענעראַלשאַ... חערסאָנסקי נומער דריי... גראַף מוסין־פּושקין...“ ווי איך בין אַ איד, דאָ קאָן זיין פּדיון אויף נאָך אַ לוח!... „זיי נאָר ניט קיין שלים־מזל'ניק, אַבראַם מאָר־קאָוויטש (אַזוי רופט מען מיך נאָכ'ן טאַטען מאיר אַנשיל), און קוי זשעליאָזאָ — חאַפּ אריין אַ פּאָקופּאַטעל!“ — אַזוי האָב איך געזאָגט צו מיר אַליין, און ניט לאַנג געטראַכט, האָב איך מיך, ווי איהר קוקט מיך אָן, גענעבען אַ נעם פון דער קאַטערינינסקי אויף דער דעריבאַסאָווסקי, פון דער דעריבאַסאָווסקי אויף דער פּרעאָבראַ־זשענסקי און פון דער פּרעאָבראַזשענסקי אויף דער סאַדאָווע, און פון דאָרטען גלייך איבער דער יעליסאַוועטינסקי אויף דער חערסאָנ־סקי. געקומען אויף דער חערסאָנסקי און גענומען זוכען אַ נומער דריי — ס'איז דאָ, ווי איך בין אַ איד! און נאָך וואָס פאַר אַ נומער דריי — אַ מויערעל אַ דוואָכעטאַזשנע, איין אָסאָבניאַק!

גוט. וואָס זשע טהוט מען ווייטער? דאַרף מען, הייסט עס, געבען א ציה ביי׳ם גלעקעל און זיך נאָכפרעגען אויף דער גענעראַלשע? און איך נעם זיך צום גלעקעל און טהו א קלונג און טראַכט מיר: דאָס וועט זיין שען, אז ס׳וועט אַרויס א סאָלדאַט, און אפשר נאָך מיט א הונט, וועט מיר געבען דעם וועג און נאָך אָנרייצען אויף מיר דעם הונט — מעהר פעהלט מיר נישט! און כך הוה. עס געהט אַוועק א מינוט און צוויי און דריי. איך שטעה און שטעה — קיינער יאַוועט זיך ניט. טראַכט איך מיר: אויף מיין שלים מזל באַדאַרף קיינער ניט זיין אין דערהיים... און אפשר איז דאָס גלע־קעל נאַר־וואָס קאַלי געוואָרען? מע דאַרף פּרובען נאָך א מאָל. און איך נעם, ווי איהר קוקט מיך אָן, און דאַוואַי קלינגען איינס, צוויי, דריי — עפּענט זיך ניט די טהיר און עס שפּרינגט ניט אַרויס א שיקסע מיט א באַרשט: „שטאָ נאַדאָ?“ וויל איך מאַכען פּים, נאָר איך פאַרהאַפּ מיך — א איד איז א איד — און רופ מיך אָן צו איהר: „איך דאַרף האָבען, זאָג איך, צו דער גענעראַלשע באַ־דאַרף איך, לימשנאָ צו איהר, זאָג איך“... קוקט זי מיך אָן, ווי איינער רעדט: וואָס איז דאָס פאַר איין אָנשיקעניש! און געהט און פאַרהאַקט די טהיר גלייך מיר אונטער דער נאָז, זי זאָל עס מיר זאָגען א וואָרט אפילו — א שענער ברוך־הבא! און אפשר וועט זי זיך יאַוועז נאָך א מאָל? אָדער זי וועט אַרויסשיקען דעם סאָלדאַט מיט׳ן הונט? אַזוי טראַכט איך מיר און האָב חשק מאַ־כען איין אָפּטריט, נאָר אַז איך בין שוין דאָ און האָב שוין אָנגע־קלונגען, איז פאַרפאַלען. און כך הוה — עס געהט ניט אַוועק קיין האַלבע מינוט, עפּענט זיך די טהיר און עס באַווייזט זיך א פּריצטע, א יונגע, א שענע, בלוט און מילך. זאָל עס זיין זי, די גענעראַלשע הייסט עס? איז זי צו יונג. זאָל עס זיין דעם גענעראַל׳ס א טאָכ־טער — איז ער צו יונג. דערווייל די צייט שטעהט ניט, מאַכט זי צור מיר: „שטאָ נאַדאָ?“ טראַכט איך מיר, וואָס טהוט מען ווייטער? זאָגען איהר „וואשע פּרעוואָסחאָדיטעלסטוואָ“ — איז גוט,

אויב זי איז די גענעראַלשע. ווי זשע איז אָבער טאָמער ניט — פאַר וואָס קומט איהר פּרעוואָסהאָדיטעלסטווא? נאָר אַ איד איז אַ איד, פאַל איך אויף איין עצה און באַגעה מיך גאָר אָהן אַ שום פּרעוואָסהאָדיטעלסטוואָ, און הויב אָן גלייך פונ׳ם עסק: „אַזוי און אַזוי, זאָג איך, דער גענעראַל האָט ביי מיר געקויפט, זאָג איך, אַ לוח, אַ קאַלענדאַר הייסט עס, און האָט מיך געבעטען, געהייסען הייסט עס, איך זאָל דעם לוח, דעם קאַלענדאַר הייסט עס, אָפּטראָגען אַהיים אויף הערסאָנסקי נומער דריי, און דאָ וועט מען מיר באַצאָהלען; נאָר טאָמער וועט מען מיר ניט וועלען גלויבען, זאָג איך, האָט מיר דער גענעראַל געהייסען זאָגען אַ סימן, זאָג איך, אַז היינט עסט דאָ וואַרעמעס דער גראַף פוסין מושקין...“ צעלאַכט זי זיך, די גענעראַלשע הייסט עס: „ניט פוסין מושקין, נאָר מוסין פושקין“... טראַכט איך מיר: וויבאַלד דו לאַכסט, ביזט דו פון מיינע פּריצטעס. און איך רוף מיך אָן צו איהר: „ביי מיר האָסט דו גע׳פועל׳ט, זאָג איך, פוסין מושקין, מושקין פושקין — אַבי, זאָג איך, דער סימן איז אַ סימן“... און איך געה און דערלאַנג איהר דעם לוח. נעמט זי דעם לוח און באַטראַכט דעם לוח פון אַלע זייטען, און פרעגט מיך, וואָס קאָסט דער לוח? זאָג איך איהר וואָס קאָסט דער לוח. נעמט זי דעם לוח און באַצאָהלט מיר פאַר׳ן לוח, געזעגענט זיך אָפּ מיט מיר און נאָך מיט אַ שמייכעל — אַ גוטען טאָג הייסט עס. געפעלט אייך אַ פּריצטע? ניט קיין פּריצטע, נאָר אַ גאָלד! פאַר איהר מעגען שוין זיין די כפּרה נישט קיין דריי בירזשעוויקעס, נאָר טאַקי גאַנצע דרייסיג! בין איך פּטור געוואָרען, הייסט עס, פון אַ רעשטעל, געבליבען אין גאַנצען מיט איין לוח. מעג מען שוין געהן אַהיים עסען וואַרעמעס, צי ניין?

אָפּגעגעסען וואַרעמעס און אויסגערוהט זיך אַביסעל, טאַרעט עס מיך ווידער אַמאָל. אמת, טאַקי גע׳פּטר׳ט דעם גרעסטען רעשטעל, געבליבען אינגאַנצען מיט איין לוח, נאָר פון דעסטוועגען

גלוסט זיך פון דעם איינעם אויך פטור ווערן. וואָרום צו וואָס טויג איין אַלטער לוח, אַ פּראָסטראָטשעטער? מע באַדאַרף פּטור ווערן פונ׳ם לוח! נאָר ווי אַזוי ווערד מען פּטור פון אַ לוח, אַז דער גרעסטער טייל בירזשעוויקעס זענען שוין אָבעזפּעטשעט מיט לוחות? ניין, מע באַדאַרף זיך דורכגעהן איבער דער שטאָדט נאָך אַ מאָל. און, נישט לאַנג געטראַכט, נעם איך דאָס פּעקעל און לאָז מיך געהן גלאַט אַזוי, וואָבשטשע. און מחמת איך בין שוין געוואוינט געוואָרען צו דער לאַנדזשעראָנאָווסקי און צו דער קאַטערינינסקי, טראָגען מיך שוין די פיס אַליין גלייך אַהינצוצו, דאָרטען וואו די בירזשעוויקעס רייבען פּאַדעשוועס — וואוהין דענן זאָל מען געהן? — טאָמער וועט גאָט פּאָרט צושיקען עפּיס אַ פּאָקופּאַטעל — איינגאַנצען איין שטיקעל לוח! און, ווי איהר קוקט מיך אָן, דרעה איך מיך אַרום הין און צוריק, ווי איין אומרוה, באַטראַכט די בירזשעוויקעס, ווי זיי לויפען דאָ אַרום, ווי די פאַר׳סמ׳טע מייז, זוכען אַ קערבעל צו פאַרדיענעו — יעדער זוכט אַ פאַרדיענסטעל. דערווייל, אַזוי ווי איך דרעה מיך דאָ, דערזעה איך פון דערווייטען, ביי פאַנקאָני׳ן, ווידער אַ גענעראַל און ווידער אין פּאַליעטען! טראַכט איך מיר: „אַט דאָס וועט זיין שען, אויב גאָט האָט מיר צוגעשיקט אַ פרישען גענעראַל, אַ פּאָקופּאַטעל אויפ׳ן לעצטען לוח!" און עס פליהט מיר דורך אַ געדאַנק: ס׳איז אפשר איין עבירה, וואָס איך האָב מעהר ניט אַז איין לוח, וואָרום וויבאַלד אַז גענערעלע ווערלען אָנהויבען קויפען אידישע לוחות, קאַלענדארען הייסט עס, מעגען שוין דעמאָלט זיין די כפרה אַלע בירזשעוויקעס מיט דער גאַנצער בירזשע!

און אַזוי ווי איך טראַכט מיר אַט דאָס, איך געב אַ קוק — כך הוה: ס׳איז טאַקי מיין גענעראַל! איך האָב איהם, ווי איהר קוקט מיך אָן, באַלד דערקענט! ער מיך האָט אָבער, אַפּנים, אויך דערקענט. פון וואַנען וויים איך עס? איך האָב געזעהען, ווי ער האָט זיך געגעבען אַ הויב־אויף פונ׳ם בענקעל און אַ וווייז מיט׳ן

פינגער גלייך אויף מיר. שלעכט, וואָס טהוט מען? מעהר גערט מיר ניט אָפּעט, נאָר האָבען צו טהון מיט גענערעלע! און איך האָב אָנגעהויבען, ווי איהר קוקט מיך אָן, שטעלען פיס, אָבער טאַקי ווי עס געהער צו זיין! איך האָב אויסגערעכענט פריהער, אַז מיט אַזאַ שטעלען פיס וועל איך אין צוויי מינוטען זיין אויף דער דריי־מינוט. און כך הוה: ס׳איז ניט אַוועקגעגאַנגען קיין האַלבע מינוט, הער איך עמיצער לויפט מיר נאָך פון הינטען און שרייט צו מיר, איך זאָל שטעהן בלייבען. ווער זאָל דאָס זיין? ניעאַוזשעלי ער אַליין, דער גענעראַל, הייסט עס? אַ בעלנות פון אַ גענעראַל! און זעה נאָר, וואָס דאָ טהוט זיך — אַ איד האָט פאַרקויפט איין איבעריגען לוח לכל השנה — קעהרט זיך די וועלט! גענערעלע לויפען איהם נאָך! שלעכט, וואָס טהוט מען? לאָזען זיך לויפען נאָך שטאַרקער — טאָמער טהוט ער אַ פייף, און עס לויפען אָן גאָראָדאָוואָיעס. נאָך דאָס פעהלט מיר — מע זאָל מיך אַרעסטירען! זאָל איך בלייבען שטעהן — טאָמער טהוט ער מיך אַ חאַפּ מיט׳ן צווייטען לוח — איך האָב אָפּגענאַרט די גענעראַלשע? אַמעהר, וועל איך זיך מאַכען ניט ווייסענדיג, גלייך ווי ניט מיך מיינט מען, איך וועל מיר געהן, ווי איך בין געגאַנגען, דאָס הייסט, ניט געלאָפען, ניט געגאַנגען פּאַוואָלי, נאָר געשפּאַנט, ווי אַ מענטש, וואָס איז פאַרנומען מיט זיין זאַך. אַי, טאָמער יאָגט ער מיך אָן און פרעגט מיך, וואָס לויף איך? וועל איך איהם זאָגען, אַז ס׳איז ביי מיר אַזאַ גאַנג. און כך הוה: ער האָט מיך טאַקי אָנגעיאָגט! איז דאָך שלעכט, איאָ? וועט איהר הערען וואָס גאָט קאָן! אָנגעיאָגט — העלפט שוין ניט. שטעל איך מיך אָפּ, איך טהו אַ קוק — ווער מיר גענעראַל? וואָס מיר גענעראַל? אַ נעכטיגער טאָג! ס׳איז גאָר אַ מענטש פון די מענטשען, וואָס דערלאַנגען קאַווע ביי פאַנקאָני׳ן צו די טישלעך. ער לויפט מיט אַ סערוועטעל אונטער׳ן אָרעם און ווישט זיך דעם שוויים פונ׳ם פנים. „טפו זאָלסט דו ווערען! — מאַכט ער צו מיר נאָכדעם, ווי מיר ביידע האָבען זיך

אפגעשטעלט. — וואס האסט דו זיך צעלאזט, זאגט ער, ווי א
ווילדע ציגע? קום, זאגט ער, דער גענעראל רופט דיך"... „וואסער
גענעראל, זאג איך, און פון וואנען איז גערדונגען, אז דאס רופט
ער מיך?" „וואס הייסט, זאגט ער, פון וואנען איז גערדונגען?
וואס בין איך, זאגט ער, א טויבער? איך הער דאך, ווי דער גענע־
ראל זאגט: „אן גערט ער, דער איד מיט די ביכלעך, לויף און
ברענג איהם צו פיהרען!"... אויב אזוי, טראכט איך מיר, איז נאך
גארניט אזא־נ־אומגליק, דער מלאך־המות איז נאך ווייט. א איד
איז א איד. מע קאן דא נאך עפּים צוטראכטען... און ווי א בליץ
פליהט מיר דורך אין קאפ גאר א שפּאגעל־נייער געדאנק — אפשר
וועט גאט א נס טהון, איך וועל דא פטר'ען דאס לעצטע שבלעצטע,
דעם דריטען לות הייסט עס? און נישט לאנג געטראכט, טהו איך
זיך, ווי איהר קוקט מיך אן, א פאטש אין שטערן און בלומרשט א
שפּיי־אויס און רוף מיך אן צו איהם: „אט אזוי זשע רעד! וואס
האסט דו מיר באלד ניט געזאגט, זאג איך, אז דאס איז דער גע־
נעראל פון די ביכלעך? א מאדנער גענעראל! פון גאנץ פריה אן,
זאג איך, אז ער דינגט ביי מיר אט דאס ביכעל. ער האט מיר
שוין, זאג איך, דאס וואסער אויסגעקאכט. עס קאסט א קארב,
און ער גיט מיר א האלבען. איך האב איהם שוין געזאגט, זאג איך,
פינף און זיבעציג, און זעכציג קאפּיקעס, איין עק
זאל דאס האבען! און ער האט זיך איינגעשפּארט, זאג איך, א
האלבס און א האלבס! ס'זאל ניט זיין, זאג איך, דאס לעצטע
ביכעל, שטראף מיך גאט, אויב איך וואלט איהם אפּגעלאזט אפילו
א האלבע קאפּיקע. נאר אזוי ווי, זאג איך, ס'איז ביי מיר דאס
לעצטע, זעהסט דאך, זאג איך, געב אהער א האלבען קארב און
נא געב איהם אפּ דאס ביכעל..."

— — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — —

ווער דער גענעראל איז געווען? ווי אזוי איז דער נאמען זיי־

נער? ווייס איך עד היום ניט. נאָר פּאָלאַגאַיען פּאָלאַגאַיע איך מיר, אַז דאָס האָט באַדאַרפט זיין נישט קיין אַנדערער נאָר טאָל־מאַטשאָוו. וואָרום אַז ניט, פון וואַנען דענן האָט זיך גענומען צו איהם פלוצים אַזאַ רשעות מיט אַזאַ רציחה אויף אידען וואָאַבשטשע, און מעהר פון אַלעמען איז אויסגעגאָסען געוואָרען זיין צאָרן אויף אונז, ראַזנאָשטשיקעס פון אידישע ביכלעך און גאַזעטען, וואָס מיר טאָרען נאָך עד היום ניט אַרויסבאַווייזען זיך אויף דער גאַס מיט אַ אידיש ביכעל אָדער אַ ציטונג, און מע דאַרף זיך אַרומטראָגען מיט דעם אונטער דער פּאָלע, ווי מיט קאָנטרעבאַנדע, אָדער גנבה׳שע סחורה? מיינע שונאים און אייערע שונאים און אַלע אידישע שונאים זאָלען אַזוי האָבען די נאָז, ווי מע קאָן לעבען פון אַזאַ מין קאָנטרעבאַנדעווען מיט אידישע גאַזעטען! מוז מען צוהאַנדלען מיט „אינטערעסנע אָטקריטקעס" פון פּאַריזש, אָפענע און פּאַרפּע־טשאַטעוועטע אין קאָנווערטען — און דאָס איז ביי מיר דער גלאַוו־נער אַרטיקעל. גאַזעטען האַלט איך נאָר גלאַט אַזוי, וואָאַבשטשע, וואָרום דער אַרטיקעל, אינטערעסנע אָטקריטקעס הייסט עס, געהט דאָ בעסער. דערויף איז פּאַרהאַן צווישען די בירזשעוויקעס אַ סך מעהר פּאָקופּאַטעלעס, ווי אויף אידישע גאַזעטען — אָך־אָך אָך! איך ווייס, אַז ס׳איז פּאַסקודסטווע און אַז גאָט וועט שטראָפען... נאָר וואָס זאָל מען טהון? אַ איד איז אַ איד און זוכט עפּיס פּאַר־דיענען, קינדער ווילען עסען... מסתמא וועט גאָט מוחל זיין. ער וועט מוזען מוחל זיין. אַ ברירה האָט ער? עס געהט אַזאַ טאָג — הושענא רבה, ווי מיינט איהר?... אויף זיין קאָפּ זאָל עס פאַלען. איך מיין טאַקי אונזער טאָלמאַטשאָוו׳ען מיין איך, וואָרום ווען ניט ער, ימח שמו וזכרו, וואָלט איך נאָך עד היום געהאַנדעלט מיט סדורים און מחזורים און לוחות לכל השנה, פּאַרשפּאָרט אַרומטראָגען זיך מיט אַזאַ פּאַס־קודסטווע. אפשר זענט איהר אַ פּאָקופּאַטעל? האָב איך אַ פריי־שען טראַנספּאָרט, נאָר־וואָס פון פּאַריזש...

# לאטקעס של חנוכה

### א.

אין דער שטאָדט קאפּעלישעל, וואָס אין דער סביבה פון מאזע־פּעווקע, ניט ווייט פון יעהופּעץ, וואָס רעכענט זיך צו פּאָליעסיע, געהט ארום א טאָג פאַר חנוכה פון שטוב צו שטוב פאנפּאָלי דער שמש מיט א לאַנגען שטעקען און מיט א לאַנטערען און רופט צע־נויף די „גאַנצע שטאָדט“ צום ערשטען ליכטעל אין „הויף“ אריין אויף לאַטקעס. הייסען הייסט פּאנפּאָלי, אייגענטליך, ישראלי, נאָר רופען רופט מען איהם „פּאנפּאָלי“ דערפאַר, וואָס ער פּאָנפּעט מחילה שטארק אונטער דער נאָז און זאָגט:

— מע האָט אייך הענאָזט בעטען אין „הויף“ אַניין צום ענשטען נעכטעל אויף נאַטקעס של חנוכה!

און נאָר אין דער שטאָדט קאפּעלישעל, וואו א מינדסט קינד קען פּאנפּאָלי דעם שמש, קאָן מען זיך שטויסען, אז דאָס הייסט:

— מע האָט אייך געלאָזט בעטען אין „הויף“ אריין צום ערשטען לעכטעל אויף לאַטקעס של חנוכה.

דער נאָמען „לאַטקעס של חנוכה“ געהערט טאקי צו פּאנפּאָלי'ן; דאָס האָט ער אליין טאקי צוגעזעצט די צוויי ווערטער „של חנוכה“, וואָס ער זאָגט זיי פון יאָהר צו יאָהר מיט'ן זעלבען ניגון, וואָס מע בענשט חנוכה־ליכטלעך, און דאָס אינאיינעם מיט זיין פּאָנפּעוואטע לשון, אז ער זינגט נאָך אביסעל צו, האָט דאָס טאקי דעם זיעבע־

טען חן. די שטאָדט קאַפּעלישעל ווערד דערפון נישט נתפעל. די שטאָדט קאַפּעלישעל איז שוין דערצו געוואָהנט. וואָרום אַזוי איז געווען פאַר־אַ־יאָהרען אין דער צייט, אַזוי איז געווען פאַר צוויי יאָהרען, פאַר דריי יאָהרען און אַלע יאָהרען חנוכה. און אַזוי וועט מסתמא זיין, אם ירצה השם, אויך איבער אַ יאָהר און איבער צוויי יאָהר און איבער דריי יאָהר און אַלע יאָהר, כל זמן דער „הויף" וועט זיין אַ „הויף", די נגידים וועלען זיין נגידים און די שטאָדט קאַפּעלישעל וועט בעשטעהן פון קבצנים, דלפנים, עניים ואביונים, דליתים און כתריליקעס וכדומה נאָך אַזעלכע מינים אָרעמע לייט, וואָס האָבען דאָרט יתרו'ס נעמען און וואָס דרעהען זיך כמעט אַלע ארום „הויף" און וואָס ציהען כמעט אַלע פונ'ם „הויף" זייער פּרנסה, משטיינס געזאָגט... סיידען טאָמער חלילה דרעהט זיך איבער דאָס רעדעל, און די נגידים ווערען אויס נגידים, און די קבצנים ווערען אויס קבצנים. נאָר דאָס איז אַ זאַך, וואָס סע קאָן ניט זיין: מסתמא וועט זיך דאָס רעדעל מיט גאָט'ס הילף אַזוי גיך ניט אי־בערדרעהען; די נגידים וועלען, אם ירצה השם, בלייבען נגידים, און די קבצנים וועלען בלייבען קבצנים, ועולם כמנהגו נוהג — אַזוי איז דער מנהג פון דער וועלט, אז געלד געהט צו געלד, און צום שלים־מזל — שלים־מזל.

צו די דאָזיגע „לאַטקעס של חנוכה" גרייטען זיך אַלע: אי דער „הויף", אי „די שטאָדט", דאָס הייסט — אַלע באַיאַנער חסידים. דער „הויף" קוילעט גענז, פּרעגעלט שמאַלץ, קויפט מעהל און היי־ווען און רעשטשינעט לאַטקעס, און „די שטאָדט", דאָס הייסט די באַיאַנער חסידים, רעכטען זיך שוין לאַנג אויף דער סעודה, וואָס מע גרייט זיך אין „הויף". קיינער טאָר ניט פערעבענדיווען אין דער היים מיט'ן עסען, געפינען אַ חסרון אויפ'ן ווארמעס, פרעגען, צי ס'איז דאָ וועטשערע:

— מאָרגען, אם ירצה השם, אין „הויף" וועט מען דיר פאַר־בעסערען.

אזוי זאָגען די ווייבער צו זייערע מאַנען און זענען זיי מקנא, וואָס זיי זענען מאַנסבילען, זענען גרייט זיך בייטען מיט זיי, נישט נאָר אויף חנוכה — אפילו אויף נאָך חנוכה און אויף נאָך פורים, און אפילו אויף שטענדיג.

מעהר פון אַלע איז ערב חנוכה פערטאַרעראַמט, געוויינטליך, די נגידית הצנועה מרת ראציל שתחיה. אייגענטליך, איז הצנועה מרת ראציל שתחיה אַלע מאָל פערטאַרעראַמט אין קיך און אין קאַמער און אין די ספּיזשאַרנים, האָט פיינט זיצען צענויפגעלעגט די הענד און קאָן ניט ליידען, אַז יענער געהט אַרום אָהן איין ארבייט. די אַלע, וואָס דרעהען זיך אַרום „הויף", ווייסען שוין פריהער, אַז ווען מע זאָל ניט אריינקומען צו איהר אין שטוב אריין, וועט זי געפינען פון איטליכענס וועגען עפּיס איין ארבייט: פאָלגען אַ גאַנג אין מאַרק אריין, אַ שפּרונג טהון אויף איין פוס אין דער אַפּטייק, העלפען איבערהענגען דעם זייגער פון איין וואַנד אויף דער אַנדערער, צו־רעכט מאַכען דאָס פיסעל פון׳ם טיש, פערקלעפּען די פענסטער אויפ׳ן ווינטער, מאַכען אַ קריזשיק צו דער דייזשע אוגערקעס — קאָרג זאַכען געפינען זיך אין בעל־הבתישקייט? האָט קיין יסורים ניט, הצנועה מרת ראציל שתחיה פערשטעהט וועמען וואָס פאַר איין ארבייט עס פּאַסט. זי וועט ניט פערלאַנגען, למשל, פון אַלטער גאָרגעל, ער זאָל אַרויפקלעטערען אויפ׳ן בוידעם אַבטונג געבען, צי דער פּיטשניק האָט גוט פערשמירט די לעזשנים, אָדער פון שואליק טראַסק, ער זאָל זיך מטריח זיין אונטער׳ן אויוועז אַ קוק טהון, צי די עופות לעגען זיך, צי ניין?... דערפאַר אָבער לאָז אַריינקומען צו איהר אַ בחור׳על טאָקי פון דער משפּחה, ער קאָן זיך זיין אַ חתן, פון דעסטוועגען מעג איהם אָנשטעהן, נישקשה, זיך צו־זעצען אויף אַ ווייל'ע, צענעמען די הענד און העלפען דער מוהמע ראַצלען אָפּוויקלען אַ פּאַסמע בייוועלעך. און ווער שמועסט, אַז עס קומט אריין אַזעלכער, וואָס קען אין די קליינע אותיות, איז ער ניט קליין איבערלייענען איהר אַלע סיגנאַטורקעס, וואָס די דאָקטוי־

רים האָבען איהר אַמאָל פערשריבען. מיט איינעם וואָרט: איט־ליכער מענש איז מחויב, יענער זאָל פון איהם האָבען עפּיס אַ נוץ.

מעהר פון אַלעמען קומען איהר צונוץ די מלמדים וואָס אין „הויף". מיט זיי טהוט הצנועה מרת ראציל שתחיה כל עבודת־פּרך — פון דער פּאַמעניצע ארויסגיסען ביז די עופות אָפּטראָגען צום שוחט. און אפילו די קאַץ פערבינדען אין אַ זאַק און פערטראָ־גען הינטער דער שטאָדט, זי זאָל מכות קומען צוריק — דאָס מעג טהון נישט נאָר דער דרדקי, אפילו דער גמרא־מלמד.

ב.

די אַלע אויסגערעכענטע פּאַרשוינען דרעהען זיך אַרום אין „הויף" און בעדיענען די נגידים אָדער מחמת געטריישאַפט, אָדער מחמת נוים. צווישען זיי איז פאַרהאַן דאָרטען איינער אַ פּאַרשוין, וואָס שפּיעלט אין „הויף" די ראָלע פון אַ ראש וראשון און פון אַ כל־וֹלך, און דערפאַר טאַקי רופט מען איהם אין קאַפּעלישעל „נתי כל־וֹלך". וואָס, אייגענטליך, איז די עובדה זיינע אין „הויף"? — דאָס לאָזט זיך ניט זאָגען. ער איז אַ טהוער, אַ מאַכער, אַ טענצער, אַ יועץ, אַ סאַרווער, אַ הערט־ער, אַ זאָגט־ער — בקיצור, אַ „כל־וֹלך" און געגוג! וויל דער „הויף" עפּיס דורכפּיהרען אין שטאָדט, שיקט מען רופען נתי'ן און מע הייסט איהם, ער זאָל אַזוי און אַזוי... דאַרף די שטאָדט עפּיס דורכפּיהרען אין „הויף", קומט מען צו נתי'ן און מע זאָגט איהם דאָס און דאָס... צי פּועל'ט דער „הויף" ביי דער שטאָדט אַלסדינג, וואָס ער וויל — דאָס איז קיין ספק ניט, וואָרום פון וואנען לעבט דענן די שטאָדט, אז ניט פונ'ם „הויף"? נאָר צי פּועל'ט די שטאָדט ביי'ם „הויף" — דאָס וועל איך אייך ניט זאָגען. ה א ל ב פּועל'ט די שטאָדט אַלע מאָל, וואָרום דער „הויף" האָט פון תמיד אָן איין תירוץ: „ל אָ ז ד י ש ט אָ ד ט ג ע ב ע ן ד י ה ע ל פ ט, ו ו ע ל ע ן מ י ר ג ע־

*בען די אַנדערע העלפט*"... אי פיין, אי קלוג, אי ליטויש, אי נישטאָ צו וואָס צו טשעפּען זיך...

— וואָס האָב איך אייך געזאָגט? — מאַכט נאָכדעם נתי כל־ולך צו דער שטאָדט מיט אַ צוקער־זיס שמייכעלע און מיט אַ מאָדנעם ניגון און בויגט זיך איין בשעת מעשה אין דרייען: — אדרבה, גיט מיר די העלפט, וועלען זיי געבען די אַנדערע העלפט, אם ירצה השם, מיט גאָט'ס הילף...

די שטאָדט ווייסט גאַנץ גוט, אַז ס'איז שקר וכזב, און נתי אַליין ווייסט אויך, אַז די שטאָדט ווייסט, אַז ס'איז שקר וכזב, נאָר נתי טהוט דאָס דערפאַר, ווייל ער איז אַ נכנע דעם "הויף", איין עבד כנעני, איבערגעגעבען ממש מיט לייב און לעבען און מיט איין אמת, וואָרום זינט נתי כל־ולך איז אַ "כל־ולך" אין "הויף", געדענקט נישט קיינער, און ער אַליין אויך נישט, אַז ער זאָל זיך מאַכען איין אייגענע קאַפּאָטע, אָדער אַ פּאַליטאָ, אָדער אפילו, איך בעט איבער אייער כבוד, אַ פּאָר הויזען — אַלסדינג פון'ם "הויף", אַלסדינג פון'ם "הויף". און דער "הויף" ווייסט, אַז נתי כל־ולך איז זיי געטריי, ווי אַ געטרייער הונט, איבערגעגעבען מיט לייב און לעבען. דער "הויף" ווייסט, אַז נתי וועט נישט דערלאָזען, עמיצער זאָל עפּיס הנאה האָבען פון'ם "הויף" מעהר וויפיעל מע בעדאַרף... די נגידים אין דער שטאָדט קאַפּעלישעל הייסען "די שטיינער", און נתי — "דער שומר פון די שטיינער", און מע האָט איהם פיינט און מען איז איהם דם־שונאים, דערפאַר, וואָס ער היט די "שטיינער", ליגט ווי אַ הונט אויף אַ וואָגען היי, און מע האָט פאַר איהם דרך־ארץ, דערפאַר, וואָס ער איז אַ חשוב ביי "די שטיינער", כל־ולך אין "הויף".

ג.

נתי כל־ולך איז אַ מענש איין *אינוועניגסטער*, ווייסט אַלסדינג, וואָס *אינוועניג* טהוט זיך, האָרכט אַלס־

דינג, וואָס די נגידים רעדען צווישען זיך איינס אויף דאָס אַנדערע, ווערד געוואָהרע פריהער פון אַלעמען פון די אינטריגעס, וואָס קומען דאָרטען פאָר, לעגט־צו איין אויהער וואו מע בעדאַרף און קאָן האַל־טען מויל. פאַר נתי'ן שעמט מען זיך ניט און מע קאָן רעדען וואָס מע וויל.

נתי כל־זלך איז אַ מענש אַיין אויסוועניגסטער, ווייסט וואָס אין שטאָדט טהוט זיך, האָרכט זיך צו וואָס מע רעדט, טראָגט אַרוים פון „הויף" אין דער שטאָדט אַריין אַלסדינג, וואָס סע פּאַסט, די שטאָדט זאָל עס וויסען, דערצעהלט כלומר'שט אַזוי זיך, פאַרבייגעהענדיג, כמסיח לפי תומו, די גרויסקייט פונ'ם „הויף", דאָס עשירות פון „די שטיינער", זייערע צדקות, וואָס זיי צעטיי־לען, מיט זייערע אַלע מעשים טובים.

נתי כל־זלך, מחמת ער איז אַ מענש אי איין אינוועניגסטער, אי איין אויסוועניגסטער, ווייסט ער אַלסדינג, וואָס אין שטאָדט טהוט זיך, וואו אַ נייעס און וואו אַ פּאַטשט, טראָגט אַפּ אין „הויף" אַריין אַלע פּליאָטקעס מיט אַלע רכילות'ען, קומט צו־געהן אַלע מאָל מיט גאַנצע פּעק נייעס, פרעמ־דע און אייגענע, דאָס הייסט, אַזעלכע, וואָס ניט געשטויגען, ניט געפלויגען, און דאָס האָט ליעב דער „הויף".

— נתי, דערצעהל וואָס הערט זיך עפּים נייעס?

און נתי דערצעהלט, און דער „הויף" הערט זיך איין און לאַכט און קוועלט און לעקט די פינגער.

נתי כל־זלך ווייסט וואו איין און וואו אויס. אז עס געהט איהם אויס שטאָף, טראָגט ער אויס אַ נעכטיגען טאָג, פיהרט צענויף אַ וואַנט מיט אַ וואַנט, מאַכט אַן מחלוקת צווישען „הויף" און צווישען דער שטאָדט, פערפּלאָנטעט איין אינטריגע, וואָס דערגעהט צו זיד־לערייען, צו מסירות און צו פּעטש, און ער אַליין טאַקי ווערד נאָכ־דעם דער מתווך, גיט צו פערשטעהן דער שטאָדט, ווי איין עבטער דיפּלאָמאַט, אז מע בעדאַרף זיך מיט'ן „הויף" ניט קריעגען. פאַרט

א „הויף“, וואָס פון איהם לעבען, קיין עין הרע, אזוי פיעל אידען... און נתי געפינט אַ פשרה, מאכט אַ שלום, ביז דעם נייעם קריעג.

נתי כל־ולך האָט צו שאַפען אין „הויף“ איבער אַלסדינג: אי־בער די מלמדים, איבער די פערד און וועגעלעך און איבער די דיענ־סטען. ער טראָגט אויפ'ן קאָפּ אַלסדינג: די מצה שמורה, דאָס גרינס אויף שבועות מיט'ן סכך צו דער סוכה, די כפרות מיט די הושענות מיט'ן אתרוג — אומעדום, אין יעדען אָרט, צו יעדער צייט איז נאָר נתי און נאָר נתי.

— וואו איז נתי? למאי זעהט מען ניט נתי'ן? געהט צו נתי'ן!

און נתי, אַ אידעל מיט גרויסע באַנקעוואַטע אויגען, מיט אַ געקרייזעלט קעפּעלי, ווי ביי אַ שעפּעלי, און מיט אַ גלאַט פּנים, וואָס סע וויל ניט וואַכסען אויף דעם קיין באָרד, אחוץ צוויי־דריי רויטע פעדימלעך, איז תמיד פערטאַרעראַמט, האָט שטענדיג קיין צייט ניט, לויפט אַרום, ווי אַ פער'סמ'טע מויז, שוויצט און אַרבייט געשמאַק, דיענט געטריי, טהוט אַלסדינג ערנסט, מיט כונה — „לשמה“.

ד.

נתי'ס גרויסקייט מיט נתי'ס גבורות מיט נתי'ס בריה'שאַפט זעהט מען אַרויס ערשט דעמאָלט, ווען אין „הויף“ איז עפּיס אַ שמחה, אַ חתונה, אַ ברית, אַ קנס־מאָל, אַ פּדיון־הבן, אַ בר־מצוה, אַ סעודה, אַ קערמעשעל און גלאַט אַ יום־טוב. דעמאָלט פערשטעקט נתי די פאָלעס, פערקאַטשעט די אַרבעל ביז די עלענבויגענס, מאכט מיט הענד און קאָמאַנדעוועט.

מיינט ניט, אַז קאָמאַנדעווען, שאַפען זיך מיט יענעם איז אַ קליינינקייט. קאָמאַנדעווען דאַרף מען קאָנען, קאָמאַנדעווען הייסט — אַליין נישט טהון גאָרניט, פון דאַנען אַהין, פערלאָזען זיך אויף יענעם, נאָר די גאַנצע וועלט בעדאַרף זעהען, אַז סע טהוט זיך און

סע ארבייט זיך און סע קאָכט זיך. אנקוקען נתי׳ן ערב פּסח בשעת אריינפיהרען די מצה שמורה אין „הויף“ אריין — מעג מען געהן אויף חידושים. איינגעבויגען אין דרייען, לויפט ער ארום הין און צוריק, מאַכט מיט הענד און שרייעט אויף עטליכע לשונות מיט אַ מאָל:

— פּאַוואָלי, רב יענקעל! סטעראַזשנע, מיקיטאַ! היט זיך, מנשה! זרוקאָמי חלילה!

ערב שבועות, אַז ער בעדאַרף פּערזאָרגען דעם גאַנצען „הויף“ מיט גרינס, שעלט ער די גויים אויף וואָס די וועלט שטעהט:

— וואָזמי טאַבי טשאָרט, אַדער חאָלערא נאַ טוואָיו האָלאָווע!

און ערב יום־כּפּור, בשעת קוילען די כּפּרות, קוילעט ער זיך מיט די שוחטים:

— איך פרעג אייך, זאָגט מיר, אדרבה, ווער איז בילכער: דער „הויף“, צי די שטאָדט? ניין, איך מיין טאַקי באמת, אדרבה!

און ערב סוכות, בשעת בויען און דעקען און אויסהענגען די סוכה, — דעמאָלט טרעט ער ניט אָפּ פון דער ארבייט אויף קיין מי־נוט, טרייבט איטליכען בעזונדער אין האַלז און נאַקען:

— גיכער! שווידקאָ! ריהרט זיך! ניט אזוי! מיקיטאַ! נישקאָם־טישקאָם! אָט אזוי! בנציון! העכער! לעהמענער גולם!

און אויך חנוכה צום ערשטען ליכטעל איז נתי כּל־זולך פול מיט ארבייט, ווי, להבדיל, אַ פעלדמאַרשאַל, בשעת ער בעדאַרף ארויסטרע־טען מיט׳ן חיל אין דער מלחמה. אַ קלייניגקייט — מע האָט צענויפגערופען אַ שטאָדט מיט אידען, באַיאַנער חסידים, צענויפגע־טריבען, קיין עין הרע, אזוי פיעל אָרעמע לייט, און ער, איין מענש אליין, בעדאַרף פערזאָרגען אַלעמען מיט ערטער, מיט טעלער, מיט גאָפּלען און מיט מעסערם. אמת, ער האָט געגוג העלפערם: אַלע דיענסטען, מיט אַלע משרתים, די אידישע און די גויעשע, מיט אַלע מלמדים פונ׳ם „הויף“, מיט גלאַט אידען און ווייבער, וואָס דרעהען זיך אין „הויף“ און ארום „הויף“, לעקען און שמעקען, האַפּען אַ

מאָל אַ פֿערדיענסטעל, אַ מאָל אַ גמילות־חסד און אַ מאָל גלאַט, ניט אויסגערעדט זאָל זיין, אַ נדבה, איין אַלט מלבוש'על, אַ ביסעל מעהל אויף שבת, שמאַלץ אויף יום־טוב אָדער איינגעמאַכטס אויף אַ רפואה. פון די דאָזיגע פֿארשוינען האָט נתי אַ גאַנצע אַרמיע העל־פֿערס, וואָס קריכען אין דער ערד אריין, זענען זיך מחיה, וואָס זיי קומען אויך אַמאָל צונוץ. די דאָזיגע אַרמיע אַרבייט געטריי, וואָרום זי איז הונגעריג, און נתי דער פֿעלדמאַרשאַל, אונטערגעשטעקט די קאַפּאָטע און פֿערקאַטשעט די אַרבעל, קאָמאַנדעוועט אויף אַ קול:

— רב אברהם־זלמן, אהערצוצו! אַ טעלער אויף צווייען! פֿעסיל, די זאַלץ! לחיים, רב חיים! מיקיטאַ, וואָזמי טאָבי טשאָרט! רב פּייסי, רב פּייסי, נעם * אַביסעל, מהכתיתי! מיט די ידים, רב זרח! אויסגעגאַנגען גאָפּלען! רב שעפּסעל, רב שעפּסעל, אַנו נעם קאָרשט אַ שנעפּסעל! דיענסטען! סאַרווערס! נאָך לאַטקעס!

און דער עולם, באַיאַנער חסידים, צום מיינסטען אָרעמע לייט, קבצנים, דלפֿנים, עניים ואביונים, דליתים און כתריליקעס, האָבען זיך צוגעהאַפּט צו די „לאַטקעס של חנוכה", עסען גאַנץ געשמאַק, טונקען די הייסע מחיה'דיגע לאַטקעס אין דער פֿרישער שמעקענדיגער שמאַלץ, און דער ריח צעגעהט זיך אין אַלע אברים, און דער טעם איז טעם גן־עדן, און דער בראָנפֿען איז שטאַרקער בראָנפֿען, פֿערקאָכט ביי'ם הארצען, עס שטעלען זיך זוש טרערען אין די אויגען, און נתי כל־וולך, דער פֿעלדמאַרשאַל, קאָמאַנדעוועט:

— טרינקט, אידען, לחיים און פֿאַרבייסט מיט הייסע לאַטקעס של חנוכה!

---

* די באַיאַנער חסידים צווישען זיך איהרצען זיך ניט, זאָגען איינס דעם אַנדערען „דו".

ה.

און דאָרטען, אויבענאָן, זיצט דער „הויף“, דער גאַנצער „הויף“, און קלויבט נחת. אַלע ברידער, די „שטיינער“, מיט אַלע שוואָגערס, אַלע זייערע זיהן מיט אַלע איידעמס, קיין עין־הרע, איינס און איינס, אַלע שענע אידען, אַלע באַיאַנער חסידים, אַלע אָנגעטהאָן יום־טוב׳דיג, אין זיידענע קאַפּאָטקעלעך, קיילעכיגע יאַר־מעלקעלעך, אויסגעפּוצטע שטיוועלעך; און די ווייבער, די יפת־תואר׳ס, — בעזונדער, געוויינטליך, ארום א טיש, אַלע איינגעטונ־קען אין סאַמעט און אין זייד, אַלע בעהאַנגען מיט גאָלד, מיט פּע־רעל, מיט דימענטען און בריליאַנטען.

— נתי, וואו ביזט דו ערגיץ אין אַל־די גוטע יאָהר? נתי, קום נאָר אהער, נתי!

קומט צו־לויפען נתי, איינגעבויגען אין דרייען.

— הא? וואָס? וואָס איז?

— וואָס זיצט עפּיס דער עולם אַזוי דאָסיג? זעה נאָר, סע זאָל ווערען א ביסעל דאָסיגער!...

און נתי, וואָס פערשטעהט אַלע מאָל אויפ׳ן וואונק, שטויסט זיך אָן וואָס מע מיינט, וואָס דער „הויף“ פערלאַנגט, און טהוט זיך א לאָז טיעף אין עולם אריין, און רוימט איין א סוד אין אויהער וועמען מע בעדאַרף, — דערויף האָט שוין נתי זיינע לייט: די שוחטים, מיט די רבנים, מיט די מלמדים, מיט די איבעריגע מענ־צערס, וואָס טאַנצען ארום „הויף“; למשל, א מין ירחמיאל קאַלעק־טאָר, אפרים האיאָל, הערשקע פּייפער, אַלטער גאָרגעל, שואליק טראַסק, וכדומה נאָך אַזעלכע לייט, וואָס זענען נעבאָך גרייט אַלע מאָל, צו יעדער צייט, אפילו אין מיטען האַלבע נאַכט, צוליעב פּרנסה, זיך נעמען מיט׳ן גראָבען פינגער פאַר׳ן גאָרגעל, זינגען דעם אמת׳ען באַיאַנער ניגון און פריילֿיך מאַכען דעם „הויף“ לכבוד די געסט און לכבוד יום־טוב און לכבוד די „לאַטקעס של חנוכה“.

אויך דער גאַנצער איבעריגער עולם באַיאַנער חסידים העלפט בלומר'שט זינגען, נאָר בשעת מעשה ליגט זיי גאָר דער קאָפּ ערגיץ ווייס איך וואו, אין דער היים, ביי די אָנגע'ברוגז'טע ווייבער, אַז אָך און וועה איז צו זייערע יאָהרען, און ביי די הונגעריגע קינדער נעבאָך, וואָס קעהרען שוין ליגען מיט לעדיגע מאָגענס אויף זייערע געלעגערס און עס חלום'ען זיך זיי מסתמא בעטלערס... אוי־וועה. עס הויבט זיי גאָר ניט אָן צו נעמען קיין געזאַנג אצינד, נאָר זיי מוזען, זיי מוזען אונטערשטופּען די קאַרעטע, וואָרום נתי כל־ולך טרייבט זיי אונטער, ער פּליעסקעט מיט די הענד, העצקעט זיך און טענצעלט זיך און שרייעט:

— פריילוך, אידען, שטאַרקער!

און בשעת מעשה דערלאַנגט ער זיינע אדיוטאַנטען, די שוחטים מיט די מלמדים מיט די מקבלים, דעם א רוק אין זייט אריין, דעם א סטוסאַק אין האַלז אריין, אַזוי לאַנג, ביז מע נעמט זיך פאַר די הענד, מע מאַכט א גרויסע ראָד און מע געהט א ריקוד'על, מע נעמט אריין אויך די נגידים, די „שטיינער", אין קאָהן אריין, מע טופּעט און מע העפּעט און מע פּליעסקעט מיט די הענד, און אין מיטען דער ראָד שפּרינגט עפּיס איינער א נפש און וואַרפט זיך מיט הענד און מיט פיס, מע זעהט ניט קיין פּנים, מע זעהט ניט קיין קאָפּ; מע זעהט נאָר פיס פליהען אין דער לופטען, פיס, אָהן א שיעור פיס, און צוויי הענד טעלעבענדען זיך אין דער הויך מיט ווייסע ארבעל, און א געקרייזעלט קעפּעלי, ווי ביי א שעפּעלי, שעמערירט אין די אויגען, און א קול הערט זיך פון'ם דאָזיגען נפש — שוין הייזעריג אַזש:

— פריילוך, אידען, שטאַרקער!

מע זינגט און מע פּליעסקעט, מע טופּעט און מע העפּעט אַזוי לאַנג, ביז מע מיעדט זיך איין, און מע נעמט נאָך א מאָל צו ביס־לעך משקה, און מע טרינקט לחיים צו די נגידים, צו די „שטיינער", מע ווינשעוועט זיי אַל־דאָס־גוטס מיט פיעל נחת מיט א סך עשירות,

און מע פּאַטשט זיך אין די פּלייצעס, און מע זאָגט זיך איינס דאָס אַנדערע שטעכווערטלעך, און מע לאַכט, מען איז כּלומרשט פריילעך, אויפגעלעגט, יום־טוב׳דיג, גלייך ווי עס נעהט זיי נאָרנישט אָפּ, גלייך ווי ס׳איז זיי גוט ווי די וועלט...

און דאָרטען, אויבען־אָן, זיצט דער „הויפּ“, דער גאַנצער „הויפּ“, און קלויבט נחת — אַלע ברידער, די „שטיינער“, מיט אַלע שוואָגערס, מיט אַלע זייערע זיהן און מיט אַלע איידעמס, קיין עין־הרע, איינס און איינס, אַלע שענע אידען, אַלע באַיאַנער חסידים, אַלע אָנגעטהאָן יום־טוב׳דיג, אין זיידענע קאַפּאָטקעלעך, קיילעכיגע יאַרמעלקעלעך, אויסגעפּוצטע שטיוועלעך; און די ווייבער, די יפת־תואר׳ס, — בעזונדער, געוויינטליך, אַרום אַ טיש, אַלע איינגעטונקען אין סאַמעט און אין זייד, אַלע בעהאַנגען מיט גאָלד, מיט פּערעל, מיט דימענטען און בריליאַנטען.

שפּעט אין דער נאַכט געזעגענט זיך אָפּ די שטאָדט מיט׳ן „הויפּ.“

— אַ גוטע נאַכט, און אַ גוטען יום־טוב, און אַ גוטען תמיד, און זייט געזונט, און דערלעבט איבער אַ יאָהר מיט אייערע ווייב און קינדער, און איהר זאָלט זיין נאָך רייכער, און איהר זאָלט האָבען פיעל נחת, און מיר זאָלען אַלע מאָל געהן צו אייך אויף שמחות!

און דער „הויפּ“ זיצט און הערט־אויס די ווינשעוואַניעס גאַנץ קאַלטבלוטיג, און ענטפערט איינעם איבער׳ן צעהנטען:

— גם אתם! גם אתם!

און די שטאָדט שטופּט זיך צום „הויפּ“, הערט ניט אויף צו ווינשעווען אַלע אויף איין שניט, אַלע מיט איין נשמה, און קיינעם פאַלט ניט איין אויף דער מחשבה, ער זאָל איבערבייטען די ווינשעוואַניע אַט אַזוי, למשל:

— אַ גוטע נאַכט, און אַ גוטען יום־טוב, און אַ גוטען תמיד,

און לאָמיר אויך זיין געזונט, און לאָמיר אויך דערלעבען איבער אַ יאָהר מיט אונזערע ווייב און קינדער, און לאָמיר זיין רייכער פון אייך, און לאָמיר אויך האָבען נחת, און געהט איהר צו אונז אויף שמחות!...

ז.

דער זייגער האָט שוין לאַנג אויסגעשלאָגען האַלבע נאַכט, און דער „הויף" ליגט שוין לאַנג און שלאָפט מיט׳ן זיסען שלאָף, און דאָרט, אין דרויסען, אויף׳ן באַרג פון דער שטאָדט קאַפּעלישעל, שלעפען זיך נאָך עטליכע אידען, באַיאַנער חסידים, מיט צעריסענע טולופּלעך, וואָס געהען פונ׳ם „הויף", פון די „לאַטקעס של חנוכה". דער טיעף־אויסגעפּאַלענער קלאָר־ווייסער שניי סקריפּעט אונטער זייערע פיס און די זילבער־ווייסע לבנה בעלייכט די פערפינסטערטע פנימ׳ער פון די אָרעמע אידען, וואָס געהען אָנגעבויגען, און דעם דאָ־זיגען קלאָר־ווייסען שניי, וואָס גלאַנצט אין די אויגען ווי דימענטען, פינקעלט ווי בריליאַנטען.

„וואָס וואָלט, אַשטייגער, געאַהרט דעם רבונו־של־עולם, — אַזוי טראַכטען זיך די דאָזיגע אָרעמע אידען — ווען, למשל, די דאָזיגע שנייעלעך זאָלען טאַקי זיין אמת׳ע דימענטען און אמת׳ע בריליאַנ־טען? מע בויגט זיך אָן און מע נעמט אָן פולע זשמענים און מע שטופּט אָן אַלע קעשענים און מע קומט אַהיים און מע זאָגט צום ווייב: „נאַ דיר, אסתר, טהו מיט דעם, ווי דו פאַרשטעהסט. ווילסטו — מאַך דיר דערפון ציערונג, ווילסטו — מאַך דיר דערפון געלט, ווילסטו — מאַך דיר דערפוןביידע זאַכען, אַבי לאָז מיך צורוה, איך זאָל פאַרשפּאָרען אָנקומען צום „הויף" און צו די „שטיי־נער", און צו נתי כל־ולך, און צו זייערע לאַטקעס, ווי מיר זאָגען אַלע טאָג אינ׳ם בענטשען: „ואל תצריכנו לידי מתנת בשר ודם"...

פּלוצים הערט זיך אַ קול אין דער שטילשווייגעניש פון דער נאַכט:

— ס'זאָל אַ רוח אין זיין טאַטענס טאַטענס טאַטען אריינגע־פלויגען ווערען ביז אָדם הראשון'ען!

דאָס קול איז אַזוי פּלוצים־אומגעריכט, אַז אַלע אידען, וואָס זע־נען ביז אַהער געווען פערטיעפט אין גילדענע מחשבות, חלומות אויף דער וואָהר, טהוען זיך אַ וואָרף, קוקען זיך ארום:

— ווען איז? ווען שעלסט דו דאָס אַזוי געשמאַק?

— ווען איך שעלט? אָט דעם שייגעץ, דעם כלב שבכלבים, ימח שמו וזכרו! ער איז ערגער פון זיי! ער איז מעהר שטיין פון די „שטיינער"!

— וואָס האָסט דו צו איהם? נתי איז דער איינענער קבצן, וואָס דו!

— אַ קבצן איז נתי? אויף מיר געזאָגט געוואָרען האָטש האַלב ביז איבער אַ יאָהר אין דער צייט.

— קיין גרעסערע השגה האָסט דו גאָר ניט?

— דערווייל לאָז מיר גאָט העלפען דאָס, און נאָכדעם וועלען מיר שוין זעהען.

— אמן, לאָז דיר גאָט העלפען, ווי דו ווינשט זיך אַליין.

— אמן, גם אתם!...

און עס ווערד ווידער שטיל. און די אָרעמע אידען, די באַיא־נער חסידים, מיט די צעריסענע טולופּלעך, טאַפּקען מיט די פּיס איבער'ן טיעף־אויסגעפאַלענעם קלאָר־ווייסען שניי; און די זילבער־ווייסע לבנה בעלייכט זייערע פינסטערע פּנים'ער און דעם דאָזיגען קלאָר־ווייסען שניי, וואָס גלאַנצט אין די אויגען אַזוי ווי דימענטען, פינקעלט ווי ברילי־אַנטען. און די אָרעמע אידען פערטיעפען זיך ווידער אין זייערע גילדענע מחשבות, חלומות אויף דער וואָהר, נאָרען זיך איין אין די צעריסענע טולופּלעך און לויפען־לויפען אהיים.

# קאָנקורענטען

## א.

דעם גאַנצען טאָג פּורים האָט מנשה דער בחור מיט די גרויסע שטיוועל געקנאָטען די מאַזעפּעווקער לעהמיגע בלאָטע, און פּיני דער אַלמנה'ס האָט געטיאַפּקעט מיט די קרומע פּיס.

זיי האָבען געטראָגען שלח־מנות.

מנשה דער בחור האָט געהאַט פּורים אין מאַזעפּעווקע די „גרעס־טע פּראַקטיקע".

ער האָט געהאַט אַ פּאָר היבשע פּיס, וואָס האָבען געקאָנט אַר־בייטען.

ער האָט געהאַט אַ פּאָר היבשע הענד, וואָס האָבען געקאָנט טראָגען עטליכע בעקענס שלח־מנות מיט אַ מאָל.

ער האָט געהאַט דערצו אַ געזונטען קאָפּ אויף צו געדענקען, וואוהין מע דאַרף געהן פריהער, און וואוהין — שפּעטער, וואוהין מע דאַרף טראָגען ד ע ם שלח־מנות, און וואוהין — י ע נ ע ם שלח־מנות.

היינט די שטאָדט אַליין בעדאַרף מען קענען — ס'איז אויך ניט קיין קלייניגקייט.

און וואָס וועט איהר זאָגען מכח „פערבייטען די יוצרות"?

וואָס פאַר אַ פּנים וועט איהר, אַשטייגער, האָבען, אַז איהר וועט רבקה'ס שלח־מנות, וואָס איהר דאַרפט אָפּטראָגען צו לאה'ן, אָוועקטראָגען צוריק צו רבקה'ן, אָדער פערקעהרט?

איהר מיינט, ס'האָט זיך ניט געטראָפען אַזאַ מעשה ביי אונז אין מאַזעפּעווקע?

עס האָט זיך געטראָפען. און ס'איז דערפון אַרויס אַ מחלוקת, מיט פּעטש, מיט מסירות אין דער גובערניע, מיט אַ רעוויזאָר, מיט אַ סליעדאָוואַטעל, מיט פאַלשע עדות, מיט דריטהאַלבען יאָהר טורמע — אַ מיאוס'ע, זעהר אַ מיאוס'ע מעשה!

אַלע אידישע מעשיות, אַלע אומגליקען ביי אונז הויבען זיך אָן פון אַ קלייניגקייט.

דערפון, וואָס מאָטעל דער וויינער האָט נישט געגעבען דוד־לייבען קיין עליה שבת־בראשית, האָט דוד־לייב איהם גע'מסר'ט, אַז ער רויכערט בראָנפען בשתיקה — האָט מען איהם מיט נאָך צוויי אידען פאַרשיקט סיביר.

דערפון, וואָס מע האָט געקליבען אַ ראַבינער אין אַ שטעדטעל, האָט איין איד גע'מסר'ט דעם אַנדערען, אַז ער האָט צוגעשטעלט אַ פאַלשע לגאָטע צום פּריזיוו...

וואָס דאַרפט איהר מעהר? נעמט די מגילה אַליין! דערפון, וואָס מרדכי האָט נישט געוואָלט קניהען און בוקען זיך צו המנ'ען, איז אַרויס פונ'ם קעניג אחשורוש איין „אוקאַז", און מע האָט שיער ניט אויסגעקוילעט אַלע אידען.

אַ גליק, וואָס דער קעניג אחשורוש האָט געהייסען, מע זאָל איהם אַריינפיהרען ושתי'ן אַ נאַקעטע (אַזוי האָט אונז דער רבי נעטייטשט), און אַ גליק, וואָס ושתי האָט נישט געוואָלט אַריינקו־מען, איז ביי איהר אויסגעוואַכסען אַ האָרן אויפ'ן שטערן (אַזוי האָט אונז דער רבי געטייטשט), און אַ גליק, וואָס מע האָט געזוכט דעם קעניג אחשורוש איין אַנדער מלכה, האָט זיך געפונען אַ אידיש מיידעל אסתר, און אַ גליק, וואָס אסתר האָט געפונען חן אין די

אויגען פונ׳ם קעניג אחשורוש, האָטש זי איז געווען אַ גרינגע (אַזוי האָט אונז דער רבי געטייטשט), — האָט זי גע׳פּועל׳ט ביים קעניג אחשורוש, מע זאָל איבערמאַכען דעם „אוקאַז״ פון די אידען אויף די גויים, — און פון דעמאָלט אָן עסען מיר אַלע יאָהר המן־טאַשען מיט מאָהן, קישעלעך מיט פאַרפעלעך, פּורים־קוילעטש מיט זאַפראַן, און מיר שיקען זיך איינס דאָס אַנדערע שלח־מנות, און מנשה דער בחור פערדיענט געלד.

מנשה דער בחור איז אָבער ניט איינער אין מאַזעפּעווקע, וואָס טראָגט שלח־מנות און פערדיענט געלד; ער זאָל זיין איינער אויפ׳ן יאריד, וואָלט ער געגאַנגען אין גאָלד! דער חסרון איז, וואָס אומע־דום, אומעדום איז די קאָנקורענציע.

מנשה האָט אין זיין פּרנסה גענוג קאָנקורענטען, וואָרום אין מאַזעפּעווקע זענען פאַראַן, ברוך השם, גענוג אָרעמע בחורים מיט אָרעמע מיידלעך, נישט חלילה קיין דיענסטמיידלעך, נאָר בעל־הבתי׳שע מיידלעך, טאַטענס קינדער און גלאַט אָרעמע געפאַלענע אידען, וואָס קוקען אַרויס אויף דעם טאָג פּורים אַ גאַנץ יאָהר.

דער טאָג פּורים — דאָס איז זייער מאַרק־טאָג, זייער יאריד.

איינער פון די גרעסטע מנשה׳ס קאָנקורענטען איז געווען פּיני דער אַלמנה׳ס מיט די קרומע פיס.

אַ קאָנקורענט מיט קרומע פיס איז אפילו ניט אַזוי געפעהרליך ביי אַזאַ איין אַרבייט, וואו די פיס שפּיעלען די גרעסטע ראָלע, ובפרט פאַר מנשה׳ן, וואָס האָט מיט איין שפּאַן געקאָנט אַריבער־שפּאַנען דריי אַזעלכע, ווי פּיני דער אַלמנה׳ס.

נאָר דוקא אָט די קרומע פיס, וואָס ביי פּיני׳ן, זענען געווען פאַר מנשה׳ן אַ שחיטה.

ניט איין מאָל האָט מנשה געזאָגט צו פּיני׳ן:

— דו ווייסט, קרומאַק (אַזוי האָט איהם מנשה גערופען), דו ווייסט? איך בין דיר מקנא אויף דיינע פיס.

— געפונען וועמען מקנא צו זיין! — האָט איהם געענטפערט פיני און האָט בעהאַלטען די אויסגעבויגענע בייגעלדיגע פיס אונטער זיך.

— ווען איך האָב דיינע פיס, — האָט איהם מנשה געזאָגט און האָט פערדרויכערט אַ „ציגאַיער" פון אַ צענויפגעדרעהט שטיקעל פאַפּיער מיט עטליכע שטיקלעך טיטון — ווען איך האָב דיינע פיס, פאַרשפּאַר איך אַזוי צו האָרעווען. איטליכער האָט אויף מיר דעמאָלט רחמנות, און איך לעב מיר, ווי גאָט אין אדעס!

— ווי גאָט אין אדעס, חע־חע? — זאָגט איהם פיני און שטעלט ארוים מיט גדלות איין אויסגעבויגענע פיסעל, וואָס האָט אַ פּנים פון אַ האַלבען בייגעל. — און ווען איך האָב ד י י נ ע פיס...

— וואָס זשע וואָלט געווען, קרומאַק?

— איך וויים שוין וואָס סע וואָלט געווען! גיב מיר אַ ציה טהון פון „ציגאַיער", מנשה!

— ביזט ניט קראַנק קויפען טיטון, קרומאַק, ביזט דאָך אָנגעשטאָפּט מיט געלט! — זאָגט צו איהם מנשה און גיט איהם אַ ציה טהון פון זיין „ציגאַיער".

— אָנגעשטאָפּט מיט געלט, חע־חע? — זאָגט פיני און בעהאַלט צוריק דאָס פיסעל. — איך דאַרף אויסהאַלטען אַ מאַמע איין אַלמנה, און דו ביזט אַ פריי פייגעלע.

— חוץ דיין שאָדען אויף מיר געזאָגט געוואָרען! — זאָגט מנשה, פערציהט זיך מיט'ן „ציגאַיער" און לאָזט ארוים דעם רויך פון ביידע נעזלעכער פון דער נאָז.

ב.

מנשה דער בחור און פיני דער אלמנה'ס זעגען ביידע בית־המדרש־בחורים.

בית־המדרש־בחורים הייסען אויך אַזעלכע, וואָס האַלטען זיך גלאַט אויף אין בית־המדרש, וואָס וואַלגערען זיך אין בית־המדרש.

דאָס זענען עלענדע, פערבלאָנזעטע, צוגעשלאָגענע, פֿריבלודנע נפשות, אַזעלכע, וואָס קיין פערשריבענע אָרעמע לייט זענען זיי ניט, איבער די הייזער חלילה גערהען זיי ניט, נאָר זיי רייבען זיך אַרום די, וואָס לערנען אין בית־המדרש, פּאַלגען אַ גאַנג, הייצען די הרובע, זענען תמיד דאָ ביי אַ יאָהרצייט, ביי אַ סיום־התורה, ביי אַ חתונה, אָדער חלילה ביי אַ רייבער לויה.

בעטען — בעטען זיי ניט, נאָר מע גיט זיי אַליין.

זיי פערדיענען זיך זייער שטיקעל ברויט: איינער מיט זיינע געזונדע פיס, דער אַנדערער מיט זיינע קראַנקע פיס — פאַר רחמנות.

דאָרטען, וואו מנשה לויפט זיך אָן דעם גאַנצען טאָג און עס קומט צום בעצאָהלען איהם פאַר דער ארבייט, וואַכסט אויס פיני מיט די קרומע פיס און שטעלט זיך אַנידער ביי דער זייט אָהן ווערטער און קוקט אין די אויגען אריין.

— מע דאַרף איהם אויך עפּיס געבען, — זאָגט מען — אַ רחמנות, נעבאַך אַ קאַליקע.

מנשה שווייגט, נאָר פערדריסען פערדריסט דאָס איהם.

„אָט אַ בר־מזל! — טראַכט ער זיך. — נישט געטהאָן פון דאַנען אהין, און גענומען כמעט גלייך מיט מיר — אויסקרענקען זאָל ער דאָס!“

און פיני שווייגט, קלויבט אַ גראָשען צו־ג־אַ גראָשען.

— דו באַדאַרפסט שוין האָבען אַ מטמון מיט געלט! — זאָגט צו איהם מנשה.

— אַ מטמון מיט געלט? חע־חע! — ענטפערט איהם פיני מיט אַ קרום געלעכטערעל.

— דו וואַכסט דאָך איין אדיר! — זאָגט צו איהם מנשה.

— איין אדיר? חע־חע! — ענטפערט איהם פיני מיט'ן זעל־ביגען געלעכטער.

— וואָס וועסט דו טהון מיט אַזוי פיעל געלט, דו קרומאַק איינער?

— אזוי פיעל געלט? חע־חע! — ענטפערט איהם פיני אליץ מיט יענעם געלעכטערעל, וואס סע גלוסט זיך איהם דערפאר אנ־שפייען אין פנים, אדער ארפּלאזען א פּאר פּעטש.

— גלאט, סע גלוסט זיך מיר ניט פּאטשקען די הענט, — זאגט מנשה — ווייטער וואלט איך דיר אביסעל דורכבויקערען די ביינער.

— אנו, פּרוב נאר! — זאגט צו איהם פּיני און שטעלט ארויס זיינע בייגעלדיגע פּיסלעך.

פּיני ווייסט גאנץ גוט, אז מנשה וועט זיך אפילו ניט צוריה־רען צו איהם, ווארום מנשה האט שוין איינמאל געהאפּט איבער איהם א רעכטען פּסק.

ער האט איהם איינמאל געגעבען א שטופּ פון זיך, האט זיך פּיני איבערגעקעהרט דריי מאל מיט די פיס ארויף, איז אנגעפאלען אויף מנשה'ן דאס גאנצע בית־המדרש, איהם געוואלט דורם זיין.

— דו שייגעץ, דו הולטיי, דו רוצח! א קאליקע, א צער־בעלי־חיים נעמסט דו און שלאגסט איהם! ?

פון דעמאלט אן ריהרט זיך מנשה צו איהם נישט צו מיט קיין פינגער, נאר פיינט האט ער איהם — ער קאן איהם נישט אנקוקען!

ער האט איהם פיינט פאר זיינע קרומע פיס, פאר זיין קרום פּנים און פאר זיין קרום געלעכטערעל: „חע־חע!"

ער האט איהם פיינט פאר זיין קמצנות, פאר זיין קלויבען געלד, פאר זיין בעהאלטען זיך.

מנשה איז ניט אזעלכער; וויפיעל ער האט זאגט ער, און וואס ער פערדיענט פערלעבט ער.

מנשה האלט פון דער אכילה, האט ליעב א נאשעריי, א ציגאר־טיטון.

דערטאפּט ער עטליכע גראשען, קויפט ער באלד ברויט מיט הערינג אויף אנבייסען, א צוויי קארזשיקלעך מיט מאהן, א געפרוי־רענעם עפּעל, וואס אז ער געהט אפּ פון'ם פראסט, איז ער דאך

טאַקי מעם גן־עדן; און אַ מאָל טאַקי עטליכע באָקסערען, מיט אַ קאָנפעקט, מיט עטליכע ניסלעך.

דעמאָלט זעצט זיך אוועק אַקעגען איהם פיני מיט די קרומע פיס און קוקט איהם אין די אויגען אריין און בעלעקט זיך. קאָן דאָס מנשה ניט צוזעהען, טהוט ער איהם אַ וואַרף אַ שמיקעל באָקסער, אַ צוויי ניסלעך, ווי מע טהוט אַ וואַרף אַ הונט אַ ביינדעל:

— נאַ, קרומאַק, ווארג זיך!

נאָר מעהר פון אַלסדינג האָט איהם מנשה פיינט איבער איין אַנדער זאַך, וואָס סע ווערד דערצעהלט אין קאַפּיטעל ג.

ג.

עוזר דער שמש האָט אַ טאָכטער קריינדעל, אַ מיידעל פון אַריבער שלושים.

קריינדעל וואָלט געווען אַ שען מיידעל, זעהר אַ שען מיידעל, זי זאָל ניט געווען קינדוויי פּאָקען, אָדער די פּאָקען זאָלען זיך גע־ווען אויסשטעהן, און זי זאָל זיי ניט געווען אויסרייסען.

נאָר מחמת זי האָט קינדווייז געפּאָקט, און די פּאָקען האָבען זיך ניט אויסגעשטאַנען, און זי האָט זיי אויסגעריסען, איז איהר געוואָרען דאָס פּנים געשטופּעלט, ווי אַ רעשעטע.

קיין נדן האָט עוזר דער שמש ניט געהאַט אויף צו געבען, איז קריינדעל נעבאַך פערזעסען, נישט געווען פאַר איהר קיין חתן.

האָט עוזר דער שמש געוואָרפען איין אויג אויף איינעם פון די צוויי בית־המדרש־בחורים, אויף מנשה'ן און אויף פיני'ן.

עוזר דער שמש האָט זיך געשלאָגען מיט דער דעה, ווען פון די צוויי זאָל ער אויסקלויבען פאַר אַ חתן פאַר זיין טאָכטער קריינדעל.

מנשה איז אַ געזונטער יונג, אַ האָרעפּאַשנער, איז ער אָבער אַ גאָרנישט מיט אַ נישט, אַ נאַשער, איין אויסבערענגער; און פיני

איז א שטילער בחור, איין איינגעהאלטענער, היט אפּ א גראָשען, איז ער אָבער א קאַליקע.

ביי עוזר דעם שמש איז דער גורל געפאַלען אויף פיני׳ן, די שמש׳טע האָט אויך געהאַלטען בעסער פון פיני׳ן; דערפאַר וואָס פיני פלעגט זי „פאָלגען א גאַנג", העלפען ערב שבת ארויסטראָגען די פאָמעניצע, ברענגען זאמד פון אונטער׳ן בארג, וואָס פייט בית־המדרש, און פערשמירען טשאָלענט.

מנשה פלעגט איהר אויך העלפען איין ארבייט, און וואָס מנשה האָט אָפּגעטהאָן אין דריי מינוט, האָט דאָס פיני נישט געקאָנט אָפּ־טהון אין א טאָג; איז אָבער דערפאַר מנשה א גרויסער עזות־פנים. אז מע זאָגט איהם: „אנו, טראָג נאָר אריין אומיסטנע איין עמער וואַסער", — ענטפערט ער: „און אליין זענט איהר קליין?"

דערפאַר האָט אָבער קריינדעל מעהר געצויגען צו מנשה׳ן, ווי צו פיני׳ן מיט די קרומע פיס — און ס׳איז גאָר קיין חדוש נים: דער איז פאָרט א יונג מיט ביינער, און יענער — פאָרט א קאַליקע.

דער „קאַליקע" האָט אָבער נישט געדרימעלט. ער האָט אָנגע־ווענדט אַלע זיינע כחות, ער זאָל אויסנעמען מעהר פון מנשה׳ן.

ערשטענס, האָט ער זיך תמיד געדרעהט פאַר די אויגען, פלעגט זיך טיילען מיט לעקאַך נאָך א חתונה, אַלע מאָל אויסלייהען דעם שמש און דער שמש׳טע עטליכע גראָשען אונטער א שבת; אָפּ־נעמען — און ווייטער אויסלייהען.

אונטער א יום־טוב, אז מע האָט בעדאַרפט האָבען נויטיג אויף שיך, טאַקי פון קריינדעל׳ס וועגען, האָט פיני אויסגעליהען א קערבעל אָדער צוויי אויף אויסצאָהלען.

בקיצור, פיני האָט זיך „איינגעקויפט" צום שמש אין שטוב אריין, אריין מיט די פיס אין הארצען, און איז געוואָרען א היימי־שער מענש.

מנשה האָט דאָס געוואוסט, און עס האָט אין איהם געברענט א פייער. מנשה האָט אַליין געהאַט איין אויג אויף קריינדלען, און קריינדעל — אויף מנשה'ן. און סע קאָן זיין, זיי האָבען זיך אפשר נעגעבען איינס דאָס אנדערע דאָס וואָרט — ווער קאָן דאָס וויסען?

אפשר האָבען זיי זיך א מאָל דורכגעוואָרפען מיט א פּאָר ווערטער, בשעת די פּאָמעניצע ארויסטראָגען?

— ער קריכט נאָך אַלץ, דער קרומאַק?

— לאָז ער קריכען — ווער הערט איהם?

— און דער טאַטע דיינער? און די מאַמע? — וואָס וועלען זיי זאָגען?

— געזונטערהייד; לאָזען זיי זיך מיט איהם האַלטען!...

און אפשר האָבען זיי זיך אין א ליכטיגער נאכט, זומער איז דאָס געווען, ביי דער שיין פון דער לבנה בעגעגענט, כלומר'שט אומגעריכט אין שוהל־הויף, און האָבען זיך צערעדט און האָבען זיך געקוועטשט איינס דאָס אנדערע פאַר די הענד, און קריינדעל'ס אויגען האָבען געבלישטשעט, און דאָס געשטופּעלטע פּנים האָט געשיינט, און די הענד זענען איהר געווען הייס, ווי פייער?

— וואָס איז ביי דיר אזא ווארעמע האַנט, קריינדעל?

— פאַר וואָס זאָל זי זיין קאַלט, מנשה?

— וועסט זיין מאָרגען אין דער צייט אָט דאָ אויפ'ן אייגענעם אָרט?

— פאַר וואָס ניט?

און אפשר האָבען די נאכטפויגלען מיט די פלעדערמייז פון מאַזעפּעווקע געהערט א קוש אין שוהל־הויף, א שטילען קוש, און האָבען געמאַכט א שווייג? און די שטערען מיט דער לבנה האָבען געזעהען א בחור מיט א מיידעל אין שוהל־הויף האַלטען זיך פאַר די הענד, און האָבען געמאַכט א שווייג?

ערב זיין קאָן איך אייך ניט; ע פּ י ס איז דאָרטען געווע־
זען, וואָרום פּיני האָט אָנגעהויבען שטאַרק נאָכקוקען נאָך זיין חבר
מנשה, און מנשה האָט געטראָגען אַ שנאה אויף זיין חבר פּיני,
טיעף פערבאָרגען ביי זיך אין הארצען, און פּורים, בשעת אונזערע
צוויי בית־המדרש־בחורים האָבען זיך בעגעגענט מיט די שלח־
מנות'ען אין דער בלאָטע, האָט זיך די שנאה ארויסגעוויזען, און
ס'איז פאָרגעקומען צווישען די צוויי אזא מין סצענע.

## ד.

— אנו, וויז נאָר וויפיעל האָסט דו היינטיגען טאָג געמאַכט
פון'ם שלח־מנות טראָגען? — אזוי האָט זיך אָנגערופען מנשה
צו זיין חבר פּיני.

— נו, און דו וויפיעל האָסט דו געמאַכט? — זאָגט צו איהם
פּיני און האַפּט זיך מיט דער האַנד ביי דער קעשעני.

— אַ פּאָר קערבלעך, — זאָגט מנשה און בעוויזט איהם זיין
ביסעל מינץ.

— און איך האָב געמאַכט אַ סך ווינציגער! — מאַכט פּיני און
לעגט אריין די האַנד אין בוזעם־קעשעני און נעמט ארויס פון דאָר־
טען אַ פולע האַנד מיט מינץ און מיט זילבער און קוקט דערויף,
ווי אויף אַ ליעב קינד, אַ טייער קינד.

פלוצים טהוט איהם מנשה אַ זעץ איבער דער האַנד פון אונ־
טען ארויף — און דאָס גאַנצע געלד האָט זיך ארויסגעשאָטען אויף
דער ערד, אין דער טיעפער בלאָטע אריין, נישט ארויסגע־
זעהען זיך איין מטבע אפילו.

ביי פּיני דער אלמנה'ס האָט זיך ארויסגעריסען פון'ם הארצען
אַ שרעקליכער „אוי" מיט אַ געוויין, אַ יאָמערליך געוויין, און ביי
מנשה דעם בחור — אַ געלעכטער, אַ ווילדער געלעכטער.

און בכדי די מטבעות זאָלען אריין טיעפער אין דער בלאָטע אריין, האָט מנשה מיט די געזונטע פיס גענומען טאנצען, לאַכען און זינגען בשעת מעשה:

ששון ושמחה!
אור ליהודים!

און פיני האָט נים אויפגעהערט צו יאָמערען און צו קלאָגען:

— וועה איז מיר! וועה איז מיין וועלט! דאָס גאנצע געלט, אפשר דריטהאַלבען קערבלעך! דו רוצח, דו גזלן, דו משומד איינער! וואָס האָסט דו געהאַט צו מיר? וועה איז מיר, וואונד איז מיר!...

און פיני איז צוגעפאַלען מיט'ן פנים צו דער ערד, ווי מע פאַלט־צו צו א טוידטען, ארומגענומען די בלאָטע מיטביידע הענד און געוויינט און געיאָמערט:

— וועה איז מיר! וואונד איז מיר! אזא טאָג, פון גאנץ פריה אָן מיט די קראַנקע פיס! אפשר דריטהאַלבען קערבלעך!...

און מנשה האָט נים אויפגעהערט צו לאַכען, צו טאנצען און צו זינגען:

ששון ושמחה!
אור ליהודים!

. . . . . . . . . . . . . . . . .

אין א קורצע צייט ארום איז געווען אין מאזעפעווקע איין אָרעמע חתונה, וואָס די שטאָדט־בעלי־בתים האָבען זיך שטארק מתעסק געווען אין איהר; עוזר דעם שמש'ס טאָכטער האָט גענומען איין אָרעם בחור, דער חתן איז א קרומער אויף ביידע פיס! דערפאר איז אָבער די כלה נעבאך גוט מיאוס, און נים אזוי מיאוס, ווי געשטופעלט. בעלי־בתים האָבען זיך צענויפגעלעגט און געפראַוועט דעם שמש א גאנץ פיינע חתונה; געשטעלט ביער און בראָנפען א סך און געהוליעט א גאנצע נאכט.

די גאַנצע שטאָדט איז געווען אויף דער חתונה. נאָר איין מנשה דעם בחור האָט מען עפּיס ניט געזעהען.

מנשה איז פון נאָך יענעם פּורים אָן ווי געלם געוואָרען.

קיינער פרעגט זיך אויף איהם ניט נאָך, און קיינעם געהט ער נישט אָפּ.

איך מיין, אז עוזר דער שמש האָט איהם ארויסגערויכערט.

און אפשר איז ער אליין אוועק?...

# אפיקומן

א ראָמאַן אין פיער טייל, מיט אַ פּראָלאָג
און מיט איין עפּילאָג, געשריבען לכבוד פּסח.

געשריבען אין יאָהר 1914

# אפיקומן

**פראלאג.**

אַ, אפיקומן! אַ, דו אַרויסגע׳גנב׳עטע האַלבע מצה פּסח צום סדר פון אונטער׳ן מאַטעגס קישען! דער אַלטער שענער מנהג פון פאַרצייטען! וויפיעל מאָל האָסט דו געמאַכט יונגע הערצ־לעך קלאַפּענדיג, קליינע הענטלעך ציטערענדיג און גרויסע ערנסטע מענשען לאַכענדיג! ווער וואָלט זיך עס ריכטען, אשטייגער, אַז אַזאַ קאַטאָוועסדיגער מנהג, וואָס איז בעשאַפען געוואָרען, דאַכט זיך, גאָר אויף ליצנות, זאָל פיהרען צו גאַנץ ערנסטע רעזולטאַטען? ווער וואָלט זיך עס ריכטען, אשטייגער, אַז איין אַרויסגע׳גנב׳עט שטיקעל אפיקומן זאָל אַרויסראַטעווען א יונג פּאָרעל, וועמענס הער־צער זענען געווען מסוכן אַנגעגריפען דורך דער ערשטער הייליגער ליעבע, פון א גרויסען אומגליק?... אַזאַ גליקליכער צופאַל פּער־דיענט באמת, מע זאָל איהם ווידמענען א ראָמאַן אין פיער טייל מיט׳ן גרעסטען כבוד, איבערלאָזענדיג יעדען איינציגען, ער זאָל זיך דערפון אָפּלערנען דעם מוסר, וואָס ער וויל און וואָס איהם דאַכט זיך אויס, אַז דאָס מיינט מען...

## ערשטער טייל.

רב יאָסעלע ווינאָקור, דער גוראַלניק פון זשידיווסקע גרעבלי, האָט געהייסען איינשפּאַנען די שפּאַקעס, האָט זיך אויפגעזעצט אויף דער נעלער נאַטעטשאַנקע און האָט אַ זאָג געגעבען צום קוטשער:

— וואַינקאַ, פּאַשאָל!

וואַינקאַ האָט שוין נישט בעדאַרפט און נישט געטאָרט איבער־פרעגען — וואוהין. אַז מע זאָגט איהם „פּאַשאָל“, בעדאַרף ער שוין אַליין וויסען, אַז דאָס מיינט מען אין שטאָדט אַריין.

רב יאָסעלע'ס גוראַלני איז ניט ווייט פון שטאָדט. אין אַ האַלבע שעה ארום האָט שוין די נעלע נאַטעטשאַנקע געלאָזט זיך הערען איבער דער געבריקעוועטער גאַס, און פון דאָרט האָט זי זיך אַ נעם געגעבען גלייך צום שוהלהויף צו — און די גאַנצע שטאָדט האָט שוין געוואוסט פון איין עק ביז'ן אַנדערען, אַז רב יאָסעלע ווינאָקור, דער גביר פון זשידיווסקע גרעבלי, איז געקומען צו פאָה־רען. נאָר קיינעם איז ניט איינגעפאַלען אויף דער מחשבה אפילו, אַז ער זאָל זיך הייסען אָפּשטעלען גאָר העט־העט אויף יענער זייט בית־המדרש, נעבען הערש־בער דעם מלמד. וואָס האָט רב יאָסעלע ווינאָקור, אַ איד אַ גוראַלניק, און אַ גביר, צו טהון ביי הערש־בער דעם מלמד? קיין קינדער אויף צו געבען לערנען האָט ער ניט. ער פערמאָגט אינגאַנצען איין זוהן, וואָס איז ווייט, זעהר ווייט פון תורה. רב יאָסעלע ווינאָקור'ס זוהנדעל — די גאַנצע שטאָדט ווייסט עס — קאָן גוט פאָהרען רייטענדיג, קאָן גוט אָנטרייבען אַליין, ווייסט אַלסדינג, וואָס ביי'ם טאַטען אין דער גוראַלני טהוט זיך, בעקאַנט מיט איטליכם שרייפּעלע, נאָר לערנען — ניט אַ לעק!

אמת, רב יאָסעלע ווינאָקור איז אַ מאָדנער איד, אַ שגעון, מיט מאָדנע איינפאַלען. וואָס איהם קאָן אַריין אין קאָפּ! ווער האָט אַראָפּגעבראַכט איינמאָל אין אַ שענעם טאָג פּאָליציע אין באָד, געמאַכט אַ פּראָטאָקאָל, אַז זי האַלט ביי איינפאַלען און מע דאַרף זי צעוואַרפען? און ווער האָט נאָכדעם אַראָפּגעבראַכט צי־

געל און געהילץ און גויים, צעוואָרפען די אַלטע באָד און אוועקגע־שטעלט אויף זיין אייגענעם חשבון אַ באָד מיט אַ באַסיין און מיט שטיינערנע בענק, מיט מעשענע פערענטשעס און מיט אַזעל־כע זאַכען, וואָס מע קאָן זיך נאָך עד היום פון דעם זאַט ניט אָפּ־חדוש'ען?

אָדער ווער האָט אויסגעטראַכט „דאַטשעס" פאַר די שטאָדטישע אָרעמע אידישע קינדער ביי זיך אין דער גוראַלני, מיט אַ גאָרטען אויף צו זעצען קאַרטאָפּלים, ציבעלקעס, אוגערקעס און שאר ירקות אַלע מאָל, אַז ס'הויבט זיך אָן דער זומער? און גלאַט ווער קאָן זיך עס אָנגעדענקען רב יאָסעלע ווינאָקור'ס אַלע אויפטהועכצען, משוגעת'ען און איינפאַלען, וואָס איהם קאָן אריין אין קאָפּ? ווער ווייסט — אפשר אַ נייע משוגעת?...

אַזוי האָט דער גאַנצער שוהלהויף געקאָכט, און רב יאָסעלע ווי־נאָקור איז זיך געזעסען ביי הערש־בער דעם מלמד און געפיהרט מיט איהם אַ געשפרעך, פון וועלכען מיר געבען איבער נאָר איין צד — דער אַנדערער צד אינטערעסירט אונז ניט.

— הערט זשע, רב הערש־בער, די מעשה דערפון איז אַזוי. איך בין געקומען צו אייך צוליעב אייער זוהן. איך האָב געהערט, איהר האָט אַ זוהן אַ צאַצקע, וואָס קען אַלסדינג, און אַז ער וויל לערנען האָב איך געהערט, שטודירען דאָקטאָר, און האָט ניט מיט וואָס. און אַזוי ווי איך האָב אויך אַ זוהן, און דווקא ניט קיין צאַצקע, וואָס קען דווקא גאָרניט און וויל דווקא ניט לערנען, קיין ברעקעל ניט אַפילו, ער וויל בעסער פאָהרען רייטענדיג, דער שוי־געץ... נאָר וואָס דענן? א י ד וויל אָבער, ער זאָל אַ ל ס ד י נ ג לערנען און זאָל אַ ל ס ד י נ ג קענען — און לאָמיר זעהען, ווער פון אונזביידען וועט אויספיהרען! וואָס זשע טהוט מען? אָפּ־געבען איהם שטודירען, מאַכען איהם פאַר אַ סטודענטעל — וויל איך ניט. רב יאָסעלע ווינאָקור'ס זוהן וועט ניט זיין קיין סטודענ־טעל. צונעמען צו זיך אין שטוב אריין אַ לעהרער אַ שלים־מזל —

ווייסט איהם דער רוח ווער ער איז! פארהאן ביי מיר א מיידעל, וואס דארף איך, איהר פארשטעהט צי ניין, אז רב יאסעלע ווינאַ־קור'ס טעכטערעל זאָל זיין באקאנט מיט אבי ועמען? און אזוי ווי איך קען א י י ד, רב הערש־בער, און וועדליג איך בין מיר משער אייער זוהן, איך האב איהם געזעהען אנומעלטען אין שוהל, — רב יאסעלע ווינאַקור'ען באדארף מען ניט דערצעהלען קיין מעשיות, — ער דערקענט א מענטשען מיט'ן קוק, בכן איז ביי מיר געבליבען, איך זאָל אייער זוהן נעמען צו זיך אין שטוב אריין אויף א יאהר אדער אויף צוויי, ער זאָל לערנען מיט מיין יונגעל, איהם מאכען פאר א מענטשען, און באצאהלט וועט ער קריגען פון מיר אזוי, אז ס'וועט איהם קלעקען אויף צו שטודירען ניט נאר דאָק־טאר, נאר אפילו פראפעסאר! איז דאס געמאכט?

האָט הערש־בער דער מלמד אפילו געפרופט א זאג טהון, אז ס'איז אוודאי זעהר גלייך פאר ביידע צדדים, וואס איז דא שייך צו רעדען? נאר וואס דענן זשע? מע דארף האַרכען, וואס וועט ע ר זאָגען, דער בחור הייסט עס?...

רב יאסעלע ווינאַקור האָט אבער ניט געוואָלט הערען אפילו. וואס מיר האַרכען? ווער מיר האַרכען? רב יאסעלע ווינאַקור'ען האָט נאך קיין מענטש ניט געפרופט זאָגען ניין! ובפרט אזא זאך! — „סיידען אייער זוהן איז א פרא־אדם, אדער א פארמאל־נער משוגע'נער?"...

אזוי האָט אויסגעלאָזט רב יאסעלע ווינאַקור, גיך גערעדט, ווי זיין שטייגער איז, און ניט שפעטער ווי אין א האלבער שעה ארום זענען זיי שוין געזעסען אינצווייען, רב יאסעלע ווינאַקור און הערש־בער דעם מלמד'ס בחור'על, אויף דער געלער נאטעטשאנקע, גע־העצקעט זיך און געשאָקעלט זיך אין אלע זייטען, — געפלויגען פייל אויס'ן בויגען קיין זשידיוווסקע גרעבלי. פונ'ם גיך פליהען האָט זיך ביי רב יאסעלע ווינאַקור די שענע ברייטע באָרד צעשמיסען אויף אלע זייטען, בעריהרט מיט איינציגע האָר דאס יונגע פנים פון

דעם יונגען בחור'על, וואס האט מיט'ן פולען אטעם — אפשר דאס ערשטע מאל אויף זיין לעבען — געשעפט די מחיה'דיג פרישע לופט פון אויסער דער שטאדט, און געפיהלט זיך אזוי ווייט גוט, ווי עס קאן זיך פיהלען א יונגער מענש, בלוט און מילך, איין ארעם בחור, וואס דאס גליק האט צו איהם געטראפען גלייך אין שטוב אריין און אנגעקלאפט צו איהם אין דער טהיר.

ענדע ערשטער טייל.

---

## צווייטער טייל.

אויב רב יאסעלע ווינאקור'ס זוהנדעל האט געהאט א גרויסע פעולה אין דער תורה, וואס זיין לעהרער, הערש־בער דעם מלמד'ס זוהן, האט מיט איהם געלערענט — איז א גרויסער ספק. נאר אז דער לעהרער האט געהאט א פעולה — דאס האט געקאנט ארויס־זעהען א מינדסט קינד. אפנים, די קעסט האט איהם גאנץ גוט „פאליובעט". דאס יונגע פנים איז געווארען קיילעכיג, די בעק־לעך האבען זיך אנגעבלאזען, און ער אליין האט זיך צעוואכסען אין דערברייט, געווארען גארנישט צו דערקענען.

די ערשטע צייט אפילו האט ער זיך געפיהלט, ווי א פרעמדער, אין דער דאזיגער מאדנער שטוב — א מאדנע שטוב ביי רב יאסעלע ווינאקור, אזא מאדנע, ווי רב יאסעלע אליין.

רב יאסעלע'ס ווייב, פערעלע — א קליינינטשקע, א שטילינקע, קיין פיפס הערט מען פון איהר נישט. שטיל, אהן ווערטער, פיהרט זי די ממשלה פון דער שטוב, ווי דער קאפיטאן דאס שיף — אלעס אויף זיין ארט און אלעס אין דער צייט און אלעס איז אויסגערע־בענט אזוי, אז דער קאפ, דער אמת'ער מושל — רב יאסעלע זאל זיין צופריעדען. קיינער טאר א הויךווארט ניט רעדען, אז דער בעל־הבית איז אין שטוב. די דיענסטען געהען אנגעטהאן אין וואי־לאקענע שיך — מע זאל ניט הערען זייערע טריט, בעת דער בעל־

הבית רוהט. דער טיש ווערד געגרייט ווי ביי א שררה, דערלאנגט מיט דער גאנצער צערעמאָניע, און געגעסען ווערד מעדני־מלך, און פּאוואָלינקע, בהרחבה. דער בעל־הבית — ער איינער אליין — רעדט, און אלע הערכען. ביי׳ם טיש מוזען זיך געפינען אלע מאָל אורחים, פרעמדע, סוחרים, אָדער גלאט דורכפאָהרער. און אז ס׳איז ניטאָ קיין פרעמדע, נעמט מען אייגענע, אָנגעשטעלטע פון דער גוראלני. דאָס בעציהען זיך פון די דאָזיגע מענשען צום בעל־הבית איז ווי סאָלדאטען צו א גענעראל. ער אליין איז א יאָר־מעלקע, זיי אלע — אָהן היטלען. נאָר צום עסען ווערען אָנגעטהאָן די היטלען. און האָט מען אָפּגעגעסען און אָפּגעבענשט — אראָפּ די היטלען, און קיינער וועט נישט וואגען זיצען. אלע בעדארפען שטעהן. און נעמט דער בעל־הבית ארוים א פּאפּיראָס אויף צו פּעררויכערען, ווערען אין איין כהרף־עין אויסגעריבען עטליכע שוועבעלעך מיט א מאָל און אונטערגעטראָגען איהם פייער. חיות נים זיכער, עמיצער זאָל א וואָרף געבען א שוועבעלע אויף דער ערד, אָדער נישט אויסוואישען גוט די פים אין פעדערשטען חדר׳על, אָדער נישט געהן פערשפיליעט, ווי עס געהר צו זיין, אָדער דאָס האלז־טיכעל נישט אויף איין אָרט. און אלע, וואָס דיענען ביי איהם, זענען „דו“ — מעג עס זיין א איד מיט א באָרד. און אלע, סאי פרעמדע, סאי אייגענע, ציטערען פאר איהם אימת־מות — איין אמת׳ער סולטאן.

נאָר איין מענש, האָט דער לעהרער בעמערקט, איז דאָ אין דער דאָזיגער מאָדנער שטוב, וואָס שרעקט זיך נים איבער פאר׳ן שטרענגען סולטאן. אדרבה, ער וואָלט געמעגט שווערען, אז ער סולטאן האָט דרך־ארץ פאר יענעם מענשען. און יענער מענש — דאָס איז רב יאָסעלע ווינאָקור׳ס טעכטערעל — צילה.

א שענע, א הויכע פיגור — צוויי טראָפּען וואסער דער פאָטער. און דעם פאָטער׳ס כאראקטער, האָט ליעב געוועלטיגען — רב יאָ־סעלע ווינאָקור מיט די ביינער! „מיין זשאנדאר“ — אזוי זאָגט

דער פאָטער אויף איהר מיט גדלות, און קווועלט, ווערד ברייטער ווי לענגער, אז די טאָכטער האָפט איהם עפּיס ביי א וואָרט, וויל איהם איבערשפּאָרען, בעווייזען, אז ער איז אומגערעכט. פערשטעהט זיך, אז איבערשפּאָרען שפּאָרט מען איהם ניט איבער, און גע־רעכט איז תמיד ער, ניט קיינער; נאָר הנאה האָט ער און קוקט מיט פערגעניגען אויפ'ן עולם, ווי איינער רעדט: „וואָס זאָגט איהר אויף רב יאָסעלע ווינאָקור'ס טעכטערל? דאָס עפּעלע פאַלט נישט ווייט פונ'ם בוימעלע"...

— איך וואָלט וועלען, איהר זאָלט א מאָל אויף א טשיקאַווען מיט איהר זיך דורכשמועסען, א ביסעל טיעפער אריינרעדען זיך מיט מיין זשאַנדאַר. — אזוי האָט רב יאָסעלע ווינאָקור א זאָג גע־געבען איינמאָל צום לעהרער, ווינקענדיג מיט איין אויג אויף דער טאָכטער, — און ס'איז נישט געווען קיין מעהר גליקליכער פאָטער אויף דער וועלט, ווי ער, אז ער האָט דערזעהן, ווי זיין טאָכטער האָט א נעם געגעבען דעם לעהרער צו דער ארבייט, געמאַכט פון איהם, ווי איהם האָט זיך אויסגעוויזען, אש און בלאָטע, א גל של עצמות! „און דווקא אויף יוניש לשון! און מיט אזוי פיעל נע־מען פון ביכער: פּושקין און לערמאָנטאָוו און באָקעל און גאָגעל־מאָגעל — אָט אזוי! אָט אזוי! לאָז ער וויסען, הערש־בער דעם מלמד'ס זוהנדעל, ווער רב יאָסעלעס טעכטערל איז!"... — — — —
— — — — — — — — — — — — — — —

דאָ שטעלט זיך דער פערפאַסער אָפּ, וואָרום אלסדינג, וואָס ער זאָל דאָ ניט דערצעהלען, איז אלט, אזוי אלט, ווי די וועלט. ווער פערשטעהט עס ניט, אז פון אזעלכע אָפּטע הייסע וכוחים, וואָס א בחור מיט א מיידעל פיהרען און זענען גרייט, דאכט זיך, איינס דאָס אנדערע גאָר דורס זיין, לאָזט זיך אויס, און גאַנץ אָפּטליך, אז דער בחור פערליעבט זיך אינ'ם מיידעל און דאָס מיידעל אינ'ם בחור מיט סכנת־נפשות, און זיי זענען ביידע גרייט אָפּצוטהון די גרעסטע נארישקייטען אין דער וועלט, אָדער בעגעהן איינע פון די ארבע

מיתות בין־דין: הענגען זיך אָדער טרינקען זיך, סמ׳ען זיך אָדער שיסען זיך, אָדער גאָר אַנטלויפען אין אַ פינסטערער נאַכט, שטע־לען ערגיץ אַ שטילע חופה און אַריינשרייבען דערנאָך צו די על־טערען אַ בריוועל: „מזל־טוב אייך — מיר האָבען חתונה גע־האַט!“...

ניין. מיינע העלדען, וואָס איך בעשרייב, האָבען ניט אַזוי גע־טהאָן. זיי איז געקומען צו הילף דער אפיקומן, דער אַרויסגע־גנב׳עטער אפיקומן, פסח צום ערשטען סדר, ווי איהר וועט דאָס באַלד אַרויסזעהען פונ׳ם דריטען טייל פון מיין אמת׳ען, ניט אויס־געטראַכטען ראָמאַן.

ענדע צווייטער טייל.

---

## דריטער טייל.

דער ווינטער איז אַוועק. דאָס אייז איז צעגאַנגען. דער שניי האָט צעלאָזט. די ערד האָט זיך אויפגעדעקט, אויסגעוויכט און אויפגעפרישט, גרייט אַרויסצושפּראָצען אַ גרין גרעזעל. די נאַקעטע ביימלעך האָבען זיך אויסגעגלייכט, ווי פונ׳ם שלאָף נאָך־וואָס אויפגעוואַכט; אויף זייערע פייכטע ריטלעך וועלען זיך אָט־אָט בעווייזען יונגע קניפּעלעך; די קניפּעלעך וועלען זיך אויפקניפּען, אויפפּיקען און צעלאָזען זיך אין גרינינקע בלעטעלעך — דער פריה־לינג געהט! דער פריהלינג קומט! — ערב פּסח.

אין זשידיוווסקע גרעבלי, ביי רב יאָסעלע ווינאָקור, זעהט זיך אָן דער ערב־פּסח ניט ווינציגער, אויב נישט מעהר נאָך, ווי אין שטאָדט. רב יאָסעלע ווינאָקור איז אַ פרומער איד, אַ חסיד. ער וועט ניט לאָזען, אַז זיין גוראַלני, וואָס איז פול מיט חמץ און איז דורך און דורך חמץ, זאָל חלילה אַרבייטען די אַכט טאָג פּסח. אַלעס ווערד פערקויפט על פּי שלחן־ערוך צו אַ גוי, און אַלעס ווערד אָפּגעשטעלט, און אַלעס ווערד געריייניגט און געפּוצט און גע־

בשר'ט — און קומט פּסח, איז רב יאָסעלע ווינאָקור אוים גוראַל־ניק, אוים געשעפטס־מענש. זיינע מענטשען זענען מעהר נישט קיין „מ ע נ ט ש ע ן" — זיי זענען אידען, בעפרייטע, אַזוי ווי ער, אַזוי ווי אַלע אידען, וואָס זייערע עלטערען זענען אַרויסגעגאַנגען פון מצרים. און אַלע בעדאַרפען זיי זיך צענויפקלויבען מיט ווייבער און מיט קינדער, און אינאיינעם מיט איהם, מיט'ן בעל־הבית, ביי איין טיש, פייערליך אָפּריכטען דעם סדר.

איך מיין, עס וועט ניט זיין קיין גוזמא צו זאָגען, אַז אויף קיינעם איז אַזוי ניט אָנגעמאָסטען דער נאָמען „מלך", ווי אויף דעם דאָזיגען סולטאַן און מושל — רב יאָסעלע ווינאָקור. איהר שטעלט אייך נאָר פאָר, אַשטייגער, אַזאַ מין בילד: אַרום אַ צעהנדליג פאַמיליעס ביי איין טיש מיט ווייבער און קינדער און דיענסטען, אַלע יום־טוב'דיג, און אַלע אויגען אַרויף, צום אויבענאָן, און אויבענאָן די שענע הויכע פיגור פון רב יאָסעלע ווינאָקור, אָנגעטהאָן אין ווייסען פון אויבען ביז אַראָפּ, פון דער ווייסער זיי־דענער יאַרמעלקע ביז די ווייסע אַטלעסענע שיך. וואָס ער זאָגט — זאָגען איהם אַלע נאָך. קיינער ניט פריהער און ניט שפּעטער. ער טיילט אַרוים אַלעמען די מצה, דעם מרור, דעם כרפּס, דעם חרוסת. ער טהוט אַ וואונק — ווערען אָנגעפילט די כוסות. ער נעמט זיך טרינקען — טרינקען אַלע.

ניין. דער אמת'ער מלך, דער אמת'ער מושל — דאָס איז אונזער סולטאַן רב יאָסעלע ווינאָקור. און ווי איין אמת'ער מושל, ווי איין אמת'ער מלך, איז ער קאָנסערוואַטיוו, היט אָפּ שטרענג אַלע מנהגים און טראַדיציעס. למשל, ביי אַלע אידען איז אַ מנהג: מרור — דאָס איז אָנגעריבענער חריין, אָפטמאָל אויסגעוועבטער, עטוואָס ביטערליך, פון יוצא וועגען. ביי רב יאָסעלען איז אַ מנהג: מרור דאַרף זיין מרור. אַ האַלב ווערצעל חריין — דאָס מוז יעדער איינציגער אויפעסען — ער מעג אפילו דעם שלאַק בעקומען!

די צערעמאָניע פון וואַשען זיך איז ביי איהם איינגעפיהרט, אז ניט נאָר די דיענסטען, נאָר אַלע ווייבער — און זיין ווייב פעד־רעלע און זיין טאָכטער צילה — בעדאַרפען אונטערטראָגען צום טיש די זילבערנע בעקען מיט די שניי־ווייסע האַנטיכער, בעדיענען די מאַנסבילען, די מלכים, די יוצאי מצרים.

עפּענען די טהיר צו „שפוך־חמתך“ — דאַס איז ז י י ן כבוד, דאָס געהערט צו איהם אליין. פאַר וואָס? אָט אזוי וויל ער, רב יאָסעלע ווינאָקור, און אָט אזוי איז ער זיך נוהג כל ימיו!

נאָך איין מנהג איז ביי איהם איינגעפיהרט פון יאָהרען — און דאָס מוז דורכגעמאַכט ווערען אַלע מאָל ביי׳ם ערשטען סדר, עס מעגען פאַלען שטיינער פונ׳ם הימעל. אָט אין וואָס דער דאָזיגער מנהג בעשטעהט:

נאָכ׳ן ערשטען האַלבען סדר, אז עס קומט צו דער סעודה, און דער עולם האַלט אין רעכטען עסען, בעדאַרף מען זעהען, מע זאָל זיך שטאַרק פעררעדען (פסח צום סדר מעגען אַלע ביי איהם רעדען — בני־חורין!). יעדער מעג רעדען פון וואָס ער וויל, און ניט נאָר ער מעג, — ער ב ע ד א ר ף רעדען, און אויך דעם בעל־הבית, דעם מלך, בעדאַרף מען פעררעדען, אזוי, אז ניט ער און ניט קיי־נער זאָל בעמערקען, ווי רב יאָסעלע׳ס טעכטערל צילה גנב׳עט זיך אונטער שטילערהייד צום פאָטער פון הינטען, לעגט אריין די האַנד אונטער׳ן קישען פון דעם עסבעט און גנב׳עט ארויס ביי איהם קונציג די האַלבע מצה — אפיקומן.

עס איז שווער צו זאָגען, צי דער פאָטער מאַכט זיך, אז ער זעהט ניט, צי ער זעהט טאַקי ניט, ווי די טאָכטער גנב׳עט זיך הינ־טער זיינע פּלייצעס און שלעפּט ביי איהם דעם אפיקומן פון אונ־טער׳ן קישען, — נאָר אז עס קומט פאַר׳ן בענטשען, צום אַנדערען האַלבען סדר, און עס האַלט ביי׳ם אויסטיילען דעם אפיקומן, און דער מלך טהוט זיך א חאַפּ, אז ס׳איז ניטאָ קיין סימן פון קיין אפיקומן, ווערד ער כלומר׳שט בייז:

— ווער האָט דאָס ארויסגע׳גנב׳עט ביי מיר דעם אפיקומן ?
שפרינגט ארויס צילה מיט א געלעכטערל:

— טאטע, סע איך ! וואָסטו מיר געבען פאר׳ן אפיקומן ?

— וואָס פארלאַנגסטו ?

און עס הויבט זיך אָן א דינגעניש. זי וויל, אז אויף די אַנ־דערע טעג יום־טוב זאָל ער איהר קויפען א פינגערעל.

— גוט. ער וועט איהר קויפען א פינגערעל.

— ניין, זי וויל מיט א בריליאַנטעל !

— גוט. ער וועט איהר קויפען מיט א בריליאַנטעל.

— און אחוץ דעם וויל זי נאָך א שנירעל פערעלעך.

— דאָס וועט שוין זיין צו פיעל.

— ווי באַלד אַזוי, איז ניטאָ קיין אפיקומן !...

איהר מיינט, דאָס טרייבט מען קאַטאָוועס ? — ניין. צילה זאָגט דאָס גאַנץ ערנסט, און דער גאַנצער עולם שמייכעלט (פסח צום סדר מעג מען שמייכלען ביי רב יאָסעלע ווינאָקור — בני חורין !).

— אפשר וועט זיין גענוג א בייטש קארעלען ? — בעט זיך ביי איהר דער פאָטער.

— פערעל, נישט קיין קארעלען ! — זאָגט די טאָכטער פעסט.— און נאָך מיט א גאָלדען פערמואַרעל דערצו !

— זי וויל מיך מאַכען פאַר א קבצן ! — זאָגט דער פאָטער, שוין צום עולם רעדענדיג, און דער עולם שיסט אויס א געלעכטער (פסח צום סדר מעג מען ביי איהם לאַכען אפילו הויך — בני חורין !).

— אז דו וועסט זיך מיט מיר נאָך אביסעל דינגען, — זאָגט איהם די טאָכטער — וועל איך וועלען, אז דאָס פערמואַרעל זאָל זיין א בריליאַנטענעס.

רב יאָסעלע ווינאַקור האַפּט זיך אָן ביים קאָפּ: „זי וויל איהם מאַכען פאַר איין אַנזעצער!" דער עולם לאַכט נאָך העכער. דער פּאָטער לאָזט איהר נאָך, גיט זיך אונטער. די טאָכטער גיט אָפּ דעם אפיקומן — און דער אַנדערער האַלבער סדר געהט אַוועק מיט דער אייגענער פייערליכקייט, וואָס דער ערשטער האַלבער סדר.
און אָט אַזוי אַלע יאָהר.

ענדע דריטער טייל.

---

## פ י ע ר ט ע ר ט י י ל.

דעם פּסח, וואָס מיר בעשרייבען אַצינד, איז פאָרגעקומען מיט רב יאָסעלע'ס אפיקומן אַ שטיקעל פּערענדערונג. דאָס הייסט, דער אפיקומן איז ביי איהם אַרויסגע'גנב'עט געוואָרען אַזוי קונציג, ווי אַלע יאָהר, און, ווי אַלע יאָהר, האָט זיך רב יאָסעלע ווינאָקור אַ חאַפּ געגעבען צום אַנדערען האַלבען סדר צום אפיקומן און אויס־געריפען: „ווער האָט דאָס אַוועקגע'גנב'עט דעם אפיקומן?" האָט זיך צילה אָנגערופען פון איהר אָרט, ווי אַלע מאָל:
— טאַטע, דאָס האָב איך! וואָסטו מיר געבען פאַר'ן אפיקומן?
— וואָס פאַרלאַנגסטו? — האָט איהר געענטפערט דער פּאָטער, ווי אַלע מאָל, און געוואַרט, וואָס וועט זי זיך, אַשטייגער, הייסען קויפען, אַז זי האָט שוין אַלסדינג? זי האָט שוין ציערונג אָהן אַ שיעור, און וויגרישנע בילעטען, און אַ פאָרטאָפּיאַנע, און אפילו אַ פּערדעל איין אייגענס האָט ער איהר ערשט פאָראיאָהרען נאָך פּסח געמוזט קויפען. אַ השגה פון אַ מיידעל — זיך גאָר הייסען קויפען אַ פּערדעל, חאַ־חאַ! דאָס קאָן נאָר רב יאָסעלע ווינאָקור'ס טעכ־טערעל, ווייטער קיינער ניט! אַך, ווי מע האָט זיך עס דעמאָלט אָנגעלאַכט!...

אַלע אויגען קוקען אַהין, וואו רב יאָסעלע׳ס טעכטערל זיצט. אַלע זענען נייגיעריג צו הערען, וואָס וועט זי היינטיגס יאָהר פער־לאַנגען פון איהר פּאָטער? — און זי, רב יאָסעלע׳ס טעכטערל, איז געזעסען דווקא רוהיג, ווי אַלע מאָל, און פעסט ביי זיך, ווי אַלע מאָל, אַז זי וועט דאָס מאָל אויספיהרען, ווי אַלע מאָל. נאָר עפּיס האָט זי איצטיגס מאָל ניט געאיילט זיך און עפּיס מאָדנע איבער־געקוקט זיך מיט׳ן לעהרער, מיט הערש־בער דעם מלמד׳ס זוהן, וואָס זיצט אַקוראַט אַקעגען איהר, און מע וואָלט געמעגט שווערען, אַז אַ גרינג שמייכעלע האָט זיך בעוויזען אויף זייערע ביידענס פּנים׳ער... נאָר ניין! עס האָט זיך נאָר אויסגעוויזען! ווי איז דאָס מעגליך — רב יאָסעלע ווינאַקור׳ס טעכטערל און דער לעה־רער, הערש־בער דעם מלמד׳ס זוהנדעל — אַ סמיכות הפּרשה!...

נאָר אָט האָט זי זיך אויסגעדרעהט צום פּאָטער, און באַלד וועט מען שוין וויסען — און ווי איבערראַשט זענען געוואָרען אַלע, און מעהר פון אַלעמען דער פּאָטער, אַז די טאָכטער׳ל האָט איהם גע־ענטפערט, אַז היינט קאָן זי ניט זאָגען, וואָס זי פערלאַנגט... דאָס וועט זי איהם ערשט קאָנען זאָגען שפּעטער... דעם ערשטען טאָג חול־המועד...

— איצט פערלאַנג איך פון דיר, טאַטע, נאָר איין זאַך: זאָלסט מיר געבען דיין עהרען־וואָרט, אַז דו וועסט מיר ניט אָפּ־זאָגען...

רב יאָסעלע ווינאַקור האָט מיט אַ צופריעדען שמייכעלע, וואָס האָט זיך צעגאָסען איבער זיין שענער ברייטער באָרד, בעטראַכט דעם גאַנצען עולם, ווי איינער רעדט: „געפעלט אייך אַ השגה פון רב יאָסעלע׳ס טעכטערל?"...

און צו דער טאָכטער האָט ער אַ זאָג געגעבען:

— ווי קאָן איך דיר צוזאָגען אַ זאַך, וואָס איך ווייס ניט? טאָמער בין איך גאָר ניט אימשטאַנד?...

— נו, געב איך דיר, טאַטע, צוריק מ י י ן עהרען־וואָרט, אַז איך וועל ניט פאַרלאַנגען פון דיר אַזעלכס, וואָס דו ביזט ניט אימשטאַנד...

דאָס פריהעריגע שמייכעלע האָט זיך נאָך ברייטער צעלעגט איבער זיין שענער באָרד און איבער׳ן גאַנצען פּנים. דאָס האָט בעדאַרפט בעדייטען: „וואָס זאָגט איהר אויף רב יאָסעלע׳ס טעכ־טערעל? זי באַדאַרף נישט געהן לייהען קיין ווערטער!“... און צו דער טאָכטער האָט ער אַ זאָג געגעבען:

— גוט. איך בין דיר מבטיח...

— ניין, טאַטע, נישט „מבטיח“, נאָר דו גיסט מיר דיין עהרען־וואָרט...

— רב יאָסעלע ווינאַקור, אַז ער זאָגט, ער איז „מבטיח“, איז אַלץ איינס, וואָס איין אַנדערער זאָגט „עהרען־וואָרט“...

— ניין, טאַטע, איך וויל, דו זאָלסט מיר פאַר אָט די אַלע מענטשען געבען דיין עהרען־וואָרט, און טאַקי די האַנד „תקיעת־כף“...

דאָס פריהעריגע שמייכעלע איז אַראָפּ פון רב יאָסעלע׳ס באָרד און איז פערשוואונדען געוואָרען.

— רב יאָסעלע ווינאַקור האָט נאָך קיינמאָל קיינעם קיין תקיעת־כף נישט געגעבען און וועט נישט געבען...

— ווי באַלד אַזוי, איז נישטאָ קיין אפיקומן!...

דער עולם האָט נישט געוואוסט וואָס צו טהון: שמייכלען? — איז דער בעל־הבית צו ערנסט. זיין ערנסט? — איז דאָס צו אַ גרויסער שפּאַס. האָט מען אַראָפּגעלאָזט די אויגען אַראָפּ און גע־וואַרט, וואָס וועט דאָ זיין דער סוף? און דערווייל האָט קיינער נישט בעמערקט, אַז איין מענש, וואָס זיצט דאָ צווישען זיי ביי׳ם סדר, איז ביי דעם דאָזיגען נסיון מיט אַ מאָל געוואָרען בלאַס און רויט און אַלערליי קאָלירען, און די הענד האָבען איהם געציטערט...

דער איינער איז געווען ניט קיין אנדערער, נאָר דער לעהרער, הערש־בער דעם מלמד'ס זוהנדעל.

און דער פאָטער מיט דער טאָכטער האָבען זיך דערווייל נאָך עטליכע מאָל איבערגעשמועסט און איבערגעקוקט זיך, ווי צוויי שטאַרקע מענשען, גוטע פריינד, וואָס האַלטען ביים אַרויסגעהן איינס אַקעגען דאָס אַנדערע מלחמה האַלטען. איטליכער פון די צוויי איז געשטאַנען פעסט אויף זיין פּאָזיציע: דער פאָטער האָט זיך געהאַלטען איינס — ער גיט ניט קיין תקיעת־כף. די טאָכטער האָט זיך געהאַלטען ביי איהרס — נישטאָ קיין אפיקומן!...

ס'איז שווער צו זאָגען, מיט וואָס דאָס וואָלט זיך געענדיגט, ווען עס שטעלט זיך ניט אַרויס דער לעהרער פאַר אַ מליץ־יושר און פאַר אַ פערמיטלער צווישען ביידע צדדים, אַז „אַ מענטש, וואָס האָט אויף זיין לעבען קיין תקיעת־כף ניט געגעבען, איז נישט כדאי, מע זאָל איהם צווינגען מיט נויט, ובפרט אַזאַ מענטש, ווי רב יאָסעלע, וואָס זיין עהרען־וואָרט און נאָך פאַר עדות איז באמת אַזוי גוט, ווי אַ תקיעת־כף"...

דאָס האָט געהאָט דעם זיעבעטען חן און געמאַכט דעם גרעסטען עפעקט. ערשטענס, זענען הערש־בער דעם מלמד'ס זוהנ'ס אַקציעס אין דער דאָזיגער שטוב געשטיגען מיט אַ סך, אַ סך פּראָצענט, ובפרט אין די אויגען פון רב יאָסעלע ווינאָקור, וואָס חאָטש ער איז אַ מענש פון סאַמע שטאָל און אייזען, פון דעסטוועגען קאָן מען איהם, ווי כמעט אַלע מענשען פון דער גאַנצער וועלט, מיט אַ גוט וואָרט קויפען און פערקויפען. און צווייטענס, האָט דער גאַנצער עולם דערזעהען אויפ'ן בעל־הבית'ס באָרד אַ פרישען שמייכעל, און מע האָט פרייה אָפּגעאָטעמט. אגב איז שוין טאַקי געווען צייט אַ מאָל אויפצושטעהן פונ'ם סדר, וואָס האָט זיך איצטיגס מאָל פערצויגען העט־וויים אין דער נאַכט אריין.

* * *

די ערשטע טעג פסח זענען איבערגעלאָפען גאָרנישט צו בע־מערקען, ווי זיי לויפען אַלע מאָל איבער, ווי עס לויפען, אייגענטליך, אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָהר, חאָטש אפילו עס קאָן זיין, אַז פּאָר אַ פּאָר מענשלעך פון דער דאָזיגער געשיכטע האָבען זיך די צוויי טעג געצויגען און געשלעפּט זיך און אויסגעוויזען לאַנג, ווי דער אידי־שער גלות. נאָר ווי די מעשה איז, — די צוויי טעג פסח זענען אוועק, און דער ערשטער טאָג חול־המועד איז געקומען, און דער פּאָטער האָט זיך גאַנץ געמיטליך און גאַנץ ברייטליך אַ זאָג געגעבען צו דער טאָכטער, האַלב אין קאַטאָוועס און האַלב ערנסט: „נו, זשאַנ־דאַר, לאָמיר שוין וויסען, מיט וואָס האָסט דו מיך היינטיגס יאָהר געשטראָפט, חאַ־חאַ?" און — אוי, וואו נעם איך פאַרב אויף אָפּ־צומאָהלען רב יאָסעלע ווינאָקור'ס פּנים, אַז ער האָט דערהערט פון זיין טעכטערעל אַזאַ מין, וואָס האָט זיך איהם נישט גע'חלומ'ט, ניט איהם און ניט קיינעם ניט. הערט אַ מעשה: איהר פאַרלאַנג, זאָגט זי, באַשטעהט אין דעם, וואָס זי האָט ליעב, זאָגט זי, דעם לעהרער, הערש־בער דעם מלמד'ס זוהנדעל, און, זאָגט זי, דער לעה־רער, הערש־בער דעם מלמד'ס זוהנדעל, האָט ליעב זי, רב יאָסעלע ווינאָקור'ס טאָכטער צילה, און אַז זיי האָבען זיך געגעבען, זאָגט זי, דאָס וואָרט, זיי זאָלען זיין חתן־כלה, און זי פאַרלאַנגט, זאָגט זי, פון איהם, פונ'ם פאָטער, הייסט עס, אַז ניט פריהער און ניט שפּע־טער פון שבת נאָך שבועות זאָל זיין די חתונה!... דער גאַנצער הויף האָט זיך שיער נישט איבערגעקעהרט! די גוראַלני איז שיער נישט חרוב געוואָרען! זשידיווסקע גרעבלי איז געגאַנגען חאָדאָ־ראָם! רב יאָסעלע ווינאָקור האָט געאַרבייט מעשים!" עס זענען געווען געשרייען, און קללות, און געוויינען, און טרערען — און וואָס איהר ווילט: וואָס הייסט, ער, רב יאָסעלע ווינאָקור, וואָס גאָט האָט איהם געבענטשט מיט קיין עין־הרע אַזאַ פערמעגען און מיט קיין עין־הרע אַזאַ טאָכטער, וואָס ער קאָן דערגרייכען מיט איהר

די העכסטע, די גרעסטע און די שענסטע שדוכים, נאר ער האט נאך ביז אהער אפילו ניט אין זינען געהאט קיין שדוך טהון, — זאל ער נעמען פלוצים אין מיטען דרינען זיך פערבינדען מיט וועמען? — מיט הערש־בער דעם מלמד! און נאך וואו? — אט דא טאקי, אין דער דאזיגער שטאדט!... סטייטש, סטייטש! איהם, רב יאָסעלע ווינאקור, וואס קיין מענש האט נאך נישט געוואגט מיט איהם טרייבען קאטאוועס, זאל מען איהם אפטהון אזא שפיצעל! אויסנארען ביי איהם זיין עהרען־ווארט!... און ווער? זיין געליעבטע איין־און־איינציגע טאכטער! א, זי ווייסט, דער זשאנדאר, ביי וועמען זי האט דאס א ווארט גענומען! רב יאסעלע ווינאקור האט נאך קיינמאל זיין ווארט ניט געבראכען!... און עס קומט איהם אויפ'ן זינען די געשיכטע פון בת יפתח. דארט איז אויך געווען א ווארט, און נישט קיין ווארט, נאר א נדר... ניין, דא איז נאר געווען א ווארט, נישט קיין נדר! א ווארט קאן מען צוריק נעמען... ווי קאן ער עס דערלאזען אזא זאך, אזא שדוך, אזא בזיון? — היה לא תהיה! — דאס וועט ניט זיין, סיידען דער טוידט!... און צוריק אבער דערמאנט ער זיך: ער האט דאך פארט דאס ווארט געגעבען! און פאר עדות, פאר מענשען... און רב יאסעלע ווינאקור האט דאך נאך קיינמאל זיין ווארט נישט געבראכען!... וואס טהוט מען? רב יאסעלע זאל ניט מורא האבען פאר גאט, פאר שכר ועונש, פאר המאבד עצמו לדעת, וואלט ער זיך נאר א מעשה אנגעטהאן!...

ענדע פיערטער טייל.

---

## עפילאג.

נאך מיט צוויי וואכען פריהער פאר שבת נאך שבועות האט רב יאסעלע ווינאקור אויפגעשטעלט ביי זיך אין זשידיוווסקע גרעבלי א שלאש אפשר אויף טויזענד פארשוין, אראפגעבראכט פון שטאדט

סאַרוועדם און סאַרווערקעס און גלאַט מענטשען, און מע האָט גע־
נומען באַקען און קאָכען און בראָטען און פּרעגלען, צוגרייטען זיך
צו דער חתונה, אַלסדינג ביד רחבה — אין גרעסטען מאַסשטאַב.
אַ קלייניגקייט — רבי יאָסעלע ווינאָקור האָט דערלעבט חתונה מאַ־
כען זיין איין־און־איינציג טעכטערעל צילה ?! און אַז עס איז גע־
קומען צו דער חופּה, האָט ער אַראָפּגעבראַכט די בעסטע כלי־זמר
און די רבנים אַלע פון שטאָדט און געפּראַוועט אַ חתונה, וואָס
האָט געקלונגען די וועלט ! און אַ סעודה אין שטאָדט פאַר אָרעמע
לייט אַחוץ. אַזאַ סעודה, וואָס זינט די שטאָדט שטעהט, האָט זי
אַזעלכעס ניט געזעהען און וועט ניט זעהן ! און אַכט טאָג האָט מען
געהוליעט נאָך דער חתונה. אַכט טעג מיט אַכט נעכט. און מיט'ן
מחותן, מיט הערש־בער דעם מלמד, האָט זיך רב יאָסעלע, ביי די
לחיים'ס, געקושט אפשר פופציג מאָל און אפשר הונדערט מאָל,
און אפשר נאָך מעהר. עס האָט דענן אַ שיעור געהאַט דאָס קושען
זיך, אַז גאָט האָט איהם געהאָלפען, ער האָט אַזאַ מחותן, אַזאַ
עהרליכען אידען, ווי רב הערש־בער ?...

און די מתנות, וואָס ער האָט עס אביסעל צעשענקט אַלע זיינע
מענטשען, און דווקא מיט דער ברייטער האַנד — לאָזען זיי גע־
דענקען, ווען זייער בעל־הבית האָט חתונה געמאַכט זיין בת־יחידה !

נאָר אויף צוויי פונקטען האָט ער זיך אָוועקגעשטעלט שטאָל
און אייזען, און האָט געזאָגט, אַז דאָ מוז ער אויספיהרען — עס
מעגען פאַלען שטיינער פונ'ם הימעל :

א) דעם מחותן, רב הערש־בער דעם מלמד, האָט ער געקויפט
אין שטאָדט איין איינפאָהר־הויז מיט אַ קאַמער פון תבואה אויף
צו פערדינגען — אונטערגעשמעלצט מיט אַ מזומנ'ע פאָר טויזענ־
דער און גע'פועל'ט, אַז הערש־בער דער מלמד זאָל ווערען אויס
הערש־בער דער מלמד, נאָר גלאַט ר ב ה ע ר ש ־ ב ע ר.

ב) דעם איידעם, רב הערש־בער'ס זוהן, האָט ער איבערגעגעבען
אַ העלפט פון דער גוראַלני און פונ'ם הויף און פון די סקלאַדען און

פון אַלע געשעפטען, און אפילו פון דער געלער נאַטעטשאַנקע מיט די ברענענדיגע שפּאַקעס — פון אַלדינג איבערגעשריבען פּונקט אַ העלפט אויף זיין נאָמען — און ווער מיר שטודיערען? וואָס מיר דאָקטאָר? שוין לאַנג פערגעסען!...

רב יאָסעלע ווינאָקור האָט בעוויזען ווער ער איז און וואָס ער קאָן!...

**ע נ ד ע.**

# דוד מלך ישראל

## א קורצע הקדמה.

אלטע בילדער פון פארצייטען! שטעהט אויף, זייט מוחל, פון אייערע קברים, איהר זענט שוין לאנג אפגעשטארבען פאר אונזער יוגענד. איין עבירה. די צייט שטעהט ניט. בילדער בייטען זיך. איין דור טרייבט דעם אנדערען. אונזערע קינדער וועלען פון אייך ניט וויסען. אינאיינעם מיט מיר וועט איהר אוועק אין קבר, פערפאלען ווערען אפשר אויף אייביג. גלייך ווי איהר זענט גאר קיין מאל אויף דער וועלט ניט געווען. שטעהט אויף, שטעהט אויף, לאם איך אייך איין מאל חאטש דורכפיהרען פארביי זייערע אויגען. לאזען זיי אייך אנקוקען, אונזערע קינדער, און לאזען זיי דערצעהלען דעם דור, אז ס׳איז געווען אמאל ביי אונז אזעלכע, ווי איהר, אז איהר זענט חלילה ניט קיין אויסגעטראכטע פונ׳ם קאפ, אז איהר האט אמאל געלעבט אויף דער וועלט און אז זיי קעהרען זיך אן מיט אייך גאנץ נאהענטע קרובים, — אייערע אייגענע אור־אור־אייניקלעך...

## קאפיטעל א.

שטארק געקרייזעלטע בארד און פאות, ווייס ווי געפאלענער שניי, א נאפאלעאנקע (א פארצייטיגער מין היטעל) אויפ׳ן קאפ, א לאנגער גראבער שטעקען אין די הענד מיט א ביינערנע האלקע,

א זאק אויף די פּלייצעס. איינגעבויגען ביז צו דער ערד, געהט ער אַלע ערב שבת און אַלע ערב יום־טוב פון שטוב צו שטוב צוע־נויפנעמען קוילעטש פאַר די אָרעמע אידישע ארעסטאַנטען, וואָס אין טורמע.

דאָס איז דער אַלטער דאָדי, אָדער „דוד מלך ישראל“, וואָס איז אַלט אפשר הונדערט יאָהר. אַלע קענען איהם, אַלע ווייסען שוין וואָס ער וויל: ער וויל קוילעטש פאַר זיינע אָרעמע ארעס־טאַנטען, וואָס אין טורמע. קיינער דינגט זיך ניט מיט איהם. ווער עס האָט און ווער עס וויל — דער גיט; ווער עס האָט ניט און וויל ניט — דער גיט ניט. דער אַלטער דאָדי וועט נישט האָ־בען קיין פּאַראיבעל. וואָרום אז אַלע וועלען האָבען וואָס צו געבען און אַלע זאָלען וועלען געבען, היינט ווער וועט נעמען? און אז ס'וועט ניט זיין ווער ס'זאָל געבען און ווער ס'זאָל נעמען, פון וואַנען־זשע וועט זיך נעמען רחמנות און צדקה און מעשים טובים אויף דער וועלט? אויף וואָס זשע וועט מען דאַרפען דאָס עולם־הבא מיט'ן גן־עדן? און אז ס'וועט ניט זיין קיין עולם־הבא מיט קיין גן־עדן, וואָס זשע וועט מען טהון מיט די צדיקים אויף יענער וועלט?...

אָט אזוי פלעגט חקירה'ן דער אַלטער דאָדי. ער איז געגאַנגען מיט דעם גאַנג, אז ווי דער אויבערשטער פיהרט, אזוי איז גוט: עס בעדאַרפען זיין אַזעלכע וואָס געבען און אַזעלכע וואָס נעמען, אַזעלכע וואָס האָבען און אַזעלכע וואָס האָבען ניט, אַזעלכע וואָס זיצען אין טורמע און אַזעלכע וואָס זאָרגען זיך פון זייערטוועגען און קלייבען אַלע ערב שבת און ערב יום־טוב קוילעטש פון זייער כבוד וועגען.

## קאַפּיטעל ב.

ווער איז געוועזען דער אַלטער דאָדי, אָדער דער דוד מלך ישראל, און וואָס איז ער געוועזען פריהער, איידער ער איז געוועזען איין אַלטער

איך פון אפשר הונדערט יאָהר און איידער ער האָט זיך פערנומען מיט צענויפקלויבען קוילעטש פאַר די אָרעמע אַרעסטאַנטען, וואָס אין טורמע? — דאָס ווייסט קיינער ניט ביי אונז.

פון וואָס לעבט דער אַלטער דוד? וואו האַלט ער זיך אויף? וויפיעל יאָהר איז ער אַלט? וואו זענען זיינע קינדער און אייניקלעך? — דאָס ווייסט קיינער ניט ביי אונז. ס'איז אַ סוד פאַר דער וועלט. עס איז נישטאָ פּשוט דער מענש, וואָס זאָל געדענקען, און ביי איהם אַליין אַז איהר וועט פרעגען, וועט ער אייך ניט ענטפערען. פּרובט זיך גאָר ניט, איהר וועט ערגער מאַכען: וואָרום מיט איהם אַז איהר וועט זיך אריינלאָזען אין אַ לאַנגען שמועס, וועט ער אייך בעטען, איהר זאָלט עפּיס שענקען פאַר זיינע אָרעמע אידישע אַרעסטאַנטען, וואָס אין טורמע, און פון וואָס איהר זאָלט מיט איהם ניט רעדען, אויף זיינע אַרעסטאַנטען מוזט איהר אַרויף!

— רב דאָדי! וואו האָט איהר געגעכטיגט היינטיגע נאַכט?

— געלויבט דער אויבערשטער, אַבי ניט אין טורמע. האָט איהר ניט עפּיס איין אַלטען בגד פאַר מיינע אַרעסטאַנטען?

— רב דאָדי! וואו זענען אַהינגעקומען אייערע קינדער מיט אַלע אייניקלעך אייערע?

— געלויבט דער אויבערשטער, צעקראָכען זיך דער אַהער, דער אַהין, צעשפּרייט איבער אַלע זיעבען ימים. אַנדערע זענען געשטאָרבען, אַנדערע לעבען. ווי אַזוי זיי לעבען, גוט, שלעכט, — אַבי ניט חלילה אין טורמע. געפינט זיך ניט ביי אייך, מחילה, אַ פּאָר אַלטע תחתונים פאַר מיינע אַרעסטאַנטען?

— רב דאָדי! וויפיעל זענט איהר אַלט ביז הונדערט צוואַנציג יאָהר?

— געלויבט דער אויבערשטער, נישט קיין יונגערמאַן, לאָז אייך גאָט געבען ניט ווינציגער יאָהרען, נאָר מעהר מזל, און דער עיקר, איהר זאָלט ניט וויסען פון קיין טורמע כל זמן איהר וועט לעבען.

געפינט זיך ניט ביי אייך א פּאָר אַלטע צעריסענע שטיוועל פאַר מיינע ארעסטאַנטען?

אָט דאָס איז געוועזן דער אַלטער דאַדי, אַדער דוד מלך ישראל.

## קאַפּיטעל ג.

פּאַר וואָס זשע האָט מען איהם גערופען דוד מלך ישראל?

דערפאַר, וואָס איין מאָל אין יאָהר איז ער געוועזן א מלך, א מלך ביי אידישע קינדער, און דאָס איינע מאָל איז געוועזן דער טאָג פון שמחת־תורה.

קומט שמחת־תורה — איז ניט צו דערקענען דעם אַלטען דאַדי'ן. דער רוקען אויסגעגלייכט, די באָרד און פּאות אויסגעקעמט, די נאַפּאַלעאָנקע איבערגעקעהרט אויף דער לינקער זייט, דער ברייטער ווייסער קאָלנער אויסגעגלעט, אָהן דעם שטעקען, אָהן דעם זאַק — ס'איז גאָר נישט דער דאַדי. דאָס פּנים שיינט, די אויגען גלאַנצען. גענומען לכבוד יום־טוב א ביסעל בראָנפען, איז דער אַלטער דאַדי גאָר איין אַנדער מענש מיט איין אַנדער נשמה — א לעבעדיגע, א פרעהליכע נשמה.

צענויפגענומען קליינוואַרג, יונגלעך פון אַלע שוהלען, און אויסגעשטעלט זיי שורות־ווייז ארום און ארום זיך, נעהמט ער, דער אַלטער דאַדי, אין מיטען, די הענד ארויף צום הימעל, און זינגט אויף א קול:

— צאן קדשים!

ענטפערט איהם קליינוואַרג:

— מע־ע־ע!

— ווער געהט מיט אייך?

— אונזער מלך דוד, מע־ע־ע!

— ווי אזוי רופט מען איהם?

— דוד מלך ישראל, מע־ע־ע!

— שרייט זשע, אידישע קינדער, מיט'ן שענעם ניגון: דוד! מלך! ישראל! חי! וקיים!

— דוד! מלך! ישראל! חי! וקיים! מע־ע־ע!!!

נאָך אמאָל:

— צאַן קדשים!

— מע־ע־ע!

— ווער געהט מיט אייך?

— אונזער מלך דוד, מע־ע־ע!

— ווי אַזוי רופט מען איהם?

— דוד מלך ישראל, מע־ע־ע!

— שרייט־זשע, אידישע קינדער, מיט'ן שענעם ניגון: דוד! מלך! ישר־אל! חי! וק־יים!

— דוד! מלך! ישראל! חי! וקיים! מע־ע־ע!!!

צו די קינדער שטעהען־צו נאָך קינדער, די קאַוואַלקאַדע וואַכסט, דער עולם, וואָס געהט נאָך, ווערד אַלע מאָל גרעסער, דאָס קול ווערד אַלע מאָל שטאַרקער און רינגעלט אַרום דאָס גאַנ־צע שטעדטעל. ביי יעדער סוכה שטעלט זיך אָפּ דוד מלך ישראל. בעלי־בתים טראָגען איהם אונטער א ביסעל לחיים. ווייבער זענען איהם מכבד מיט לעקאָך פונ'ם פאַרטוך. דאָס ביסעל לחיים טרינקט ער אויס, און דעם לעקאָך צעטיילט ער צווישען קליינוואַרג, רופט אויס מיט א ניגון:

— צאַן קדשים!

— מע־ע־ע!

— וואָס האַלט איך דאָ?

— לעקאָך, מע־ע־ע!

— וואָסער א ברכה מאַכט מען איבער דעם?

— מזונות, מע־ע־ע!

— זאָגט זשע מיר איצטער, ווער געהט מיט אייך?

— אונזער מלך דוד, מע־ע־ע!

— ווי אזוי רופט מען איהם?

— דוד מלך ישראל, מע־ע־ע!

— שרייט־זשע, אידישע קינדער, מיט'ן שענעם ניגון: דוד! מלך! ישר־אל! חי! וק־יים!

— דוד! מלך! ישראל! חי! וקיים! מע־ע־ע!!!

## קאפיטעל ד.

דאכט זיך, אין פלוג, ווען מען געהט דאס אן און ווען מען קאן עס שאדען, אז איין אלטער מאן פון אפשר הונדערט יאהר נעמט איין מאל אין יאהר, שמחת־תורה, א ביסעל בראנפען, ווערד פרעה־ליך און פערשטעלט זיך פאר א מלך, און יונגלעך קונדייסים לוי־פען איהם נאך און מעקען, ווי די קליינע ציעגעלעך: מע־ע־ע!? בעדארף זיך אבער טרעפען אזא מעשה:

סאמע סליחות־צייט האט מען אראפגעשיקט צו אונז אין שטעד־טעל איינעם א נייעם אדון (יענער איז מת געווארען). ווי גע־וועהנליך, א נייער אדון, האט ער ארויסבעוויזען נייע תנועות, נייע גענג, היינו: ערשטענס, האט מען געזאגט אויף איהם, אז ער איז א איש־אמת, נאר צו פיעל א איש־אמת. דערטאפט א אידען, איז באלד: „ס'קודעווא?" דאס הייסט: „מה שמכם? פון וואנען איז א איד?"... צווייטענס, נעמט ער ניט, אבער לחלוטין נישט; ניט קיין מטבע און ניט קיין שוה־כסף; אז מע שמועסט א נקי־כפים'ניק! אודאי איז ארויס א קלאנג איבער'ן גאנצען שטעדטעל: שלעכט! א רשע! א המן!...

כך הוה. אויף מארגען אין דער פריה איז ער שוין ארויסגע־גאנגען אין שטאדט. דורכגעלאפען דעם מארק, אויסגעקוקט אלע קלייטען מיט אלע יאטקעס, א שמעק געטהאן דעם שוהל־הויף, גע־וואלט בעקענען זיך מיט'ן ריח... נאר, משטיינס געזאגט, וואס האט ער געקאנט מאכען ביי אונז בין הזמנים, אז די מלמדים האבען די

חדרים שוין לאנג צעלאזט און מיט פאלשע אסיגנאציעס האנדעלט ביי אונז קיינער ניט, היינט וועמען הערען מיר?

האט איהם אבער גאט צוגעשיקט א געשעפט: סוכות! ס'איז איהם ניט געפעלען, פערשטעהט איהר מיך, ווי די אידען בויען זייערע סוכות. ס'איז, זאגט ער, מסוכן קעגען טאמער מאכט זיך א שרפה. איהר פערשטעהט א משל? טויזענדער יאהרען זיצען אידען אין סוכות און האבען קיין מורא ניט פאר קיין זאך, און פלוצים גאר נאט אייך א שרפה!

— בכן, וואס־זשע ווילסט דו, פריץ?

— וויל איך, זאגט ער, איהר זאלט בויען אייערע סוכות ניט אזוי, נאר אזוי און אזוי.

האט מען דאך איהם געהערט מסתמא, ווי המן דעם גרייגער, און מע האט זיך געשמעלט בויען די סוכות דוקא אזוי, ניט אזוי און אזוי. האט אנגעשמעקט דער אדון און האט זיי מחילה צע־ווארפען.

האט מען געשיקט צו איהם א דעפוטאציע: „אדוני פריץ! ווי איז שייך סוכות אהן א סוכה?" האט ער געזאגט: „איין מאל ניין!" און געה שריי חי וקיים, אז טאמער שפארט איהר זיך איין, איז גאר „ס'קודעווא!"...

בקיצור, וואס זאלט איהר קלערען, מען איז גוט פערשווארצט געווארען, מע האט זיך בעגראבען נייען איילען, זיך בעזעצט עט־ליכע משפחות אין איין סוכה און געציטערט אימת־מות, טאמער, א קשיא אויף א מעשה?... נאר דער אויבערשטער האט רחמנות געהאט, ס'זענען איבערגעלאפען די זיעבען טעג סוכות גלאט, אומ־זיסטיגע פחדים, ביז ס'איז געקומען דער אכטער טאג יום־טוב, שמחת־תורה.

## קאפיטעל ה.

און אז ס'איז געקומען דער אכטער טאג יום־טוב, שמחת־תורה, איז דער אלטער דאדי ארויס מיט דער חברה קונדייסים אויפ'ן

שוהל-הויף און האָט אויסגערופען אויף אַ קול, ווי זיין שטייגער איז:

— צאן קדשים!

האָבען איהם די צאן קדשים געענטפערט:

— מע-ע-ע!

פּלוצים וואַכסט-אויס ווי פון אונטער דער ערד דער אָדון און בעטראַכט די דאָזיגע שענע סצענע שטאַרק פערוואונדערט. משמעות, ער זעהט דאָס ערשטע מאָל אַזאַ קאָמעדיע. דער אַלטער דאָדי האָט, אַפּנים, ווינציג-וואָס זיך איבערגעשראָקען פאַר'ן נייעם אָדון, טהוט ער זיך זיינס און שניידט ווייטער:

— זאָגט זשע מיר, אידישע קינדער, ווער געהט מיט אייך?

— אונזער מלך דוד, מע-ע-ע!

— ווי אַזוי רופט מען איהם?

— דוד מלך ישראל, מע-ע-ע!

— שרייט זשע, אידישע קינדער, מיט'ן שענעם ניגון: דוד! מלך! ישר-אל! חי! וק-יים!

— דוד! מלך! ישראל! חי! וקיים!

האָט דער אָדון געבעטען, מע זאָל איהם געבען צו פערשטעהן, וואָס דאָס בעדייט, ווער איז דער אַלטער און וואָס זינגט דאָס קליינוואַרג?

האָט זיך אַרויסגעשטעלט רב שעפּסיל דער מלמד, וואָס האָט געהאַט אַ שען הענטעל צום שרייבען רוסיש; די פּאות האָט ער פערקאַטשעט אַרונטער די אויהערען, און איז אַרויס פאַר אַ טאָל-מאַטש:

— ווין צאַר זשידיוווסקי דאַוויד, אַ וואַני יעווא חלאָפּי...

האָט זיך דער אָדון געהאַפּט מיט ביידע הענד ביי די זייטען און האָט זיך צעלאַכט. ווי אַזוי, מיינט איהר, געלאַכט? ממש שיער ניט צעזעצט און צעש־רונגען געוואָרען פאַר געלעכטער. און דוד דער מלך ישראל האָט ניט אויפגעהערט צו זינגען „צאן קדשים!“

און די צאן קדשים האָבען ניט אויפגעהערט צו שרייען „מע־ע־ע!" — ביז דעם אָדון איז, אפּנים, נמאס געוואָרען די מעשה, האָט ער די חברה קליינוואַרג צעטריבען און דעם אַלטען דוד מלך ישראל האָט ער אַ נעם געטהאָן אויפ׳ן צימבעל, ווי זיין שטייגער איז: „ס׳קו־דעווא!?" האָט זיך אַרויסבעוויזען, אז דער אַלטער מלך פון ישראל ווייסט אַליין אויך ניט ס׳קודעווא — פון וואַנען ער איז... האָט ער איהם אָפּגעשיקט מחילה גלייך אהין, אין טורמע אריין, צו זיינע „אָרעמע אַרעסטאַנטען"...

— דאָרטען, האָט ער געזאָגט, וועט ער זיך אויסניכטערען, דער אַלטער שכור...

* * *

אויף איבער אַ יאָהר סוכות זענען אידען געזעסען אין זייערע סוכות, ווי אַלע יאָהר. שמחת־תורה האָבען אידען געהוליעט, ווי אַלע יאָהר. נאָר איין זאַך האָט געפעהלט: מע האָט נישט בעגע־געגנט אין ערגיץ דעם אַלטען „דוד מלך ישראל". מע האָט נישט געהערט, ער זאָל זינגען: „צאן קדשים", און די „צאן קדשים" זאָלען איהם ענטפערען:

— מע־ע־ע!!!

# וואס איז חנוכה?

**ПО СЛУЧАЮ ХАНУКО**
**имѣемъ честь**
**покорнѣйше просить Васъ**
**на чашку чаю**

אט אזא מין קארטעל האב איך געטראפען ביי זיך אויפ'ן טיש היינטיגען חנוכה פון מיינעם א גוטען בעקאנטען, איין אויפגעקומענעם, פרישגעבאקענעם גביר, פלאטאן פאנטאלאנאוויטש לאקשענטאפאוו.

מילא, דעם פשט פון די ווערטער „נא טשאשקו טשאיו" פערשטעהט דאך יעדער איינציגער גאנץ גוט: א „ווינט", א „פרעפעראנס", א „זעכס און זעכציג", איין „אקע", אדער א „סטוקעלקע"... נאר דער „פא סלוטשאיו חנוכה" — וואס לאזט ער מיך דא הערען? וואס פאר א מחותן איז חנוכה מיט א „טשאשקע טשאיו"? וואס פאר א מחותן איז פלאטאן פאנטאלאנאוויטש מיט חנוכה, אז דאווענען געהט ער שוין היינט נאר איין מאל אין יאהר, אי דאס — אין כארשוהל, אין שטוב הערט מען שוין נישט ביי איהם א אידיש ווארט — איבער דער באנגע, די באנגע זאל חלילה ניט לאכען, און „ציוניסטען" האט ער פיינט, קאן נישט הערען דעם נאמען זייערען?

— וואָס האָט איהר צו זיי? — האָב איך איהם אַ מאָל אַ פרעג געטהאָן אויף אַ ציקאַוועסט. — וואָס האָבען זיי אייך אַזעלכס געטהאָן, די ציוניסטען?

— ציוניסטען? — איך בעט אייך, דערמאַנט מיר נישט דעם נאָמען זייערען! איך... איך... איך האָב זיי פיינט! איהר מיינט מחמת וואָס? מחמת איך האָב פיינט אַ אידען? חלילה וחס! אדרבה, ביי מיר אַ איד איז דוקא מיט'ן גרעסטען כבוד; חאָטש אפילו אונזערע אידעלעך, צווישען אונז רעדענדיג... גאָר נישט... ווי זאָגט איהר, חאַטאַ פאָקרעשקע... נאָר אין שטוב ביי מיר האָב איך ליעב, ס'זאָל זיין אידיש: פסח — מצה, סוכות — פירעזשקעס מיט האָניג, פורים — דאָס, ווי אַזוי הייסט דאָס? המנ'טאַשען, טייגלעך, פאַרפעל, מאַהינדלעך, קישעלעך און די אַלע איבעריגע גוטע זאַכען... — אַזוי זאָגט צו מיר פלאַטאָן פאַנטאַלאָנאַוויטש און בעלעקט זיך. אַזש.

נאָך אַ סך זאַכען איז פלאַטאָן פאַנטאַלאָנאַוויטשען פערבליבען פונ'ם אידישקייט, וואָס ער קאָן זיך מיט דעם ניט צעשיידען, למשל: פיש געפעפערטע מיט חריין, „פעטשאַ“ מיט געטריקענטע פענעצלעך מיט קנאָבעל, פליישיגע קרעפלעך צו דער יוך — דאָס וואָלט ער אַ בעלן געוועזן אַלע טאָג, און אַ אידיש ראָסעלפליישעל מיט לעבערלעך און מיט פופיקלעך — דאָס חיות! ער וואָלט מוחל געוועזן צעהן בעפשטעקסען פאַר איין אידיש העלזעל, מיט מעהל אָנגעפילט און מיט אַ פאָדעם פערנייהט. ער וואָלט אַוועקגעגעבען פופצעהן קאָמפּאָטען פאַר איין אידישען צימעס מיט מייערען, גוט געבראַזשעט, מיט מעהל פערפראַוועט, און אַ שטיקעל ברוסט זאָל זיין דערביי; דאָס שטיקעל ברוסט אז מע פעפערט צו, איז דאָך אַ כפרה אַלע מאָדנע פליישען מיט די היינטיגע וואָרסטען מיט די וואַרשעווער שינקען, וואָס אידען מוטשען זיך, זיי ווילען ס'זאָל האָבען אַ אידישען טעם און אַ פנים פון חזיר...

הקיצור, איך האָב מיך פערערדט פון עסענוואַרג און האָב פערגעסן, אַז איך האָב בעקומען איין איינלאַדונג פון פלאַטאָן פאַנטאַלאָנאָוויטש „פאָ סלוטשאַיו חנוכה נאַ טשאַשקו טשאַיו“...

אָנגעקלונגען ביי דער טהיר און אריינגעקומען אין שטוב אריין, האָט מיר אַ זעץ געטהאָן אין פנים אריין אַ ליכטיגקייט מיט אַ ווארעמקייט מיט אַ הו־הא פון די געסט. און עס האָט זיך געלאָזט הערען דאָס בעקאַנטע וואָרט: „פאַסס!“ אַקעגען מיר איז ארויסגעקומען דער בעל־הבית אַליין. גוט געפּאַקט, מיט אַ בייכעל און מיט אַ ליסינע און מיט אַ פריינדליך שמייכעל, וואָס איז אָנגעגרייט נאָך פון פריהער לכבוד די געסט. איך האָב מיך ניט געקאָנט איינהאַלטען און האָב איהם אַ פרעג געטהאָן טאַקי דאָ אויפ’ן אָרט:

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, מיין ליעבסטער פלאַטאָן פאַנטאַלאָנאָוויטש, וואָס איז אייך עפּיס אויסגעקומען פלוצים „לכבוד חנוכה“?

— פרעגט מיך עפּיס גרינגערס. — מאַכט ער צו מיר און נעמט מיך אונטער דער האַנד, ווי אַ מחותן פון חתן’ס צד, און פיהרט מיך צו צו דער מאַדאַם לאָקשענטאָפּאָוו, און אַליין גליטשט ער זיך אויס פון מיינע הענד.

די מאַדאַם לאָקשענטאָפּאָוו, פאַנטאָמינאַ פאַנטעלעמאָנאָוונאַ, אויך אַ היבשע שטיק, אָנגעטהאָן אין גאַלעזיידענס, איינגעטונקען אין בריליאַנטען, צו פינף־זעכס רינגען אויף איטליכען פינגער, ווי אַ שאַנסאָנעטע זינגערין, האָט מיך בעגעגענט מיט זעהר אַ זיס שמייכעלע: איינס פון די שמייכעלעך, וואָס ס’איז ביי איהר צו קריגען צו יעדער צייט. זי איז געזעסען ביי אַ גרויסאַרטיגען סאַמאָוואַר און צעגאָסען טיי אין די גלעזער מיט אַ מאָס, גלייך ווי מע צעגיסט קרייטער אויף אַ רפואה. אויפ’ן גרויסען שען־אויסגעבעטען טיש שטעהען אויסגעשטעלט גרויסע

הויכע פּיראַמידען, טאָרטען אַזעלכע, וואָס אַז מע טהוט אַ קוק
אויף זיי, פערשטעהט מען, אַז זיי זענען געמאַכט געוואָרען נישט
אויף צו עסען; איהר ווייסט אפילו ניט, פון וואַנען, ווי אַרום
הויבט מען זיי אָן צו עסען? איהר וועט דאָך ניט אויפשטעהן אין
מיטען דרינען, חאַפּען אַ מעסער, צי אַ גאָפּעל, און אומוואַלגערען
אַזאַ מאַכינע, אַזאַ בוידעם! וואָס פאַר אַ פּנים וועט איהר האָבען
נאָכדעם ביי זיך אַליין, אַז איהר וועט צעוואַלגערען דעם דאָזיגען
בוידעם און צעגיסען דעם קרעם אויפ'ן טישטוך? די מאַדאַם
וועט אייך דווקא זאָגען מיט אַ שמייכעלע: „ניטשעוואָ, עס
מאַכט נישט אויס!" נאָר איהר דאַרפט שוין פערשטעהן וואָס דער
„ניטשעוואָ" בעדייט... גלייכער, זאָג איך אייך, איהר זאָלט בעסער
נישט נאָכגעבען דעם יצר־הרע; מע האָט אַנידערגעשטעלט אַ
טאָרט — לאָז ער שטעהן געזונדערהייד!... דאָס אייגענע איז מיט
די בארען, מיט די עפּעל און מיט די מאַראַנצען. איהר זעהט,
דאַכט זיך, פאַר אייערע אויגען אַ גאַנצען אוצר מיט בארען, מיט
עפּעל און מיט מאַראַנצען; נאָר לאָז זיך אייך ניט גלוסטען! זיי
ליגען אַזוי קונציג אויסגעלעגט: אַ שורה עפּעל, אַ שורה בארען,
אַ שורה מאַראַנצען, אַרומגעלעגט ביי די זייטען מיט קאָנפעקטען,
ראָזינקעס און טייטלען, נאָר אַזוי ממזר'יש, אַז אויב איהר ווילט
אַרויסבעקומען, למשל, אַ באַר, אָדער איין עפּעל, מוזט איהר אָנ־
ריהרען אַלע איבעריגע שכנים — און עס הויבען אָן פאַלען און
שפּרינגען אויפ'ן טיש, און פונ'ם טיש אויף דער ערד, איין עפּעל
נאָכ'ן אַנדערען, איין מאַראַנץ נאָך דער אַנדערער, — דעמאָלט, עס
זאָל זיך אייך עפּענען אַ גרוב, וואָלט איהר, דאַכט זיך, בעסער אין
דער ערד אַריין, איידער נאָכלויפען צענויפקלויבען די עפּעל, וואָס
קאַטשען זיך אונטער'ן טיש!... דאָס אייגענע איז מיט'ן איינגע־
מאַכטס און מיט די אַלע איבעריגע זיסע זאַכען, וואָס שטעהען
אויסגעשטעלט אויפ'ן טיש. קוקט נישט, וואָס ס'איז צוגעגרייט
בעוואָרען טעלערלעך, מיט שעלעכלעך, מיט לעפעלעך, מיט געפּעלעך

אהן א שעור. איהר קאנט, חלילה, א נעם טהון נישט מיט דעם לעפעל, וואס מע דארף, און נישט אין יענעם שעלעכעל, וואס מע דארף, פערגיסען און אנארבייטען א חתונה — וואס טויג עס אייך? איהר ווילט א שטיקעל לעקאך מיט איינגעמאכטס? — וועט איהר עסען אין דער היים. דא מוזט איהר טרינקען א קאלט גלאז טיי, ביטער ווי גאל, זיצען אין געהאקטע וואונדען און שמייכלען, גלייך ווי ס'איז אייך גוט ווי די וועלט.

— ווי אזוי טרינקט איהר טיי — מיט לימענע, צי אהן לימע־נע? — פרעגט מיך פאנטאמינא פאנטעלעמאנאוונא מיט א זיס שמייכעלע, — איינס פון יענע שמייבעלעך, וואס איז ביי איהר צו קריגען צו יעדער צייט, און ווארפט מיר אריין א שטיקעל לימענע אין גלאז, בכדי די טיי זאל זיין, אפנים, נאך ביטערער. אקעגען מיר, ביי'ם טיש, זיצט א יונגערמאן מיט א ריהרעוודיג פנים און מיט גילדענע ברילען, וואס קאנען זיך ניט האלטען ביי איהם אויף דער נאז, נישט מחמת די נאז איז דערצו נישט מסוגל, נאר מחמת דער יונגערמאן אליין זיצט נישט איין אויף קיין ארט; אז ער רעדט, רעדט ער נישט נאר מיט הענד — מיט אלע אברים. עס ווייזט אויס, אז מיט מיין אריינקומען האב איך זיי איבערגעשלא־גען אין מיטען א שמועס, ווארום אז איך האב מיך אנידערגעזעצט צו דער טיי, האט דער יונגערמאן מיט די ברילען אויף דער נאז אנגערופען זיך צו דער מאדאם:

— וואס זשע איז פארט אזעלכס, אייגענטליך, חנוכה?

— איך זאג דאך אייך, אז חנוכה איז אזא יום־טוב, וואס... וואס מע רופט איהם חנוכה... שא, אט וועלען מיר פרעגען ביי זיי; זיי קעהרען וויסען אקוראט.

אזוי זאגט צו איהם פאנטאמינא פאנטעלעמאנאוונא, אנווייזענ־דיג אויף מיר, און טהוט זיך א חאפ:

— פארדאן! איך האב גאר פארגעסען, אז איהר זענט נאך נישט באקאנט. ס א ל א מ א ן נ א א ו מ א ו ו י ט ש ש ל ו ם־

עליכם — א אידישער שריפטשטעלער; פאנפאראן פא־ראנאווימש יאנמעוווזאהן — מיינער א קאוזען (א שוועסטערקינד).

האָבען מיר זיך ביידע אויפגעחאפּט פון די ערטער, צוגעלאָפען איינער צום אַנדערען, גלייך ווי מיר וואָלטען גרייט געווען פאַלען איינס אויף דאָס אַנדערע אויפ'ן האַלז; אין אמת'ען האָבען מיר נאָר אָפּגעמאַכט די געוויסע צערעמאָניע פון בעקענען זיך. זיך בעקענט, זעצען מיר זיך צוריק צום טיש, און יאַנטעוואָהן רוקט זיך צו צו מיר אַביסעל נעהענטער און רופט זיך אָן:

— האָט איהר געהערט אַביסעל? איך וויל וויסען וואָס איז חנוכה, איך געה אוים, — איז ווען איך פרעג וואָס איז חנוכה פאַר א יום־טוב — ווייסט קיינער ניט וואָס צו ענטפערען.

— ווי קומט דאָס, — זאָג איך, — אז א איד, וואָס הייסט יום־טוב־זאָהן, זאָל ניט וויסען וואָס חנוכה איז פאַר א יום־טוב?

— ס'איז אייך א חדוש? — מאַכט ער צו מיר און רוקט זיך צו נאָך נעהענטער. — איך קאָן זיך מיט אייך וועטען אויף וויפיעל איהר ווילט, אָט זיצען דאָרט אין זאַל אפשר א האַלבע מאה אידען, אויב עס וועט זיך געפינען אפילו איינער, וואָס וועט אייך זאָגען, וואָס איז חנוכה, גיב איך אייך מיין קאָפּ!

— וואָס טויג מיר אייער קאָפּ? — זאָג איך. — לאָמיר זיך בע־סער וועטען אויף געלד.

— אַך! וועטען זיך! מיט'ן גרעסטען פאַרגעניגען! — מאַכט צו מיר יאַנטעוואָהן און חאַפּט זיך אויף פונ'ם אָרט. — צו וויפיעל געהען מיר אין געוועט?

— צו פינפאונצוואַנציגער?

— צו פינפאונצוואַנציגער!

אָפּגעדאַנקט דער מאַדאַם פאַר דער טיי און בעקומען פון איהר נאָך א מאָל דאָס זיסע שמייכעלע, לאָזען מיר זיך ביידע אין דער

גרויסאַרטיגער ליכטיגער זאַל אַריין. די לאָמפּען ברענען; די גרינע טישלעך זענען בעזעצט מיט אַלערליי פּאַרשוינען, צום מיינס־טען, מיט קיילעכיגע ווייסע גלאַנצענדיגע ליסינעס; די גלאַנצענ־דיגע ליסינעס שפּיגלען זיך אָפּ אין די הויכע שענע שפּיגלען; עס הערט זיך אַ הו־האַ, אַ געדערדעריי פון אַ סך מיילער, נאָר מעהר פון אַלע לאָזט זיך הערען דאָס וואָרט „פּאַסס!"

מיר הויבען אָן שפּאַציערען פון איין טישעל צום אַנדערען. מען איז שטאַרק בעשעפטיגט און שטאַרק אויפגעטראָגען איינס אויף דאָס אַנדערע פּאַר אַ שלעכטען גאַנג. דער האָט טענות, דער פערענטפערט זיך; דער בייט זיך מיט די ערמער, דער טאַשט קאָרטען גיך־גיך, מע האָט קיין צייט ניט, גלייך ווי אָט באַלד וועט מען קלינגען דאָס דריטע מאָל און מע וועט חלילה עפּיס פערשפּעטיגען. מיר געהען־צו צו אַ טישעל, וואו פיער בעיאָהרענטע מענשען, אַלע מיט ווייסע קיילעכיגע גלאַנצענדיגע ליסינעס, שפּיע־לען אין „ווינט". אָפּגעענטפערט מיר אויף מיין „גוטען אָוועגד" מיט אַ גרינגען שאָקעל מיט'ן קאָפּ, געבען זיי יאָנטעוואָהנען איט־ליכער בעזונדער צו צוויי פינגער, און יאָנטעוואָהן איז זיך מיישב, וואָס טויג איהם לאַנגע מחזקות, אַ מעהר טרעט ער צו גלייך צום עסק און רופט זיך אָן צו זיי:

— האָט קיין פּאַראיבעל ניט, וואָס איך שלאָג אייך איבער. איך און אָט דער יונגערמאַן (ער ווייזט אָן מיט דער בריל אויף מיר) האָבען געהאַלטען צ' וועטע מכּה... מכּה וואָס איז חנוכה פאַר אַ יום־טוב? איך זאָג אַזוי, און זיי זאָגען אַזוי... בכן, איז געבליבען, מיר זאָלען אייך בעטען, איהר זאָלט אונז פּותר חלום זיין און זאָגען, אויב ס'איז מעגליך, אין דריי ווערטער, וואָס איז אַזעלכס חנוכה?

אַלע פיער פּאַרשוינען מיט די ווייסע קיילעכיגע גלאַנצענדיגע ליסינעס הויבען אויף די אויגען און קוקען אויף אונז אַזוי, גלייך

ווי מיר וואָלטעןביידע פלוצים געשטעלט זיך מיט'ן קאָפּ אראָפּ, מיט די פיס ארויף.

— פיק! — זאָגט איינער, און אַלע איבעריגע זאָגען: פּאָס!...

— טרעף! — זאָגט דער אַנדערער, און אַלע איבעריגע זאָגען: פּאָס!...

איז די משמעות, אז מיר האָבען דאָ נישט וואָס צו טהון. געהען מיר צו צום אַנדערען טישעל. דאָרטען זיצען יונגע לייט, שוין אָהן ליסינעס, דאָס הייסט, קוים־קוים וואָס סע שניידט זיך ביי זיי אויף די קעפּ וויים־קיילעכיגע טעלערלעך. דאָ געהט דאָס שפּיעל אַ סך לעבעדיגער. ס'איז אַ „ווינט" מיט אַ „שטורעם"; מע היצט זיך, מע קריעגט זיך, מע וואַרפט׳זיך דורך מיט אַזעלכע ווערטער, וואָס, דאַכט זיך, ווען ניט ביי קאָרטען, קריגט מען פּאָר זיי פּעטש.

ביי דעם דאָזיגען טישעל איז געווען איינער אַ יונגערמאַן מיט אַ רויטען האַלז און מיט אַ פּרישטשעוואַטע פּנים, און ער איז געווען ביי זיי דאָס כפּרה־היהנדעל. ווער עס האָט געהאַט גאָט אין הארצען, דער האָט זיך אין איהם נוקם געווען. ביי איטליכען גאַנג, וואָס ער האָט געמאַכט, האָט ער בעקומען פון זיינע חברים איין אַנדער קאָמפּלימענט:

— אַ מענטש מאַכט אַ גאַנג!

— וויסטער קאַליקע!

— שטיוועלפלעכטער!

— שוסטער! וואו זענען אייערע אויגען?

— אין באַבקעלעך באַדאַרפט איהר שפּיעלען!

— קאַצענער מח! רוק און לענד באַדארף מען אייך איבערברעכען, און ערשט נאָכדעם אוועקזעצען אין באָד פאַר אַ סטאַראָזש!

און דער יונגערמאַן, דאָס כפּרה־היהנדעל, וויל זיך פערענטפערען, לאָזט מען איהם ניט.

— וואָס וועט איהר זאָגען, וואָס? איהר האָט וואָס צו זאָגען? איהר זענט נאָך געלעכט? איהר ווייסט דען ניט, אַז איהר זענט אַ וויסטער פינסטערער קאַליקע, אַ שוסטער, אַ שטיוועל־פּלעכטער?

און אַזוי ווייטער, אַלץ דער אייגענער ניגון.

— קוממ! — רופט איך מיך אָן צו יאָנטעוואָהנען אויפ׳ן אויי־הער. — איהר זעהט דאָך, אַז עס האַלט דאָ רחוק משכר וקרוב לפּעטש...

— האָט קיין יסורים ניט, מען איז די גרעסטע גוטע ברידער. — מאַכט צו מיר יאָנטעווזאָהן און איז אַ בעלן זיי אָנמוטען, דערצעהלען זיי, אַז מיר האָבען געהאַלטען אַ וועטע מכח חנוכה; ער זאָגט אַ ז ו י, איך זאָג אַ ז ו י; בכן איז געבליבען, מיר זאָלען זיי בעטען, די יונגע לייט הייסט דאָס, זיי זאָלען אונז פּותר חלום זיין און זאָגען, אויב ס׳איז מעגליך, אין דריי ווערטער: וואָס איז אַזעלכעס חנוכה?

— דאָס קאָנט איהר געוואָהרע ווערען נאָר ביי „זיי“. — רופט זיך אָן איינער פון דער חברה און בעוויזט אויפ׳ן „כפּרה־היהנדעל“. — טאָמער האָט איהר עפּיס אַ שווערע זאַך, אַ שאַרפען גאַנג, אַ פערדרעהטען חשבון, זאָלט איהר פרעגען ביי „זיי“. „זיי“ וועלען דאָס אייך באַלד פּותר זיין אין איין כהרף־עין, מחמת „זיי“ האָבען, קיין עין־הרע, אַ טהייערען קאָפּ אונטער זיך!...

די גאַנצע חבריא צעלאַכט זיך, און דאָס „כפּרה־היהנדעל“ אַליין לאַכט אויך פון דער חכמה.

— ניט קאָרטען! — רופט זיך אָן איינער פון זיי, און מיר פערשטעהען, אַז מיר וועלען דאָ אויך גאָר נישט מאַכען; לאָזען מיר זיך געהן ווייטער, צו אַ טישעל, וואו דריי פאַרשווינדלעך, יונגע־לייט, מיט אונטערגעשמיצטע בערדלעך, שפּיעלען אין „פרעפּע־ראַנס“. דאָ, ביי דעם טישעל, איז מען שוין נישט אַזוי בייז און אויפגעטראָגען, ווי דאָרטען. מע גריסט זיך מיט יאָנטעוואָהנען

גאַנץ העפליך, ווי מיט אַ גוטען בעקאַנטען, און יאָנטעוואָהן שטעלט מיך פאָר פאַר זיי:

— סאָלאָמאָן נאַאומאָוויטש שלום־עליכם, אַ אידישער שריפטשטעלער. מיר האָבען געהאַלטען אַ וועטע מכח אַ מאָדנעם ענין, מכח חנוכה. איך זאָג אזוי, זיי זאָגען אזוי; איז געבליבען, מיר זאָלען אייך בעטען, איהר זאָלט אונז פותר חלום זיין און זאָגען, אויב ס'איז מעגליך, אין דריי ווערטער, וואָס איז אַזעלכם חנוכה?

— חנוכה? — זאָגט איינער און קוקט אין די קאָרטען אריין. — חנוכה? פּאַס!

— חנוכה? — זאָגט דער אַנדערער. — חנוכה איז אַזאַ יום־טוב, וואָס מע קאָן שפּיעלען אין פרעפעראַנס.

— און עסען לאַטקעס מיט שמאַלץ, — לעגט צו דער דריטער און מאַכט אַ גאַנג; טהוט דער ערשטער אַ שפּרונג אויפ'ן בענקעל און אַ רים די קאָרטען, גלייך ווי עמיצער האָט איהם דערלאַנגט מיט אַ שייטהאָלץ איבער'ן קאָפּ, אָדער אָנגעריהרט מיט אַ הייסען אָנגעגליהטען אייזען פון הינטען, און צעשרייט זיך אויף איהם, גלייך ווי ער האָט איהם געקוילעט די קאַפּאָטע:

— איך פאַרשטעה ניט! מיר שפּיעלען אין פרעפעראַנס, צי מיר פאַרנעמען זיך מיט „ליטעראַטור“?

און דערביי האָט ער געגעבען אויף אונז ביידען אַזאַ גלאַנץ מיט די אויגען, אַז מיר האָבען פערשטאַנען, אַז מיר זענען דאָ איבעריג, מע וועט זיך בעגעהן אָהן אונז. מיר הויבען זיך אויף און געהען ווייטער.

אַ גרויסער קיילעכיגער טיש, ארום טיש פערשיעדענע פאַרשוינען פון אַלערליי מינים.

אויפ'ן טיש ליגט אָנגעוואָרפען אַ באַרג מיט קאָרטען, וואָס איינער גיט איבער דעם אַנדערען, דער אַנדערער — דעם דריטען, און אַזוי ווייטער, און געלד (גאָלדוואַרג) פליהט אַזוי ווי מיסט פון

איינעם צום אַנדערען. און אַלע זיצען און קוקען נאָר אין איין פּינטעל אריין — צו יענעם, וואָס ווארפט די קאָרטען. און יענער, וואָס ווארפט די קאָרטען, ווארפט זיי איינע אַהער, איינע אַהין, רעכטס און לינקס, און אַזוי געשמיידיג, אַז קוים־קוים וואָס דאָס אויג קאָן חאַפּען. דער עולם איז אַזוי פערטיעפט אין דער ארבייט, אַז עמיצער זאָל פּלוצים אַ געשריי טהון: עס ברענט! — וואָלט זיך, דאכט מיר, קיינער נישט געריהרט פונ'ם אָרט.

— ווי אַזוי הייסט די שפּיעל? — פרעג איך ביי מיין יאָנטעוור־זאָהן. — און ווער זענען די שפּיעלערס?

— די שפּיעל — זאָגט יאָנטעוו־זאָהן — הייסט „דיאבעלק“ — און די שפּיעלערס וועל איך אייך באַלד פאָרשטעלען איינציגווייז: זעהט איהר, אָט יענעם אָ? — דאָס איז אַ דאָקטאָר אָהן פּראַקטיקע; און דער אַנדערער, וואָס זיצט נעבען איהם, — דאָס איז אַ אינ־זשינער, מע ווייסט נים פון וואַנען און פון וואָס... און דער ווייר־סינקער מיט'ן קוויטשיג קול'כעל — דאָס איז איין אויסגעפּאַטשטער אדוואָקאַט...

— ששש!... — מאַך איך צו איהם. — שטילער אביסעל!

— האָט קיין מורא ניט! — זאָגט צו מיר יאָנטעוו־זאָהן. — אָט דאָ מעגט איהר אויף זיי זאָגען וואָס אין דער קאָרט, זיי הערען במילא נישט קיין ווערט!... און אָט יענער בלאָנדין — דאָס איז אַ איד איין אַפּטייקער, וואָס שפּיעלט ניט אין קיין קאָרטען נאָר דעמאָלט, ווען ער שלאָפט... און אָט־אַ יענער יונגערמאַן, וואָס מיט די גרויסע האָר, — דאָס איז אַ כעמיקער, וואָס מאַכט פון סחורה געלד און פון געלד בלאָטע... און ווייטער, די איבעריגע — איי־נער אַ באַנקיר, דער אַנדערער אַ בוכהאַלטער און דער דריטער איין אַגענט, דער פערטער אַ צוקערמעקלער...

— און ווער איז אָט־אָ־יענער עוג מלך הבשן? — פרעג איך ביי יאָנטעוו־זאָהנען און ווייז איהם אָן אויף איינעם אַ הויכען, אַ געזונדען, וואָס האָט ניט אויף זיך דעם צלם אלהים.

— ווער? — זאָגט יאָנטעוואָהן. — אַט אַ יענס זיעבעלע? דאָס איז מיינער אַ גוטער ברודער, נישט קיין היעגער, פון די „הונ־געריגע גובערניעס“. איהר זעהט, ווי ער שאַרט דאָס גאָלד? איך האָב מורא, ער וועט זיי דאָ אַלעמען דורס זיין, ווי אַ מחויר! מע באַדאַרף צוגעהן צו איהם, אַ פרעג טהון, וואָס איז חנוכה, ער וועט אונז זאָגען אַקוראַט — ער איז אַ יודע נגן...

און יאָנטעוואָהן געהט־צו צו איהם און רופט איהם אָפּ אויף אַ זייט און שטעלט מיך פאָר, און דערצעהלט איהם די גאַנצע גע־שיכטע, ווי אַזוי מיר זענען געגאַנגען אין געוועט וועגען חנוכה: איך האָב געזאָגט אַ ז ו י, ער האָט געזאָגט אַ ז ו י; בכן, איז געבליבען, מיר זאָלען אַ פרעג טהון ביי איהם, ער זאָל אונז פותר חלום זיין, אויב ס'איז מעגליך, אין דריי ווערטער, וואָס איז חנוכה?

דאָס זיעבעלע האָט אַנידערגעשטעלט אויף אונז אַ פּאָר אויגען און בעטראַכט אונז ביידען, ווי די משוגעים.

— אויב ס'איז אייך — זאָגט ער — שטאַרק נויטיג צו וויסען, זאָלט איהר זיך מטריח זיין צו מיר אויף דער אכסניה. איהר טרעפט מיך אין דערהיים תמיד פון האַלב פיער פאַרטאָג ביז האַלב נייען אין דערפריה... איצט בין איך פאַרנומען; מע באַדאַרף צונעמען ביי זיי דאָס גאָלד...

— אַט האָט איהר אַ קלאָרע ידיעה! — מאַכט צו מיר יאָנטעוו־זאָהן, און מיר לאָזען זיך געהן ווייטער. אויפ'ן וועג בעגעגענען מיר איינעם, יאָנטעוואָהנ'ס אַ גוטען בעקאַנטען, אַ יונגענמאַן מיט אַ פלאַמענדיג פנים און מיט שטאַרק צעבורשעטע האָר. דער יונ־גערמאַן לויפט, ווי אַ פער'סמ'טע מויז. יאָנטעוואָהן שטעלט איהם אָפּ מיט אַ ברייטען שלום־עליכם.

— אַ, פאַני פּיפּערנאָטער! וואוהין לויפט מען דאָס אַזוי?

— לאָז מיך אָפּ! — מאַכט צו איהם דער יונגערמאַן מיט'ן פלאַמענדיגען פנים און מיט די צעבורשעטע האָר. — לאָז מיך אָפּ, איך ברען ווי אַ שטרויענער דאַך! אפשר געפינט זיך ביי דיר,

ברודער, אַ פּאָר הונדערטער, וועסט דו מיך דערהאַלטען ביי מיין כבוד!

— מיט'ן גרעסטען פאַרגעניגען! — מאַכט צו איהם יאָנטעוו־זאָהן. — נאָר מיט איין תנאי, זאָלסט מיך אויסהערען, וואָס איך וועל ביי דיר פרעגען.

דער יונגערמאַן מיט'ן פלאַמענדיגען פּנים און מיט די צע־בורשעטע האָר שטעלט אָן די אויהערען.

— ס'איז אַזאַ געשיכטע, — מאַכט צו איהם יאָנטעוו־זאָהן גאַנץ ערנסט: — איך און אָט־אָ־דער יונגערמאַן, הער שלום־עליכם, אַ אידישער שריפטשטעלער, האָבען געהאַלטען אַ וועטע איבער אַ מאָדנעם ענין: וואָס איז חנוכה? איך זאָג אַזוי, זיי זאָגען אַזוי; בכן, איז ביי אונז געבליבען, מיר זאָלען זיך ווענדען צו דיר מיט אַ בקשה, דו זאָלסט אונז קלאָר מאַכען, אויב ס'איז מעגליך, אין דריי ווערטער, וואָס איז אַזעלכס חנוכה?

— טפו זאָלסט דו ווערען, מיט וואָס מענטשען פאַרנעמען זיך!

אַזוי מאַכט דער יונגערמאַן מיט'ן פלאַמענדיגען פּנים און מיט די צעבורשעטע האָר און סטייעט ניט. מיר בלייבען שטעהן ביידע אין מיטען זאַל, ווי די נאַראָנים.

— וואוהין געהט מען ווייטער?

— וואוהין געהט מען ווייטער?

— טאָמער וואָלטען מיר געגאַנגען צו די דאַמען?

— לאָמיר געהן צו די דאַמען.

אַרום אַ בעזונדערען גרויסען טיש זיצען זעכס שאַרף־אויס־געפּוצטע דאַמען, און צווישען זיי סך־הכל איין זכר, אַ קאַוואַליער מיט אַ פערדיש פּנים און מיט אַ ווייסען שרונט איבער'ן גאַנצען קאָפּ, און מע שפּיעלט אין יענער קלוגער שכל'דיגער שפּיעל, וואָס מע רופט זי „סטוקעלקע". פּונקט אויף דער מיט שטעהט אַ טע־לערעל, און אַלע דאַמען וואַרפען אַהין צו די זילבערנע גילענס.

דער קאַוואַליער מיט'ן פערדישען פּנים און מיט'ן ווייסען שרונט טיילט־אויס קאָרטען, און בכדי ער זאָל חלילה קיין טעות ניט האָבען און עס זאָל אויסקומען פּונקט זיעבען, צעהלט ער: זונטאַג, מאָנטאָג, דיענסטאָג, מיטוואָך, דאָנערשטאָג, פרייטאָג, שבת. און ווידער אַ מאָל — זונטאָג, מאָנטאָג, דיענסטאָג, מיטוואָך און אַזוי בסדר. דאָס ערשטע מאָל, אַז ס'איז געווען איינס, האָבען די דאַמען שטאַרק געלאַכט פון דער חכמה; אַזוי לאַנג, ביז עס האָט זיך זיי צוגעגעסען (קרעפּלעך עסען ווערד אויך נמאס!) און געשלאָגען צו דער גאַל, זענען זיי געזעסען, ווי די טאָקען, און געגעהניצט, כלומרשט קיין קאָפּ נישט פעראינטערעסירט אין דער שפּיעל, ווי איינער רעדט: „מע גיט קאָרטען, באַדאַרף מען נעמען, וואָס זאָל מען טהון?"... נאָר איטליכס מאָל, ווען מע דעקט אויף טרומף, ווערד מען עטוואָס לעבעדיגער. אַלע דאַמען נעמען זיך פּאַוואַלינקע צו זייערע קאָרטען, געבען אַכטונג, די אַנדערע זאָל ניט זעהען, און אַליין האַפּט מען אַ קוק צו יענער און אַ פרעג: „האַ? וואָס איז טרומף? וויפיעל איז דער רעמיז? ווער איז ערשט?" די דאָזיגע דריי שאלות מוז איבערפרעגען איטליכע דאַמע בעזונדער, און זייערע אויגען הויבען אָן בּיסלעכווייז לייכטען, זייערע פּנים'ער שיינען, און דער איינציגער קאַוואַליער מיט'ן פערדישען פּנים און מיט'ן שרונט מוז זיי אונטערטרייבען אַלעמען: „נו, מאַדאַם, וואָס שווייגט איהר? איהר געהט, צי איהר שטעהט?" — אַלע מאָל די אייגענע חכמה. איינע, אַ גראָבליכע, איין אויסגעפּוצטע דאַמע מיט אַ קליין נעזעל, מיט באַבקעוואַטע הענד מיט שוואַרצע נעגעל, נאָר מיט בריליאַנטענע רינגען אויף אַלע פינגער, האַלט די קאָרטען פעסט צום קאָרסעט און טראַכט: „זי האָט נעבאַך איין־און־איינציגען קעניג טרומף. וואָס טהוט מען? אַפּוואַרפען — איז איין עבירה; שפּיעלען — האָט זי מורא: טאָמער שלאָגט מען איהר קעניג מיט'ן אַס, איז זי דאָך אין רעמיז!"... הקיצור, זי ישוב'ט זיך אַזוי לאַנג, ביז זי זאָגט „פּאַס" און לעגט אַוועק די קאָרטען,

האַלט זיי צו מיט דער האַנד, די איבעריגע דאַמען זאָלען ניט דער־זעהען וועמען זי האָט אָפּגעוואָרפען. און מחמת עס טרעפט זיך אַ מאָל מיט זיי אויך אַזאַ איין אומגליק, קוקען זיי זיך איבער איינע מיט דער אַנדערער מיט אַ האַלב שמייכעלע. יענע דאַמע, וואָס פון׳ם קעניג, פערשטעהט גאַנץ גוט, וואָס דאָס שמייכעלע בעטייט, נאָר זי מאַכט זיך תמ׳וואַטע, האַלט די האַנד אויפ׳ן אָפּגעוואָרפע־נעם קעניג און שפּיעלט מיט די ברילליאַנטענע פינגערלעך, ווי אויפ׳ן פּאַרטעפּיאַן, און זינגט־צו צום טאַקט, מע זאָל טאַקי אין איין וועגס מיינען, אַז „מוזיק" איז ביי איהר דאָס חיות.

— וואָס געהט איהר אום לעדיג? פאַר וואָס שפּיעלט איהר ניט? — רופט זיך אָן די דאַמע וואָס פון׳ם קעניג צו יאַנטעוו־זאָהנען, בכדי די איבעריגע דאַמען זאָלען אויפהערען איבערקוקען זיך.

— מיר זענען פערנומען מיט זעהר אַ וואַזשנעם ענין! — זאָגט צו איהר יאַנטעוווזאָהן. — מיר האָבען גענומען אויף זיך אַ שווער שטיקעל אַרבייט, איך און אָט דער יונגערמאַן — מיר האָבען גע־האַלטען אַ וועטע וועגען חנוכה; איך זאָג אַזוי, זיי זאָגען אַזוי; האָבען מיר זיך מיישב געווען, מיר זאָלען פרעגען איט־ליכען באַזונדער. אפשר קאָנט איהר, מאַדאַם, אונז פותר חלום זיין און זאָגען, אויב ס׳איז מעגליך, אין דריי ווערטער, וואָס איז אַזעלכס חנוכה?

— חנוכה? — צעלאַכט זיך די דאַמע פון׳ם קעניג, צעמישט דערווייל די אָנגעוואָרפענע קאָרטען און טאַקי אין איין וועג בע־וויזט זי די צייהן, מע זאָל זעהען, אַז ס׳איז אייגענע, נישט קיין אַריינגעשטעלטע. — חאַ־חאַ־חאַ! ביי די דאַמען ווילען זיי גע־וואָהרע ווערען וואָס איז ח־ח־ח־חנוכה!

— שאַט, שאַט, וואָס לאַכט איהר אַזוי! — רופט זיך אָפּ צו איהר אַ הויכע דאַמע מיט אַ מאַנסבילש פּנים. — זאָגט, אַז איהר ווייסט נישט — און איין עק! וואָס דאַרף מען דאָ לאַכען?

— איהר זענט, אפּנים, נישט צופריעדען מיט'ן רעמיז? — ענטפערט איהר אפּ די דאַמע פונ'ם קעניג מיט א שמאַך און הערט נישט אויף צו לאַכען און בעוויזען די צייהן.

— ווען איך וואַרף אפּ דעם קעניג טרומף, ווי אַנדערע, — מאַכט יענע וואָס מיט'ן מאַנסבילשען פּנים, — וואָלט איך אפשר אויך ניט געשטעלט קיין רעמיז.

— הכלל, — מישט זיך אריין יאָנטעוואָהן — ווייסט קיינער ניט וואָס איז חנוכה?

— אוודאי איז חנוכה א גוטע זאַך, אז גאָט העלפט, מע האָט רך־הכל איין צעהנטעל טרומף און מע שפּרינגט ארויס גליקליך, אָהן א רעמיז, און מע חאַפּט נאָך א רובעל מיט צוואַנציג!

אזוי רופט זיך אָן נאָך א דאַמע מיט גאָלד־פאַרביגע האָר און מיט א סך בריליאַנטענע פינגערלעך, און שאַרט צענויף דאָס געווינס און דעקט דאָס איבער מיט א ווייס געשטיקט טיכעלע, ווי מע דעקט איבער די חלה אויף א מוציא, מע זאָל איהר, אפּנים, נישט געבען קיין גוט אויג...

— עס ווייזט אויס, אז מע באַדאַרף געהן ווייטער. — מאַכט צו מיר יאָנטעוואָהן און זוכט מיט די אויגען. — שאַ, אָן געהט א אידעל! איך קען איהם, ער איז דער מאַדאַם לאָקשענטאָפּאָוו א קרוב. אויב ד ע ר איד וועט אונז ניט זאָגען וואָס איז חנוכה, מעגט איהר זיך שוין געזעגענען מיט'ן פינפאונצוואַנציגער.

דער איד, וואָס יאָנטעוואָהן האָט אויף איהם אָנגעוויזען, קאָן מען זאָגען, איז א צווייענדיגער איד, דאָס הייסט, א איד פון צ ו ו י י וועלטען, אביסעל פון דער אַלטער וועלט און אביסעל פון דער היינטיגער וועלט. דאַכט זיך, א לאַנגע קאַפּאָטע — נאָר א ווייסע מאַנישקע; דאַכט זיך, פּאות — נאָר אָהן א היטעל; דאַכט זיך, א גרויסע באָרד — נאָר א קיילעכיגע. מיר געהען־צו צו איהם און דערצעהלען איהם די גאַנצע מעשה, ווי אזוי מיר האָבען געהאַל־טען א וועטע מכח חנוכה, איך האָב געזאָגט א ז ו י, און זיי

האָבען געזאָגט **אַזוי**; בכן, איז ביי אונז געבליבען דער הסכם, מיר זאָלען איהם בעטען, ער זאָל אונז פּותר חלום זיין און קלאָר מאַכען, אויב ס'איז מעגליך, אין דריי ווערטער, וואָס איז אַזעלכם חנוכה?

— חנוכה? — רופט זיך אָן צו אונז דער צווייטענדיגער איד מיט אַ פריילּיך געלעכטערל. — איך האָב מורא צו זאָגען, נאָר מיר שיינט, אַז איהר האָט שוין ביידע לאַנג נישט געדאַווענט.

— פון וואַנען איז געדרונגען? — פרעגען מיר איהם?

— ס'איז געדרונגען — זאָגט ער — דערפון, אַז ווען איהר זאָלט, אַשטייגער, האָבען אַ טבע דאַווענען אַלע טאָג אין דער פריה און אויף דער נאַכט, וואָלט איהר דאָך געזאָגט „על הנסים ועל הפורקן ועל הגבורות ועל התשועות ועל המלחמות"; און אַז איהר זאָלט זאָגען אַלע טאָג, אין דער פריה און אויף דער נאַכט, „על הנסים ועל הפורקן ועל הגבורות ועל התשועות ועל המלחמות", וואָלט איהר געוואוסט וואָס איז חנוכה... אין „זעכס און זעכציג" שפּיעלט איהר? ווען מיר מאַכען אין דרייען אַ „פינפהונדערט איינס".

— אַז סאַ'יז יאָ אַזוי, — מאַכט צו איהם יאָנטעוואָהן און קוועטשט איהם צו צו דער וואַנד — דערצעהלט זשע אונז וואָס שטעהט דאָרטען ביי אייך אינ'ם „על הנסים" געשריבען? מחמת איך מוז אייך זאָגען דעם אמת, איך האָב שוין פאַרגעסען אפילו **ווי אַזוי** מע דאַווענט.

— אַזוי? — זאָגט דער צווייטענדיגער איד אַלץ מיט אַ געלעכ־טער און בעווייזט אויפ'ן קאָפּ. — נישט דאָ דער אָרט דערויף. דאָ איז פאַרהאַן אַנדערע ארבייט. ס'איז דאָך היינט חנוכה, און חנוכה, זאָלט איהר וויסען, איז אַ מצוה צו שפּיעלען אין קאָרטען... הקיצור, לאָם איך וויסען, מיר מאַכען אַ „זעכס און זעכציג" אין דרייען, צי ניין? גיכער, די נאַכט שטעהט נים.

מיר דערזעהען פון ווייטען שטעהט א רעדעל פון יונגעלייט, אינטעליגענטען, פערטיעפט אין א שמועס וועגען „ליטעראטור“. לאזען מיר איבער דעם צווייענדיגען אידען, געהען־צו צום רעדעל און פרובען זיך מאכען א רעד מכח „חנוכה“.

— חנוכה? מיר זענען נישט קיין ציוניסטען... — רופט זיך אן איינער פון זיי, א יונגערמאן מיט קונציג פערדרעהטע וואנסים און מיט א לאנגען נאגעל אויפ'ן מינדסטען פינגער, און דער איבעריגער עולם צעלאכט זיך פון דעם וויץ. מיר טרעטען־אפ פון דער דאזיגער פרייליכער קאמפאניע און דערזעהען א סטודענט מיט א בלויען קאלנער און מיט גילדענע קנעפ שטעהט און רעדט מיט א מאמזעלכען מיט רויטע הענד. דער סטודענט מיט'ן בלויען קאלנער און מיט די גילדענע קנעפ דרעהט די וואנסים, וואס ווען אמאל זיין, און דאס מאמזעלכען מיט די רויטע הענד קוקט אויף דער סטעלי און דרעהט זיך אויפ'ן קארעק.

— איך וויים שוין. — מאכט צו מיר יאנטעוואהן שטילערהייד. — דאס מאמזעלכע איז טאקי אונזער פלאטאן פאנטאלאנאוויטשעס טעכטערעל, און דער יונגערמאן איז א סטודענטעל, נישט קיין באקאנטער. ווייזט אוים, אז ער שכנ'ט זיך צו איהר, דאס הייסט, צו די פופציג טויזענד, וואס מע גיט איהר נדן... כדאי פון דעסטוועגען צו הערען, פון וואס רעדט דאס דאזיגע פארעל.

מיר געהען צו אביסעל נעהענטער און חאפען איינציגע ווערטער: „גיישע... באלעט... אפערעטקע... סלאווסקאיא שפיעלט גוט... טאמארינע שפיעלט בעסער“...

— פארדאן! — רופט זיך אן יאנטעוואהן צום סטודענט. — איך מוז אייך איבערשלאגען אין מיטען די רעד, חאטש איך האב ניט די עהרע צו זיין מיט אייך באקאנט. דא איז אזא געשיכטע: איך און אט דער יונגערמאן האבען געהאלטען א וועטע מכח חנוכה; איך זאג א ז ו י, זיי זאגען א ז ו י. בכן איז געבליבען, מיר

זאָלען פרעגען איטליכען באַזונדער. אפשר וואָלט געווען א סברה, איהר זאָלט זיין אַזוי גוט און פותר חלום זיין אונז, אויב ס'איז מעגליך, אין דריי ווערטער, וואָס איז דאָס אַזעלכס חנוכה?...

דער סטודענט קוקט אויפ'ן מאַמזעלכען, דאָס מאַמזעלכען — אויפ'ן סטודענט, אוןביידע שמייכלען. נאָכדעם מאַכט דער סטו־דענט צו יאַנטעוואָהנען אויף רוסיש:

— פראַווא ניע זנאַיו, יאַ ניע זדיעשני, יאַ אָדעסיט *.

— איזוויניטיע. מי ניע זנאַלי, טשטאָ ווי אָדעסיט... ** — זאָגט צו איהם יאַנטעוואָהן, טהוט זיך אַ בויג צו איהם און רופט זיך אָן צו מיר: — אָן זיצט מיינער אַ באַקאַנטער, אַ אידישער לעה־רער, וואָס גיט שטונדען. ער איז אַ היגער, ניט קיין „אָדעסיט“, ער וועט אונז שוין געווים זאָגען וואָס איז חנוכה...

מיר געהען צום אידישען לעהרער. אַ יונגערמאַן מיט ברילען, האָלט פערלעגט אַ פוס איבער אַ פוס און רויכערט אַ פאַפּיראָס. יאַנטעוואָהן שטעלט מיך פאָר און דערצעהלט איהם די מעשה, ווי אַזוי מיר זענען געגאַנגען אין געוועט איבער „חנוכה“: איך האָב געזאָגט אַ ז ו י, ער האָט געזאָגט אַ ז ו י; בכן איז גע־בליבען, מיר זאָלען פרעגען דאָ ביי איטליכען באַזונדער. האָבען מיר שוין איבערגעפרעגט כמעט אַלע געסט, ווייסט קיינער נישט וואָס צו זאָגען. בכן, בעטען מיר איהם, הייסט דאָס, ער זאָל זיין אַזוי פריינדליך אונז פותר חלום זיין און זאָגען, אויב ס'איז מעגליך, אין דריי ווערטער, וואָס איז אַזעלכס חנוכה?

— חנוכה? — מאַכט דער לעהרער מיט אַ ניגון, האַפּט זיך

---

* כלעבען, איך ווייס נישט, איך בין נישט קיין היגער, איך בין איין אַדעסער. — ** האָט קיין פאַראיבעל ניט, מיר האָבען ניט געוואוסט אַז איהר זענט איין אַדעסער.

אויף און צעלאכט זיך. — אט דא ווילט איהר געוואהרע ווערען, וואס איז חנוכה? געטראפפען דעם ארט, ווי איהר זעהט מיך לעבען! איהר פרעגט זיי בעסער, וואס הייסט „ווינט“, „בעזיק“, „פרעפע־ראנס“, „אקא“, „באנטשאק“, „סטוקעלקע“ „טערטעל־מערטעל“, „זעכס און זעכציג“, „עקארטע“, „שמען־דע־פער“, „מאקאא“, „טראנ־טעקאראנט“...

— האט קיין פאראיבעל ניט, — שלאגט איהם איבער יאנ־טעוו זאהן אין מיטען — דאס ווייסען מיר אליין. איהר זאגט אונז בעסער, וואס איז חנוכה?

— „חנוכה“ ווילט איהר ביי זיי וויסען? — זאגט ווייטער דער לעהרער. — איהר פרעגט זיי בעסער וואס הייסט א חזיר'על גע־פרעגעלט אין פוטער, א „יאלקע“ אויף יום־טוב, א „פאסקע“ אויף פסח? איהר פרעגט זיי בעסער, וואס הייסט „וואלסלואיקענז“, „מיניאן“, „שאקאן“, „פאדעקאטר“, „פאדעספאן“, „פאדעפאטי־נע“? איהר פרעגט זיי בעסער, וואס הייסט „פלירט“, אדער א פארבייטעניש, א פארדרעהעניש, א פארפלאנטעניש מיט די וויי־בער, מיין ווייב דיין ווייב...

— האט קיין פאראיבעל ניט — האקט איהם איבער יאנטעוו־זאהן נאך א מאל. נאר אונזער פארשוין האט זיך צעלאזט, ווי א וואסער, צעגאסען, ווי א פאנטאן; ס'איז אונמעגליך געווען אפצו־שטעלען דאס וואסער; ס'איז ניט געווען מיט וואס צו פערשטע־קען דעם דאזיגען פאנטאן...

— גרישקא! גרישקא! — צעשרייט זיך יאנטעוו־זאהן און שטעלט אפ א ספריטנע יונגעלע פון א יאהר נייען אדער צעהן, מיט ברענענדיגע שווארצע אויגלעך, וואס לויפט פערביי אונז. — גרישקא! גרישקא! קום נאר אהער, נשמה מיינע, איך וויל דיך עפּיס פרעגען.

גרישקאַ געהט־צו צו יאַנטעוווזאָהנען, ווי צו אַ גוטען בעקאַנ־טען, און הויבט אויף צו איהם די שוואַרצע ברענענדיגע אויגלעך.

— זאָג נאָר, גרישקאַ, נשמה מיינע, אידיש לערענסט דו?

— אַ קאַק זשע? — מאַכט גרישקאַ. — אלף, בית, גימל, ריש...

— בראַוואָ! מאָלאָדיעץ! — מאַכט צו איהם יאַנטעוווזאָהן מיט אַ קניפּ אין בעקעל. — זאָג נאָר, גרישקאַ, דו ווייסט, אַז ס'איז פאַרהאַן אַזאַ יום־טוב, וואָס מע רופט דאָס „חנוכה“?

— אַ קאַק זשע? — מאַכט גרישקאַ.

— זאָגט זשע מיר, מיין טהייערער, וואָס איז דאָס חנוכה?

— חנוכה? — מאַכט גרישקאַ און זיינע שוואַרצע ברענענדיגע אויגלעך לויפען אַרום הין און צוריק, אַרויף און אַראָפּ, ווי די מייז־לעך. — חנוכה? חנוכה? סייטשאַס!... דער פּאַפּאַשאַ... די מאַמאַשאַ... דער פּאַפּאַשאַ עסט... ווי אַזוי הייסט דאָס?... מצה מיט שלחמנות... און די מאַמאַשאַ דרעהט אַ ווייסע הוהן אָט אַזוי... אי קושאַיוט יעווריסקי קרעפּליעקי... *

גרישקאַ בעווייזט מיט די הענטלעך אויפ'ן קאָפּ, ווי אַזוי די מאַמע זיינע שלאָגט כפּרות, און בעלעקט זיך פון די אידישע קרעפּ־לעך.

און אויף מיין יאַנטעוווזאָהנען פאַלט אָן פּלוצים אַזאַ געלעכטער, אַז איך מיין — אָט בעקומט ער דעם שלאָג. — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — —

אין זאַל איז ליכטיג און וואַרעם. די לאָמפּען מיט די ליוסטרעס ברענען. די ווייסע קיילעכיגע גלאַנצענדיגע ליסינעס פון די שפּיע־לערס שפּיעגלען זיך אָפּ אין די הויכע גלאַנצענדיגע שפּיעגלען. עס הערט זיך אַ הו־האַ, אַ גערעדעריי פון אַ סך מיילער; נאָר מעהר פון אַלץ לאָזט זיך הערען דאָס וואָרט „פּאַס!“ איך שטעה, ווי אַ

* און מע עסט אידישע קרעפּלעך.

נאַר, אין מיטען זאַל, און מיין נייער בעקאַנטער, פֿאַנפֿאַראָן פֿאַראַ־
אָנאָוויטש יאָנטעווזאָהן, קאַטשעט זיך פֿאַר געלעכטער. דאָס לאַכט
ער פֿון מיר, וואָס איך האָב אָנגעוואָרען די וועטע.

* * *

אַט אַזוי פֿערשפּיעלט מען אַ פֿינפֿאונצוואַנציגער!

חנוכה, ותרס"ב. קיעוו.

# פורים

...וימי הפורים האלה לא יעברו מתוך
היהודים.
און די דאָזיגע טעג פון פורים זאָלען
קיינמאָל ניט בטל ווערען פון אידען.
(מגלת אסתר, ט׳, כ״ח).

„פורים זענען אַלע שכורים ניכטער". דאָס דאָזיגע ווערטעל איז געזאָגט געוואָרען אויך אויף מיר, אידישער פעליעטאָניסט. א גאַנץ יאָהר בין איך פרעהליך, איך קיצעל דעם עולם מיט מיינע פעליעטאָנען, דער עולם לאַכט און איך אויך בתוכם; נאָר היינט, אים פורים, בין איך דוקא אומעטיג, דוקא נישט אויפגעלעגט אויף צו לאַכען.

וואָס איז די מעשה?

איך האָב מיך דערמאָנט אָן דעם פורים פון אמאָליגע יאָהרען. איך האָב מיך דערמאָנט אָן אונזערע אַלטע אידישע מנהגים, וואָס געהען־אונטער ביסלעכווייז ביי אידען און ווערען בטל. דאָס הייסט, נישט דער יום־טוב געהט־אונטער; „פורים זאָל קיין מאָל נישט בטל ווערען" — אַזוי שטעהט ביי אונז געשריבען אין דער מגילה; נאָר יענע אַלטע אידישע מנהגים, איבערהויפּט ביי אונז אין יעהופּעץ און אין אַלע גרויסע שטעדט, געהען־אונטער ביסלעכווייז און ווערען בטל. איך האָב מיך דער־

מאַנט אין דעם ג ר י י ג ע ר , מיט וועלכען מיר, חדר־יונגלעך, פלעגען זיך נוקם זיין אין המן'ען. אַלע יאָהר, אַלע יאָהר פלעגט אונז דער דאָזיגער אַנטיסעמיט, המן בן המדתא, דעקוטשען מיט זיינע המן'ס־מסירות פאַר'ן קעניג אחשורוש, און מיר, הדר־יונגלעך, פלעגען זיך דערפאַר גוט רעכענען מיט איהם אין שוהל, ביי דער מגילה, מיט'ן גרייגער... מיר וועלען איהם אייביג נישט פערגעסען, ער וועט אונז אָבער אויך האָבען צו געדענקען! איך האָב מיך דער־מאַנט אָן דעם המן־טאַש מיט מאָהן, וואָס האָט געהאַט דעם טעם גן־עדן. איהר ווילט וויסען, וואָס הייסט טעם־גן־עדן? פאַרזוכט אַ פרישען אידישען המן־טאַש מיט מאָהן; נאָר זייט מוחל פריהער אָפּפאַסטען אַ גאַנצען טאָג „אסתר תענית", און נאָכדעם זייט זיך מטריח אין שוהל אַריין אויסהערען אַ גאַנצע מגילה, לאָז מען אייך אָנגרייגערען אַ פולען קאָפּ, און אַליין זאָלט איהר זיך אויך ניט פוילען צו טופּען מיט די פיס, העלפען שלאָגען המנ'ען. און נאָכ־דעם, אַז איהר וועט קומען אַהיים איין אויסגעהונגערטער, איין אָנ־געלייענטער און אַ פערגרייגערטער, און מע וועט אייך מכבד זיין מיט אַ פרישען דרייעקעכיגען המן־טאַש מיט מאָהן, וועט איהר פערשטעהן, וואָס הייסט טעם־גן־עדן... איך האָב מיך דערמאַנט אָן דעם שענעם, גרויסען, הויכען, געפלאָכטענעם, מיט זאַפראַן פער־געלטען און מיט ראָזינקעס אַרומגעשטעקטען „פורים־קוילעטש". איך האָב מיך דערמאַנט אָן דער פורים'דיגער סעודה מיט'ן „שושנת־יעקב", וואָס מיין פעטער פ י נ י פלעגט זינגען און וואַרפען בשעת מעשה מיט דער שענער באָרד, און א י צ ע ל דעם פעטער פיני'ס האָט איהם אונטערגעהאָלפען אויף אַ דין קול'כעל, און אַז ס'איז געקומען צו „אָרור המן" און „ברוך מרדכי", האָבען מיר אַלע אונטערגעהאַפּט און איבערגע'חזר'ט אַ מאָל עטליכע און צוואַנציג, זיך גאָרנישט געקאָנט צעשיידען דערמיט, אַזוי לאַנג געדרעהט „אָרור המן" און „ברוך מרדכי", ביז ס'איז אויסגעקומען: „אָרור ברוך, מרדכי המן", „מרדכי אָרור, המן ברוך", „המן מרדכי, אָרור

ברוך", פונקט אזוי ווי אין שלחן־ערוך שטעהט געשריבען: „ס'איז א מצוה, מע זאל פורים אזוי לאנג טרינקען, ביז מע זאל זיך פער־בייטען מיט די יוצרות"... איך האב מיך דערמאנט אן דער שענער שפיעל פון די „פורים־שפיעלער" און אן יענעם שענעם מנהג, וואס ווערד אנגערופען „משלוח־מנות" און „מתנות לאביונים". איך האב מיך דערמאנט אן די דאזיגע אלע שענע מנהגים — און פרעג זיך אליין: וואו זענען זיי אהינגעקומען? פאר וואס זעהט מען ניט, פאר וואס הערט מען ניט פון זיי ביי אונז אין יעהופעץ און אין אלע אנדערע גרויסע שטעדט? נישטא, מיר האבען זיי פ ע ר ז י נ ־ ד י ג ט! פערזינדיגט דעם גריזגער, פערזינדיגט דעם המן־טאש מיט מאהן, פערזינדיגט די סעודה מיט'ן פורים־קוילעטש מיט'ן שלח־מנות! פונ'ם פורים איז ביי אונז פערבליבען א זכר נאר אין די ווערטער: „עס וועט געדויערען פון אסתר־תענית ביז פורים", אדער: „פורים נאכ'ן קאלטען קוגעל"; פונ'ם גרייגער איז פער־בליבען ביי אונז א זכר: „איך הער דיך, ווי המן דעם גרייגער"; פונ'ם פורים־קוילעטש: „ער וואכסט אין דער ברייט, ווי א פורים־קוילטעש", וכדומה אזעלכע פאלקס־ווערטער. דער המן־טאש מיט מאהן האט שוין נישט מעהר ביי אונז יענעם אידישען טעם. פאר־האן ביי אונז אין יעהופעץ אנדערע מאכלים: כל מיני פאשטעטען מיט קנאבעל, בעפשטעקס א־לא־אנגלעז, געפרעגעלט אין גענזענ־שמאלץ, ראקעס געפילט מיט מצה־מעהל, פודדינג א־לא־לאקשענ־קוגעל מיט מאראזשענע, און נאך א סך אזעלכע „אידישע" מאכלים... „סעודות" זענען מיר, ברוך השם, אויך ניט זשעדנע א גאנץ יאהר אין יעהופעץ; אלע מאנטאג און דאנערשטאג האבען מיר „זשור־פיקסען", און אנשטאט „ארור המן" און „ברוך מרדכי" זאגען מיר: „סיעם פיק, פאס, וואסיעם טרעף, שלעם בעז קאזוריי, פאס, פאס"... און אז עס פערגלוסט זיך אונז זעהען „פורים־שפיעל", געהען מיר זיך דורך אין „ארקאדיע", אין „סטרעלנע", אין „טיוואלי", אין „אלקאזאר", אדער אין אנדערע כדומה אזעלכע מקומות... אדער

מיר געהען גאָר אין **א י ד י ש ע ן** טהעאַטער, פון יענע אידישע „אַקטיועיוויערען“, וואָס פאָהרען אַרום פון שטאָדט צו שטאָדט און שטעלען די אידישע אָפּערעס: „קאַלדוני“, „שולמית“, „בר כוכבא“... אַלע מאָל, ווען איך קום אויף די דאָזיגע אידישע „אַקטיועיוויערען“, שטעלט זיך מיר פאָר יענע שענע שפּיעל פון אונזערע „פּורים־שפּיעלער“, וואָס איך האָב געזעהען אין מיין געבורטשטאָדט, אין כ ת ר י ל ע ו ו ק ע , בשעת איך בין נאָך געווען אַ חדר־יונגעל.

די בלאָטע איז גרויס, און פון אויבען שיט אַ שנייעלע; דאָס שנייעלע לאָזט, און די בלאָטע ווערד נאָך גרעסער. „זיי“ געהען אָנגעוואָפּענט מיט כלי זיין פון שטוב צו שטוב און קנעטען מיט די שטיוועל די גרויסע, טיעפע, זומפּיגע בלאָטע, און אַ גאַנצע טיטשקע יונגלעך לויפען נאָך נאָך „זיי“; די יונגלעך פאַלען אין דער בלאָטע, שטעהען אויף און לויפען ווייטער, מיט אַ געלעכטער און מיט אַ געשריי: „אחשורוש! ושתי! מאָנדריש!“ אָט־אָט זענען „זיי“ שוין ביי אונזער שטוב, אָט־אָט עפענט זיך די טהיר — „זיי“ זענען דאָ.

— גוט יום־טוב אייך! — שיסען „זיי“ אויס אַלע מיט אַ מאָל ווי פון צעהן ביקסען, שטעלען זיך אויס, ווי די סאָלדאַטען, און די „שפּיעל“ הויבט זיך אָן.

פריהער פון אַלע טרעט־אַרויס דער קעניג אחשורוש (קאָפּעל דער שניידער) מיט אַ געלען פּאַפּיערענעם ספּאָדיק אויפ׳ן קאָפּ, האַפּט אַרויס אַ הילצערנע שווערד פון אונטער דער פּאָלע, עפענט אַ מויל און הויבט אָן מיט אַ משונה־מאָדנע ניגון, אויף אַ משונה־מאָדנע שפּראַך, וואָס מע רופט דאָס דייטש:

דו, המן בן המדתא צורר היהודים,
און דו, מאָנדריש, און איהר אַלע מיניסטאָרען מיינע,
איהר זאָלט אַלע טהון טהין הערון,
וואָס איך קעניג אחשורוש וועל אייך טהון טהין שפּרעכון,

דערפאר וואס די קעניגין ושתי האט מיין באפויל ניט געוואלט אננעמון,

פאר אלע מיינע לייט נאקעט ארויס טרעטון,
זאל מען איהר מיט דיזען שווערט דעם קאפ אראפנעמון
און מיין געליעבטע אסתר פאר קעניגון טהון קריינון...

בשעת מעשה טהוט דער קעניג א מאך מיט דער שווערט און א וואונק אויף מרדכי'ן, און עם געהט צו מרדכי (לוי דער קארנא־סער שוסטער), אנגעטהאן אין איין איבערגעקעהרטער קאפאטע אויף דער לינקער זייט און מיט א באָרד פון קלאטשע; ער טהוט דריי שפאן, שטעלט זיך אוועק און גיט אפ כבוד דעם קעניג אחשורוש, ווי עס געהער צו זיין, און זינגט אוים אויף זיין קאר־נאסע ציקעלדיג־וויינענדיגער שטימע:

אריין, אריין, אריין,
ברודער מלכה דו מיין!

און עס בעוויזט זיך ושתי המלכה (מאטעל דער סטאליר), אנגעטהאן אין א קליידעל פון אויבען אויף דער קאפאטע, און די פאלעס זעהען זיך ארוים, נאר בכדי מע זאל חלילה נישט דערקע־נען, אז די מלכה ושתי איז א מאנסביל, און אלע זאלען טאקי מיי־נען, אז ס'איז א נקבה, האט ער אונטערגעבונדען דאס בערדעל מיט א ווייסער פעטשיילע (וואנצים מאכט נישט אוים). די מלכה ושתי טהוט א פאל אויף דער ערד, און עס שטעקען ארוים א פאר גרויסע צעריסענע שטיוועל. זי הויבט אויףביידע הענד צום קעניג אחשורוש און זי טהוט פאר איהם קניהען און בעטען: „ער זאל אויף איהר שענקון טהון טהין קוקון, ער זאל זיך דערבארעמון אויף איהרע יונגע יאהרון און זי פון דער וועלט נישט אומברענגון“. און ביי דער זייט שטעהט המן הרשע (יאסקע דער בעהעלפער) מיט א שארבען אויפ'ן קאפ, און בשעת ושתי ליגט אויף דער ערד און וויינט פאר'ן קעניג אחשורוש, נעמט המן און ווייזט מאנדרישען א קולאק, און מאנדריש שטעלט איהם ארוים א צונג, און צווישען

חברה ווערד דערוויי׳ל א געלעכטער. ער ווייסט נישט, דער רשע־מרושע, אַז אַט באַלד האָט ער די מפּלה, אַט באַלד וועט דער קעניג אחשורוש אַרויסגעבען אַ בעפעהל: „מע זאָל דעם מערדער, דעם גזלן, דעם רוצח אויף אַ הויכען בוים אויפהענגען, און מאַנדרישען דעם אידען זאָל מען פאַר שני למלך טהון מאכון“. אַך, ווי זיס איז די נקמה! ווי גרויס בין איך ביי זיך אין די אויגען מיט מיין אידי־שען שני למלך! ווי שטאַרק טהוט מיר באַנג, וואָס די שפּיעל ענ־דיגט זיך, און די חברה פּורים־שפּיעלער נעמען צענויף די עטליכע גראָשענס, און איך געזעגען זיך אָפּ מיט זיי אויף אַ גאַנץ יאָהר!

נאָר מעהר פון אַלץ טהוט מיר באַנג דער מנהג פון „משלוח־מנות“ און „מתנות לאביונים“ — מתנות פאַר די אָרעמע לייט.

האַלב וואָכעדיג, האַלב יום־טוב׳דיג, מיט אַ זיידענער פּעטשיילע און מיט אַ פּאַרטוך, שטעהט די מאַמע ביים טיש שטאַרק צעטראָ־גען: עפּיס אַ ווערטעלע אויסצורעדען — כמעט אַ מאה שלח־מנות׳ען אָפּנעמען און כמעט אַ מאה שלח־מנות׳ען אָפּשיקען, קיינעם נישט אָנזעצען, חלילה קיין טעות נישט האָבען, געדענקען וועמען וואָס פאַר אַ שלח־מנות מע בעדאַרף אָפּשיקען. צום ביישפּיעל: אַז יענער שיקט איין פלעדעל, צוויי קישעלעך, איין מאָהינדעל, צוויי שטיקלעך טאָרט, איין האָניג־טייגעל מיט צוויי צוקערלעקאַכ־לעך, — בעדאַרף מען איהם אָפּשיקען, געוויינטליך, צוויי פלעדלעך, איין קישעלע, צוויי מאָהינדלעך, איין שטיקעל טאָרט, צוויי האָניג־טייגלעך מיט דריי צוקערלעקאַכלעך. מע בעדאַרף האָבען אַ קאָפּ פון אַ מיניסטער, חלילה נישט אָנמאַכען אַ חתונה, ווי סע האָט זיך אַ מאָל שוין געטראָפען ביי אונז אַזאַ־נ־אומגליק. דאָס הייסט, מע האָט געשיקט איינער אַ נגידית צוריק איהר אייגענעם שלח־מנות, — האָט זיך דאָס געטהאָן, עס איז אַרויס אַ מחלוקת צווישען די מאַ־נען, מיט סקאַנדאַלען, מיט פּעטש, מיט מסירות, מיט רדיפות, ווי געוויינטליך... היינט די מענשען, וואָס ברענגען דעם שלח־מנות, בעדאַרף מען אויך עפּיס שענקען — וועמען אַ קאָפּיקע און וועמען

צוויי און וועמען נאָך מעהר פון צוויי... נאָר אָט עפענט זיך די טהיר און עס קומט אַריין אַ מיידעל מיט שטאַרק רויטע האָר און מיט אַ סך קלייען אויפ'ן פּנים — דאָס איז מיין רבינ'ס אַ מיידעל; זי געהט אַרום פון איין בעל־הבית צום אַנדערען און נעמט צענויף די שלח־מנות'ען פאַר'ן רבי'ן. זי טראָגט אין האַנד אַ שעלעכעל, איבערגעדעקט מיט אַ טישטוכעל. אינ'ם שעלעכעל שטעקט אַ ראָזינקע, און אויף דער ראָזינקע ליגט אַ זילבערנע מטבע. די מאַמע דעקט אויף דאָס טישטוכעל און לעגט־צו צו יענער מטבע נאָך אַ מטבע, און אויך דעם מיידעל רוקט זי אַריין עפּיס אין האַנד אַריין. דאָס רויטע מיידעל ווערד נאָך רויטער און ווינשעוועט, ווי איין אַלטע: „דערלעבט איבער אַ יאָהר מיט אייער מאַן און מיט אייערע קינדער"... נאָך דעם רויטען מיידעל קומט אַריין אַ געשוואָלען בחור'על מיט איין אויפגעטראָגענער באַק, אונטערגעבונדען מיט אַ בלויער פעטשיילע, איין אויג אַ קליינס, דאָס אַנדערע אַביסעל גרעסער; אין האַנד האַלט ער אַ מעשען טעצעל, אויף דעם טעצעל ליגט אַ פלעדעל, אויפ'ן פלעדעל איז אויסגעצוויקעלט אַ פישעלע, דאָס פישעלע איז אָנגעפילט מיט האָניגפאַרפעל, און ביי דער זייט ליגען עטליכע זילבערנע מטבעות און אַ פּאָר קערבלעך פאַפּיערענע. דאָס געשוואָלענע בחור'על געהט־צו גלייך צו דער מאַמע און שיסט אויס אין איין אָטהעם, ווי אויסגעלערענט אויף אויסווענינג: „אַ גוט יום־טוב דער רב האָט אייך געשיקט שלח־מנות און דערלעבט איבער אַ יאָהר מיט אייער מאַן און מיט אייערע קינדער"... דאָס געשוואָלענע בחור'על נעמט אָפּ זיין רח"ש און געהט אַוועק אָהן אַ זייט־געזונד, וואָרום די ווינשעוואַניע האָט ער על־פּי טעות אויסגעכאַפּט פריהער. און עס קומען אָן אַלע מאָל נייע פאַרשוינען מיט נייע שלח־מנות'ען: פונ'ם דיין, פונ'ם חזן, פון די שוחטים, פונ'ם סופר, פונ'ם תלמוד־תורה־מלמד, פונ'ם בעל־תוקע, פונ'ם בעל־מגיה, פונ'ם מנקר, פונ'ם וואַסער־פיהרער, פונ'ם בעדער (אויך כלי־קודש!). און נאָך די דאָזיגע אַלע קומט צו געהן וועלוועל דער

שמש אליין, נעבאך א קראנקער, א הייזעריגער, א יאדעשליוועך; ער בלייבט שטעהן א ווײלע ביי דער טהיר, חאפט זיך ביי'ם האר־צען און פערהוסט זיך.

— וואס וועט איהר עפּיס זאגען גוטס? — פרעגט איהם די מאמע, שוין רעכט מיעד פון דער ארבייט.

— מע האט אייך געשיקט שלח־מנות. — מאכט וועלוועל און בעווייזט א לעקאכעל אין האנד. — דערלעבט איבער א יאהר מיט אייער...

— פון וועמען איז? — פרעגט איהם ווידער די מאמע.

— פון מיר טאקי אליין, דערלעבט איבער א יאהר מיט אייער... — מאכט וועלוועל און פערהוסט זיך. — האט קיין פאראיבעל ניט, וואס אליין... נישטא מיט וועמען צו שיקען... געוועזן איין מיידעל, איז זי, ניט דא געדאכט... איהר געדענקט מיין פראדלען, עליה השלום?...

וועלוועל דער שמש פערהוסט זיך אויף עטליכע מינוט, און די מאמע טהוט זיך א חאפ צו דער קעשעני, נעמט ארויס עטליכע מטבעות מיט א מאל און רוקט איהם אריין אין האנד אריין און איז איהם מכבד מיט א שטיק טארט און מיט א פאר פלעדלעך. וועלוועל שטופּט דעם טארט מיט די פלעדלעך אין בוזעם אריין, דאנקט און ווינשעוועט: „דערלעבט איבער א יאהר מיט אייער מאן און מיט אייערע קינדער", און פערהוסט זיך. איך טהו א קוק אויף דער מאמע און דערזעה אויף איהרע שענע אויגען הענגען טרערען... „וואס זאל דאס בעדייטען?" — טראכט איך מיר... איך האב קיין צייט ניט ארומקוקען זיך — עס קומען אן נייע פארשוי־נען, אלערליי מינים „מקבלים", שענע אידען מיט גרויע שאלען און מיט מאדנע היטלען, קיילעכיגע, אונטען ברייטליך, אויבען שמאלבליך, ווי לאקשענטעפלעך; פארהאן צווישען זיי אזעלכע, וואס דינגען זיך, זאגען, אז זיי זענען נישט קיין פראסטע ארעמע לייט, וואס געהען איבער די הייזער; דער איז דעם זיידענס איין אייניקעל,

דער איז אַ טאַטענ'ס אַ קינד... און פאַרהאַן צווישען זיי אַזעלכע, וואָס נעמען צו וויפיעל מע גיט זיי. דאָס זענען טאַקי פּשוט'ע אָרעמע לייט, וואָס געהען נאָך אַ נדבה לכבוד דעם הייליגען יום־טוב:

הײנט איז פּורים,
מאָרגען איז אוים;
גיט מיר אַ גראָשען,
טרייבט מיך אַרוים...

און די מאַמע האַלט אין איין טיילען: אַ גראָשען אויף צווייען, צוויי גראָשענס אויף דרייען, און איטליכען בעזונדער אַ שטיקעל טאַרט, אַ פּלעדעל, אָדער אַ לעקאַכעל — „לאָז איין אָרעמאַן אויך וויסען פון'ם הייליגען יום־טוב פּורים"...

יאָ, דער מנהג פון „משלוח־מנות" איז זעהר אַ פיינער מנהג ביי אידען, און דער מנהג פון „מתנות לאביונים" איז נאָך פיינער; נאָר אונזערע היינטיגע קינדער, אונזערע היינטיגע „אַריסטאָקראַ־טען" מיט אונזערע היינטיגע „מאַדאַמען" פון דער גרויסער שטאָדט יעהופּעץ און פון אַלע אַנדערע גרויסע שטעדט וויסען נישט פון'ם דאָזיגען מנהג. זיי וויסען פון אַנדערע מנהגים: פון „אימעני־נעס" און פון „יאָלקעס", פון טענץ און פון „גוליאַניעס", פון בויגען זיך און דרעהען זיך, נאָר נישט פון „שלח־מנות" און נישט פון „מתנות לאביונים". עס איז, פערשטעהט איהר מיך, איין אַנדער וועלט געוואָרען, דאָס הייסט, די וועלט איז אפילו די אייגענע וועלט, וואָס פריהער, נאָר די מענשען זענען נישט די, וואָס אַמאָל. דאָס הייסט, די מענשען זענען אפילו די אייגענע, וואָס פריהער, נאָר די נעמען זייערע האָבען זיי איבערגעאַנדערשט, צום ביישפּיעל: אַמאָל איז המן געוועזן אַ רשע, דלפון איין אָרעמאַן און ויזתא אַ שוטה; היינט הייסט המן „אַנטיסעמיט" און איז פול די גאַנצע וועלט, „מהודו ועד כוש"; דלפון איז אַ גביר אין יעהופּעץ, דרעהט געשעפטען און חתמ'עט וועכסלען; און ויזתא איז אַ חכם, שרייבט

גאַנצע „מאמרים“ אין די בלעטער, גיט עצות... אַמאָל האָט מרדכי געהייסען „מאָנדריש“ און האָט געשפּיעלט אַ ראָלע פון שני למלך ביי׳ם קעניג אחשורוש; און היינט האָט ער יתרו׳ם נעמען: ער רופט זיך מאַרק און מאַרקוס און מאַקס און מאַקסים און מאַטוויי און מיטראָפאַן סעמיאָנאָוויטש און פאַנטעלעמאָן אַנדרעיעוויטש — און מע הערט איהם ווי המן דעם גראַגער... אַמאָל, אַז איינער האָט זיך געשטעלט, דאָס הייסט, ער האָט נישט געוואָלט צאָהלען, האָט מען דאָס גערופען פשוט מיט׳ן נאָמען אַנזעץ; היינט רופט מען דאָס ליקווידאַציאָן; גנבה איז קאָמיסיאָן, הלואה — דיסקאָנט, אַ לאָך — דעפיציט, איין אסיפה איז אַ סאָבראַניע, גבאים זענען טשלענעס, דרשות — רעפעראַטען, אויף אַ שלאַק זאָגט מען קאַפּריז, אויף משוגע — נערוועז, צדקה איז פילאַנטראָפּיע, אַ שדוך — פּאַרטיע, אַ מיאוסקייט — סימפּאַטיע, אַ משרת — קאָממי... און נאָך און נאָך אַ סך אַזעלכע נייע נעמען האָבען זיך בעזעצט אין אונזער נייעם ווערטערבוך — — — נאָר אַלסדינג אויף דער וועלט מוז דאָך האָבען אַ סוף, און אַ פּעליעטאָן אַוודאי.

דערלעבט איבער אַ יאָהר מיט ווען אייך איז ליעב!

# ארבע כוסות

— ברוך הבא אַ איד, אַ גאַסט, זיצט, זעצט זיך, פאַר וואָס זיצט איהר ניט?

מיט אזא מין בריטען ברוך־הבא בעגעגענט אונז, דאָס הייסט מיך מיט'ן טאַטען, אַ טאָג פאַר ערב־פּסח, רב יודעל וויינשענקער, אַ בעסעראַביער געפּאַקט אידעל, מיט רויטע בעקלעך, מיט אַ בייבעל און מיט אַ קאַרק, וואָס נעמט זיך ניט פון אייגענע און ניט פון פרעמדע צרות, נאָר פּשוט פון אַ מאַמעליגע מיט אַ ראָסעלפליישעל, פּערזופּט מיט אַ גלעזעל וויין... פון מיין טאַטען האַלט יודעל איין עולם ומלואו נאָר פאַר איין זאַך — דערפאַר וואָס דער טאַטע איז אַ מבין אויף אַ גלעזעל וויין. נאָר צוריק שמועסענדיג, וועלכער איד איז ניט קיין מבין אויף אַ גלעזעל וויין? וויין — דאָס איז דאָך איינע פון די דריי זאַכען, וואָס מיר זענען אין דעם די גרעסטע ספּעציאַליסטען אין דער וועלט: דאָס ערשטע איז נגינה, דאָס הייסט געזאַנג, דאָס צווייטע איז אַ גלעזעל וויין און דאָס דריטע איז בריליאַנטען. אַמאָל, אַז איך הויב מיך אָן בערעכענען, פרעג איך זיך אַליין אַ קשיא: מילא, אויף די ערשטע צוויי זאַכען, נגינה און אַ גלעזעל וויין, איז קיין חידוש ניט, וואָרום. וועלכער איד האָט פיינט הערען זינגען? וועלכער איד האָט ניט געהערט קיין רעכטע בעריהמטע חזנים, וואָס לאָזען זיך הערען אויף דער וועלט, למשל: ירוחם, פּיצי, בעני, בצלאל, ניסי בעל־

זער, ברוך קארלינער, בלומענטאל, באכמאן, פיני מינקאווסקי וכדומה נאך אזעלכע וועלט־חזנים? און טאמער האט ער ניט גע־הערט, האבען אנדערע געהערט. וואס מאכט דאס אויס? — מיר פערשטעהען נגינה מיט'ן שכל... נו, און פון וויין שמועסט מען ניט; וויין טרינקט דאך יעדער איד, אפילו דער ארעמסטער, אלע יאהר, פסח צום סדר; נימא קיין וויין, טרינקט ער ראזינקעס, טרינקט ער מעד, טרינקט ער בארשט, עפּים מוז ער דאך טרינקען צו די „ארבע כוסות“, ס'איז דאך פסח!... וואס דארפט איהר מעהר, נעמט דעם בעסטען שאמפּאניער וויין, אדער גאר „נסך“, וואס מיר טארען איהם ניט טרינקען און וויסען ניט אפילו, וואס פאר א טעם ער האט, וועלען מיר אייך אויך זאגען אויף איהם, אויב איהר ווילט, אונזער מבינות על פּי סברא... אדער נעמט דעם ארץ־ישראל־וויין און רעדט מיט א אידען, וועט ער זיך גאר ניט שעמען און וועט אייך זאגען גאנץ אפּענטליך: „הא, וואס, ארץ־ישראל־וויין? „כרמל“? איך וועל אייך זאגען דעם אמת, איך אליין האב נאך דעם כרמל־וויין ניט געטרונקען, וויסט איהר פאר וואס? ווייל איך האב מיר אלע יאהר אויף ארבע כוסות מיין וויין; איך נעם מיר איין אמת'ען בענדערער ווימאראזיג און מיש איהם צענויף מיט א ביסעל „מתוק“, בעקומט ער טעם גן־עדן, עס מעג איהם טרינקען דער מלכות... נאר ווערליג איך האב געהארכט פון מבינים, וואס האבען יא פארזוכט פונ'ם „כרמל“, פארשטעה איך על־פּי שכל, אז דער „כרמל“ באדארף זיין ניט קיין שלעכט גלעזעל וויין!“... הכלל, מיר פערשטעהען זיך אויף וויין ניט ווינ־ציגער ווי אויף נגינה... נאר די דריטע זאך, בריליאנטען — דאס איז מיר תמיד געוועזען א חידוש, און איך פערשטעה ניט עד היום הזה: פון וואנען האט זיך גענומען ביי אונז דאס מבינות אויף בריליאנטען? וואו האבען זיך דאס אידען אזוי אנגעקוקט מיט בריליאנטען? איך וועל אייביג ניט פערגעסען די אוהערינגלעך, וואס זענען אונז געבליבען בירושה פון דער עלטער־באבע, זאל הא־

בען אַ ליכטיגען גן־עדן. תחילת, אַז די באָבע עליה השלום איז גע־שטאָרבען, האָט מען איהרע אויהעריננגלעך געשאַצט ביי אונז אין כתרילעווקע מי יודע וויפיעל; מבינים האָבען זיך זאָט ניט גע־קאָנט אָנשפּיעגלען אין זייער לויטערקייט, זייער וואַסער מיט זייער שפּיעל. עס האָט זיך געפונען איינער אַ מבין, וואָס האָט גאָר געזאָגט, אַז עין לא ראתה, אַז נאָך אַזאַ פּאָר בריליאַנטען געפינען זיך ניט אין ערגיץ, סיידען אפשר ביי דער ענגלישער מלכה. דער־רויף האָט זיך אפילו געפונען נאָך איינער, וואָס האָט איהם אויס־געלאַכט, געזאָגט, אַז ביי דער ענגלישער מלכה איז פּאַרהאַן, מאָהלט אייך, אַ ביסעל גרעסערע בריליאַנטען; האָט איהם יענער אָבער צוריק זעהר גלייך געענטפערט: „בריליאַנטען איז ניט ניט קיין קוילעטשען, וואָס שאַצען זיך נאָכ'ן גרויס; דער גאַנצער אַנטיק פון אַ בריליאַנט איז דאָס וואַסער, די לויטערקייט און די שפּיעל זיינע, וואָס ער שפּיעלט"... העט שפּעטער, אין אַ צייט אַרום, אַז מיר האָבען געטראָגען די דאָזיגע זעלטענע אויהעריננגלעך פערזעצען אָדער פערקויפען, האָבען די בריליאַנטען מיט אַ מאָל פערלוירען אינגאַנצען זייער ווערטה. וואו איז אַהינגעקומען זייער וואַסער, זייער לויטערקייט מיט זייער שפּיעל? די אייגענע מבינים טאַקי האָבען געזאָגט: „וויים איך וואָס, אַ פּאָר צוויעקעס!"... נאָר אַזוי ווי מיט אַרבע כוסות געהער זיך דאָס ווינציג־וואָס אָן, בכן קעהרען מיר זיך אום צוריק צו רב יודעל וויינשענקער.

בעקומען פון איהם אַזאַ ברייטען ברוך־הבא, זאָגט איהם דער טאַטע, אַז מיר האָבען קיין צייט ניט, עס איז ערב פּסח, און מיר בעטען איהם, ער זאָל זיך מטריח זיין מיט אונז אין קעלער אריין, אָפּקלויבען וויין אויף אַרבע כוסות.

— אָך, מיט'ן גרעסטען כבוד! — מאַכט יודעל און נעמט מיט זיך אַ ליכט מיט אַ פּסח'יג קדוש־גלעזעל, און מיר לאָזען זיך אַראָפּ זאַלבעדריט אין קעלער אריין.

— אשטייגער, וואָס פּאַר אַ מין סאָרט גלעזעל וויין וואָלט

איהר א בעלן געווען טרינקען היינטיגען פסח? — טהוט יודעל א פרעג און קוקט אויף דער סטעלי.

— וואס פאר א מין סארט גלעזעל ווין זאל איך וועלען? — ענטפערט איהם צוריק דער טאטע איבערגעפרעגט. — איך וואלט א בעלן געווען, עס זאל זיין, פארשטעהט איהר מיך, דאס אמת'ע גלעזעל וויין, דאס הייסט, עס זאל זיין א גלעזעל וויין, ווערליג מיר ביידע פארשטעהען — איהר פארשטעהט?

— איך פארשטעה, פאר וואס זאל איך ניט פארשטעהן? איהר ווילט א גלעזעל וויין, וואס זאל זיין „קפריסין"!

מיט די ווערטער געהט יודעל אוועק אין א ווינקעלע, בויגט זיך אן אין דער פינסטער און צאפט אן א גלעזעל „קפריסין" און טראגט דאס צו דעם טאטען.

— שלעכטס זאל איך האבען, אויב עמיצער האט נאך אפילו פארזוכט ביי מיר פונ'ם דאזיגען וויין; אנו, נעמט איהם אקארשט אויף די ליפען!

דער טאטע טהוט א שאקעל דאס גלעזעל הין און צוריק עטליכע מאל, טראגט דאס צו פריהער צו דער ליכט, נאכדעם צום מויל, טהוט א מאן מיט דער נאז:

— ניין, רב יודעל, האט קיין פאראיבעל ניט, ניט דאס הייסט ביי מיר „קפריסין"!

— אהא, איך וויים שוין וואס איהר מיינט! — מאכט יודעל און צאפט אן א פריש גלעזעל קפריסין. — נו, וואס וועט איהר עפיס זאגען אויף ד ע ם גלעזעל וויין? קוקט אייך נאר צו צו דער מראה זיינער: קרישטאל!

דער טאטע פערזוכט אביסעל „קרישטאל" און זאגט זיין מבינות:

— מהכתיתי, אוודאי איז דאס א גלעזעל וויין. דער חסרון זיינער איז נאר דאס, וואס ער איז, צווישען אונז רעדענדיג, א בי־

סעל דאָסיג, דאָס הייסט, ער איז ביי איך גע׳מלאכה׳ט, מחילה אונטערגע׳שמד׳ט. זיים זיך מודה...

— חס ושלום! — זאָגט יודעל און שווערט זיך, ער זאָל אַזוי האָבען אַ כשר׳ען פּסח, ווי דאָס איז איין אמת׳ער, אַ ריינער קאָ־ ווּעשאַנער וויין, חלילה ניט געפּראָוועט, טאַקי נעבאַך אַ כשר קינד, אָט אַזוי ווי די מאַמע האָט איהם געהאַט! ס׳איז נעבאַך איין אמת׳ער, אַ ריינער „באָרדאָ“.

— ע, רב יודעל! — מאַכט צו איהם דער טאַטע. — דאָס טויג דאָך ניט! מיר האָבען דאָך עפּיס געשמועסט, אַז מיר באַדאַרפט איהר ווייזען אַ גלעזעל וויין, וואָס זאָל זיין וויין, היינט וואָס דער־ צעהלט איהר מיר מעשיות באָרדאָ — שמאָרדאָ?

— איין אומגליק מיט די מבינים! — זאָגט יודעל און גיסט אויס דאָס גלעזעל „באָרדאָ“ און צאַפּט איהם אָן איין אַנדער גלע־ זעל וויין, שוין פון צוויי פעסלעך מיט אַ מאָל, און טראָגט דאָס אונטער דעם טאַטען שוין מיט איין אַנדער מינע.

— ווייסט איהר וואָס? זאָגט שוין איהר אַליין, אויב איהר זענט אַ מבין און פאַרשטעהט אויף וויין. איך וועל שוין שווייגען. איך בין ניטאָ, איין עק!

דער טאַטע בעטראַכט פריהער דאָס גלעזעל אויף דער ליכט, פּאַוואָלינקע טראָגט ער דאָס צו צו די ליפּען, זופּט אָפּ אַ ביסעל, און דאָס פּנים ווערד ביי איהם איבערגעביטען, די אויגען פרעה־ ליכער.

— יאָ, אָט דאָס איז וויין; דאָס קאָן מען אָנרופען מיט׳ן נאָ־ מען וויין. ווייסט איהר פאַר וואָס? ווייל אין איהם געפינט איהר אַלסדינג, וואָס אַ גלעזעל וויין באַדאַרף האָבען: אי אַ שטאַרקייט, אי אַ מתיקות, אי אַ זויערקייט. מיט איין וואָרט — ס׳איז וויין.

— איך זאָל אַזוי האָבען הצלחה בכל אשר אפנה, — זאָגט יודעל און שפּרינגט־צו צום טאַטען — אַז זינט איך בין אַ וויינשענקער, האָב איך נאָך אַזאַ גלעזעל וויין ניט געהאַט. און טאָמער מיינט

איהר, איך האָב איהם אַ סך? לאָמיך אַזוי האָבען אַ פרעהליכען יום־טוב, ווי...

— ששא, פּאַוואָלי נור! — שלאָגט איהם דער טאַטע איבער אין מיטען. — די מעשה דערפון איז אַזוי: ווײן איז דאָס טאַקי, נאָר ניט אײ־אײ־אײ! גאָרניט, ס'איז ניט מעהר ווי אַ גלעזעל ווײן. איך האָב אײך, רב יודעל, געוואָלט בעטען אָט וואָס: איהר זאָלט זיך מטריח זײן מיר אָנצאַפּען אַ גלעזעל ווײן פון יענעם... פון יענעם... איהר ווייסט שוין פון וואָסערען איך מײן... פונ'ם אמת'ען ווימאָראָזיג, איהר געדענקט? אײ, איז דאָס געווען אַ ווי־מאָראָזיג!

יודעל טהוט זיך אַ פּאַטש מיט בײדע הענד איבער דער קאַ־פּאָטע און אַ שמײכעלע דערבײ:

— אַ רײנער אומגליק מיט די מבינים! גענוג זײ פאַרשטע־הען אויף ווײן, האָבען זײ נאָך אַ זכרון אויך און געדענקען דעם טעם פון פאַראַיאָהרען, פון פאַר צוויי יאָהרען און אפילו פון פאַר דריי יאָהרען!

און יודעל טהוט אַ שפּריץ מיט'ן גלעזעל אַרויף און צאַפּט אָן נאָר אַ פריש גלעזעל ווײן, שוין ניט פון צוויי, נאָר פון אײן פּעסעל, טראָגט דאָס צו צום טאַטען שוין גאָר אָהן ווערטער, נאָר אַ סמאָרע מיט דער נאָז, ווי אײנער רעדט: „אַנו, וואָס וועט איהר עפּיס איצטער זאָגען?“ דער טאַטע טהוט אַ זופּ אײן מאָל, נאָך אַ מאָל, און נאָך אַ מאָל, קוקט אַלע מאָל אויפ'ן גלעזעל פון אונטען אַרויף, פערבײסט די אונטערשטע ליפּ, שאָקעלט מיט'ן קאָפּ, רעדט צו זיך אַלײן און צעהלט די ווערטער:

— אוי! — איז דאָס! — אַ גלעזע'! — ווײן!!! הערט איהר, רב יודעל, אָט דאָס איז דער אמת'ער ווײן, וואָס מע רופט איהם ווײן; אָט דעם ווײן אַז מע טרינקט, פיהלט מען, אַז מע טרינקט ווײן; ס'איז, פאַרשטעהט איהר מיך, אַ פול מויל מיט ווײן! איז איהם, זעהט איהר, מעג מען שוין מאַכען בורא־פּרי־הגפן, וואָ־

רום אַט דאָס איז — ווײַן!... זאָגט־זשע מיר, רב יודעל סערדצע, מה יקר — וואָס קאָסט ער? פֿון וואַנען שטאַמט ער? ומה שמו — ווי איז דער אמת'ער נאָמען זײַנער?

— ע! — מאַכט יודעל מיט אַ געלעכטערל. — איהר ווילט טאַקי ווײסען אַלסדינג? מע מוז, מע מוז אײַך זאָגען דעם אמת. ס'איז עפּיס אַ תירוץ? די מעשה דערפֿון איז אַזוי: דער ווײַן אַליין איז מײַנער אײַגענער ווימאַראַזיג אַ נומער דרײַצעהן, הײסען הײסט ער שאַטאַלאַפֿיט און קאָסטען קאָסט ער אַזוי גרויס ווי זעכס קאַרבען אַ עמער, האָט איהר אַ קײַמאַ־לן פֿון פֿיער גילדען אַ עקע. איך זאָל אַזוי האָבען הצלחה בכל אשר אפנה, אַז איך דערלעג צו איהם, אויב איך לײז איהם אפילו פֿינף גילדען די עקע. פֿאַרגעסט נישט, וויפֿיעל דאָ איז פֿאַרהאַן פּחת! אַ קלײניגקײט, ווימאַראַזיג! פֿאָלגט מיך און ...אַכט ניט קײן שהיות, הײסט אײַך אַנצאַפּען אַ צוויי פֿלאַש פֿונ'ם דאָזיגען ווימאַראַזיג, און צוויי פֿלאַש פֿון בענדערער „מאַרגאַ“, וואָס איך האָב אײַך פֿריהער באַוויזען, און נאָך אײַן פֿלאַש הײסט אײַך געבען פֿאַר די ווײַבער פֿונ'ם אמת'ען „זמירער“, וואָס איהר נעמט בײַ מיר אַלע יאָהר, וועט איהר ווײסען, אַז איהר האָט מיט גאָטס הילף ווײַן אויף אַרבע כוסות, און דערלעבט איבער אַ יאָהר מיט אײַער ווײַב און מיט אײַערע קינדער, איהר זאָלט זײַן אַ גרויסער גביר און טרינקען אַלע פּסח נישט קײן ערגערען ווײַן... יענקעל! הער נאָר, דו, וואו ביזט דו ערגיץ, אין אַלדי שוואַרצע יאָהר?!

אויף דעם דאָזיגען אויסרוף בעווײַזט זיך, איך ווײס נישט פֿון וואַנען, עפּיס אַ מאָדנער נפש, אַ געזונטער, אַ שוואַרצער בחור אין אַ וואַטאָווע, שטאַרק פֿערסמאַלצעוועטער קאַפּאָטע, אונטערגעבונדען מיט אַ שטריקעל, מיט אַ פּאָר גרויסע, מורא'דיג־גרויסע שטיוועל; דאָס פּנים איז בײַ איהם ווי פֿעראומערט, פֿערשלאָפֿען, קוקט ניט אין די אויגען, רעדט הײזעריג, ווי פֿונ'ם שלאָף:

— האַ? וואָס? מיך רופֿט איהר?

— וואו ביזט דו געווען און וואָס האָסט דו געטהאָן?

— ווער? איך? גאָרניט. בין געווען ביי די ראָזינקעס, גע־מאַכט „מאַלאַגאַ".

— הער נאָר דו, יענקויז, וואָס איך זאָג דיר: נעם שווענק דורך עטליכע פלעשער און צאַפּ זיי אָן צוויי ווימאָראָזיג שאַטאַלאָ־פּיט פון'ם פעסעל נומער 13 און צוויי מארגאָ פון'ם זיסליכען נומער 8, און איין פלאַש וועסט דו זיי אָנצאַפּען פון'ם זמירער נומער 1! שטעה, האָב צייט. וואָס חאַפּסט דיך אוועק דער רוח?... געדענק־זשע, יענקויז, ווימאָראָזיג שאַטאַלאָפּיט נומער 8, מארגאָ נומער 13, מיין איך מארגאָ נומער 13, טפו, שאַטאַלאָפּיט נומער 13, מארגאָ נומער 8 און זמירער נומער 1 פון'ם בעסערען. גיך, ריהר זיך, ווי א בלייען פייגעלע!

יענקעל געהט אוועק א שלעפעריגער צאַפּען ווייןְ ערגיץ ווייט, באַברעט זיך דאָרטען אין דער פינסטער און קומט צו געהן אין עט־ליכע מינוט אַרום מיט די אָנגעגאָסענע פלעשער, שלעפּט איינציג־ווייז פון קעשענע פּראָבקעס, קייט זיי געשמאַק מיט זיינע גרויסע געזונטע צייהן אזוי לאַנג, ביז זיי מוזען אריין, און יודעל ווייַנשענ־קער האלט דערוויילי מיט'ן טאַטען א שמועס אלץ וועגען ויין.

— זאָגט נאָר, רב יודעל סערדצע, ווי אזוי איז ביי אייך ארוים היינטיגס יאָהר דער ראָזינקעס־וויין?

— די צמוקים? איין חריפות אין דער וועלט! — זאָגט יודעל. — בעסער פון'ם בעסטען אונגערשען וויין! א כפרה טאָקיי, א כפרה שאַמפּאַניער, א כפרה זייער פּאָרטוויין, זייער פראַנצוויין מיט אלע זייערע וויינען!

— פּאַראַיאָהרען — זאָגט דער טאַטע — איז אייער ראָזינקעס־וויין געווען, איהר זאָלט מיר מוחל זיין, נישט אין בעסטען.

— דהיינו מיט וואָס? — מאַכט יודעל ווי דערשראָקען.

— דהיינו, — זאָגט דער טאַטע געלאַסען — מע האָט איהם ניט געקאָנט נעמען אין מויל אַריין. ס'איז געווען, מחילה, באַרשט, ניט קיין וויין.

— וואָס רעדט איהר? איך זאָל אַזוי האָבען אַלדאָס גוטס, ווי דער עולם האָט געלעקט פון איהם די פינגער. מע האָט זיך גאָר ניט געקאָנט אָפּלויבען פון איהם. סע איז ניט געבליבען פון איהם אויף די אַנדערע טעג פּסח, איהר זאָלט זאָגען, אַ לעק.

— און איך זאָג אייך, — מאַכט דער טאַטע גאַנץ געלאַסען — אַז ער איז געווען, איהר זאָלט מיר מוחל זיין, אַ בייזער חלשות! פון אויבען האָט ער געהאַט אַ שימעל, אַ טעם האָט ער געהאַט פון געקאָכטע בארלעך און האָט זיך נאָכגעגעבען מיט עפּיס אַ מין גערוך, פון... פון... אוגערקעס.

— ניט אַנדערש, — זאָגט יודעל און צענעמט די הענד — אַז איהר האָט איהם געהאַלטען ערגיץ אין דער וואַרעם, אָדער די פלעש־לעך זענען ניט געווען גוט פאַרפּראַבקעוועט.

— ניין! איהר האָט אַ טעות, רב יודעל; די פלעשלעך זענען דוקא געווען פאַרפּראָבקעוועט, ווי אַלע מאָל, און געהאַלטען האָב איך איהם דוקא אין אַ קיהל אָרט, ווי אַלע מאָל, נאָר מיט איהם האָט זיך, אַפּנים, איין אַנדער מעשה געטראָפען: די ראָזינקעס האָבען ביי אייך אין קעלער, אַפּנים, ניט רעכט אויסגעשפּיעלט, האָ־בען זיי זיך צעשפּיעלט ביי מיר אין די פלעשלעך, האָט דער וויין געהאַפּט אַ פאַסקודנע זויערקייט און איז געוואָרען הויוועוודיג. דאָס קינד נעבאַך (דער טאַטע בעווייזט אויף מיר) האָט געהאַט צו טהון מיט'ן מאָגען, ניט היינט געדאַכט, פון נאָכ'ן ערשטען סדר כמעט ביז שבועות — דערפאַר האָב איך היינטיגס יאָהר מורא זיך צו־ריהרען צו אייערע „צמוקים".

מערקווירדיג! איך אַליין האָב גאָר פאַרגעסען די גאַנצע מעשה. נאָר אַז דער טאַטע האָט זי פּלוצים אויפגעמישט, האָב איך מיך דערמאַנט, ווי אַזוי איך האָב מיך פאַראיאָהרען צוגעהאַפּט צו די

ארבע כוסות, אויסגעזויגען זיי ביז׳ן דנאָ, און אַז איך בין אויפגע־שטאַנען פונ׳ם סדר, האָט זיך מיר געדרעהט די סטעלי, און דער טיש מיט די כוסות מיט אַלעם מיט אַנאַנדער האָבען געהאָפּט אַ טענצעל, קוים וואָס איך האָב מיך געהאַלטען אויף די פיס. און נאָכדעם — נאָכדעם געדענק איך ווי דורכ׳ן שלאָף: אַ בעטעל... איך ליג... די מאַמע האַלט מיך ביים שטערן און שעלט עמיצען, איך ווייס ניט וועמען: „ניט געדאַכט זאָל ער ווערען מיט זיינע ראָזינקעס און מיט זיין וויין! סם המות! אָוועקגעסמ׳ט דאָס קינד!“...

— האָט אַ גוטען יום־טוב! — געזעגענען מיר זיך אָפּ מיט יודעל וויינשענקער, ווינשעווען זיך איינס דאָס אנדערע עטליכע מאָל „אַ כשר׳ען פּסח“, און מיר געהען אהיים מיט׳ן וויין אויף ארבע כוסות לעבעדיג, פרעהליך. דער טאַטע איז פרעהליך, וואָס ער האָט בעצייטענס איינגעהאַנדעלט וויין אויף ארבע כוסות — פער־שפּאָרען מאָרגען שטופּען זיך צווישען גאַנצען עולם אין דער הושטשע; און איך בין גלאַט פרעהליך, וואָרום ווער איז צו מיר גלייך? אַט־אָט, נאָך איין טאָג, קומט דער „ליעבער פעטער פּסח“, אין חדר דאַרף מען שוין ניט געהן, אין דער היים וואַרטען שוין אויף מיר די נייע מלבושים׳לעך, מיט די נייע סקריפּענדיגע שטי־וועלעך, מיט דעם נייעם גלאַנצעדיגען קאַשקעטעל. געקומען אהיים מיט די ארבע כוסות, זוכט אָפּ דער טאַטע אַ קיהל אָרט, אַ פּסח׳יגס, אַ כשר׳ס, אויף אָוועקצושטעלען דעם וויין. ער פּאָרעט זיך און ציר־טערט איבער איהם, ווי עפּיס איבער אַ טייער, ציטעריג קינד. ער זאָגט אונז אָן אַלעמען, מיר זאָלען, חס ושלום, ניט צוריהרען זיך צום וויין מיט אונזערע חמצ׳דיגע הענד; מיר זאָלען אפילו גאָר ניט קוקען אין יענעם ווינקעל אריין! שפּעטער, נאָכ׳ן „בודק חמץ“ זיין, לעגען מיר זיך שלאָפען (די לעצטע חמצ׳דיגע נאַכט!), און עס פּלאָנטעט זיך מיר אַ גאַנצע נאַכט משונה־מאָדנע נארישע חלומות. עס חלומ׳ט זיך מיר, אַז יודעל וויינשענקער טראָגט אויף זיך מיינע

נייע מלבושים׳לעך מיט מיין קאשקעטעל. „ס׳איז מיין קאשקע־טעל!“ — שריי איך צו איהם. — „מע האט דאס מיר ערשט נעכ־טען געקויפט אויף פסח!“... און דער געזונטער בחור זיינער האט זיך צוגעהאפט צו אונזערע ארבע כוסות, שטעהט אויסגעבויגען צוריק מיט איין איבערגעקעהרטע פלאש וויין איבער׳ן מויל אריין; דער וויין — בול־בול־בול, און ער זשליאקעט... „פארפאלען די ארבע כוסות! חמצ׳דיג געמאכט, חמצ׳דיג!“... שריי איך און חאפ מיך אויף א פערצאפעלטער פונ׳ם שלאף, און איך דאנק גאט וואס ס׳איז נאר א חלום...

* * *

קוים דערלעבט די מינוט, די רגע — אט־אט, נאך צוויי שעה, נאך דריי שעה איז שוין פסח; אומעטום איז ריין, אומעטום פסח׳יג.

דער אויווען איז אויסגעגליהט. דער טיש איז איבערגעדעקט. די מצות טרישטשען. עס לאזט זיך הערען א געשמאקער ריח פון גענזענשמאלץ, עס שמעקט מיט לאטקעס, מיט פסח׳יגע לאטקעס. די „ארבע כוסות“ שטעהען שוין אפגעדעקט פראנק און פריי, מע מעג שוין קוקען אויף זיי... דער טאטע איז נאך א ביסעל פערנו־מען, ער מאכט חרוסת. נאר איך... איך בין שוין פארטיג! ווי איין אמת׳ער פרינץ, ווי א „בן־מלך“, האב איך מיך אנגעטהאן פון קאפ ביז פיס אין גאלע נייעס, גאלע טשאקענדיגס, קנאקענדיגס, סקריפענדיגס. איך ווייס ניט, וואס איך זאל טהון: זיצען — איין עבירה, דאס קאפאטקעלע ווערד צעקנייטשט; געהן — דער גלאנץ פון די פאדעשוועס ווערד אפגעריבען; שטעהן — וועט מען ניט הערען, ווי די שטיוועל סקריפען... איך שוועב, איך האלט מיך פון אויבען, אין דער לופטען. איין חסרון נאר, וואס איבער דער בלאטע, איבער דער געוויסער כתרילעווקער זומפיגער בלאטע, קאן מען מיט די נייע שטיוועלעך אין שוהל אריין ניט אריבערגעהן בשום אופן. מע מוז אנטהון די אלטע, די חמצ׳דיגע שטיוועלעך.

פערשטעהרט!... אין שוהל איז ריין, אין שוהל איז ליכטיג, אין שוהל איז יום־טוב׳דיג, אין שוהל איז פרעהליך; אַלע הענגלייכטער מיט אַלע העסעס זענען אויסגעריבען, גלאַנצען, און די ליכט ברענען. אידען אַלע אויסגעצוואָגען, אָנגעטהאָן יום־טוב־דיג, דאַוונען געשמאַק, און מיר, חדר־יונגלעך, קונדסים, בעטראַכטען איינס דאָס אַנדערע, וועמעס קאַפּאָטקעלע איז לענגער און וועמעס — קירצער, וועמעס קאַשקעטעל איז שענער און גלאַנצט מעהרער. איין חסרון נאָר, די נייע שטיוועלעך זענען געבליבען אין דער היים — פערשטעהרט! און ווער איז שולדיג? די בלאָטע, אונזער כתרי־לעווקער בלאָטע... נאָר גאָרניט, אַלסדינג איז איין איבערגעקומענע זאַך. איבערגעקומען די בלאָטע און געקומען אהיים, טהו איך אָן צוריק די נייע גלאַנצענדיגע סקריפּענדיגע שטיוועלעך, וואָרום די בלאָטע איז ביי אונז נאָר אין דרויסען. אינוועניג, אין דער היים, אין שטוב, איז ביי אונז ריין און שען און ציכטיג, מחיה־נפשות! עס שעמערירט, עס זינגט פון ריינקייט. דער ווייז מיט די ארבע כוסות שטעהען שוין אויפ׳ן טיש. עס גלאַנצט, עס שעמערירט, עס פינקעלט אין די אויגען. די מצות מיט דער קערה מיט׳ן גאַנצען „סדר“ זענען גרייט. דער טאַטע, דער „מלך“, אין אַ ווייסען קי־טעל — אויבענאָן אויף דער היסב־בעט; ביי דער רעכטער האַנד — די מאַמע, די „מלכה“, אָנגעטהאָן אין זיידענס, און איך, זייער „פּרינץ“, ביי דער זייט, שטעה אויף און פרעג דעם טאַטען אויף אויסווענינג די „פיער קשיות“ און לאָז אוים גייציג, מיט׳ן קנאַק און מיט אַ ניגון פון דער גמרא: „האָב איך דיך, טאַטע, געפרעגט אַלע פיער קשיות; היינט ענטפער מיר אַ תירוץ, און טאָמער וועסט דו מיר ניט ענטפערען קיין תירוץ, וועל איך זיך אַליין ענטפערען אַ תירוץ: עבדים היינו לפרעה במצרים!“... הויבען מיר אָן צו זינגען אויף אַ קול, שרייען איבער איינס דאָס אַנדערע, און איך פערלויף אַלע מאָל אויף צופריהער, ווי אַ לאָשעקעל, צו בעווייזען דעם טאַטען, אַז איך האָב גוט אויסגעלערנט די הגדה, ווי אַ וואַסער:

„עבדים היינו לפרעה במצרים — קנעכט זענען מיר געוועזען צו פּרעה'ן אין מצרים, האָט אונז גאָט אַרויסגעצויגען פון דאָרטען מיט גרויס וואונדער...“ און מיר דערצעהלען איינער דעם אַנדערען שענע מעשיות: די מעשה פון רבי אליעזר מיט רבי יהושע מיט רבי אלעזר בן עזריה מיט רבי עקיבא מיט רבי טרפון, וואָס זענען געזעסען אַ גאַנצע נאַכט און האָבען דערצעהלט פון יציאת מצרים... און מיר רעכענען אויס די פיער זיהן פון דער הגדה: אחד חכם — איינער אַ קלוגער, ואחד רשע — איינער אַ שלעכטער, ואחד תם — איינער אַ נאַר, ואחד שאינו יודע לשאול, דאָס הייסט — מחילה גאַר אַ בהמה, וואָרום יענע דריי פרעגען חאָטש איטליכער איין אַנ־דער קשיה, און דער זיצט, ווי אַ לעהמענער גולם, משטיינס געזאָגט, גאָר ניט זיין עסק, וואָס מע האָט אונז אַמאָל געמוטשעט אין מצרים, פערביטערט אונזער לעבען; מיר האָבען געקנעטען לעהם, געמאַכט ציגעל, געבויט פּיתום מיט רעמסס, און פּרעה האָט אַרויסגעגעבען אויף אונז אַלע מאָל נייע גזירות... ואילו לא הוציא הקדוש ברוך הוא — ווען גאָט ברוך הוא זאָל אונז ניט געווען בעצייטענס אַרויס־ציהען פון מצרים, וואָלטען מיר פערבליבען אייביגע קנעכט, אייביגע שקלאַווען — מיר און אונזערע קינדער און אונזערע קינדס־קינ־דער; דערפאַר איז אַ מצוה, מע זאָל אַלע יאָהר אָפּרעכטען דעם סדר און דערצעהלען אונזערע קינדער די גרויסע וואונדער פון יציאת מצרים.

פאַרהאַן אַ סך ביי אונז היינט אַזעלכע „שאינו יודע לשאול'ס“ צווישען אונזערע היינטיגע קינדער, וואָס זיצען ביי'ם סדר ווי די לעהמענע גולמ'ס, זעהען ווי דער טאַטע „מאַכט זיך נאַריש“, עסט חריין טרוקענעם מיט חרוסת, וואָס האָט נישט קיין שום טעם, און זאָגט עפּיס פון אַ סדור אונטער דער נאָז, שעמט זיך פאַר דער „באָנע“... נאָר וואָס זענען שולדיג נעבאַך אַזעלכע קינדער, „שאינו יודע לשאול'ס“, אַז מע האָט מיט זיי פאָרט ניט געלערענט אין גימנאַ־זיע די אידישע היסטאָריע? די „באָנע“ האָט זיי ניט דערצעהלט די שענע מעשה פון יציאת מצרים, קיינער האָט זיי ניט אויפגעקלערט,

וואָס בעדייטען די דאָזיגע „טרוקענע" מצות, דער דאָזיגער „ביטע־רער" חריין מיט'ן חרוסת און די אַלע איבעריגע אידישע מנהגים און פסח'יגע מאכלים... די פסח'יגע מאכלים? — מהכתיתי, ווער זאָגט זיך אָפּ פון קניידלעך, לאַטקעס, טייגעכצען און פאַלירטשי־קעס? אַ פסח'יגער באָרשט אַ גוטער מיט מצה, אָדער מצה, צו־געפרישט מיט אייער, איז אויך ניט שלעכט. „פסח — זאָגען היינ־טיגע קינדער — סלאַווני פּראַזדניק, בודיעם קושאַט חרעמזלעך אי פּיט סלאַדקאַיע ווינאַ"... * נאָר קיינער פון זיי ווייסט ניט די טייטש פון די ווערטער „עבדים היינו — קנעכט זענען מיר געווע־זען און קנעכט זענען מיר געבליבען"... קיינער פון זיי ווייסט ניט דעם טעם פון די ווערטער „זמן חרותנו — די צייט פון אונזער בע־פרייט ווערען!"... נאָר איך קעהר מיך אום צוריק צו דער הגדה, ווי אַזוי איך מיט'ן טאַטען דערצעהלען אַ מעשה פון אונזער עלטער־עלטער־זיידען תרח, און פון אברהם אָבינו, און פון יצחק מיט זיי־נע צוויי זיהן יעקב און עשו, און פערבייגעהענדיג דערמאָנען מיר אונזער פעטער לבן־הארמי, וואָס איז געווען טויזענדער מאָל ערגער פון פּרעה'ן, ווארום פּרעה האָט אַרויסגעגעבען אַ גזירה נאָר אויף די זכרים אַליין, און לבן האָט געוואָלט אומברענגען דאָס אידישקייט איננאַנצען, עוקר מן השורש זיין... און נאָכדעם קומען מיר צו דער געשיכטע, ווי אַזוי פּרעה האָט זיך מיט אונז גערעכענט, זיך געבאָ־דען אין בלוט פון אידישע קינדער... „ונצעק" — האָבען מיר גע־מאַכט אַ ויצעקו, געשריגען צום רבונו של עולם (דאָ הויבען מיר אָן צו שרייען אויף אַ קול), ער זאָל זיך אָננעמען אונזער קריוודע. און גאָט האָט צוגעהערט אונזער געבעט; ער האָט געשיקט משה מיט אהרנ'ען צו פּרעה'ן, ער זאָל אַרויסלאָזען די אידען פון מצרים. האָט דאָך מסתמא פּרעה ניט געוואָלט הערען, האָט איהם גאָט גע־

---

* פסח איז אַ גוטער יום-טוב, מיר וועלען עסען חרעמזלעך און טרינקען זיסען וויין.

שטראָפט מיט צעהן מכות: „דם... צפרדע...“ **ביי יעדער מכה** שטעלען מיר זיך אָפּ און גיסען אָפּ צו ביסלעך וויין פון אונזערע כוסות. נאָכדעם גיסען מיר אָן צוריק די כוסות פול און זאָגען ווייטער. מיר ציהען אונטער אַ רעכענונג אינאיינעם מיט רב יוסי הגלילי פון די אַלע מכות, וואָס פרעה איז מיט זיי געשלאָגען געוואָרען; עס קומט אויס אַ סך מעהר פון צעהן מכות: „אין מצרים, קומט אויס נאָך רבי עקיבא׳ס חשבון, האָט פרעה געחאַפּט פופציג מכות, און אויפ׳ן ים צוויי־הונדערט־און־פופציג מכות, האָבען מיר, הייסט דאָס, אַ קיימא־לן פון דריי הונדערט מכות“... אַ מצוה אויף איהם, טראַכט איך מיר, לאָז ער וויסען, אַז מיט אַ אידען טאָר מען זיך ניט אָנהויבען, וואָרום ביי אידען קאָן ווערען פון איין מכה אַ סך מכות!... שפּעטער, אַז מיר זאָגען אָפּ דעם „לפיכך“ און עס קומט צו „הלל“, פערשטעלט זיך דער טאַטע פאַר אַ חזן און איך פאַר אַ זינגערעל; ער פערקאַטשעט זיך אויפ׳ן חזנ׳ישען שטייגער, און איך העלף איהם אונטער ווי אַ משורר׳על, און די מאַמע קוועלט פון אונז ביידען, ביז עס קומט צום „הריני מוכן ומזומן — איך בין אָנגעברייט צו מקיים זיין די מצוה פונ׳ם צווייטען כוס פון די ארבע כוסות“, צעשאָקעל איך מיך, ווי איין אַלטער, מאַך די ברכה און קעהר איבער דאָס גלעזעל מיט׳ן דנאָ ארויף און זופּ אויס ביז׳ן לעצטען טראָפּען. די מאַמע קוקט און מאַכט צו מיר מיט׳ן פינגער, ווי איינער רעדט: „געדענק, דו קונדס, זאָלסט ניט האָבען חלילה דעם אייגענעם פסק, וואָס פאַראַיאָהרען“... איך הער דאָס אָבער, ווי דעם פאַראַיאָהריגען שניי. פאַראַיאָהרען איז געווען עפּיש אַנדערש, און היינט איז עפּים אַנדערש! — שפּעטער, נאָך דער ברייטער וועטשערע, נאָכ׳ן „אפיקומן“, נאָכ׳ן בענטשען, צעשאָקעל איך מיך ווידער אַ מאָל און זאָג: „הריני מוכן ומזומן — איך בין אָנגעברייט מקיים זיין די מצוה פונ׳ם דריטען כוס פון די ארבע כוסות“, און קעהר איבער דאָס גלעזעל ווידער מיט׳ן דנאָ ארויף, און איך פיהל, ווי עס

דרעהט זיך מיר דאָס קעפּעל. פון דעסטוועגען בין איך נאָך ביי אַלע געדאַנקען. איך גיס אָן דעם פערטען כוס פון די ארבע כוסות, און זאָג מיט'ן טאַטען דעם „שפוך חמתך“ שטעהענדיג און חאַפּ אַ קוק אויף דער טהיר, טאָמער וועל איך דערזעהן, ווי עס קומט אַריין אליהו הנביא און טרינקט אָפּ פון „אליהו הנביא'ס כוס“... נאָכדעם זעצען מיר זיך ווידער אַנידער און מיר זאָגען די אַלע איבעריגע שטיק פון דער הגדה, אַ גאַנצען סטעפּ: „הודו“, און „נשמת“, און „ויהי בחצי הלילה“; איך העלף דעם טאַטען זינגען דעם „לך ולך, לך כי לך, לך אף לך, כי לו נאה, כי לו יאה“ — און לאָז אויס אויף אַקול:

— לשנה הבאה בירושלים!

דאָ דערפיהל איך, אַז אין קאָפּ איז מיר עפּיס וואַרעמליך, די בעקלעך פלאַמען מיר, פאַר די אויגען שטעהט מיר עפּיס ווי אַ רויך, אויפ'ן הארצען איז מיר שטאַרק אויפגעלעגט, לוסטיג־פרעהליך, עס טראָגט מיך אין דער לופטען: ס'איז מיר גוט — און גענוג. איך זאָל זיך ניט שעמען, וואָלט איך נאָך געגאַנגען טאַנצען... די מאַמע קוקט אויף מיר און לאַכט, זי ווערד צעגאַנגען פאַר געלעכטער. טאַמער ווייסט איהר, וואָס איז דער געלעכטער? איך פערשטעה ניט, וואָס זי לאַכט... איך ווייס ניט, איך געדענק ניט בשום אופן, צי איך האָב געטרונקען דעם „כוס רביעי“, — דאָס פערטע גלעזעל פון די „ארבע כוסות“ — צי ניין?... איך קאָן מיך בשום אופן ניט דערמאָנען, צי איך האָב געהאָלפען דעם טאַטען זינגען „חד גדיא“, צי איך בין שוין דעמאָלט געשלאָפען מיט דעם זיסען גליקליכען קינדערשען שלאָף? איין זאַך געדענק איך נאָר, אַז מיר איז דעמאָלט געווען גוט, איך בין דעמאָלט געווען איינער אַ גליקליכער, און גאָט ווייסט, גאָט ווייסט, אויב אונזערע היינטיגע קינדער קאָנען זיך גאָר פיהלען אַזוי באמת יום־טוב'דיג אום יום־טוב, פּסח'יג אום פּסח. אונזערע היינטיגע קינדער האָבען ניט קיין „קאַפּאָטקעלעך“ מיט קיין „קאַשקעטלעך“; זיי טראָגען שוין מונדירלעך“ און האָבען

שוין „קנעפלעך“, נאָר זיי ווייסען ניט דעם אמת'ען טעם מיט'ן אמת'ען פערגעניגען פון „ארבע כוסות“. דערפאַר ווייסען זיי אָבער דעם אמת'ען טעם מיט'ן אמת'ען פערגעניגען פון „פראַצענטען“ אין די גימנאַזיעס... זיי ווייסען ניט די טייטש פון די ווערטער „חד גדיא“ — אַ קליין ציגעלע... דערפאַר ווייסען זיי דעם פשט פון די ווערטער: „מאַליענקי זשידיאָנאָק, אָדער „מאַליוטקי זשי־דעק“, דאָס הייסט: אַ קליין אידעלע... און נאָך און נאָך אַ סך זאַכען ווייסען אונזערע היינטיגע קינדער, וואָס הלואי וואָלטען זיי דאָס בעסער ניט ווייסען! נאָר מחמת ס'איז ערב פסח, וויל איך ניט אָנוואַרפען אויף אייך קיין מרה־שחורה. איך וויל אייך ניט פער־שטערען דעם יום־טוב מיט זייטיגע מחשבות, מיט טרויעריגע גע־דאַנקען, און לאָז אויס מיין פעליעטאָן מיט די ווערטער פון דער הגדה:

— לשנה הבאה בירושלים!

— — — — — — — — — — — — — —

# איבער אַ היטעל

אַ מעשה לכבוד פּסח, דערצעהלט פון אַ כתרוי־
לעווקער אידען, וואָס האַנדעלט מיט אָבריעז־
קעס און רויבערט דינע פּאַפּירעסלעך, און
איבערדערצעהלט טאַקי מיט זיין לשון.

געשריבען אין יאָהר 1913

# איבער אַ היטעל

— אַלץ הייסט ביי אייך צעטראָגען ? אַט איז ביי אונז אין כתרילעווקע, הייסט עס, פאַרהאַן, איהר האָרכט צי ניין, אַ איד אַ צעטראָגענער, שלום־שכנא הייסט ער, נאָר רופען רופט מען איהם „שלום־שכנא דרעה זיך“, טאַקי איבער זיין צעטראָגענקייט, — איז דאָס אַ צעטראָגענע בריאה, איז דאָס אַ צעטראָגענער מלאך, זאָל זיך דער אויבערשטער שומר ומרחם זיין ! וועה־וועה, וואָס מע דער־צעהלט זיך אָן ביי אונז וועגען דעם שלום־שכנא׳ן מעשיות מיט אַנעקדאָטען — פעק, זאָג איך אייך, גאַנצע פעק ! איין עבירה, וואָס איהר חאַפּט זיך, ס׳איז ערב פסח. ווייטער וואָלט איך אייך, פאַני שלום־עליכם, געגעבען שטאָף, איהר האָרכט צי ניין, וואָלט איהר געהאַט דערנאָך צו שרייבען און צו שרייבען. איין מעשה, אויב איהר ווילט, קאָן איך אייך דערצעהלען, וואָס מיט דעם שלום־שכנא האָט זיך פאַרלאָפען ערב פסח ; ס׳איז אַ מעשה מיט אַ היטעל, און נישט קיין אויסגעטראַכטע מעשה, נאָר איין אמת׳ע, אַ ראַיעלע מעשה, האָטש זעהן זעהט זי אויס ווי איין אַנעקדאָט.

אַזוי האָט אָנגעהויבען אַ כתרילעווקער איד אַ סוחר, וואָס האַנ־דעלט מיט „אַבריעזקעס“ (שטיקלעך פאַפּיער), גלעט זיך דאָס בער־דעל אַרונטער, אין האַלז אַריין, און רויכערט דינע פאַפּירעסלעך, אַ פאַפּירעסעל נאָך אַ פאַפּירעסעל.

איך מוז מודה זיין אָבער, אַז די ראַיעלע מעשה, וואָס דער דאָ־זיגער כתרילעווקער איד האָט מיר דערצעהלט, חאַפּט טאַקי דעם אַפּבליק פון איין אַנעקדאָט, און איך האָב מיך דעריבער לאַנג גע־שלאָגען מיט דער דעה, צי איך זאָל זי אייך איבערגעבען, צי ניין? נאָר צוריק האָב איך מיך בעטראַכט: אַ כתרילעווקער איד אַ סוחר, וואָס האַנדעלט מיט אַבריעזקעס, איז ניט שייך צו ליטעראַטור און געהר זיך כלל נישט אָן מיט קיין ספרים, לכן, אַז ער זאָגט ס'איז ראַיעל, איז ער בעגלויבט; און איך גיב אייך איבער די דאָזיגע מעשה מיט זיין לשון גופא, נישט צוגעלעגט מיינס אַ וואָרט אפילו.

* * *

— אַליין איז ער, אָט דער שלום־שכנא הייסט עס, וואָס איך דערצעהל אייך, אַז מע רופט איהם ביי אונז אין כתרילעווקע „שלום־שכנא דרעה זיך“, אַ איד אַ מעקלער, איהר האָרכט צי ניין, וואָס דרעהט זיך אַרום פּריצים, מעקלערט זיי אימעניעס! אימע־ניעס! מאַהלט אייך, עס רעדט זיך נאָר אַזוי אימעניעס. קיין סך אימעניעס האָט מען עפּים נישט געהאָרכט, אַז שלום־שכנא זאָל אויסמעקלערען. וואָס איז שייך? גאָרנישט. אַ איד רייבט זיך אַרום פּריצים, וואָס האָבען אימעניעס, רעדט ער אַלע מאָל פון „פּאַלוואַרקעס“, פון „לעוואַדעס“, „בודינקעס“, „טשאַרנאַזיאָם“, „דרעשמאַשינען“, „רעמאַנענטען“, „וועלדער“, „געהילץ“, און נאָך אַזעלכע זאַכען, וואָס האָבען אַ שייכות צו אימעניעס.

האָט זיך גאָט אַרומגעקוקט אויף אונזער שלום־שכנא'ן, איהר האָרכט צי ניין, — דאָס ערשטע מאָל זינט ער איז אַ מעקלער פון אימעניעס, ס'איז איהם אָפּגעראָטען, ער האָט אויסגעמעקלערט אַ אימעניע! דאָס הייסט, אויסמעקלערען, מאַהלט אייך, האָבען אויס־געמעקלערט אַנדערע; וואָרום אַז ס'איז געקומען צום טיילען זיך מיט'ן רח"ש, לאָזט זיך אויס מסתמא, אַז דער גאַנצער דרעהער איז דאָ געוועזען ניט שלום־שכנא דרעה זיך, נאָר דראַבקין, אַ איד אַ מעקלער פון אימעניעס פון מינסקער גובערניע, אַ גרויסער, אַ

מורא׳דיגער דרעהער, ער מיט זיינע צוויי ברידער, אויך מעקלערס פון אימעניעס און אויך דרעהערס. איז דאָך געוואָרען, איהר האָרכט צי ניין, אַ ויצעקו: „סטייטש, אַ איד דרעהט און דרעהט, קוים אויסגעדרעהט, קומט מען צו געהן און מע מאַכט איהם פאַר אוים דרעהער!“ הקיצור, שלום־שכנא, איהר האָרכט צי ניין, שווייגט ניט. און עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ טומעל, אַ לאָדעניש, אַ דין־יתורה, זיך פאַרלאָזט אויף מענטשען, — קוים אויסגעגלייכט און איינגעטיילט זיך — ברוך שפטרני!

בעקומען די עטליכע גראָשענס, האָט אונזער שלום־שכנא, איהר האָרכט צי ניין, אוועקגעשיקט אַהיים דעם ווייב די גרעסטע העלפט מסתמא — זי זאָל זיך אַביסעל ארומצאָהלען די פאַרבעס, אַביסעל אַרויסטרייבען דעם קבצן, אַרומנייהען אויף יום־טוב די קינדער, אַריינפיהרען דעם פסח, און אַליין איז מען דאָך עפּיס אויך אַ שטי־קעל מענטש, ווילט זיך עפּיס קויפען פאַר זיך און ברענגען אויף יום־טוב אַ מתנה דעם ווייב, די קינדער, ווי דער שטייגער פון דער וועלט. דערווייל די צייט שטעהט ניט, אַ טאָג און אַ טאָג, אָט־אָט, אָקאָרשט ווי מע זעהט ניט, איז פסח, פליהט שלום־שכנא אוועק, איהר האָרכט צי ניין, אויפ׳ן טעלעגראַף און קלאַפּט אוועק אַהיים אַ דעפּעש: „יעדאו בעזפרעמעננאָ פאַסקו דאָמאָי.“ — ער פאָהרט, הייסט עס, און וועט גאָר אָהן אַ שום תירוץ זיין אויף יום־טוב אַהיים. נאָר ס׳איז גרינג צו זאָגען „יעדאו“, און נאָך „בעז־פרעמעננאָ“ דערצו, אַז סע „יעדעט“ זיך. פּרובט אָקאָרשט, זייט מוחל, געבען אַ פאָהר־אַרוים אויף אַ ציקאַוועסט צו אונז, קיין כתרילעווקע הייסט עס, מיט דער נייער באַהן, וואָס מע האָט אונז אַ טובה געטהאָן און צוגעפיהרט, וועט איהר פיהלען אַ טעם גן־עדן! איהר וועט שוין פאַרזאָגען קינדס־קינדער! וואָרום ביז איהר קומט קיין זלאָדיעווקע, ווייסט איהר נאָך, אַז איהר פאָהרט, און אַז איהר קומט קיין זלאָדיעווקע, האָט איהר אַ „פערעסאַדקע“, דאָס הייסט, איהר דאַרפט זיך איבערזעצען אויף דער נייער באַהן, וואָס

מע האָט אונז אַ טובה געטהאָן און צוגעפיהרט קיין כתרילעווקע, באַדאַרפט איהר קודם בלייבען שטעהן אויף עטליכע שעה לויט דער „ראָספּיסאַניע“, אויב מע פאַרשפּעטיגט ניט, און ווען? אַקוראַט נאָך האַלבע נאַכט, ווען ס'איז גוט מלאָסנע אויפ'ן האַרצען און עס ווילט זיך גוט שלאָפען, און ס'איז נישטאָ אפילו וואו דעם קאָפּ צוצושפּאַרען — נישט אומזיסט זאָגען אונזערע כתרילעווקער הכמים און פאַרטייטשען, ווי אייער טביה טייטשט: „טוב שם משמן טוב — סוואָמי דאָברע, אַ בעז וואָס לוטשע“. דער פּשט איז: אַז אָ ה ן דער באַהן איז געווען אַ סך בעסער, ווי מ י ט דער באַהן.

בקיצור, געקומען מיט'ן טשעמאָדאַנדעל קיין זלאָדיעווקע, האָט אונזער שלום־שכנא, איהר האָרכט צי ניין, וואָס איז שוין פריהער צוויי נעכט נישט געשלאָפען, זיך צוגעגרייט ליידען חבוט־הקבר, דאָס הייסט, אָפּוואַרטען אַ נאַכט — וואָס זאָל מע טהון? — און גענומען זוכען איין אָרט אויף צוצוזעצען זיך. ווער? וואָס? — נישטאָ! אָנגערויכערט, אָנגעשפּיגען, פינסטער, חושך. איין שטי־קעל אָרט האָט ער קוים געפונען אויף אַ באַנק דעם קאָפּ אָנצושפּאַ־רען, אָבער טאַקי מעהר נישט ווי דעם קאָפּ אָנצושפּאַרען, וואָרום כמעט די גאַנצע באַנק האָט פאַרנומען עפּיס אַ פריץ אַ „קנעפּעל“, וואָס האָט זיך צעלעגט גאַנץ ברייטליך און פּאָפּט. ווער דאָס קנע־פּעל איז, פון וואַנען און וואוהין ער פאָהרט — דאָס ווייסט ער ניט, שלום־שכנא הייסט עס. נאָר זעהען זעהט ער, אַז דאָס באַדאַרף זיין אַ גרויס קנעפּעל. אָבער גאָר אַ גרויס קנעפּעל! נאָכ'ן היטעל האָט ער אַרויסגעזעהען. אַ „וואָיענע“ היטעל מיט אַ רויטען אָקאָ־לעשאָק און מיט אַ קאָקאַרדע. „אפשר איז דאָס אַ „וואָיענער“, און אפשר אַ „פּאָליצייסקער“ — ווער קאָן עס וויסען? געוויס איז ער געקומען צו פאָהרען מיט אַ גלאָק, אָפּגעגעסען און אָנגעזשליאָ־קעט, זיך צעלעגט ווי ביי'ם טאַטען אין ווייגאָרטען און פּאָפּט! „צו זיין אַ גוי און נאָך אַ קנעפּעל דערצו איז, אַפּנים, טאַקי גאָר

נישט שלעכט?" — אַזוי טראַכט ער זיך, שלום־שכנא הייסט עס, און שלאָגט זיך מיט דער דעה: צי זאָל ער זיך זעצען אָט דאָ, נעבען דאָזיגען קנעפּעל, צי זאָל ער זיך בעסער האַלטען פון דערווייטען? אַ קשיא אויף אַ מעשה, היינטיגע צייטען — מי יודע, וואָס פאַר אַ קנעפּעל, וואָס פאַר איין אָדון בפקדך דאָס איז? גוט, ווען ס'איז נאָר אַ פּריסטאַוו. וואָס וועט אָבער זיין, אַז דאָס איז אַ איספּראַווניק? אָדער אַ זעמסקי נאַטשאַלניק? אָדער גאָר אַ העכערער פּריץ? אָדער אפשר איז דאָס גאָר פּורישקעוויטש, ימח שמו וזכרו מלהזכירו?... לאָז ער שוין איבערגעהן אויף אַנדערע הענט! — און עס ווערד איהם אַזש קאַלט, שלום־שכנא'ן הייסט עס, פון אַזאַ געדאַנק... נאָר צוריק אָבער טהוט ער זיך אַ קלער, איהר האָרכט צי ניין: ווער מיר קנעפּעל? וואָס מיר פּורישקעוויטש? צאָהלט ער דען ניט פאַר זיין בילעט גלייך מיט פּורישקעוויטש'ען? צי איז דאָס טאַקי אַ יושר, אַז דאָס גאַנצע ביסעל עולם־הזה זאָל אַריינפאַלען צו איינעם, און דעם אַנדערען גאָרניט?... יענער פּאָפּט אַזוי געשמאַק, פאַר וואָס זאָל ער זיך נישט צושפּאַרען האָטש אויף אַ ווײַלע? מען איז דאָך נישט מעהר ווי אַ מענטש, צוויי נעכט ניט געשלאָפען! נעמט ער, שלום־שכנא הייסט עס, און זעצט זיך אַוועק אויף איין עק באַנק און שפּאַרט אָן דעם קאָפּ, נישט אויף צו שלאָפען, חלילה, נאָר גלאַט אַזוי, חאַפּען אַ דרימעל. דערמאָנט ער זיך אָבער, אַז ער פאָהרט אויף פסח אהיים, און מאָרגען איז שוין ערב פסח, טאָמער, חלילה, ווערד ער טאַקי אַנשלאָפען און פאַרשפּעטיגט דעם פּאָיעזד?!... איז מען דאָך אָבער אַ איד, איהר האָרכט צי ניין, פאַלט ער אויף איין עצה, שלום־שכנא הייסט עס, און זוכט אויס דעם סטאָראָזש פון סטאַנציע, אַ באַקאַנטער גוי, יאַרעמע הייסט ער, און מאַכט אָפּ מיט איהם אַזאַ געשעפט: היות אַזוי ווי ער, שלום־שכנא הייסט עס, וועט זיך צושפּאַרען אַ ביסעל אָט דאָ אויף איין עק באַנק, וואו דער אָדון ליגט, און היות אַזוי ווי ער, שלום־שכנא הייסט עס, שוין די דריטע נאַכט, אַז ער

האָט קיין אויג נישט צוגעמאַכט, האָט ער מורא, ער זאָל, חלילה וחס, נישט פאַרשפּעטיגען דעם פּאַיעזד, על כן זאָל ער, יאַרעמע הייסט עס, למען השם, טאָמער שלאָפט ער, איהם אויפוועקען, שלום־שכנא׳ן הייסט עס, ווארום מאָרגען אויף דער נאַכט האָבען מיר יום־טוב, פּסח — „פּאַסקא“, גיט ער איהם צו פאַרשטעהן אויף גויעש און רוקט איהם אַריין אין יד אַריין, און זאָגט צו איהם נאָך אַמאָל: „פּאַסקא, יאַרעמע, טשי טי פּאָנימאַיעש, גויעשער קאָפּ, נאַשאַ פּאַסקא!“ — נעמט דער גוי צו מסתמא, איהר האָרכט צי ניין, די מטבע, לעגט אַריין אין קעשעני און זאָגט איהם צו, אַז ער מעג זיין רוהיג, וויבאַלד נאָר ס׳וועט זיין אַ פּאָוויעסטקע אויפ׳ן פּאַיעזד, אַזוי וועקט ער איהם אויף. און ער נעמט, שלום־שכנא הייסט עס, און זעצט זיך צו, פריהער מיט אַ זייט, דערנאָך אינ־גאַנצען; דאָס טשעמאָדאַנדעל, מע זאָל עס ניט אָוועק׳לקח׳נען, מאַסטעט ער איין נעבען זיך, און אַליין מאָסטעט ער זיך אויך איין, וואָס ווייטער אַלץ בעסער און העכער, מאַכט־צו אַ האַלב אויג, מיט דער דעה, געוויינטליך, ער זאָל נאָר האַפּען אַ דרימעל, נישט מעהר. דערנאָך בויגט ער אונטער איין פוס, נאָך אַ פוס, — און איז אָט אַזוי פאַוואָלינקע אַנשלאָפען געוואָרען, אָבער ווי אַזוי, מיינט איהר, אָנ־שלאָפען געוואָרען? ראַיעל! ווי גאָט האָט געבאָטען: דעם קאָפּ פאַרוואָרפען, דאָס היטעל האָט זיך אַראָפּגערוקט פון קאָפּ אויף דער ערד, און מיין שלום־שכנא, איהר האָרכט צי ניין, חראָפּעט אויף וואָס די וועלט שטעהט — אַ לעבעדיגער מענטש, צוויי נעכט ניט געשלאָפען, וואָס פאַר אַ וואונדער?

אַנשלאָפעז געוואָרען, — אַזוי דערצעהלט ער אַליין, שלום־שכנא הייסט עס, — חלומ׳ט זיך איהם אַ מאָדנער חלום, אַ גאַנץ פאַרפּלאָנטעניש: אַז ער פאָהרט, איהר האָרכט צי ניין, אַהיים טאַקי אויף פּסח, נאָר וואָס דענן? נישט מיט דער באַהן, מיט אַ גויעשער פוהר פאָהרט ער, מיט אַ באַקאַנטען ערל, איוואַן זלאָדי רופט מען דעם ערל; די פערדלעך שלעפּען זיך, קוים־קוים וואָס

זיי פלאָנטען די פיס. שלום־שכנא איז אין איינע צרות, טאָרעט דעם ערל פון הינטען אין פלייצע: „שאַב טובי חוואַראָבע, איוואַנו סערדצע, ווי דו שלעפסט זיך! האָסט פאַרגעסען, איוואַן זלאָדי, אַז אָט־אָט האָבען מיר פסח, פאַסקאַ נאַשאַ יעווריסקאַ?" איין מאָל און צוויי מאָל און דריי מאָל. דער ערל, פאַרשטעהט זיך, האָט געשוויגען־געשוויגען, דערנאָך אַז ער טהוט ניט אַ שמיים די פערדלעך, אָבער געשמאַק, איהר האָרכט צי ניין, און די פערדלעך טהוען אַ טראָג דעם וואָגען, ווי די רוחות, באַרג־אַראָפּ, באַרג־אַרויף, פּי־פּאַ־פּאָו! שלום־שכנא האָט אַזש דאָס היטעל פאַרלוירען; נאָך אַ מינוט — און ער ווערד צעשאָטען. „איוואַנו סערדצע, דער־זשי קאָני!" — האַלט די פערד, הייסט עס, — שרייט שלום־שכנא צום ערל און חאַפּט זיך מיט ביידע הענד ביי'ם קאָפּ און קלאָגט זיך, אַז ער האָט פאַרלוירען דאָס היטעל. ווי קאָן ער אַריינפאָהרען אין שטאָדט אָהן אַ היטעל? נאָר שריי היינט, שריי מאָרגען, — דער ערל טרייבט די פערדלעך, און די פערדלעך טראָגען. נאָר פלוצים — טפּררררו! — מען איז שטעהן געבליבען, און דוקא אין מיטען פעלד, איהר האָרכט צי ניין, איז מען שטעהן געבליבען. וואָס איז געשעהן? גאָרניט. „שטעה אויף — זאָגט צו איהם דער ערל — שטעה אויף, שוין צייט". וואָס צייט? ווער צייט? פאַרשטעהט נישט שלום־שכנא. חאַפּט ער זיך אויף, רייבט זיך די אויגען און וויל זיך לאָזען געהן, פיהלט ער אָבער, אַז ער איז אָהן אַ היטעל. די משמעות, אַז דער חלום איז ניט קיין חלום; ווי־זשע קומט ער אהער? עס האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט, שלום־שכנא, איהר האָרכט צי ניין, איז געקומען צו זיך, דערקענט דעם ערל, אַז ס'איז גאָרניט איוואַן זלאָדי, ס'איז גאָר יאַרעמע דער סטאָראָזש! דערמאָנט ער זיך, אַז ער איז אין זלאָדיעווקע אויף דער סטאַנציע, און אַז ער פאָהרט אויף פסח אהיים, און אַז ער דאַרף נאָך לויפען צו דער קאַססע נאָך אַ בילעט, נאָר וואָס דענן? נישטאָ קיין היטעל. דאָס טשעמאָדאַנדעל איז דאָ, און דאָס היטעל ניט!

וואו קאָן זיין דאָס היטעל? ער שאַרט אַרום זיך מיט די הענט, שאַרט און שאַרט און טאַפּט אָן אַ היטעל, ניט זיין היטעל — וועד? וואָס? — דעם אָדון בפקדך׳ס היטעל מיט׳ן רויטען אַקאָלעשאַק און מיט דער קאָקאַרדע, איהר האָרכט צי ניין, און פּאַשאָל גלייך צו דער קאַססע, נאָך אַ בילעט הייסט עס. און ביי דער קאַססע איז איין ענגשאַפט, קאָפּ אויף קאָפּ! האָט ער מורא, שלום־שכנא הייסט עס, טאָמער, חלילה, קויפט מען אוים אַלע בילעטען, שטופּט ער זיך מיט׳ן טשעמאָדאַנדעל צווישען עולם. דערזעהען אַ רויטען אַקאָלעשאָק מיט אַ קאָקאַרדע, טרעט מען איהם אָפּ דעם וועג. „וואָס קאודאַ, וואַשע בלאַגאָראָדיע?" — פרעגט ביי איהם דער קאַססיר. חדוש׳ט זיך שלום־שכנא: וואָס פאַר אַ בלאַגאָראָדיע אין מיטען דרינען? און אַ ביסעל פאַרדריסט עס איהם: למאי זאָל אַ גוי לאַכען פון אַ אידען? זאָגט ער איהם, שלום־שכנא צום קאַססיר, הייסט עס, אַז קיין כתרילעווקע. פרעגט איהם איבער דער קאַססיר נאָך אַ מאָל און קוקט איהם גלייך אויפ׳ן אַקאָלעשאָק און אויף דער קאָקאַרדע: „וואָסער קלאַס, וואַשע בלאַגאָראָדיע?" פאַר־דריסט עס איהם נאָך מעהר, געוויינטליך, און עס ווילט זיך איהם אָפּבאָדען דעם קאַססיר, אָבער טאַקי ראַיעל, ווי עס געהער צו זיין, אַ גוי זאָל ניט האָבען קיין טבע אָפּצולאַכען פון אַ אידען. נאָר צוריק איז ער זיך מיישב: „אַ איד איז אין גלות, איהר האָרכט צי ניין, עט, לאָז מיינס איבערגעהן!" און ער הייסט זיך געבען אַ בילעט דריטע קלאַס. חדוש׳ט זיך דער קאַססיר און פרעגט איהם איבער נאָך אַ מאָל, וועלכע קלאַס? ווערד שוין מסתמא שלום־שכנא רעכט אין כעס און זאָגט איהם ברחל בתך הקטנה: דריטע! איז זיך מיישב דער קאַסיר: דריטע, איז דריטע...

הקיצור, באַקומען דעם בילעט, האַפּט ער, שלום־שכנא הייסט עס, דאָס טשעמאָדאַנדעל און לאָזט זיך הענדום־פּענדום אין דער סאַמע הושטשע, אידען און, להבדיל, גויים, זוכט דעם וואַגאָן דריטע קלאַס. דער עולם, דערזעהען איין אַקאָלעשאָק מיט אַ קאָ־

קאַרדע, צעגעהט זיך מסתמא מיט דרך־ארץ, מאַכט דעם אָדון אַ וועג. שלום־שכנא וואונדערט זיך אפילו, נאָר ער געהט ווייטער און באַגעגענט פון וואַגאָן ארויס אַ קאָנדוקטאָר מיט אַ לאַנטערען: „זדיעס טרעטי קלאַס?" — פרעגט איהם שלום־שכנא און שטעלט שוין אוועק אַ פוס, שטופט דעם טשעמאָדאַן אויף צופריהער. „זדיעס, וואַשע בלאַהאָראָדיע!" — ענטפערט איהם דער קאָנדוקטאָר און לאָזט איהם ניט געהן ווייטער. — „ס'איז אָנגעפּאַקט, זאָגט ער איהם, וואַשע בלאַהאָראָדיע, פול ווי איין אויג, אַ נאָדעל נישט דורכצוואַרפען!" און ער נעמט אוועק ביי שלום־שכנא'ן דאָס טשעמאָדאַנדעל, איהר האָרכט צי ניין, און זאָגט צו איהם: „קומט מיט מיר, וואַשע בלאַהאָראָדיע, וועל איך אייך געבען איין אָרט". „וואָס פאַר אַ שלאַק? — טראַכט ער זיך, שלום־שכנא, הייסט עס. — וואַשע בלאַהאָראָדיע און וואַשע בלאַהאָראָדיע!" און זיין קאָפ ליגט איהם גאָר אין טשעמאָדאַנדעל, ער האָט מורא, אז פון דעם „וואַשע בלאַהאָראָדיע" זאָל ער דערווייל נישט בלייבען, איהר האָרכט צי ניין, אָהן אַ טשעמאָדאַנדעל; און ער לויפט נאָך נאָכ'ן קאָנדוקטאָר מיט'ן לאַנטערען, און דער קאָנדוקטאָר מיט'ן לאַנטערען פיהרט איהם אריין אין וואַגאָן צווייטע קלאַס, נאָר דער וואַגאָן צווייטע קלאַס איז אויך פול געפּאַקט, קאָפּ אויף קאָפּ, אַ נאָדעל נישט דוכצוואַרפען. „געהען מיר ווייטער, וואַשע בלאַהאָראָדיע!" — מאַכט צו איהם דער קאָנדוקטאָר, חאַפּט דעם טשעמאָדאַנדעל וויעדער אַ מאָל און לאָזט זיך געהן ווייטער, און שלום־שכנא נאָך איהם. „וואוהין פיהרט ער מיך?" — טראַכט זיך שלום־שכנא און ברעכט זיך דעם קאָפּ אויפ'ן וואַשע בלאַהאָראָדיע און לאָזט ניט אראָפּ קיין אויג בעת מעשה פונ'ם טשעמאָדאַנדעל, — דאָס איז ביי איהם בילכער. און אָט זענען זיי שוין אין וואַגאָן ערשטע קלאַס! דאָ שטעלט אוועק דער קאָנדוקטאָר דאָס טשעמאָדאַנדעל, נעמט זיך פאָדקאָזיראַק, טהוט זיך אַ נייג צו שלום־שכנא'ן, שלום־שכנא צו איהם, און ער, שלום־שכנא, הייסט עס, בלייבט אליין.

האָט אַזוי אַרויסגעקוקט! נאָר... גאָרנישט. דערויף איז זי אַ וויב, זי זאָל באַגראָבען אַ מאַן; ס'איז אָבער אַלסדינג בלאָטע קעגען דעם, וואָס ער, שלום־שכנא הייסט עס, האָט געהאַט פון דער שטאָדט, פון כתרילעווקע הייסט עס, וואָרום איידער שלום־שכנא איז נאָך געקומען דעם צווייטען טאָג חול־המועד אַהיים, האָט שוין די גאַנצע שטאָדט, איהר האָרכט צי ניין, געוואוסט פון דער מעשה מיט יאָרעמע'ן און מיט'ן אָדון בפקדך און מיט'ן רויטען אָקאָלעשאָק און מיט דער קאָקאָרדע און מיט'ן קאָנדוקטאָר'ס וואַשע בלאַהאָראָדיע — אַלסדינג! חאָטש ער אַליין, שלום־שכנא הייסט עס, האָט געלייקענט שטיין אוןביין, גע'טענה'ט, אַז דאָס האָבען לצים אויסגעטראַכט, כתרילעווקער לצים; זיי האָבען ניט וואָס צו טהון, עס געהט זיי אָפּ קאָפּוועהטיג, אפנים? פאַרשפּעטיגט האָט ער איבער דעם, זאָגט ער, וואָס ער איז אָפּגעפאָהרען אין אַ זייט אָנקוקען אַ אימעניע מיט אַ וואַלד. נאָר ווער מיר אימעניע? וואָס מיר וואַלד? אַ נעכטיגער טאָג! ביי די זייטען האָט מען זיך געהאַלטען! מיט די פינגער האָט מען אויף איהם געטייט! אַנדערע האָבען איהם געפרעגט: „ווי האָט איהר זיך געפיהלט, רב שלום־שכנא, אינ'ם היטעל מיט'ן רויטען אָקאָלעשאָק און מיט דער קאָקאָרדע?“ אַנדערע האָבען געוואָלט וויסען, צי ס'איז טאַקי אַזוי גוט צו פאָהרען ערשטע קלאַס, ווי די וועלט זאָגט?... קינדער־קונדסים — די זענען איהם נאָכגעלאָפען אַ גאַנצע חאַליאַסטרע פון הינטען, איהר האָרכט צי ניין, און געשריגען: „וואַשע בלאַהאָראָדיע! וואַשע וויסאָקע בלאַהאָראָדיע!! וואַשע וויסאָקע־וויסאָקע בלאַהאָראָדיע!!!“

— איהר שפּיעלט זיך מיט כתרילעווקע?

# אַלע ווערק פון שלום-עליכם

## מעשיות און פאנטאזיעס

שלום-עליכם פאָלקספאָנד אויסגאַבע—ניו יאָרק, 1925

# אינהאלט

די רויטע אידלעך. אין
אויסגעטראכטע זאך.

אין צוויי טייל.

געשריבען אין יאהר 1900

# די רויטע אידלעך

(איין אויסגעטראכטע זאך).

---

## ערשטער טייל.

### דאס ערשטע קאפיטעל.

(די רויטע אידלעך, זייער יחוס, זייערע גענג און זייערע תנועות, זייער לעבען, זייערע פרנסות, זייער ארויסגעהן שבת „אויפ'ן שפאַציער", זייער אויסזעהען און זייערע מאכלים.)

גאַנץ ווייט פון אונזערע מקומות, דאָרטען ערגיץ אונטער די הרי חושך, אזש אויף יענער זייט סמבטיון, געפינט זיך א פאָלק, וואָס מע רופט דאָס **די רויטע אידלעך**.

מחמת די רויטע אידלעך ליגען אזוי ווייט פערוואָרפען, זיי זענען אָפגעריסען פון דער וועלט און קעהרען זיך כמעט מיט קיינעם נישט אָן, לכן זענען זיי שטאַרק פערגרעבט געוואָרען, און אין פיעל זאכען זענען זיי פשוט ווילד. איבערהויפט זענען זיי ווייט פון אידישקייט, פון דער אידישער היסטאָריע און פון דער אידישער שפראַך, אזוי ווייט, אז זעלטען-זעלטען ווער עס פערשטעהט ביי זיי א לשון-קודש-וואָרט, חוץ די ווערטער „גמילת חסד", „מעות מזומנים", „ברוכים היושבים קומט עסען", „לחיים לשלום", „ברוך הבא רב קרוב", „א מיתה משונה", „א מכה בחברותא", „משוגע צי חסר דעה", „כלב שבכלבים", „שוטה בן פיקהאָלץ", „אדרבה", „ממה נפשך",

„מהכתיתי“, „אודאי“, „בקיצור“, וכדומה אזעלכע ווערטער לרוב, וואָס האָבען זיך בעזעצט אין זייער וואָכעדיגער שפּראַך, וואָס מע רופט זי דאָרט מיט אַ משונה מאָדנעם נאָמען „זשאַרגאָן“.

פון דעסטוועגען, רעדט מיט זיי, זענען זיי די גרעסטע חכמים אין דער וועלט. אַלסדינג ווייסען זיי, יעדע זאַך פערשטעהען זיי, איט־ליכען האָבען זיי ליעב אויסלאַכען, אָפּשפּעטען, פון אַלעמען הוזק מאַכען. אַ סך פון זיי האַלטען זיך פאַר גאָר שאַרפע מבינים, פאַר גרויסע חקרנים, קריטיקער און גריבלער און האָבען אין זיך נייען מאָס רעד, און צו די אַלע שענע מעלות זענען זיי נאָך מורא'דיגע עקשנים, זאָל גאָט שומר ומציל זיין! מיט זיי האָבען אַ וכוח בע־דאַרף מען זיך גוט אונטערגאַרטלען, און זיי איבערשפּאַרען איז אונמעגליך אין דער וועלט. היינט דאָס גרויסקייט זייערס, דאָס בלאָזען פון זיך איז גאָר ניט צו בעשרייבען. איטליכער האַלט זיך פאַר'ן גרעסטען און פאַר'ן שענסטען, און יענעם — פאַר'ן קלענסטען שבקלענסטען. אַז עס קומט ביי זיי אַ שדוך טהון מיט אַ קינד, איז אַ ריינער אומגליק: מע קאָן זיך נישט צוקלויבען, עס זאָל זיין צום האַרצען, מע קאָן זיך נישט אויסגלייכען מיט'ן יחוס. דערפאַר טאַקי זענען זיי זיך דאָס רוב משדך פון פרעמדע שטעדט, איטליכער זוכט זיך זיין גלייכען אין דער פרעמד; יענער מעג זיין אַ בעדער, אַבי נישט פון היע. פאַר שדכנים איז דאָס דוקא נישט קיין שלעכט געשעפט; זיי פערנעמען זיך גאַנץ געשמאַק מיט דעם מסחר פון לעבעדיגער סחורה, וועלכס געהט דאָרטען קיין עין־הרע זעהר נישקשה'דיג, און אידען האָבען דערפון פרנסה בכבוד...

דאָס לעבען פון די רויטע אידלעך איז אַפילו נישט אַזוי זיס און פרעהליך, ווי עס ווייזט זיך אויס אויפ'ן ערשטען קוק. פאַרהאַן צווישען זיי געצעהלטע נגידים, וואָס איטליכער פון זיי האָט זיך זיין פּריץ, דאָס הייסט, איטליכער פּריץ האָט זיך זיין אידעל, וואָס ציהט פון איהם די חיונה. די נגידים פערנעמען זיך דאָס רוב מיט האַנד־לען, דאָס הייסט, זיי דרעהען די גרעסטע געשעפטען פון דער וועלט.

זיי דרעהען און דרעהען אזוי לאנג, ביז זיי פערדרעהען גאנץ אפט אי זיך, אי יענעם, און שטארבען נישט אוועק ביז זיי זעצען נישט אן חאטש איין מאל אויף זייער לעבען. אז זיי בעקומען געלד, קנאקען זיי און טראסקען, ביז עס קומט צום שטארבען, בעהאלט מען זיי אין פרעמדע תכריכים. די וואס האבען פיינט „שווינדעל", געבען זיך אפ מיט „גמילות חסדים", דאס הייסט, זיי פערלייהען איינס דאס אנדערע געלד און נעמען פראצענט „על־פי־היתר־עסקא", כתקון מהר"ם ז"ל, נאר מחמת די אנזעצען, וואס זענען דארטען זעהר שכיח, איז טרעפט זיך זעהר זעלטען, אז א בעל־הלואה זאל זיך זעהן צוריק מיט זיין געלד; ער איז געהרען, אז ער נעמט חאטש פראצענט; דאס קרן איז געווים פערפאלען... בעסער פון זיי מאכען די „וואכערניקעס": דאס זענען יונגע לייטלעך, איידעמלעך, וואס זיצען נאך אויף קעסט, און אזעלכע וואס זענען שוין אראפ פון קעסט. זיי דרעהען זיך ארום אין גאס מיט שבת'דיגע קאפאטקעלעך אין־דער־וואכען, שמעקען און נישטערען, ווערען מע מעג און ווערען מע טאר נישט. דאס זענען קליינע פיאוקעלעך, וואס אז זיי נע־מען זיך אן, איז זיי שווער אפצורייסען ביז זיי זויגען זיך אן פולע בייכלעך... נישט שלעכט לעבען זיך אפ דארטען די „כלי קודש": די רבנים, דיינים, שוחטים, חזנים, שמשים, שתדלנים, שענע אידען, וואס געבען זיך אפ מיט פושקעס און מיט צדקה און מיט די איבעריגע קהל'שע זאכען. און יענע אידען, וואס טויגען נישט צו קיין זאך און האבען נישט קיין אנדערע פרנסות, געבען זיך אפ מיט לעהרעריי, דאס הייסט, זיי פערשטעלען זיך פאר מלמדים, הארעווען נעבאך מיט'ן ביטערען שוויים, זיי „קנעלען" מיט זייערע תלמידים, דאס הייסט, זיי זיצען אין ענגע, פינסטערע, פער'עיפוש'טע חדרים און שרייען פון פריה ביז נאכט, שלאגען, קאטעווען, קאליטשען אידישע קינדער... א גרויסער טייל פון די רויטע אידלעך זענען ארעמע בעלי מלאכות, וואס ארבייטען זייער גאנץ לעבען איבער א שטיקעל טרוקען ברויט; און די איבעריגע

האָבען נישט וואָס צו טהון, שלאָגען זיך קאָפּ אין וואַנט, פערנעמען זיך כלומר'שט מיט מעקלעריי, דרעהען זיך אום מיט'ן שטעקעל אין מאַרק און טראַכטען: „וואו נעמט מען אויף שבת?"... נאָר קומט שבת, איז זיי נישט צו דערקענען: זיי טהוען זיך אָן ווי די שררות, און זייערע ווייבער און טעכטער ציערען זיך אויס ווי די פּריצות, אין זייד און אין סאַמעט, מיט הימעלעך, הענטשקעלעך, זאָנטיקלעך, הענגען אָן אויף זיך דער רוח ווייסט וואָס — און מע געהט „אויפ'ן שפּאַציער". דעמאָלט ווערד די גאַס פערפלייצט מיט אַלערליי פאַר־ביגע קליידער און מיט רויטע־געלע־טונקעל־גרינע־פּאָפּעליאַטע פע־דערען. אַ קוק טהון אויף די דאָזיגע מיתה־משונה־קאָלירענדיגע „דאַמען" און „מאַמזעלען" שבת ביי טאָג אויפ'ן שפּאַציער, קאָן מען אַ טעות האָבען און זיכער מיינען, אז דאָס זענען לויטער גרעפישע קינדער, וואָס ווייסען נישט פון קיין לאָקשען־טעפּלעך, טשאָלענט־ברעטלעך, קאָלאָדראַטשמעסערס, ריבאייזענס און באַקדייזשעס. איהר וועט זיכער מיינען, אז זיי האָבען קיין מאָל נישט געזעהן אפילו, ווי אַזוי מע רעשטשינעט חלה, מע שיילט קאַרטאָפלים, מע זאַלצט פלייש און מע שטעלט אוגערקעס... ווי אַ מאַסקאַראַדענבאַל זעהט אויס דעמאָלט די גאַס שבת נאָכ'ן קוגעל, ווי אַ צירק מיט איבער־געטהאָנענע קאָמעדיאַנטען, וואָס אַלע ווייסען גאַנץ גוט, אז אָט ענדיגט זיך דאָס שפּיעל און די קאָמעדיאַנטען וועלען אָפּטשעפּען פון זיך די צאַצקעס מיט די גלעקלעך, אראָפּוואַרפען פון זיך די יום־טוב'דיגע לייבקאָלירענע מלבושים און וועלען אריינקריכען צוריק אין זייערע אַלטע, וואָכעדיגע, געלאַטעטע, פערשלומפּערטע קליידלעך...

קיין פלייש עסען זיי כמעט קיין מאָל נישט, — נישט מחמת זיי זענען „וועגעטעריאַנער", דאָס הייסט, אַזעלכע, וואָס עסען נישט קיין דבר מן החי. ניין! זיי עסען נישט קיין פלייש דערפאַר, ווייל מע האָט ביי זיי ארויפגעוואָרפען אַ טאַקסע אויף אַלסדינג, וואָס ס'איז כשר, איז דאָס נישט פאַר זייער בייטעל. פון דעסטוועגען

זענען זייערע מאכלים זעהר פערשיעדען, מע קאָן פון זיי מאכען אַ בוך. אַט האָט איהר אַ צעטעל פון זייערע פּאַטראָוועס: אַ קרופּניק, אַ וואָלכישער באָרשט, טייגלעך מיט פּאַסאָלים, אַ מאַהינע, אַ מאַמעליגע, אַ טייגעכץ, אַ קאַשע מיט האָניג, וואַרניטשקעס מיט שמאַלץ, פּאַמפּעשקעס מיט קנאָבעל, קאָרזש מיט קעז, שקצים מיט מאָהן, בערעטשקעס מיט פלאָמען; און נאָך אַזעלכע מאכלים, וואָס מע פערשפּאָרט צו זיי פלייש. פון שבת׳דיגע מאכלים רעדט מען נישט; איהר קאָנט פערשטעהן, אַז קוגלען אַליין איז ביי זיי פאַרהאַן אפשר מעהר ווי אַ צעהנדליג: אַ לאָקשענקוגעל, אַ געבלעטערטער קוגעל, אַ קוגעל אַ געקנעטענער, אַ קוגעל פון רייז, אַ קוגעל מיט ראָזינקעס, אַ קרעפּעלקוגעל, אַ שטרודעלקוגעל, אַ מאַנדעלקוגעל, אַ קוגעל מיט העלזלעך, אַ קוגעל מיט קישקע און נאָך מינים קוגלען. אויך צימעסען איז ביי זיי פאַרהאַן אַלערליי: אַ פלאָמען־צימעס, אַ מייער־צימעס, אַ פּאַסטערנאַק־צימעס, אַ צימעס פון באַרלעך, איין עפּעל־צימעס, אַ צימעס פון ראָזינקעס, אַ צימעס פון שאַפּטאַלען, אַ צימעס פון געווירצען מיט לאָרבערבלעטער... נאָר מעהר פון אַלץ האָבען זיי ליעב מרור, ביטערע קרייטעכצער, דהיינו: פּעפּער זאָל זיין אַ סך, גוטען הארבען חריין, רעטאָך דוקא שוואַרצען, און ציבעלעס אין פערשיעדענע אופנים: אַ ציבעלקע מיט שמאַלץ, אַ ציבעלקע מיט רעטאָך, אַ ציבעלקע מיט אייער, אַ ציבעלקע מיט הערינג, אַ ציבעלקע מיט עבערלעך, אַ ציבעלקע מיט גריווען, און גלאַט ציבעלעס... דערפאַר טאַקי האָבען זיי אַזאַ שען פּנים. קרענקען־צו גאַנץ אָפּט, האָבען צו טהון מיט די מאָגענס און האַלטען אין איין קורירען זיך. אונזערע דאָקטוירים זאָלען מיך ווערען פּאָלגען, וואָלטען זיי זיך בעזעצט אויף יענער זייט טייך סמבטיון. בלעבען, זיי וואָלטען דאָרט געהאַט פרנסה מיט׳ן פולען מויל — אַ סך בעסער, דאַכט זיך, ווי שטופּען זיך אַלע קיין יעהופּעץ און קיין כתרילעווקע, זיצען אַלע אינאיינעם צענויפגעקוועטשט, שלאָגען זיך איבער אַ חולה, רייסען זיך און בייסען זיך, ווי די קעץ...

## דאָס צווייטע קאַפּיטעל.

(די הויפּטשטאָדט פון די רויטע אידלעך, זייער לשון, זייער רעדען פערשטעלט, זייערע גוזמות, זייערע קללות און זייערע שבועות, זייערע נעמען און זייער ליטעראַטור.)

די רויטע אידלעך זענען, אייגענטליך, צעוואָרפען אין אַ סך שטעדט און שטעדטלעך, נאָר די הויפּטשטאָדט זייערע רעכענעט זיך די רויטע שטאָדט. פאַר וואָס עפּיס רופט מען זי „די רויטע שטאָדט“? — ווייס איך נישט. אדרבה, מיר דאַכט זיך, אַז ווערליג די בלאָטעס, וואָס שטעהען דאָרטען אַ גאַנץ קיילעכיג יאָהר און טריקענען אויס ערשט אַרום תמוז, וואָלט זי גיכער געמעגט הייסען „די שוואַרצע שטאָדט“. נאָר די רויטע אידלעך האָבען אַ טבע רעדען פערשטעלט, בלשון „סגי־נהור“, אַנרופען איטליכע זאַך קאַפּויר. אויף יעדען איינציגען האָבען זיי אייך אַ צונעמעניש, אַזוי אַז פונ׳ם צונעמעניש בעדאַרפט איהר לערנען פונקט דעם היפך, למשל: אַז איהר וועט דאָרט בעגעגענען אַ מענשען, וואָס מע רופט איהם דער „חכם“, מעגט איהר שוין זיכער זיין, אַז ער איז אַ טפש, חאָטש בראָק איהם אין קרויט אריין; אַ „וואָרטסמאַן“ איז מסתמא אַ ליגנער, אַ „בעל־תשובה“ איז אַ טריפ׳ניאַק, אַ „סטאַטיק“ איז אַ שייגעץ, אַ „פילאָזאָף“ איז איין עם־הארץ, אַ „בטוח“ איז איין אָנזעצער, אַ „בעל־לשון“ איז אַ זאַאיקע נעבאַך, אַ „נשרף“ איז אַ צינדער, וואָס ברענט אַלע חודש ווי אַ שטרויענער דאַך, און אַזוי ווייטער. היינט האָבען זיי ליעב מגזם צו זיין יעדע זאַך צעהן מאָל אַזוי פיעל, צום ביישפיעל: אַז זיי ווילען זאָגען אויף עמיצען, אַז ער איז אַ גוטער מענש, פערגלאָצען זיי די אויגען און זאָגען: „אַ מזג־טוב! אַ דימענט, אַ בריליאַנט! אַ מענטש אָהן אַ גאָל! זא־מע־טשאַטעלנע!“.... און פערקעהרט, אויף נישט אזא גוטען זאָגען זיי: „אַ רשע מרושע! אַ המן! אַ רוצח, ימח־שמו

!וזכרו"... א שען מיידעל איז ביי זיי: „א זעלטענע יפת־תואר! ס'איז נישט אין פנים איהר ארייגצוקוקען! טשטא ניבאוד אסא־ בענע!"... און חלילה נישט אזא שענע איז: „פע, א בייזע מיאוס־ קייט, א וויסטע חלשות אויף צו שטארבען!"... א נגיד איז ביי זיי: „פס! איהר שפיעלט זיך מיט איהם? אנגעשטאפט! חוץ זיין שאדען אויף מיר געזאגט געווארען האטש א טויזענד חלק!"... און א געמיינער מאן — איז „א קבצן, א דלפון, א כתריאל, איין עני ואביון, וואס שטארבט זיבען און זיבעציג מאל אין טאג פאר הונגער, א חוץ וועטשערע!"... נאר דער גאנצער אנטיק איז, וואס זיי פער־ שטעהען זיך איינס דאס אנדערע אויפ'ן וואונק, פון איין ווארט שטויסען זיי זיך אן אויף די איבעריגע צעהן, זיי בעדארפען צווישען זיך לאנג נישט רעדען. א אונזעריגער, אז ער שטעהט ביי דער זייט, בשעת צוויי רויטע אידלעך רעדען צווישען זיך, פערשטעהט ער נישט מאי דקאמרי רביצין.

* * *

היינט זייער שעלטען זיך — די תוכחה איז א קאמפלימענט, א סקאציל־קומט קעגען זייערע קללות: „א שטעבעניש, א ברעכעניש, א בייסעניש, א רייסעניש, א דרעהעניש, א פערדרעהעניש, א דארעניש, א קווארעניש, א טריקעניש, א פערטריקעניש, איין איינטריקעניש, איין איינשרומפעניש..." אויך דאס שווערען זיך ביי זיי איז ניט ווי געוועהנליך. איהר קאנט דארט הערען אזעלכע שבועות, וואס איהר האט אויף אייער לעבען נישט געהערט, צום ביישפיעל: „אויב איך זאג אייך א ליגען אויף אט אזוי פיעל, זאל אויף מיר קומען איין אויס־ האפעניש, עס זאל מיך פיהרען און פיהרען, ארויספיהרען און אריינ־ פיהרען, ביז ס'זאל מיך פארפיהרען, עס זאל פון מיר ווערען א בארג, א שטיין, א ביין, א בעזעם, א שייט־האלץ, א פיפערנאטער, א לדור־ודור!"... ס'איז כדאי, כלעבען, אז אונזערע געלעהרטע, וואס געבען זיך אפ מיט שפראך, זאלען זיך פערנעמען אויך מיט'ן לשון פון די רויטע אידלעך. נישקשה, ווערליג אונזערע חקרנים האבען

זיך ביז אהער אויסגעפיינט מיט זייער בריה׳שאפט, מעג זיי אָנ־שטעהן; עלי ועל צוארי — עס וועט זיי חלילה גאָר נישט שאַדען...

אויך די נעמען זייערע זענען משונה מאָדנע, אומגעלומפּערטע נעמען. מחמת די רויטע אידלעך, די אויפגעקלערטע, האָבען ליעב נאָכטאַנצען די פרעמדע פעלקער, זיי געפעלט אַלסדינג וואָס ביי יענעם, לכן האָבען זיי איבערגעמאַכט אויך די נעמען זייערע: פון אברהם אויף „איבראַהים", פון בערעל — „בענעדיקטוס", פון יוסעל — „יוליוס", פון פייטעל — „פעטראָניוס"; און נאָכדעם איז שוין במילא אויסגעקומען פון משה — „אחרימאַן", פון מענדעל — „טריפאָן", פון חיים — „עפּיפאַנוס", פון הערשעל — „חרבונא" און פון וועלוועל — „ויזתא"... איהר קאָנט אָנטרעפען צווישען זייערע אריסטאָקראַטען אַזעלכע נעמען, ווי „האַפּלאַפּוס", „פּאַרחענטי", „סמאַרקאַנדוס" — אבי נישט קיין אידישער נאָמען, איז שוין גוט... אויך די ווייבער זייערע, די היינטוועלטיגע געוועהנליך, מאַכען זיך איבער זייערע נעמען פון חנה אויף אַגריפּינאַ, פון דבורה אויף גלאַפירא, פון רבקה אויף קלעאָפּאַטראַ, פון שרה אויף פראַנציסקאַ, פון לאה אויף איזאַבעלאַ, פון יענטעל — דולצינאַ, פון אסתר — פּוטיפרע, און אַזוי ווייטער. דאָס נאָכמאַכען יענעם, הן אין די נעמען, הן אין די מלבושים והן אין די מנהגים, איז ביי די רויטע אידלעך אַזוי שטאַרק אריין אין דער מאָדע, אַז לאָז א פרעמדער, צום ביישפּיעל, זיך פּרובען אָפּשניידען די נאָז, אַזוי נעמען די רויטע אידלעך און שניידען זיך באַלד אָפּ אַלע אין איין טאָג זייערע נעזער, און עס ווערד דעמאָלט א רענדעל א נאָז!...

א פּאָר ווערטער בין איך מחויב צו זאָגען וועגען דער „ליטע־ראַטור", וואָס ביי די רויטע אידלעך, וועגען זייערע שרייבער, זייערע „מהברים", זייערע ספרים, זייערע ביכער און זייערע גאַזעטען.

בלעטער, גאַזעטען זענען דאָרטען פאַרהאַן לרוב און פערנעמען פערנעמען זיי זיך, צום מיינסטען, מיט פּאָלעמיקעס, אָדער, ווי זיי רופען דאָס, מיט „קריטיק". איין בלאַט קריטיקירט דאָס צווייטע.

איין מחבר פּאָלעמיזירט מיט'ן אַנדערען. זייער קריטיק איז זעהר וויכטיג. זי בעשטעהט פון דעם, וואָס איין בלאַט קוקט אַרויס וואָס דאָס אַנדערע בלאַט וועט זאָגען, בכדי עס זאָל קאָנען זאָגען נאָכדעם פּונקט קאַפּויר. למשל, פאַרהאַן צוויי בלעטלעך: איינס הייסט „די רויז", דאָס אַנדערע הייסט „דער דאָרן". אויף וויפיעל „די רויז" איז קאָנסערוואַטיוו, אויף אַזוי פיעל איז „דער דאָרן" ראַדיקאַל. אַז „די רויז" שרייבט וועגען נעכטיגען טאָג, אַז עס איז געווען שען און ווארעם, ליכטיג און פרעהליך, די זונן האָט געשיינט און די פייגעלעך האָבען געסוויטשערט, שרייבט „דער דאָרן" פּונקט דעם היפך: עס איז נעכטען געווען דער אַבשייליכסטער טאָג זינט די וועלט שטעהט. קאַלט און פינסטער, נאַס און שמוציג, גלימשיג און וחלקלקות... אַלע זונטאג געהט אַרויס די קאָנסערוואַטיווע „רויז" מיט א בעשרייבונג פון'ם נגיד'ס שבת'דיגען קוגעל, וואָס איז געווען אַ זעלטענער ערפּאָלג, צעגיסט זיך ווי א סאָלאָוויי, און זינגט אַ ליעדעל: מה יפית ומה נעמת אהבה בתענוגים! „דער דאָרן", וועלכער ווייסט פון דעם פריהער, געהט אַרויס מיט אַ לייט־אַרטיקעל וועגען קוגלען בכלל און נגיד'ישע קוגלען בפרט, און צעלאָזט זיך מיט אַ פייער, אַז ס'איז שוין צייט, מע זאָל אויסראָטען דעם דאָזי־גען אַבשייליכען מאכל, וואָס גויים האָבען מיט איהם צו טהון: „קו־געל!... שבת... וועה איז מיר!"... דאָס איז די „קריטיק". די פּאָלעמיק, וואָס זיי פיהרען צווישען זיך, איז חלילה נישט אָנ־צוריהרען יענעמס כבוד, אָהן פּערזענליכקייטען. צום ביישפּיעל:

„די „רויז" שרייבט ביי זיך אין בלאַט:

„נעכטען איז „דער דאָרן" אַרויס מיט איין אַרטיקעל קעגען אונז מיט שמוץ און מיט מיסט, ווי זיין שטייגער איז. מיר וועלען איהם דערויף נישט ענטפערען קיין וואָרט. מיר וועלען איהם נאָר פרעגען: „דו שמוציגער, נידערטרעכטיגער, אָרעמער, נאַקעטער דאָרן! ביז ווי לאַנג נאָך וועסט דו געוועלטיגען?"... דערויף ענט־פערט איהר „דער דאָרן": „שוין לאַנג, אַז די נידעריגע, מה־יפית־

ניצע, היפּאָקריטישע פּאַרקויפטע נשמה, וואָס רופט זיך „רויז“, איז נישט אַרויס מיט אַזאַ עזות, חוצפה און פרעכהייט קעגען אונז. מיר איגנאָרירען זי און זאָגען נאָר צוויי ווערטער: „חצופה, באַהאַלט דיינע בלעטלעך און ווער אַנשטומט אויף אייביג!“...

ליטעראַטען בכלל קאָנען זיך נישט אויסגלייכען מיט זייערע דעות, ובפרט נאָך ביי די רויטע אידלעך, וואָס קאָנען זיך קיינמאָל בשום אופן ואופן נישט אויסגלייכען, דערפאַר שרייבט דאָרט איי־נער אויפ'ן אַנדערען אַ „קריטיקע“; אַלסדינג, וואָס איינער זאָגט, קומט דער אַנדערער און זאָגט פּונקט קאַפּויר! נאָכדעם קומט יע־נער און „קריטיקירט“ איהם צוריק, מאַכט איהם אָפּטמאָל מיט דער בלאָטע; קומט דער און רעכענט זיך מיט איהם אָפּ, ווי עס קומט איהם. און אָט אַזוי ברעכט אויס אָפּטמאָל אַ מלחמה צווישען די שרייבערס, זאָל גאָט שומר ומציל זיין — עס גיסען זיך טייכען טינט!

## דאָס דריטע קאַפּיטעל.

(די בלאָטע פון דער טרוקענער גאַס, איהר געשיכטע, איהרע מויערען. — דער חוש הריח ביי די רויטע אידלעך און די ראָמאַנען פון זייערע בחורים מיט מיידלעך.)

די גאַסען פון דער רויטער שטאָדט ביי די רויטע אידלעך זענען צום מיינסטען בלאָטיגע, קויטיגע, פערברודיגטע גאַסען. די בלאָטעס זענען דאָרטען אזוי גרויס, אז אמאָל, שוין לאַנג, — אזוי דערצעהלען „אַלטע בעלי־בתים“, און מע מוז זיי גלויבען אויף נאמנות — איז דאָרטען אין מיטען מארק דערטרונקען געוואָרען אום ערב־פּסח א וואָגען מיט מצות מיט׳ן פערדעל און מיט׳ן בעל־עגלה אינאיינעם. ערשט העט־שפּעטער, ארום נאָך שבועות, אז די בלאָטע איז אביסעל אויסגעטריקענט געוואָרען, האָט מען זיי געפונען אַלע דריי, דאָס הייסט, דעם וואָגען מיט מצות, דאָס פערדעל מיט׳ן בעל־עגלה... נאָר וועדליג די רויטע אידלעך האָבען ליעב אביסעל צו פיעל מגזם זיין, מיין איך, אז... ס׳איז א ליגען. בקצור, מיר קעהרען זיך אום צוריק צו די גאַסען פון דער רויטער שטאָדט.

איין גאַס איז דאָרט פאַרהאַן אזעלכע, וואָס מע רופט זי „די טרוקענע“. זי איז דער שפּיעגעל, דער בולוואר פון דער שטאָדט. פאַר וואָס עפּיס רופט מען די דאָזיגע גאַס „די טרוקענע“, אז אַלע ווייסען, אז בשעת בלאָטע איז דאָרט די אייגענע בלאָטע, וואָס אומעדום? איך האָב געזוכט אין אַלטע ביכער, גערעדט מיט מענשען, געטראַכט, ציו שטעקט נישט דרינען עפּיס א המצאה׳לע פון די רויטע אידלעך, און איך בין געוואָהר געוואָרען אזא מעשה. אמאָל, פאַרצייטענס נאָך, איז ארוים איין אוקאַז, מע זאָל די דאָזיגע גאַס אויסבּלאַסטערען מיט שטיינער. געוויינטליך, איז געווען „טאַרגעס“; פּאָדריאַטשיקעס האָבען זיך געשניטען איינס דאָס אנדערע אויף וואָס די וועלט שטעהט. נאָכדעם האָט מען „געשלאָגען

בלאַט“, געמאַכט יד־אחת, גענומען „לא־יחרץ־געלד“... וואָס איז גע־
וען נאָכדעם — ווייס איך נישט. „אַלטע בעלי־בתים“ זאָגען, אַז
אַמאָל איז דאָס געווען נישט קיין גאַס, נאָר אַ צאַצקעלע. „גלאַט —
זאָגען זיי — איז זי געווען, ווי אַ לאָקשענברעט, טרוקען ווי פעפער,
ריין ווי אַ טעלערל, האָטש נעם שפּיגעל זיך!“... אַזוי דערצעה־
לען „אַלטע בעלי־בתים“. נאָר איך מיט מיין שכל קאָן דאָס נישט
פערשטעהן. איך פרעג נאָר איין קשיה: זעלט דאָס אַנדעש זיין,
אַז דאָס איז אַמאָל געווען געפּלאַסטערט מיט שטיינער, ווי אַזוי,
פרעג איך אייך, וואָלט זיך נישט פערוואַלגערט אין דער בלאָטע
האָטש איין שטיינדעלע, ווי מע זאָגט, אויף אַ רפואה? וואָס זשע
דען? מוזען מיר דאָך לערנען דעם פשט, אַז די „טרוקענע“ איז
זינט זי איז אַ גאַס קיינמאָל נישט געווען געפּלאַסטערט מיט קיין
שטיינער. אַי, וואָס טהוט מען מיט די „אַלטע בעלי־בתים“? איז
משמעות, אַפנים, אַז די די גאַנצע מעשה מיט׳ן אוקאַז, מיט די
טאָרגעס, מיט די פּאָדריאַטשיקעס, מיט׳ן „לא־יזורץ־געלד“ איז שקר
וכזב?... בקיצור, וואָס נוצט אונז פּלפול, פילאָזאָפיע? אַז מע רופט
זי אַזוי, לאָז זיין אַזוי. איך בעט אייך, ווער איז דאָס טאַקי מחויב
זיך שטעלען קריעגען מיט אַ גאַנצער שטאָדט מענשען און געהן
איבערשפּאַרען אַזעלכע עקשנים, ווי די רויטע אידלעך?

על כל פנים איז זי, די „טרוקענע“ הייסט דאָס, די שענסטע
גאַס פון דער רויטער שטאָדט. דאָרט זיצען די רייכסטע נגידים,
די פיינסטע בעלי־בתים און די שענסטע פון די רויטע אידלעך.
דאָרט, אויף דער גאַס, געפינט איהר שוין מויערען צווייגאָרענדיגע,
מיט בלעך געדעקט, מיט שענע געשניצטע גאַנקעס און מיט באַל־
קאָנעס און מיט רויטע, געלע, גרינע לאָדען. נאָר די אַרכיטעקטור
פון די הייזער איז אַ משונה־מאָדנע אַרכיטעקטור. די מויערען דאַר־
פען זענען, ווי אויף־צו־להכעיס — דער אַריין, דער אַרויס, איינער
אַ הויכער, איינער אַ קורצער, און אַלע שטאַרק צענויפגעקוועטשט,
גלייך ווי זיי וואָלטען וועלען אַפּשטופען איינס דאָס אַנדערע, אַרויס־

בעווייזען זיך אויף צו־פריהער. ווי איינער רעדט: „שא, לאז מיך!“... די פענסטער מיט די באלקאנעס קוקען אלע גלייך אין דער בלאטע אריין, נאר עס מאכט נישט אויס; עס האט ביי זיי דווקא דעם זיבעטען חן. אי, דער ריח? דער ריח איז זיך א ריח, וואס זאל מען טהון? די רויטע אידלעך זענען נישט חלילה פון די געבאלעוועטע, וואס געהען אויס נאך לופט; „וואזדוך־שמאדוך“, זאגען זיי... דער חוש הריח ביי זיי איז במילא שטארק געשלאגען, און מחמת די נעזער זענען דאס רוב ביי זיי, נישט פאר אייך געדאכט, שטענדיג פערלעגט, איז זיי שווער אויסצורעדען די צוויי אותיות: א מ״ם און א נו״ן. די מ״ם פערבייט זיך ביי זיי אפט אויף א בי״ת און די נו״ן אויף א דל״ת. אזוי אז נחמיה קומט ביי זיי אויס דחביה, נחמה — דחבה און א נאדעל־פאדעם קומט ביי זיי אויס — דאדעל־פאדעב. צום ביישפיעל, אט האט איהר א געשפרעך צווישען מאן און ווייב:

— דחבה! איך האב דיך וויפיעל באל געבעטעד, זאלסט דעבעט א דאדעל־פאדעב אוד פארדייעד ביר די קעשעדי. *

— דחביה! וואס דולסט דו ביר א בת? איך האב טאקי בעהר דיט וואס צו טהוד? לאז זייד דאכדעב, איך וועל אויסבעלקעד די בהבה אוד צושטעלעד דעב ווארעבעס, וועל איך דעבעד א דאדעל ביט א פאדעב אוד וועל דיר פארדייעד די קעשעדי. **

א גאנצע וואך איז אויף דער גאס שטיל, מחיה נפשות. זומערלעבען זענען די פענסטער צוגעמאכט, עס זאל זיך נישט ארײנחא־

---

* נחמה! איך האב דיך וויפיעל מאל געבעטען, זאלסט נעמען א נאדעל־פאדעם און פארנייען מיר די קעשענע. — ** נחמיה! וואס דולסט דו מיר א מות? איך האב טאקי מעהר נישט וואס צו טהון? לאז זיין נאכדעם, איך וועל אויסמעלקען די בחמה און צושטעלען דעם ווארעמעס, וועל איך נעמען א נאדעל מיט א פאדעם און וועל דיר פארנייען די קעשענע.

פען קיין פליעגען, און די לאָדען זענען צוגעשפּאַרט, עס זאָל נישט אַריינשיינען, חלילה, אַ שטראַהל פון דער זון... מע בעהאַלט זיך אינוועניג אין די הייזער. מאַרק־מענשען זענען אַ גאַנצען טאָג אין קלייט און קוקען אַרויס אויף אַ קונה. מע זעהט נישט אויף דער „טרוקענער" קיין לעבעדיגען נפש. נאָר קומט שבת ביי טאָג נאָכ'ן קוגעל, איז די גאַס נישט צו דערקענען. עס דרעהען זיך אַרום אויף דעם דאָזיגען בולוואַר רויטע בחורים און מיידלעך, נאָר נישט ווי ביי אונז, אויסגעמישט קאַשע מיט באָרשט, זכרים מיט נקבות, אַלע אינאיינעם; פע! דאָרט, ביי די רויטע אידלעך, געהט עס נישט. דאָרט שפּאַציערען די בחורים בעזונדער און די מיידלעך בעזונדער, איינס אַקעגען אַנדערען, פּונקט אַזוי ווי מע טאַנצט „אַ שער". און אַז מע בעגעגענט זיך, „וואַרפט מען מיט אויגען", מע טהוט זיך, כלומרשט אומגעהרען, פאַרבייגעהענדיג, אַ שמיר מיט דער קאַפּאָטע, אַ רייב מיט'ן עלענבויגען, מע ווערד דערביי רויטליך אויפ'ן פּנים און מע חיחיקעט שטילערהייד.

אָט אַזוי ווערען דאָרט אָפטמאָל געשלאָסען שטילע ראָמאַנען, וואָס הויבען זיך אָן מיט אַ קוק אַ שטאַרקען, אַ שמיר מיט דער קאַפּאָטע, אַ רייב מיט'ן עלענבויגען, אַ מאָל אויך מיט אַ זיפץ אַ טיעפען, און לאָזען זיך אויס, נישט ווי ביי אונז אין יעהופּעץ אָדער אין כתרילעווקע — ניין! זיי לאָזען זיך אויס מייסטענטייל מיט... גאָרנישט.

## דאָס פיערטע קאַפּיטעל.

(דאָס ערשטע בעגעגעניש פון די רויטע אידלעך מיט איינעם פון אונזעריגע, די גוטע בשורה וואָס ער האָט זיי אָנגעזאָגט, און ווי אַזוי מע האָט איהם אויפגעהויבען אויף אַ „הורראַ!“)

איינמאָל אין אַ שבת פון די הייסע זומערדיגע שבתים, בשעת די רויטע בחורים און מיידלעך האָבען געשפּאַציערט פּאָרלעכווייז איבער דער „טרוקענער“, האָט זיך פערלאָפען אַ מעשה, וואָס האָט אָנגעמאַכט אַ קאָכעניש, אַ גערודער, אַ טומעל צווישען די רויטע אידלעך, פריהער אויף דער „טרוקענער“ און נאָכדעם אין דער גאַנ־צער שטאָדט. וואָס איז די מעשה? מע האָט דערזעהען אַ מענשען, עפּיס אַ משונה מאָדנע פּאַרשוין, גאָר נישט קיין רויטען... מע האָט אַזעלכעס דאָרטען נאָך קיין מאָל נישט געזעהען. מע האָט זיך גאָר נישט געקאָנט פאָרשטעלען אַפילו, אַז עס קאָן געמאָהלט זיין, אַז אַ איד זאָל האָבען נישט קיין רויטע האָר — אַ פערזעהעניש! אַלע האָבען זיך אָפּגעשטעלט בעטראַכטען גאָט'ס וואונדער, מע האָט געטייט מיט די פינגער, געקוקט איינס אויף דאָס אַנדערע און גע־פרעגט איינער דעם אַנדערען:

— ווער איז דאָס? וואָס איז דאָס? פון וואַנען איז דאָס? און וואָס טהוט עס דאָ? אַ „פּאַרזעהעניש“, חי־חי־חי...

דאָס „פּאַרזעהעניש“ איז געווען דווקא אַ שענער מאַן, שוין אין די יאָהרען, מיט אַ הויכען ברייטען שטערן, מיט לאַנגע האָר און מיט אַ לאַנג בערדעל, מיט אַ קלאָר ליכטיג שמייכלענדיג פנים און מיט גוטע, תמיד שמייכלענדיגע אויגען. עס ווייזט אויס, אַז ער האָט גאָרנישט בעמערקט, ווי עס קאָכט מיט איהם די גאַס; ער איז זיך געגאַנגען, ווי אַ שטאָדט־בעל־הבית, די הענד פערלעגט אַרונטער, דעם קאָפּ פעררייסען אַרויף, בעטראַכט די „טרוקענע“ מיט איהרע געפאַרבטע מויערען און געזונגען זיך שטילערהייד אונטער

דער נאָז א ליעדעל, גלייך ווי נישט איהם מיינט מען. און די גאַס האָט אַלע מאָל, וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער, געקאַכט און געזשומעט.

— זשזשזשזשזשזש... הו־הא!... ווער איז דאָס? וואָס איז דאָס? פון וואַנען איז דאָס? און וואָס טהוט עס דאָ?... א מאָדנער נפש, חי־חי־חי...

בקצור, עס איז געבליבען, אז מע זאָל צוגעהן צום דאָזיגען נפש און ביי איהם אַליין געוואָהר ווערען, ווער ער איז, וואָס ער איז, און פון וואַנען ער איז און וואָס ער טהוט דאָ? נאָר אזוי ווי קיינער האָט נישט געוואָלט זיין דער ערשטער, האָט איינער געשיקט דעם אנדערען, איטליכער איז א בעלן געווען אויף יענעם.

— געה מאַך מיט איהם א שמועס...
— וואָס עפּיס איך? געה דו...
— פאָלג מיך, טהו איהם נאָר א פרעג...
— פרעג דו, וואָס עפּיס איך?
— ניין, דו געה נאָר צו, און רעדען וועל איך...
— אַמעהר געה דו צו, און איך וועל שוין נאָכדעם רעדען...

חברה איז געשטאַנען און האָט זיך אזוי אוועקגעדונגען א היבשע צייט, ביז מע האָט דעם פרעמדען פאַרשוין ארומגערינגעלט פון אַלע זייטען. ער האָט דערזעהען, אז ווייטער לאָזט מען איהם נישט געהן, און צוריק אויך נישט, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און אָנגערופען צום גאַנצען עולם אויף א קול, און די אויגען בשעת מעשה האָבען זיך איהם אָנגעצונדען, געברענט ווי צוויי קויהל־פייער.

— גוט שבת אייך, מיינע ליעבע ברידער און שוועסטער! איך זעה, איהר חדוש׳ט זיך אויף מיר, איהר גאַהרט צו וויסען, ווער בין איך, וואָס בין איך, פון וואַנען בין איך און וואָס טהו איך דאָ? מוז איך מיך אַליין פאָרשטעלען פאַר אייך: איך

בין אייער ברודער, אייערער א ליבליכער, איין אייגענער ברודער, איינער פון אייערע צעהן מיליאן ברידער, וואס געפינען זיך אויף יענער זייט טייך סמבטיון און וואס עס קאן זיין, אז איהר ווייסט אפילו נישט פון זיי קיין צעהנט־חלק, וואס מיר ווייסען פון אייך. איך שעץ מיך פאר איינעם א גליקליכען, וואס אויף מיר איז געפאלען דער גורל, איך זאל אייך אנזאגען די גוטע בשורה, אז מע טראכט פון אייך דארטען ביי אונז זעהר געשמאק, מע טהוט פון אייערטוועגען, מע וויל אייך, פערשטעהט איהר מיך, ארויסציהען אלע רויטע אידלעך פונ׳ם דאזיגען פרעמדען לאנד, וואס מע האט אייך אהערצו פערטריבען צוריק מיט דריטהאלבען טויזענד יאהר, און מע וויל אייך בעזעצען אין אייגען לאנד...

— הא־חא־חא־חא! אודאי ארץ־ישראל! — האבען אויסגע־שאסען עטליכע הונדערט פארשוין א געלעכטער, ווי פון צעהן האר־מאטען. — ער רעדט עפיס מאדנע ווערטער; ער איז אריבער דעם סמבטיון... ער וויל אונז פיהרען קיין ארץ־ישראל... ארץ־ישראל־איד... הוררא, ארץ־ישראל־איד!

— הוררררררא! — האבען אונטערגעחאפט נאך עטליכע הונ־דערט פארשוין, און די גאס איז גיך פערפלייצט געווארען מיט מענשען. אלע האבען געלאכט, זיך געהאלטען ביי די זייטען און געשריגען אין איין אטהעם: „הורררררא, ארץ־ישראל־איד!!“...

דער פרעמדער פארשוין, וואס האט פאר זיין גוטער בשורה געחאפט אזא שענעם ברוך־הבא פון די רויטע אידלעך, איז געבליבען שטעהן נעבאך א פריטשמעליטער, נישט פערשטאנען וואס דא טהוט זיך; ער האט אפגעלאזט הענד און פיס און האט זיך געלאזט געהן צוריק, און די גאנצע חברה בחורים און מיידלעך — נאך איהם מיט א געלעכטער, מיט א פייפעריי און מיט א הורראַ. איינער האט גערופען דעם אנדערען, מע זאל גיכער געהן זעהען חדושים:

— גיכער, אט געהט ער, דער ארץ־ישראל־איד! גיכעדט, איהר וועט איהם חלילה פארשפעטיגען!...

קוים מיט צרות, מיט לייד, האָט זיך אונזער פאַרשוין אַריינגע־
חאַפּט אין דער רויטער אַכסניה, וואו ער האָט געהאַלטען סטאַנציע,
און האָט פערשלאָסען נאָך זיך די טהיר. און די רויטע אידלעך
האָבען נישט אויפגעהערט צו קלויבען זיך אַרום דער אכסניה, ליאַ־
רעמען און פּילדערען, לאַכען און קאַטשען זיך פאַר געלעכטער און
שרייען: „הוררררררא, ארץ־ישראל איד!" אַ גליק, וואָס ס'איז
געוועזען שבת, ווען ניט, וואָלטען זיי צעטראָגען די שטוב אויף פּיצ־
פּיצלעך. קיינער האָט נישט געוואָלט זיך ריהרען פונ'ם אָרט און
געהן אהיים, ביז דער בעל־אכסניה, אַ געזונדער איד אַ רויטער,
האָט נישט אַרויסגעשטעקט דעם רויטען קאָפּ דורך אַ פענסטער און
האָט אויסגעשריגען אויף אַ קול:

— רויטע שקצים! געשלייערטע שיקסעס! איהר לעדיג־
געהערס, פּוסטעפּאַסניקעס! וואָס האָט איהר דאָ נישט געזעהען,
וועלכען רוח? איין אורח איז געקומען, אַ מענטש גלייך מיט אַלע,
נאָר נישט קיין רויטער, פאַר וואָס קומט איהם, מע זאָל איהם פאַר־
טיוקען? איך זאָג אייך, איהר זאָלט זיך די מינוט, די רגע צע־
געהן, ווי זאָלץ אין וואַסער, אַניט וועט אַ רוח אין אייער ט... ט...
אַריין!!

ערשט דעמאָלט האָט זיך דער עולם צעגאַנגען, אוועק איטליכער
אין זיין רוח אַריין.

די רויטע אידלעך האָבען ליעב, אַז מע זאָגט זיי אַ זאַך, זאָל
דאָס זיין מיט אַ טעם...

## דאָס פינפטע קאַפּיטעל.

(איין אסיפה ביי די רויטע אידלעך. — דער פרעמדער פּאַרשוין האַלט אַ רעדע. — די רויטע אידלעך האָבען קיין צייט נישט, שלאָגען איהם איבער.)

שבת צו־נאַכטס, תיכף נאָך הבדלה, האָט דער אורח געשיקט רופען צו זיך אויף דער אכסניה די פאָרשטעהערס פון דער שטאָדט, אַלע פאַרנעמסטע לייט, די רבנים, די לומדים, די נגידים, די משכילים, די געלעהרטע, און אויך אייניגע פון די בעלי־מלאכות, פון פּראָסטע מענשען. ער האָט בעפוילען, אַז ער האָט מיט זיי צו רעדען וועגען עפּיס זעהר אַ וויכטיגען ענין, וואָס געהער זיך אָן מיט'ן כלל, ער האָט זיי צו זאָגען זעהר אַ נויטיגע זאַך, וואָס איז זיי נוגע אין לעבען אריין.

אין שטאָדט איז געוואָרען אַ רעש, אַ גערודער: „עפּיס אַ מענטש, איין אורח, איינער פון די שוואַרצע אידען, איז געקומען צופאָהרען, פון יענער זייט טייך סמבטיון; ער גיט זיך אויס פאַר איין ארץ־ישראל־איד און וויל עפּיס דער־צעהלען נייעס. מע באַדאַרף געהן הערכען וואָס וועט ער זאָגען"...

די רויטע אידלעך האָבען זיך דווקא נישט געלאָזט לאַנג בעטען און מען איז געקומען אויף דער אסיפה, יונג און אַלט, פון אַלערליי קלאַסען מענשען, נישט אַזוי צוליעב דער זאַך אליין, ווי צוליעב דעם, וואָס יעדער איז אַ בעלן געווען אָנקוקען אַ פרעמדען מענשען, איין ארץ־ישראל־אידען, הערכען ווי ער רעדט...

גיך איז די רויטע אכסניה געוואָרען פול אָנגעשטופּט מיט רויטע אידלעך. עס איז געווען אַ מורא'דיגע ענגשאַפט, אַ שפּאַ־רעניש, אַ דערשטיקעניש, סכנות נפשות. אַלע האָבען געוואָלט וואָס נעהענטער צום אויבען־אָן, פערנעמען דעם בעסטען אָרט. די ווענד האָבען געשוויצט, מען איז געשטאַנען קאָפּ אויף קאָפּ,

און דער עולם האָט אַלץ נישט אויפֿגעהערט צו גערן און גערן, ביז דער רויטער בעל־אכסניה איז געפֿאַלן אויף איין עצה — ער האָט פֿערשלאָסען טהיר און טויער, גוט אויסגעשאָלטען פֿריהער דעם דרויסענדיגען עולם אין ט... ט... אריין, ווי זיין שטייגער איז. ערשט דעמאָלט איז דער אורח אויפֿגעשטאַנען, און צווישען עולם איז געוואָרען אַ פּאַטשעריי מיט אַ שאַקעריי, מע האָט געקאָנט טויב ווערען.

— שאַ, שטיל זאָל זיין! ששששאַ, ששששאַ, ששששששאַאַ!!!

שאַט, שאַט! — האָבען געשריגען אַלע רויטע אידלעך אין איין קול. נאָכדעם איז געוואָרען אַ סמאַרקעריי מיט אַ שנייצעריי פֿון נעזער, גלייך ווי מע וואָלט שוין אַ יאָהר דריי אָדער פֿיער די נאָז נישט געשנייצט. שפּעטער, אַז אַלע האָבען שוין גוט אויסגעשנייצט די נעזער, האָט איינער געגעבען אַ הוסט, נאָכדעם דער אַנדערער, נאָכדעם דער דריטער און אַזוי ווייטער — עס איז אויף זיי אָנגעפֿאַלען פּלוצים אַ הוסטעניש, עפּיס איין עפּידעמיע, טאַקי נאָר ווי אויף־צו־להכעיס!

— וואָס איז דאָס פֿאַר אַ הוסטעריי אין מיטען דרינען? — האָבען זיך די נגידים צעשריגען. — נאַ דיר גאָר הוסטען! קראַנק געוועזען אין דער היים זיך אויסהוסטען דאָרטען? געקומען אַהער הוסטען! אַ הוסטעניש אויף זיי! אַ העזה פֿון קבצנים, הוסטען גאָר?! ...

און ס'איז די מינוט געוואָרען שאַ־שטיל. פֿאַר אַ נגיד האָבען די רויטע אידלעך דאָס נייעניאָהריגע קדחת! דאָרט אַז אַ נגיד זאָגט „נישט הוסטען“ — הוסט מען נישט...

— הערט צו, רבותי! הערט מיך אויס, מיינע ליעבע, טהייערע ברידער! — אַזוי האָט דער אורח אָנגעהויבען זיין שענע דרשה און אין די אויגען בשעת מעשה האָט זיך איהם אָנגעצונדען אַ פֿייערל. — אייערע היגע ברידער, די רויטע אידלעך, האָבען מיך אַפֿילו אויפֿגענומען היינט עפּיס נישט אַזוי פֿריינדליך, עפּיס נישט

ווי זעהר א ליעבליכען גאסט; זיי האבען מיך אנגעקוקט ווי א משוגענעם און האבען מיר געמאכט א הורא, זיי האבען מיך נישט פערשטאנען, וואס איך האב זיי געזאגט. מיינט נישט, חס־ושלום, אז איך האב פאראיבעל, אז איך פאל ביי זיך דערמיט אראפ; חס־וחלילה! עס טהוט מיר נאר וועה דאס הארץ אויף אייך, ברידער, ווארום איך זעה דערפון ארויס, ווי ווייט מען איז נאך דא ביי אייך פערגרעבט און ווי נידעריג עס שטעהט נאך ביי אייך דאס פאלק! נאר אזוי ווי איהר זענט דא אצינד, ווי עס ווייזט אויס, פארשטע־הערס, דער תפארת פון דער שטאדט; איך זעה דא צווישען אייך, זאלען געזונד זיין, רבנים, לומדים, נגידים, משכילים, געלעהרטע און אזוי פיינע, איידעלע מענשען, רעכען איך, אז א י ה ר וועט מיך פערשטעהן. איהר דארפט וויסען, ברידער, אז מיט גרוים מיה, מיט מסירות־נפש האב איך מיך צו אייך דערשלאגען אהער, מיינע ליעבע רויטע אידלעך, ווארום איהר ליגט פערשטעקט, זאלט איהר מיר מוחל זיין, דער שווארץ־יאהר ווייסט וואו... צוקומען צו אייך בעדארף מען דורכגעהן א סך מדבריות און וויסטענישען, דורך בערג און דורך טהאל, וואלד־איין, וואלד־אויס... היינט איבערשפאנען אזא ס מ ב ט י ו ן — א ווערטעלע אויסצורעדען! דעם סמבטיון!!... איך האב געוואוסט גאנץ גוט, אז די נסיעה איז א שווערע, א שווערע נסיעה, איך האב געוואוסט, אז איך פער־ליר איבער איהר א סך צייט, א סך געזונד און א סך געלד און א סך כבוד, ווארום ווען איך זאג מיך אפ פון דער דאזיגער נסיעה צו אייך, מיינע ברידער, וואלט מיר געווען דארטען א סך, א סך בעסער, ווי ס'איז מיר אצינד; מיר וואלט זיין בעסער און מיינע קינדער אודאי... נאר דאס הארץ האט מיך געצויגען צו אייך, צו אייך, מיינע ברידער, האב איך מיך אפגעזאגט פון כבוד, האב מיך אפגעזעגענט מיט מיין עולם הזה און האב מיך געלאזט אויף קדוש־השם. איך האב געוואלט זיך זעהן מיט אייך, מיינע ליעבע רויטע אידלעך, אייך אפגעבען א פריינדליכען גרוס פון אייערע צעהן

מיליאָן ברידער, וואָס אויף יענער זייט טייך ס מ ב ט י ו ן, אייערע ליבליכע ברידער, וואָס דיענען מיט אייך איין גאָט און וואָס קומען אַרויס מיט אייך פון איין שורש, פון אברהם יצחק ויעקב. מיר האָט זיך זעהר געוואָלט זעהען וואָס טהוט זיך דאָ ביי אייך, און אַליין אָנזאָגען אייך די גוטע בשורה, אז מיר האָבען אייך אין זינען, מיר זאָרגען זיך פאַר אייך. מיר טהוען פון אייערטוועגען אַזעלכס, וואָס איהר וועט, אם־ירצה־השם, זיין צופריעדען...

— דהיינו, וואָס? לאָמיר האָרכען וואָס? וואָס ציהט ער די נשמה? — שרייען מיט אַמאָל עטליכע רויטע אידלעך, וואָס האָבען שוין קיין צייט נישט.

— מע וויל אייך, פערשטעהט איהר מיך, ברידער, אַרויסשלעפּען פון דאַנען. גענוג אייך שוין צו פּאַליאָסקען זיך דאָ אין דער בלאָטע, זיין צו שאַנד און צו שפּאָט ביי אַלעמען אין די אויגען! צייט אויפשטעהן, זיך איינצו־וואַשען, אויסצוואָגען זיך, ווערען לייטען גלייך!... מע וויל אייך אַרויסציהען פון דאַנען, אַזוי ווי מע האָט אַמאָל אַרויסגעצויגען אייערע עלטערען פון מצרים, און בעזעצען אייך אין אייער לאַנד, אינ'ם לאַנד פון אייערע אבות, אינ'ם לאַנד, וואָס גאָט האָט געשוואָרען צו אברהם יצחק ויעקב, אינ'ם לאַנד, וואו מיר האָבען אַמאָל געהאַט אונזער בית־המקדש, אונזערע כהנים און לויים, אונזער מלך, אונזערע נביאים — א ר ץ - י ש ר א ל הייסט דאָס לאַנד, ארץ־ישראל, דאָס הייליגע לאַנד, וואָס אייערע עלטערען האָבען פערגאָסען דערויף אַזוי פיעל בלוט, וואָס פון דאָרטען איז אַרויסגעגאַנגען אַ געטליכע ליכטיגקייט — אונזער תורה, און האָט בעלייכט די גאַנצע וועלט, געעפענט אַלעמען די אויגען, געגעבען אַלע פעלקער געטליכע ליכטיגקייט, פרייהייט, וויסענשאַפט... יאָ, מיר האָבען אַלעמען געגעבען ליכטיגקייט און וויסענשאַפט, און אַליין זענען מיר פערקראָכען אין אלף השׂשי... אַלעמען געגעבען פרייהייט, און אַליין האָבען מיר זיך פערשטעלט פאַר קנעכט, משרתים, לאַקייען... וואָס קוקט איהר מיך אָן? וואָס

שווייגט איהר? צו אייך רוף איך, צו אייך, פרומע רויטע אידלעך, רבנים, לומדים, חסידים, אידען מיט טליתים־קטנים, מיט לאנגע קאפאטעס, מיט בערד און פאות! איהר ווייסט דאך יא וואס ארץ־ישראל איז — א־ר־ץ י־ש־ר־א־ל! י־ר־ו־ש־ל־י־ם!! איהר זאגט דאך יא ביי'ם בענטשען: „ולירושלים עירך ברחמים תשוב... בשובך לציון ברחמים... המחזיר שכינתו לציון... ועל ירושלים עירך ועל ציון משכן כבודך... וזכרון ירושלים עיר קדשך... ובנה ירושלים...“ און דעם געוויסען „לשנה הבאה בירושלים“...

— מילא, וואס מע דאווענט — רופען זיך אן עטליכע פרומע רויטע אידלעך — דערויף זענען מיר אידען, מיר זאלען דאווענען, גאט דיענען.

— דאווענען און גאט דיענען? — שרייט דער אורח. — אט דאס איז טאקי די מעשה, וואס איהר דאווענט און ווייסט נישט וואס איהר דאווענט. איהר רעדט און ווייסט נישט וואס איהר רעדט. איהר זענט קראנק און ווייסט ניט וואס אייך פעהלט. איהר געהט ארום אין דער בלענזעניש, איהר ליגט אין א היהנערפלעט, א בייזער שלאף אויף אייך...

— בקיצור! בקיצור! — שרייען די רויטע אידלעך, וואס האבען קיין צייט נישט. — גענוג מוסר! בקיצור!

— בקיצור ווילט איהר? איהר האט פיינט מוסר? איהר האט פיינט, אז מע זאגט אייך דעם אמת?... ס'איז, זאג איך, א בייזער שלאף אויף אייך, בכן בין איך געקומען אייך וועקען, אויפרייסען פונ'ם שלאף און שרייען אייך אין אויהער אריין: שטעהט אויף, ברידער, שטעהט אויף! שוין צייט! שוין צוויי טויזענד יאהר, אז איהר ליגט דא אין דער בלאטע און פיהלט גאר נישט, ווי ווייט אומגליקליך איהר זייט, ווי דער ווארעם וואס ליגט אין חריין און מיינט, אז ס'איז קיין זיסערס נישטא... שטעהט אויף, קוקט אייך ארום, בעטראכט אייער לאגע, זי איז געפעהרליך! איהר שטעהט, זאג איך אייך, אין א סכנה, אין א מורא'דיגער סכנה! איהר

ווערד וואָס אַ טאָג שוואַכער און שוואַכער. איהר זינקט אין דער בלאָטע טיעפער און טיעפער. איהר פאַלט אין דעם פינסטערניש נידעריגער און נידעריגער. איהר ווערד וואָס ווייטער אַלץ מעהר פערגרעבט, איהר ווערד דערשטיקט אין דער ענגשאַפט. איהר פרעסט איינס דאָס אַנדערע לעבעדיגערהייד...

— דעם שפּיץ! דעם שפּיץ! — שרייען די רויטע אידלעך, וואָס האָבען קיין צייט נישט. — זאָגט אונז דעם שפּיץ!

— דעם שפּיץ ווילט איהר וויסען? איהר האָט קיין צייט נישט? פונקט דאָס אייגענע וואָס ביי אונז. די אייגענע מענשען מיט דעם זעלבען כאַראַקטער... דאָס אייגענע איז געווען אויך מיט אונז, אייערע צעהן מיליאָן ברידער, וואָס אויף יענער זייט טייך סמבטיון, פונקט דאָס זעלבע... נאָר מיר האָבען זיך בע־צייטענס אַרומגעקוקט, אַז מיר שטעהען שמאָל, מע וויל אונז איינ־שלינגען, אָדער מע וויל אונז לאָזען, מיר זאָלען זיך אַליין איינס דאָס אַנדערע איינשלינגען... מע האָט אונז געגעבען אַנצוהערעניש, דאָס הייסט, קלעפּ מיט סטוסאַקעס גוטע; מיר האָבען פערשטאַנען, אַז די וועלט איז אַ ים און די מענשען זענען פיש... מיר זענען געקומען צום שכל, אַז די אַלע זיסע לידעלעך, וואָס אונזערע נביאים און משוררים אין אַלע צייטען האָבען אונז געזונגען, זענען אודאי זעהר שענע לידער, אָבער טאַקי נישט מעהר ווי לידער, וואָס זע־נען געזאָגט געוואָרען אויף אַמאָל, אויף „לעתיד לבא", אַז משיח וועט קומען... מיר האָבען דערפיהלט, אַז אונזער הילף איז נאָר ביי אונז אין די הענד. אַז מיר אַליין וועלען זיך נישט העלפען, וועט אונז קיינער נישט העלפען. מיר האָבען פערשטאַנען, אַז אויב מיר ווילען לעבען, מוזען מיר זיין לייטענגלייך, אַזוי ווי מיר זענען געוועזען אַמאָל, אַמאָל... מיר האָבען זיך בעקענט מיט אונזער איי־גענער שענער היסטאָריע, מיט אונזער אייגענער שענער שפּראַך, און מיר האָבען דערזעהען, אַז מיר האָבען זיך אומזיסט געשעמט מיט דעם נאָמען איד, אַז מיר זענען אַ פאָלק גלייך מיט אַלע פעל־

קער, אונז פעהלט נאָר אַ לאַנד, איין אייגען לאַנד. האָבען מיר געמאַכט אַ גוואַלד פאַר דער גאַנצער וועלט: „לאַנד! לאַנד! גיט אונז לאַנד!“ מיר האָבען זיך אָנגעהויבען צענויפפאָהרען אַלע אין איין אָרט, צענויפשמועסען זיך אַלע וועגען איין זאַך, און ס'איז געבליבען, מיר זאָלען זיך קודם כל אויסצוואָגען, ארומוואַשען זיך אַליין און אויסצוואָגען און אַרומוואַשען אונזערע קינדער. זיך אויסבילדען, ווערען מענשען, צוגרייטען זיך אַליין און דאָס גאַנצע פאָלק צו דער גרויסער אַרבייט, וואָס שטעהט פאַר. מיר האָבען אָנגעהויבען מאַכען אסיפות, קאָנגרעסען, זאַמלען געלד, גרינדען אַ פאָנד, לערנען אונזערע קינדער, עפענען חדרים, מאַכען שקאָלעס....

— שקאָלעס? שקאָלעס נע זשעלאַיעם! זנאַט נע זנאַיעם! שקאָלעס נע זשעלאַיעם! — האָבען אויסגעשריגען מיט אַמאָל עטליכע הונדערט רויטע אידלעך, און דער גאַנצער עולם האָט אָנגעהויבען צו רעדען, ליאַרעמען און פילדערען אויף אַלערליי קולות. דער האָט געשריגען: „נע זשעלאַיעם!“ און דער האָט געשריגען: „זשעלאַיעם! דווקא זשעליאַיעם!“ און אינאיינעם איז דאָס אויסגעקומען אַ מיש־מאַש, אַ ווילדער קאָנצערט: „זשעלאַיעם... נע זשעלאַיעם... זנאַט נע זנאַיעם... שקאָלעס נע זשעלאַיעם... דווקא זשעלאַיעם... אויף־צו־להכעיס נע זשעלאַיעם!“...

## דאָס זעכסטע קאַפּיטעל.

(דער פרעמדער פּאַרשוין שטעהט אויף פונ׳ם טיש, און די רויטע אידלעך רעדען אַלע אינאיינעם. — זיי שפּאַרען זיך, אַמפּערען זיך, שרייען איבער איינס דאָס אַנדערע און צעגעהען זיך בשלום אַהיים.)

די רויטע אידלעך כל־זמן זיי שווייגען — שווייגען זיי, נאָר אַז זיי הויבען אָן צו רעדען, רעדען זיי פון פייער און פון וואַסער, און מיט הענד, און דוקא אַלע אינאיינעם; זיי שרייען, זיי ליאַרע־מען, זיי גראַגערען, ווי די סאָראָקעס אין וואַלד, עס מאַכט זיך זיי נישט צו דאָס מויל; דער כח פון אַ מענשען איז דעמאָלט גאָר נישט אימשטאַנד זיי אָפּצושטעלען. וויפיעל דער אורח האָט זיי נישט געבעטען, מע זאָל איהם לאָזען רעדען, אויסלאָזען דאָס, וואָס ער האָט אָנגעהויבען, וויפיעל דער עולם האָט נישט געפּאַטשט מיט די הענד אין טיש און געשריגען: „ששש! ששששששאַט! שטי־לער! שטיל זאָל זיין!“ — עס האָט נישט געהאָלפען קיין שמע־ישראל, חאָטש טהו זיך אָן אַ מעשה! אפילו די נגידים האָט מען אויך געהאָרכט, ווי המן דעם גראַגער. אונזער אורח האָט נעבאַך געמוזט איבעררייסען זיין דרשה אין מיטען און מיט בזיונות אָפּ־טרעטען פונ׳ם טיש און הערען, ווי די רויטע אידלעך פערטייטשען, צעקייען זיינע ווערטער, איטליכער נאָך זיין השגה און נאָך זיין פערשטאַנד.

— ער וויל שקאָלעס... שקאָלעס נע זשעלאַיעם... פון יענער זייט טייך... וואָסערע לאָקשען... עפּיס דערצעהלט ער ארץ־ישראל... מע באַדאַרף חברות... חברות נע זשעלאַיעם... וואָס זאָגט איהר אויף זיין פּיסק?... כ׳וואָלט אַ בעלן געווען זיין דאָרטען... שא, לאָז זיין שטיל... וואָס ביזט דו פאַר אַ מאַכער... ארץ־ישראל לאָזט מיך... אַז מע זאָגט משוגע, זאָל מען גלויבען... איהר זענט

מחילה א בהמה... פארך, אט חאפסט דו א פאטש... חברות, חברות באדארף מען... ס'א משל, נו און געלט?... געלט?...

— איהר הערט? עס האלט שוין ביי געלט! — אזוי מאכען די נגידים און חאפען זיך ביי די קעשענים. — דאס מיינט מען אונז, א פנים? קומט, לאמיר געהן אהיים.

— איין „אקעלע" וועט זיין ביי אייך היינט? — רופען זיך אן די חברה „שנויץ מיט ברויט" צו איינעם פון די נגידים.

— אודאי, ווי דען איז אנדערש? וואו זענט איהר נעכטען געוועזן?

— נעכטען זענען מיר געוועזן „איף" ביי'ם „חכם" ביז'ן ערשטען מנין.

— אזוי? ווער איז באגראבען געווארען? ווער האט געטאפט דעם טאטער? דערצעהלט, דערצעהלט...

— אוי, פרעגט נישט, ס'איז געוועזן א רעכטע שרפה! פריהער האט דער „סטאטיק" געזונגען א „תכנת־שבת'על", ווי געוויינטליך, און דער „נשרף" האט געשוויצט; נאכדעם האט איהם דער „בעל־תכלית" געפאקט מיט פיער מלכים קעגען דריי טייז, גוט אפגע־שמיסען, געצויגען פון איהם די עצמות, א דרייערעל בלינד, א פינ־פערעל אויף צוויי, צוויי פינפערלעך אויף דריי, און דריי אויף מיינע דריי, — ביז ס'איז אויסגעגאנגען פאדעם, האט ער איהם געעפענט דאס בלעטעל, איז איהם פינסטער געווארען אין די אוי־גען. נאר בעסער פון אלע האט געמאכט דער „פראפעסאר": ער האט געקלאפט מיט די ווייבער אין „סטוקעלקע" — ט י א מ נ ע! האט צוגענומען ביי זיי וואו זיי האבען געהאט א פיערער, און א גוטען טאג מיט דער קאפאטע... קומט, לאמיר געהן, וועלען מיר עפים מתקן זיין! איין עבירה די צייט, די נאכט שטעהט נישט...

— אפיקורסים! הולטייעס! — שרייען די רבנים און די אי־בעריגע כלי־קודש, וואס האבען זיך צענויפגעשלאגען בעזונדער אין א ווינקעלע. — טריפניאקעס גאר ווילען אונז פיהרען קיין ארץ

ישראל! „גלוחים“ ווילען ארא‎פברענגען משיח'ן! אידען, וואס שווייגט איהר?!... גוואלד! גוואלד! שמע ישראל!!!...

נאר מעהר פון אלע האבען זיך געשטעלט אקעגען די געלעהרטע פון די רויטע אידלעך, די הקרנים, די גריבלער, די פילאזאפען און פערפאליטיקער. זיי האבען געפאדערט, מע זאל זיי געבען צו שטעהן „על פי חקירה“, „על פי שכל“, „על פי היסטאריע“, „על פי פאליטיקע“ און „על פי מענשליכקייט“, ווי אזוי איז דאס מעגליך און וואו איז דאס געהערט געווארען, מע זאל נעמען א פאלק פון רויטע אידלעך, וואס זיצען זיך רוהיג שוין צוויי טויזענד יאהר אויף יענער זייט סמבטיון, וואס מישען זיך נישט צו קיינעם, זאדער ד ע ר זייט סמבטיון, וואס מישען זיך נישט צו קיינעם, זא־

טשעפען נישט קיין פליעג אויף דער וואנט, — זאל מען זיי פלוצים אין מיטען דרינען זאגען: „נעמט אייך, רויטע אידלעך, צענויף, פאקט אייך איין און פאהרט אריבער דעם טייך סמבטיון און באזעצט אייך דארטען ערגיץ אין א וויסט לאנד, צווישען ווילדע טערקען“... וואס וועלען זאגען די אלע איבעריגע פעלקער, און טאקי דער טערק אליין?... וואו איז דאס געהערט געווארען אזא מעשה, פרעגען מיר אייך, אדרבה, בעווייזט אונז פון דער היסטאריע, צי האט זיך געטראפען ווען אזא געשיכטע? דאס איז איין מאל אוועק; און צווייטענס, איז דאך א פאטש אין פנים פאר דער ציוויליזאציע, א חרפה א בושה פאר לייטען! די גאנצע וועלט קוקט ארוים, אז אט־אט טהוט א שיין די זון, און עס ווערד ליכטיג אין אלע ווינקעלעך, אלע לענדער וועלען ווערען איין לאנד, אלע פעלקער וועלען ווערען איין פאלק, אלע שפראכען וועלען ווערען איין שפראך, אלע מענשען וועלען ווערען איין מענש...

— גוט מארגען, מזל טוב דיר! גוט פארקראכען! וואס הייסט אלע מענשען וועלען ווערען איין מענש? — שפרינגט ארוים איינער א יונגער מיט ברילען, ווייזט אוים, אויך א געלעהרטער. — מילא, אז פון אלע פעלקער וועט ווערען איין פאלק — דאס פארשטעה איך נאך...

— חאַפּט זיך נישט! — שלאָגט איהם איבער נאָך איינער אַ געלעהרטער מיט אַ גרויסער ליסינע אויפ'ן קאָפּ. — לאָמיר אָקאָרשט באַטראַכטען על פּי חקירה טאַקי נאָך אַ מאָל דאָס אייגענע ווידער צוריק: וואָס ווערד אָנגערופען אַ פאָלק? וואָס איז דער פּשט פונ'ם וואָרט „פאָלק“? פון וואַנען נעמט זיך דאָס?

— אַ פאָלק ווערד אָנגערופען נאַציאָן, — גיט איהם צו פערשטעהן יענער מיט די ברילען, — דאָס וואָרט נאַציאָן שרייבט זיך מיט אַ „טע“, נישט מיט קיין „צע“, און לייענען לייענט זיך דאָס דווקא דורך אַ „צע“, אַט אַזוי: Nation... היינט פערשטעהט איהר שוין?

— ס'איז זעהר נויטהיג — רופט זיך אָן נאָך איינער אַ גע־לעהרטער מיט גרויסע ברעמען — ס'איז זעהר נויטהיג, מע זאָל וועגען דעם אָנשרייבען אַ בעזונדער בוך...

— אַ „רעפעראַט“, — רופט זיך אָן נאָך איינער אַ יונגער גע־לעהרטער און איז צופריעדען, וואָס איהם איז געראָטען אריינצו־שטעלען אַזאַ הויך וואָרט.

— וואָס איז אייך עפּיס געפעלען אַ רעפעראַט? — רופט זיך אָן יענער, וואָס מיט די ברילען, וואָס איז איהם מקנא אויפ'ן וואָרט „רעפעראַט“. — אַ בוך איז עפּיס אַנדערש, און אַ רעפעראַט איז ווידער עפּיס אַנדערש. אַ בוך איז אַ טראַקטאַט, און אַ רעפעראַט איז אַ רעפעראַט.

— אַלץ איינס! — שרייט יענער געלערטער שוין מיט כעס. — קיין שום חלוק נישט!

— ווי פון טאָג צו נאַכט! — שרייט דער אַנדערער.

— האָט קיין פּאַראַיבעל נישט, — שרייט דער ערשטער — ס'איז קיין שום חלוק נישט!

— האָט קיין פּאַראַיבעל נישט, — שרייט דער אַנדערער שוין אויף דייטש — פאָן דיזען ביז דאַזען איז אַ גרויסער „חולאַק“!...

— אבער לאָז שוין זיין נענוג! — מישט זיך אַריין איינער פון די משכּילים. — האָסט דו געהערט איין אַקציע, געלעהרענטע מענטשען זאָלען זיך קיין מאָל נישט קאָנען אויסגלייכען! אַז דער זאָגט טאָג, זאָגט דער נאַכט! איהר לעגט זיך בעסער אַריין, עס זאָל ווערען אַ חברה, עס זאָל זיין אחדות ביי די רויטע אידלעך, מע זאָל עפּיס אָנהויבען טהון, — דאָס איז אַביסעל נויטהיגער פון אייערע חקירות מיט אייער פילאָזאָפיע, מיט אייערע טראַקטאַטען און מיט אייערע רעפעראַטען!...

* * *

עס איז שוין געווען נאָך האַלבע נאַכט, און די רויטע אידלעך האָבען נאָך אַלץ גערעדט און געפּלוידערט, געליאַרעמט און געגראַ־גערט, אַלע אינאיינעם און מיט הענד, ווי געוויינטליך. די רבנים האָבען געשריגען: „אַפּיקורסים! שקצים! הולטייעס! קאָלבאַס־ניקעס! זיי ווילען אונז אַראָפּבריינגען משיח'ן!“... די געלעהרטע, די חקרנים, די פילאָזאָפען האָבען נישט אויפגעהערט צו חקירה'ן, צו שפּאַרען זיך און אַמפּערען זיך צווישען זיך. זיי האָבען נאָר געוואָלט, מע זאָל זיי בעווייזען טאַקי באַלד, אַט־אַ־דאָ אויפ'ן אָרט, ווי אַזוי וועט דאָס זיין, ווי אַזוי וועט מען דאָס נעמען אַ פאָלק און מע וועט דאָס אַריבערפיהרען דעם ס מ ב ט י ו ן און בעזעצען אין ארץ־ישראל? עפּיס לעגט זיך דאָס נישט אויף דעם מח! אָט לאָמיר נעמען די געשיכטע פון די אַלע איבעריגע פעלקער...

— אַלע איבעריגע פעלקער זענען ע פּ י ס אַנדערש — כאַפּט זיך אַרויס נאָך אַ געלעהרטער — און די רויטע אידלעך זענען ווייע־דער עפּיס אַנדערש!

— אַלץ איינס! — שרייט יענער.

— ווי טאָג צו נאַכט! — שרייט דער אַנדערער.

— האָט קיין פאַראיבעל נישט, ס'איז קיין שום חלוק נישט!

— האָט קיין פאַראיבעל נישט, פאָן דיזען ביז דאָזען איז אַ גרויסער „חולאק“!...

— אָבער איין עק מוז עס דאָך האָבען! — שרייען די משכילים. — מע באַדאַרף זעהען עפּיס טהון לטובה פונ׳ם פאָלק. מיט אייערע חקירות וועט דאָס פאָלק נישט זאַט זיין. נו, אדרבה, טראַכט צו עפּיס איין אַנדער מיטעל, אַז עס געפעלט אייך נישט ארץ־ישראל. דאָס פאָלק וואַרט, דאָס פאָלק קוקט אַרוים אויף אייך, און איהר האָט אין זינען חקירה, פילאָזאָפיע, פּאָליטיקע!...

— אַ יושר, כלעבען, — העלפען אונטער די אָרעמע לייט — מע זאָל טאַקי עפּיס אָנהויבען אונז אויך אין זינען האָבען, עפּיס טהון פון אונזערט־וועגען און פון אונזערע קינדערס וועגען...

נאָר קיינער הערט זיי נישט. אַלע ווילען רעדען, קיינער וויל נישט האָרכען. מע רעדט און מע רעדט אַזוי לאַנג, ביז מע הויבט זיך אָן ביסלעכווייז צעגעהן. פריהער פון אַלעמען רוקען זיך אַרויס פּאַוואָלינקע די נגידים, נאָך זיי די חברה „שנויץ מיט ברויט“, און, געהענדיג אַהיים, שיט מען מיט גלייכווערטלעך, מע בערעדט, מע שפּעט אָפּ, מע מאַכט חוזק פונ׳ם פרעמדען פאַרשוין, וואָס איז אַריבער דעם ס מ ב ט י ו ן, און פונ׳ם רויטען בעל־אכסניה, און פון די רבנים, פון די געלעהרטע, פון די משכילים און פון דער נייער חברה „רויטע ארץ־ישראַל אידלעך“. פון אַלע רויטע אידלעך. און פון דער גאַנצער וועלט...

## דאָס זיעבעטע קאַפּיטעל.

(ראש חודש אלול געהט אַוועק, און בעל־הבית בלייבט בעל־הבית. — דער פרעמדער פּאַרשוין פאָהרט אַוועק, און די רויטע אידלעך בלייבען רויטע אידלעך.)

אויף מאָרגען, אַז מען איז אויפגעשטאַנען פונ׳ם שלאָף, איז שוין דער אורח, דער פרעמדער פּאַרשוין נישט געווען אין שטאָדט. די רבנים האָבען נישט געקאָנט אַריבערטראָגען אַזאַ איין אַפּיקורסות, אַז די רויטע אידלעך, וואָס האָבען ביז אַהער אַרויסגעקוקט אויף משיח׳ן, געזאָגט מיט כונה „אני מאמין“ און געשריגען אויף א קול „לשנה הבאה בירושלים“, — זאָלען פּלוצים גאָר אַליין פון זיך אָנהויבען טראַכטען מכח ארץ־ישראל?!... האָבען זיי זיך נישט געפוילט און זענען אַוועק גלייך צו „נאַטשאַלסטוואָ“ און האָבען איינגעגעבען אַ פּאַפּיער אַזוי און אַזוי, דאָס און דאָס: „הנה זייט וויסען — אַזוי האָבען זיי געשריבען אין פּאַפּיער — אַז עפּיס איינער אַ פרעמדער, פון אַלדי שווארצע יאָהר, איז אַראָפּגעפאָהרען אַהער צו אונז אין שטאָדט אַריין און בונטעוועט דעם עולם... מיר האָבען עדות, די גאַנצע שטאָדט וועט געהן שווערען, אַז ס׳איז אמת... לכן בעטען מיר, אַזוי ווי פאַר׳ן לאַנד און פאַר „קאַזנאַ“ איז דאָס געוויס נישט קיין קליינער היזק — און „קאַזנאַ“ איז דאָך ביי אונז טהייערער פון אַלסדינג, — זאָל מען זיך באַצייטענס אַרומקוקען, נעמען מיטלען, אַז מע זאָל די רויטע אידלעך חלילה נישט אַראָפּפיהרען פונ׳ם דרך הישר... און אַזוי ווי אונז איז נישט באַוואוסט, ו ו ע ר דער דאָזיגער נפש איז, פון ו ו אַ נ ע ן ער איז, ו ו אָ ס ער איז, און וואָס איז זיין ט ה ו ע כ ץ, זאָל מען איהם באַזוכען און זעהען, צי האָט ער שווארץ אויף וויס... וואָרום וועדליג עס ווייזט אויס, באַדאַרף ער זיין אָדער אַזעלכער, וואָס האַנדעלט מיט פאַלשע אַסיגנאַציעס, אָדער אַ בורח, איין אנטלאָ־

פענער פון ערגיץ, אָדער איינער פון היינטיגע ווייסע־חברה׳ניקעס, וואָס רעדען אָן, פיהרען אראָפּ פון וועג און פאַרפיהרען אין דער שאול־תחתיה אריין... קיין כשר׳ע זאַך איז דאָס געווים נישט״...

כך הוה, דער פרעמדער פּאַרשוין איז נאָך געשלאָפען, בשעת צום רויטען בעל־אכסניה האָט זיך בעוויזען עפּיס א „קנעפּעל״ מיט א בלויער נאָז און האָט זיך אָנגערופען צו איהם בזה הלשון:

— הער נאָר אויס, ברודער, מיר האָבען דיך תמיד געהאַלטען פאַר א שטילען, איין עהרליכען אידען; אויך וואָלט זיך גיכער גערעכט אויף דיר א פגירה, איידער דו זאָלסט האַנדלען מיט טרפה סחורה, קאָנטראַבאַנד...

דער רויטער בעל־אכסניה איז געווען א געניטער מענש און א חשוב ביי אַלע „קנעפּלעך״, האָט ער קודם כל געהייסען, מע זאָל דערלאַנגען א פלעשעל מיט צוויי גלעזלעך.

— אָט הער וואָס מע שרייבט אויף דיר! — מאַכט צו איהם דאָס קנעפּעל און זאָטעלט אָן די נאָז אויף צו לייענען דאָס פּאַפּיער. — און ווער, מיינסט דו, שרייבט דאָס? מאַקי אייערע פאַרשאָלטענע רויטע אידלעך! ווען וואָלטען מיר דען געוואוסט וואָס ביי אייך טהוט זיך, ווען אייערע זאָלען נישט שרייבען איינס אויף דאָס אַנדערע קיין מסירה׳לעך?

— אדוני פּריץ, וואָס איז דיין באַגעהר? — מאַכט צו איהם דער בעל־אכסניה און גיסט אָןביידע גלעזלעך. — לאָמיר קודם־כל זיין געזונד און לאָמיר טרינקען לחיים; לחיים, פּריצ׳וני! — מאַכט ער אויף אידיש. — לאָז גאָט געבען אַלסדינג, וואָס איך ווינש דיר... אצינד זאָג מיר, וואָס איז דיין באַגעהר?

— זאָג מיר נאָר, סערדצע, — רופט זיך אָן דאָס „קנעפּעל״ — ווער האָט זיך דאָס אָפּגעשטעלט ביי דיר אויף היינטיגען שבת עפּים א מאָדנער פּאַרשוין? פון וואַנען איז ער און וואָס טהוט ער היע און וואָס האָט ער דאָ נעכטען עפּים גע׳דרש׳ענט?

— געזונד זאָלסט דו מיר זיין און שטאַרק אויף אַלע אברים! — רופט זיך אָן צו איהם דער בעל אכסניה. — איך פאַרשטעה גאָר נישט איין וואָרט, וואָס דו רעדסט צו מיר; ס'איז עפּים טערקיש! ערשטענס, ווייס איך אַליין נישט ווער דאָס איז; צווייטענס, איז ער שוין לאַנג אַוועקגעפאָהרען; און דריטענס, האָט זיך ביי מיר קיין מאָל נישט אָפּגעשטעלט אַזאַ פּאַרשוין... איך ווייס גאָר נישט פון קיין פּותר און פון קיין חלום! לחיים, לחיים, לאָמיר ביידע זיין געזונד, ס'זאָל דיר אָנגעהן, פּריץ, האָטש האַלב, וואָס איך ווינש דיר!...

— אַי, ביזט דו אַ מאַשעניק! — מאַכט צו איהם דאָס „קנעפּעל" מיט אַ געלעכטער. — דיך האָט מען, אייגענטליך, שוין לאַנג באַדאַרפט אויפהענגען אויף אַ בוים; נאָר דיין גליק איז, וואָס איך האַלט פון דיר, דער רוח זאָל דיך וויסען, פאַר וואָס. איך ווייס דאָך, אַז דו ליגסט, ווי אַ הונט! פאָלג מיך, זיי זיך בעסער מודה, און באַווייז מיר דעם דאָזיגען נפש, איך וויל איהם אַ טאַפּ טהון ביי'ם דופק...

— אָך, מיט'ן גרעסטען כבוד! פאַר דיר איז דען פאַרהאַן ביי מיר אַ פאַרבאָרגענע זאַך? — זאָגט איהם דער בעל־אכסניה און לויפט אַריין צום אורח און רייסט איהם אויף פון'ם שלאָף.

— יהודה בלא! שטעהט אויף, טהוט אייך אָן, פּאַקט אייך צענויף, נעמט די פּיס אויף די פּלייצעס, און מאַכט אַ ויברח, אָבער טאַקי באַלד, וואָרום ס'איז מיט אייך נישט פרעהליך! איך הייס איינשפּאַנען די פוהר פון אייערטוועגען. מאַכט זשע נישט קיין שיהות און פאָהרט אייך געזונדערהייד בשם אלקי ישראל, איהר זאָלט זיך אַפילו גאָר נישט ארומקוקען צוריק! און אז גאָט וועט אייך ברענגען בשלום אהיים, זאָלט איהר, למען השם, בענשען גומל, וואָס איהר זענט אַרויס טרוקען... פרעגט נישט קיין קשיות, לעגט אייך צענויף און אַנטלויפט, איהר קענט נישט די רויטע איד־

לעך און איהר ווייסט נישט ווער אונזערע כלי־קודש זענען... פאהרט געזונדערהייד און לאזט גריסען איטליכען באזונדער גאר פריינד־ליך !...

* * *

פון דעמאלט אן איז ביי די רויטע אידלעך, דאנקען השם־יתברך, שלום ושלוה, שא־שטיל, מחיה נפשות! איטליכער האט אין זינען זיך, איטליכער איז פערנומען מיט זיינעם: דער קרעמער קוקט ארויס אויף קונים; דער בעל־הלואה שרייבט קוויטלעך "על־פי־היתר־עסקא"; די קליינע פיאוקעלעך נעמען "וואכער"; דער בעל־מלאכה הארעוועט מיט'ן בלוטיגען שווייס; די שוחטים שעכ־טען, די חזנים זינגען, די מלמדים קנעלען; די מארק־מענשען גע־הען ארום מיט די שטעקעלעך אין גאס און טראכטען: וואו נעמט מען אויף שבת?... יונגעלייט, משכילים, שרייבען מאמרים אין די בלעטער; זיי קומען זיך צענויף אלע שבת־צו־נאכט, מאכען אסיפות און מע שמועסט, וואו נעמט מען געלד אויף צו קויפען ערד אין ארץ־ישראל?... די נגידים דערהערען נאר דאסווארט "געלד", קומט אויף זיי איין אויסחאפעניש. "וויים איך! — זאגען זיי, — קבצנים, שלעפערס, מלמדים, יונגלעך ווילען אפקויפען ארץ־ישראל. נישטא ווער סע זאל לאכען!"... די "פוסטעקראטען", אדער די חברה "שנויץ מיט ברויט", פארטאקעוען, באמקען־צו די נגידים און מאכען חוזק פון דער נייער חברה "רויטע ארץ־ישראל אידלעך", האקען אין "אקע", קלאפען אין "סטוקעלקע", שפיעלען אין "דערדע", אין "זעכס און זעכציג", אדער גאר אין יענער שכל'דיגער שפיעל, וואס מע רופט זי "טערטעל־מערטעל"... אויך די געלעהרטע, די חקרנים, קלויבען זיך צענויף אלע נאכט, הערען נישט אויף צו חקירה'ן איבער דער פראגע פון ארץ־ישראל, צי קאן עס חלילה נישט אנריה־רען דעם פראגרעס, שאדטען דער ציוויליזאציע?... איין חקירה ברענגט זיי ארייין אין דער אנדערער חקירה, איטליכע פראגע שלעפט צו זיך נאך א פראגע; מע רעדט, מע שארפט זיך די צינגלעך, מע

לופטערט די שפּראַך, מע אַמפּערט זיך און מע קריעגט זיך — עס לאָזט זיך גאָר נישט אויס ביי זיי קיין מאַטעריאַל. זיי זענען שוין פערקראָכען אַזוי ווייט, אַז זיי האַלטען שוין ביי דער חקירה: „וואָס איז פריהער בעשאַפען געוואָרען אויף דער וועלט — צי דאָס איי, וואָס פון דעם פּיקט זיך אויס אַ היהנדעל, צי די הוהן, וואָס לעגט איין איי?“... און „וואָס איז דער שכל, וואָס דאָס ווייסעכין מיט'ן געלעכין ליגען שטענדיג אינאייגעם און מישען זיך קיין מאָל נישט צענויף?“... וכדומה אַזעלכע טיעפע חקירות. — און די אָרעמע לייט? גאָר נישט. אָרעמע לייט זענען זיך אָרעמע לייט, געהען זיך אויס שטילערהייד פון הונגער — ווער קאָן זיי חלילה פאַר־וועהרען? שטאַרבען איז אַ גאָט־זאַך, מיר וועלען אַלע שטאַרבען... און די קינדער זייערע — אויך נישקשה. געהען זיך אַרום פּראַנק און פריי, נאַקעט און באָרוועס, נישט געצוואָגען, נישט געקעמט, פּאַ־ליאָסקען זיך אין דער בלאָטע מיט אַלע חזירים. און, להבדיל, די רבנים? און די איבעריגע זייערע כלי־קודש? — לאָזט זיי גע־מאַך: זיי האָבען גענוג אַרבייט ביי'ם ערוב, ביי'ם פּסח'דיגען בראַנ־פען, ביי דער מצה־שמורה און ביי די אַלע איבעריגע זאַכען, וואָס זענען שייך צו אידישקייט. גענוג פון זייערטוועגען, אַז זיי האָבען אין זינען בעוואָהרענען די רויטע אידלעך אויף סוכות מיט „קאָרע־פּירער“ אתרוגים, חלילה נישט פון ארץ־ישראל.... הכלל, ס'איז קיין עין הרע שטיל אויף יענער זייט טייך ס מ ב ט י ו ן, שטיל און רוהיג. אַ שטילע, אַ געדיכטע, אַ טונקעלע נאַכט האָט זיך אָנגע־רוקט אויף די רויטע אידלעך, זיי ווילען שלאָפען... ששש... ווייסט איהר וואָס? לאָמיר זיי נישט שטעהרען. לאָמיר זיך צעגעהן שטי־לערהייד, אויף די שפּיץ פינגער, און לאָמיר זיי צו־ווינשעווען אַ גוטע נאַכט מיט זיסע חלומות. — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַ גוטע נאַכט, רויטע אידלעך, שלאָפט געזונד! — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

## צווייטער טייל.

## דאָס אכטע קאַפּיטעל.

(**די** בעלי־הבתים פון דער מדינה, זייער שנאה צו **די רויטע איד־לעך**. — **דער** קלאַפּ וואָס האָט זיי געטראָפפען פּלוצים, אומגעריכט. — **די** חדושים וואָס זיי דערצעהלען זיך אָן וועגען דעם דאָזיגען אומגליק.)

די רויטע אידלעך זענען נישט די איינציגע, נישט קיין ציטעריגע אויף יענער זייט סמבטיון. פאַרהאַן אויך אַ חוץ זיי דאָרטען אַנ־דערע פעלקער: אַראַבער, פּערסיאַנער, אינדיאַנער, טערקען, טאָ־טערען וכדומה, וואָס זאָגען, אַז זיי זענען גאָר דער רעכטער צימעס. זיי זענען די בעלי־בתים פונ׳ם לאַנד, און די רויטע אידלעך — דאָס זענען נישט מעהר ווי איין אונטערשלאַק, אַ רעשטעל צו די צרות. און האָטש די רויטע אידלעך טענה׳ן, אַז זיי זענען דאָרטען אויך שטיקלעך מחותנים, ברענגען ראיות פון דער היסטאָריע, אַז זיי זענען דאָרט „תושבים" גלייך מיט אַלע, וואָס זיצען שוין דאָרטען פון כמה וכמה יאָהרען, — נאָר מע הערט זיי מיט זייערע טענות און מיט זייערע ראיות ווי דעם פּאַראַיאָהריגען שניי, און זיי רע־בענען זיך דאָרט פאַר פּרעמדע, אָנגעוואָרפענע, איינגעבעטענע, צענויפגעלאָפענע פון אַלדי שווארצע יאָהר... אַ סך הונדערטער יאָהרען האָבען די פעלקער געלעבט מיט די רויטע אידלעך בשלום ושלוה, גאָר פיינטשיק, היינו: מע האָט זיי געלאָזט, זיי זאָלען זיך דאָרט זיצען פראַנק און פריי אין די ערטער, וואו זיי זיצען שוין, און, אדרבה, קוים האָבען זיי זיך ערגיץ בעזעצט, זאָלען זיי שוין זיצען אין געהאַקטע וואונדען... אויך אין די שטערט האָט מען זיי אָפּגעטראָטען בעזונדערע גאַסען פון זייער כבוד וועגען, וואו זיי קאָנען זיך טהון וואָס זיי ווילען: עפּענען קלייטלעך, האַלטען שענקלעך, פערקויפען בראָנפען, אויפקויפען תבואה,

סרסור׳ען, מעקלערען, האנדלען, וואנדלען, דרעהען, פערלייהען געלד, נעמען פּראָצענט וויפיעל עס לאָזט זיך... און דערפון טאַקי האָט זיך גענומען די ערשטע שנאה, וואָס מע האָט געוואָרפען אויף זיי איין אומ׳חן, וואָרום בשעת מע האָט בעדאַרפט צו זיי האָבען, איז מען מיט זיי געווען אדרבה ואדרבה, קוצעניו־מוצעניו, ווי געוויינט־ליך, און נאָכדעם, אז ס׳איז געקומען צום זמן, מע בעדאַרף צאָהלען און ס׳איז נישטאָ מיט וואָס, האָבען די רויטע אידלעך אָנגעהויבען צושטעלען די קוויטלעך, איינגעבען די וועכסלען; איז געוואָרען אַ גוואַלד: „פּיאַווקעס! עקספּלאָאַטאַטערעס! געבראַכט אהער זייער טאַטענס ירושה! טונעיאַדצעס! פּאַראַזיטען! שאַכער־מאַ־כערס! מענשען וואָס זעען ניט און שניידען ניט און עסען — עסען זיי! וואָס בעדאַרף מען זיי? וואָס בעדאַרפען מיר רויטע אידלעך? לאָזען זיי זיך געהן אהין, פון וואַנען זיי האָבען זיך גע־נומען!..." די רויטע אידלעך האָבען דאָס אַלסדינג אויסגעהערט און האָבען זיך געמאַכט דערפון: „עט, זיי וועלען אַזוי לאַנג בי־לען, ביז זיי וועלען אַנשטומט ווערען; אז זיי וועלען באַדאַרפען האָבען, וועלען זיי ווידער קומען צו אונז"... די רויטע אידלעך זענען געגאַנגען מיט דעם גאַנג, אז אינגאַנצען זייער כח איז די מטבע, אז אַ איד בעדאַרף אין זינען האָבען פּרנסה, אַ איד בע־דאַרף מאַכען געלד, און וואָס מעהר איז בעסער... די רויטע אידלעך, וואָס האָבען ליעב אָפּשפּעטען פון איטליכען בעזונדער, חוזק מאַכען פון דער גאַנצער וועלט, און אַפילו פון זיך אַליין, זאָגען אויף זיך זעהר אַ גראָב ווערטעל: „אַלע מענטשען — זאָגען זיי — ווערען איינגעטהיילט אין צוויי קאַטעגאָריעס: פּאַרכעס און פּאַרכעס. האָט איהר קיין געלט ניט, זענט איהר דאָך גלאַט אַ פּאַרך; האָט איהר געלט — זענט איהר אודאי אַ פּאַרך, וואָרום אז ניט, וואָלט איהר דאָך קיין געלט ניט געהאַט... נאָר ס׳איז גלייכער — זאָגען זיי — אַ פּאַרך מיט געלט, איידער אָהן געלט, און אז מע עסט חזיר, זאָל רינען איבער דער באָרד, און דאָרט וואו געלט, זאָגען

זיי, דאָרט איז כבוד, דאָרט איז יחוס, דאָרט איז תורה, דאָרט איז חכמה — מיט איינעם וואָרט: געלט איז די וועלט. איי, די איבעריגע פעלקער מאַכען פון אונז חוזק, זיי זאָגען: „לייבסערדאַ־קעס, שאַכער־מאַכערס, טונעיאַדצעס, פּאַראַזיטען, עקספּלאָאַטאַ־טערעס“? לאָזען זיי רעדען, ווער האָרכט זיי? מיר ווייסען דאָך יאָ ווער מיר זענען; מיר זענען פאָרט די אויסדערוועהלטע, די מיוחסים ביי גאָט; מיר זאָגען פאָרט „אתה בחרתנו מכל העמים“... וואָס פאַר אַ פּנים האָבען ביי אונז אַלע זייערע זאָגעכצען אַקעגען איין „ששי“, להבדיל, אין בית־המדרש? וואָס פאַר אַ ווערטה האָט דאָס אַקעגען איין פּסוק פון „אתה הראית“? לאָזען זיי רעדען, לאָזען זיי שרייבען; מיר האָבען איבערגעלעבט ערגערע המנ'ס. מיר וועלען זיי, אם ירצה השם, אויך איבערלעבען. מיר וועלען זיך ווייטער פאָהרען צום רבי'ן, חאַפּען שיריים, פּראַווען שלש־סעודות'ען; איין מאָל פאַר אַלע מאָל — נישט געזאָרגט, חי געלעבט:

דער רבי האָט געהייסען פרעהליך זיין,
פרעהליך זיין,
און טרינקען וויין,
ביז'ן ווייסען טאָג אַריין!“...

אזוי האָבען די רויטע אידלעך זיך אויסגערעדט דאָס האַרץ, און אזוי האָט זיך דאָס געצויגען אַ צייט מיט יאָהרען, ביז עס האָט זיך אָט דאָ ניט לאַנג מיט אַמאָל אָנגערוקט אויף זיי אַ געדיכטער אַ פינסטערער וואָלקען; עס האָט אַ זעץ געטהאָן אַ דונער, אַ פייע־ריגער בליטץ האָט אויף איין אויגענבליק בעלייכט דאָס שרעקליכע פינסטערניש, און אַ האָגעל, אַ מורא'דיגער האָגעל פון שטיינער האָט אויסגעבראָכען און איז געפאַלען אויף זייערע קעפּ, געטראָפען די אָרעמע לייט נעבאָך, וואָס זיצען צענויפגעשפּאַרט דאָרטען ערגיץ אונטער דער שטאָט, אויף די „קבצניווקעס“... ווי פון אַ לאַנגען־לאַנגען שלאָף האָבען זיך דעמאָלט אויפגעכאַפּט די רויטע אידלעך,

זיך אויסגעוואַשט די אויגען און געפרעגט איינער ביי'ם אַנדערען:
— האַ? וואָס? וואָס איז דאָ געשעהען?...

— וואָס איז דאָ געשעהען? — רופט זיך אָפּ איינער פון די רויטע אידלעך. — אַט וועל איך אייך דערצעהלען וואָס איז דאָ געשעהען; ס'איז דאָ געשעהען אַ שענע מעשה: אידישע משרתים פון אַ אידישער קלייט האָבען זיך צעקריגט מיט די פערסיאַנער פּריקאַזטשיקעס פון אַ פערסיאַנישער קלייט איבער אַ קונה אַ פערסיאַנער. איז זיך מיישב אַ אידישער משרת, יצחק הייסט ער, און וויל אָפּרופען דעם קונה, איז זיך מיישב דער פערסיאַנער פּריקאַזטשיק, פרשנדתא הייסט ער, און זאָגט צו איהם, צום אידישען משרת, צו יצחק'ן הייסט דאָס: „זשידאָן!"... איז זיך מיישב דער אידישער משרת, יצחק הייסט דאָס, און רופט זיך אָן צום פערסיאַנישען פּריקאַזטשיק: „האַמראַוק!"... איז זיך מיישב דער פערסיאַנישער פּריקאַזטשיק און זאָגט צום אידישען משרת, צו יצחק'ן הייסט דאָס: „איהר זענט אַלע לייבסערדאַקעס, פאַנטשאַ־בעס, קנאָבעל־פרעסער"... איז זיך מיישב דער אידישער משרת, יצחק הייסט דאָס, און ענטפערט איהם אָפּ: „און איהר זענט אַלע חזירים, שכורים, גראָבע קעפּ..." איז זיך מיישב יענער, דער פּריקאַזטשיק הייסט דאָס...

— אַ מעשה אָהן אַיין עק! — שלאָגט מען איהם איבער אין מיטען. — איז זיך מיישב דער, איז זיך מיישב יענער! ס'איז גאָר ניט דערפאַר. געגומען האָט זיך דאָס גאָר איבער אַ פּריץ אַ פּאַ־מעשטשיק, וואָס מע רופט איהם „אנגג"; ער האָט פּאַרזעצט ביי אונזער גביר זיין מאַיאָנטעק מיט'ן וואַלד, מיט דער מיהל, מיט דער קאַרעטע, מיט די פערדלעך, און האָט געצאָהלט אַזוי לאַנג פּריצענט, ביז אונזער גביר האָט איהם צורעכט געמאַכט, צוגענומען ביי איהם זיין מאַיאָנטעק, מיט'ן וואַלד, מיט דער מיהל, מיט דער קאַרעטע, מיט די פערדלעך, איהם געשטעלט אויף די פיס... האָט דער פּריץ געשוואָרען: ער מוז זיך נוקם זיין...

— א משל! גאר נישט דאס! — מישט זיך אריין א אידינע.— אט וועל א יך אייך דערצעהלען. פארהאן א פריצה, זעהר א רייכע, ושתי הייסט זי; האט זי א זוהנדעל פון א יאהר אכצעהן, האט ער אנ־געמאכט חובות, גע׳חתמ׳עט וועכסלען. אוי, האט מען ארום איהם אפגעלעקט א ביינדעל!...

— שטראם־גראם! — מישט זיך אריין איין ארעם ווייבעל און רעדט מיט א קוויטש. — דעריבער געהען קאטשקעס בארוויס! אז ושתי׳ס זוהנדעל חתמ׳עט וועכסלען, באדארף מען מיר צעשלאגען מיין קלייט, צערייסען דאס בעטגעוואנט און נאך איבערשרעקען מיי־נע קינדער אויף טוידט! איהר פארשטעהט א מעשה? גענוג מע האט מיך אומגליקליך געמאכט אין קלייט, איז מען נאך געקומען צו מיר אהיים און מע האט...

דאס ארעמע ווייבעל צעלאזט זיך אויף א קוויטש און וויל אנ־הויבען דערצעהלען איהר אומגליק, ווי ער איז גרויס, דערלאזט מען זי ניט; די מאנסבילען שטופען זי אפ.

— צום רב, צום רב געהט קוויטשען! דארטען וועט איהר טענה׳ן, ניט דא...

און דער עולם הערט ניט אויף צו דערצעהלען די „חדושים”, וואס דא האט זיך געטהאן... אלע רעדען, אלע היצען זיך, מאכען מיט הענד, געהען ארויס פון די כלים, געבען־איבער אלסדינג, ווי אזוי ס׳איז געווען, ווי אזוי ס׳האט זיך אנגעהויבען, האפען אוים איינס ביי דאס אנדערע די ווערטער פונ׳ם מויל.

— וואס האבען זיי געהאט צו מיר? — בעקלאגט זיך א קאר־נאסע אידינע, וואס האנדעלט מיט אייער און האלט־אויס דערמיט א בלינדען מאן מיט זיעבען קינדער. — וואס האבען זיי געהאט צו מיר און צו מיינע אייער, א פולען קאשעק מיט אייער, וועה איז מיר, ווינד איז מיר! וואס וועל איך איצטער טהון, צרות מיינע גרוי—סע!...

— נעהאט איין קליידעל א שבת'דיגס... — זיפצט א יונג ווייבעל און שארט דאס מיסט, צווישען שמאטעס, שערבלעך, פעדערען און שטיקלעך גלאז, טאמער וועט זי דארטען עפּיס געפינען. — די קישענס צעריסען, דאס געפעס צעבראכען, אפילו דאס שטשערבאטע יוך־טעפּעל, משטיינס געזאגט, אויף פּיץ־פּיצלעך...

— בדיל־הדל געשטעלט! — דערצעהלט א קרעמער, א צעלניקער פון די „קבצניוקעס", וואס אין די גוטע יאהרען האט זיין קראם בעטראפען אזוי פיעל, וויפיעל איין לייטישער מענש קאן אויסטרינקען אין איין מינוט. — אויסגעמישט די סטיינגעלעך מיט בוימעהל, מיט גאז, מיט סמאלע און מיט שוועבעלעך, א מישמאש, אט אזוי א!... (ער בעווייזט מיט ביידע הענד וואס פאר א מישמאש.)

— דאס איז נאך בלאטע! — רעדט איהם אויס דאס הארץ א שניט־קרעמער. — נעמען גאנצע שטיקער מאטעריע און צעשניידען אויף אט אזעלכע פעדעמלעך — דאס איז א קונץ, דאס איז א בריה'שאפט!...

— איך בעט אייך, וואס וועל איך איצטער טהון, אשטייגער, כדומה למשל, אהן א ווארסטעק? — רופט זיך אן איין ארעם שוסטערעל מיט א געל פנים, אזוי ווי וואכס.

— אם אין קמח אין תרח! — ענטפערט איהם א הינקענדיגער שניידער מיט פעדערען אין די פאות. — וואס טויג דיר א ווארסטעק, אז סיי ווי סיי איז ניטא קיין ארבייט? מע זאגט, אז די שטאדט טראכט פון אונזערטוועגען עפּיס מאכען, נאר עס געפעלט מיר ניט דאס טראכטען זייערס; עפּיס טראכטען זיי מיר צו לאנג — מי יודע וואס זיי קאנען א ו י ס ט ר א כ ט ע ן...

— וואס האסט דו מורא? ערגער פון ערגער קאן דאך שוין ניט זיין! — ענטפערט איהם דאס שוסטערעל און בעווייזט איהם מיט די אויגען אויף איין ארעמער אידינע, וואס שטעהט אין מיטען גאס צענויפגעלעגט די הענד, דרעהט מיט'ן קאפּ און רעדט צו זיך

אליין מיט א הייזעריג קול: „אדוני גאט! אדוני גאט! אדוני גאט! אדוני גאט! גאט, גאט, גאט!..." אין דער בהלה איז ביי איהר פערפאַלען געוואָרען א קינד, איז זי אראָפּ פונ׳ם זינען... קינדער, ווייסע־חברה׳ניקעס, לויפען אונטער אלע מאָל, קרימען זי איבער, דער טהוט זי א ריס, דער — א צופּ. עלטערע דערזעהען און געבען זיי א ווייסטען סוף:

— אוועקט, שקצים, עכברושים, הולטייעס, ניט געדאכט זאָלט איהר ווערען!

יונגוואַרג טרעטען־אָפּ, צעלויפען זיך, ווי די איבערגעשראָקענע סאראָקעס, און געהען־צו צו דער שוהל. דאָרט שטעהט א רעדעל רויטע אידלעך. איינער א יונגערמאַנטשיק דערצעהלט נסים, ווי אזוי דער זיידע זיינער, א איד פון קיין עין הרע עטליכע און אכציג יאָהר איז נצול געוואָרען פונ׳ם אומגליק נאָר דורך זיין יראת־שמים, דורך זיין פרומקייט. דער יוגערמאַנטשיק רעדט מיט הענה, און דער גאַנצער עולם הערט זיך צו.

— אז עס האָט זיך אָנגעהויבען די חתונה,— אזוי דערצעהלט דער יונגערמאַן — בין איך באַלד אוועקגעלאָפען צום זיידען זאָל לעבען. איך קום צולויפען ניט טוידט ניט לעבעדיג, איך טהו א קוק — דער זיידע זאָל לעבען זיצט זיך גאַנץ רוהיג איבער א ספר, אָנגעטהאָן אין טלית ותפלין, גלייך ווי גאָרנישט געוועזן. „זיידעניו, זאָג איך, גאָט איז מיט אייך, טהוט אויס טלית ותפלין, קומט גיכער, לאָמיר אַנטלויפען כל זמן זיי זענען נאָך נישט דאָ!" — „געה, מאַכט ער צו מיר גאַנץ רוהיג, געה, מיין קינד, געה, איך וועל בלייבען דאָ". „וואָס רעדט איהר, זיידעניו, זאָג איך, גאָט איז מיט אייך! טאָמער חלילה דערגעהט דאָס צו אייך? קומט, זיידעניו, גיכער, גיכער!" — „פון גאָט, מאַכט ער צו מיר, אַנטלויפט מען נים; אויב ס׳איז מיר באשערט שטאַרבען נישט מיט מיין טוידט, זוכט מיך דער מלאך־המות געפינען אומעדום; איהם נאררט מען

נישט אָפּ... גנעה, זאָגט ער, מיין קינד, גנעה געזונדערהייד!"... און שטעלט אייך פאָר, אַזוי ווי איך גנעה אַרוים פון׳ם זיידען זאָל לעבען, באַגעגען איך...

פּלוצים טהוען זיך אַ שאָט רויטע אידלעך פון שוהל, דאָס רעדעל ווערד צעשלאָגען, און דער יונגערמאַנטשיק רייסט איבער די מעשה אין מיטען. אַלע לאָזען זיך גנעהן אַרויף אַ באַרג, אַהין, אויפ'ן בית־עלמין, שטיל, אָהן ווערטער, אַראָפּגעלאָזט די קעפּ; אַלטע אידען שעפּטשען, זאָגען פּסוקים און וויינען, וויינען שטילערהייד... וואָס זאָל דאָס זיין? אַ לויה? אַ בר־מינן? ווער איז געשטאָרבען?... קיינער ניט געשטאָרבען. דאָס טראָגט מען די הייליגע שטיקלעך פּאַרמעט פון די צעריסענע ספרים — „מקבר זיין" אויפ'ן הייליגען אָרט, ווי דער מנהג איז...

— ראה ה׳ — זעה, גאָטעניו! והביטה — און טהו אַ קוק — אַזוי זאָגט דער רב צו זיך אַליין און צוויי טרערען קויקלען זיך איבער זיינע געלע באַקען און ווערען פערפאַלען אין דער באָרד — זעה, גאָטעניו, װ ע מ ע ן האָסט דו דאָ, משטיינס געזאָגט, געשטראָפט? פאר װ ע מ ע ן האָסט דו באַוויזען דיינע גרויסע גבורות?!?...

און פון אויבען האָט אַראָפּגעקוקט דער פייערינגער קוגעל, די זונן, געבאַקט, געברענט, געבראָטען, געסמאַליעט דעם גרויסען פינסטערען פלעק אויף דער ערד, וואָס מע רופט דאָס מיט'ן נאָמען „ד י ק ב צ נ י ו ו ק ע ס"...

## דאָס נייענטע קאַפּיטעל.

(די גרויסע אסיפה אין בית־המדרש. — די נגידים שטעלען זיך צום צעטעל. — די יונגע לייט שמועסען מכח עמיגראַציע. — עס האָלט ביי מאַכען אַ קאָמיטעט. — „קאָמיטעטען נע זשעלאַיעם!״)

ס'איז אַ חוק ולא יעבור ביי די רויטע אידלעך נאָך פון פאַר־צייטען: בשעת עס קומט אויף זיי אַ צרה, אַ בהלה, אַ גזירה, אַ שרפה, אַ מגפה, האַפען זיי זיך אויף אַלע ווי איין מענש, קומען זיך צענויף אין שוהל אריין און האַלטען זיך איין עצה, זוכען מיט־לען, וואָס טהוט מען, מע זאָל מבטל זיין דעם גזר־דין און פּטור ווערען פון דער צרה? קודם כל טהוען זיי תשובה; זיי רעכענען, אַז פריהער פון אַלעמען זענען זיי אַליין שולדיג. אומזיסט שטראָפט ניט גאָט, בעדאַרף מען זיך מיט איהם איבערבעטען, דאָס הייסט: דאַוונען, זאָגען תהלים, גוזר תענית זיין, פאַסטען; און גאָט איז דאָך אַ פאָטער, אַז מע רופט צו איהם, ענטפערט ער... די דאָזיגע צרה אָבער, וואָס איז געקומען פּלוצים אויף די רויטע אידלעך, איז געוועזען אַזוי ניי און אַזוי אומגערעכט, אַז עס האָט זיי פּריטשמע־ליט, פערטומעלט, אראָפּגענומען די קעפּ. זיי זענען געוועזען ווי אין דער היהנערפּלעט, נישט געוואוסט וואָס טהוט מען, וואוהין געהט מען, צו וועמען שרייט מען? דער אומגליק איז געוועזען אַזוי גרויס, אַז די „שטאָדט״ האָט ניט געוואַרט ביז מע וועט שיקען רופען פון קהל; די נגידים האָבען זיך אַליין געשטעלט צום צעטעל, בעלי־בתים זענען אַרומגעגאַנגען מיט זעק פון שטוב צו שטוב, און איט־ליכער האָט געגעבען וואָס ער האָט געקאָנט: אַ ברויט, אַ בולקע, אַ ביסעל מעהל, זאַלץ, פעפער, ציבעלעס. נאָר אַזוי ווי אַ לעבע־דיגען זאָק איז שווער אָנצושטאָפּען, האָבען די רויטע אידלעך פון די „קבצניוקעס״ אויף'ן דריטען טאָג אָנגעהויבען ביס־לעכווייז אויסגעהן פון הונגער. האָבען זיך אריינגעמישט מענשען

און האָבען געמאַכט אַ גוואַלד: וואָס שווייגט מען! ? און ס׳איז געבליבען, מע זאָל מאַכען אַ גרויסע אַסיפה אינ׳ם גרויסען בית־המדרש פון אַלע פּאַרנעמסטע בעלי־בתים אין שטאָדט, און אויף די אָרעמע רויטע אידלעך איז געוואָרען אַ נייע הויט; אַ פרישע נשמה האָט מען אין זיי אריינגעזעצט, אַז זיי האָבען דערהערט, אַז די נגידים האָבען געגעבען צו וויסען דעם רב, אַז זיי, די נגידים, וועלען זיין אויף דער אַסיפה, אם ירצה השם, געוויס, אָהן אַ שום תירוץ, און זיי, די נגידים, ווילען, אדרבה, מע זאָל טאַקי עפּיס זעהען צוטראַכטען, עפּיס טהון פון די אָרימע לייט׳ס וועגען. זיי, די נגידים, האָבען געזאָגט בפירוש, אַז זיי זענען מוסכם צו מיט־העלפען ווי ווייט מעגליך, און אַפילו טאָמער בעדאַרף קאָסטען עפּיס געלד, אַהרט זיי אויך נישט, אבי נישט קיין סך, געוויינטליך, וואָרום קיין סך, וואָס איז שייך, קאָן מען נישט, אַלסדינג בעדאַרף זיין ביים גאַנג, מיט אַ מאָס, מיט אַ חשבון, ובפרט געלד, איהר פערשטעהט ?...

נאָר ביז די דאָזיגע ווערטער זענען אָנגעקומען אויף די „ק ב צ נ י ו ו ק ע ס“, איש מפּי איש, איינער פונ׳ם אַנדערען, האָבען זיי זיך געקוויקעלט און געוואַכסען, ווי אַ קויל שניי, וואָס ווייטער גרעסער און גרעסער, און ס׳איז אַרוים אַ קלאַנג צווישען די אָרעמע לייט, אַז די נגידים האָבען צוגעזאָגט גילדענע בערג, עס מעג זיי קאָסטען מי יודע וויפיעל, דאָס לעצטע העמד וועלען זיי אָוועק־געבען, זיך לאָזען שניידען די פינגער פאַר זייערע אָרעמע ברידער !... און אויף די „ק ב צ נ י ו ו ק ע ס“ איז געוואָרען ששון ושמחה, און עס האָבען זיך אַ לאָז געטהאָן אָרעמע לייט אין שטאָדט אריין, אידען און ווייבער מיט קליינע קינדער אַ סך, און האָבען בעלעגערט דאָס גרויסע בית־המדרש פון אינווענינ און פון דרויסען. אין יענעם טאָג האָט זיך יעדער אָרעמאַן פון די רויטע אידלעך געפיהלט, ווי איין אבן־טוב, ווי אַ ציטעריג קינד, אַ בן־יחיד׳על, וואָס מע פּעס־טעט דאָס, מע גלעט דאָס, מע קייכעלט דאָס, מע טראָגט דאָס

אויפ'ן קאפּ, מע שלאָפט נישט איבער דעם קיין נעכט — א קליינינג־קייט, א ווערטעלע אויסצורעדען: רויטע אידלעך, און אָרעמע לייט דערצו, און נאך פון די „קבצניוקעס"?! ס'איז, אפנים, היינט זייערע זיעבען יאָהרען!... עס האט געהאט דעם זיעבעטען חן אָנצוקוקען, ווי אזוי די אָרעמע לייט זענען געוואָרען ביי זיך גרויס, נישט צו־צוטרעטען! עפּים איינער א שטאָדט־בעל־הבית האט זיך געפּרובט מאכען מיט זיי א שמועס, האט מען איהם אפּגעשאָטען מיט פייער, ווי איינער רעדט: „דרך ארץ, דו פאַרך, ווער ביזט דו און ווער זענען מיר? דו ביזט א פּראָסטער בעל־הבית, און מיר זענען אָרעמע לייט, פון די קבצניוקעס!..."

שפּעטער, אז אלע פאָרנעמסטע בעלי־בתים האבען זיך צענויפ־געזאמעלט אין גרויסען בית־המדרש און עס זענען געקומען די נגידים מיט די רבנים, דיינים און די איבעריגע שבעה טובי עיר, איז דער שמש ארויף אויף דער בימה און האט אויסגעקלאפּט דריי מאל: „שא, שטילער, ס'זאל זיין שטיל, שאט, שטיל זאל זיין!" נאכדעם איז אויפגעשטאנען איינער פון די רבנים און האט געהאלטען זעהר א לאנגע דרשה, געבראכט פּסוקים א גוזמא, צענויפגעטשעפּעט איין פּסוק מיט'ן אנדערען, אויסגעוויזען על פּי מדרש און על פּי קבלה, אז דאס איז דער אמת'ער „קץ", דאס הייסט, אז איצט בעדארף קומען משיח, ער מוז קומען, אניט איז פּאַסקודנע, פע, ער מוז, ער מוז קומען!... און אזוי ווי די רויטע אידלעך שטעהען איצט אין א צרה, און ווער שמועסט די אָרעמע לייט פון די „קבצניוקעס", וואס זענען געבליבען ווי אויפ'ן וואסער, — בעדארף די שטאָדט זעהען, מע זאל זיי העלפען איטליכער מיט וואס ער קאן, ווער מיט איין עצה, ווער מיט געלד...

— נו, אדרבה, פּאַרקעהרט, אדרבה! — רופען זיך אָן עטליכע נגידים מיט א מאל. — אדרבה, פּאַרקעהרט, אדרבה, מיר אליין וועלען אויך מיטהעלפען ווי ווייט מעגליך, און אפילו טאָמער באדארף קאָסטען עפּיס געלט, אהרט אונז אויך נישט, אבי נישט

קיין סך, געוויינטליך, ווארום קיין סך, וואס איז שייך, קאן מען נישט, אלסדינג באדארף זיין ביי'ם גאנג, מיט א מאס, מיט א חשבון, ובפרט געלט, איהר פארשטעהט?...

עס איז שווער צו פערשטעהן, וואס איז די מעשה, וואס איצטיגס מאל זענען די נגידים געווען אזוי גוט, אזוי ווייך, האטש לעג זיי צו א מכה? פון זייער רעדען האט מען ארויסגעזעהען, גלייך ווי זיי וואלטען זיך פיהלען, אז זיי זענען אין עפּיס שולדיג, אז זיי האבען עפּיס פערזינדיגט קעגען די ארעמע רויטע אידלעך... די נגידים זענען געווען אזוי אויפגעלעגט, האפערדיג, אז זיי האבען דערלאזט יונגע לייט, „משכילים", זאלען זיך אריינמישען מיט זייערע עצות, וואס מע שרייבט אויף די בלעטער.

— פארהאן נאר איין מיטעל — זאגען די משכילים — איין און־איינציג מיטעל אויף צו העלפען די ארעמע לייט: עמיגראציע...

— וואס הייסט דאס „מיגעראציע"? — פרעגען די נגידים.

— עמיגראציע — זאגען די יונגע לייט — הייסט עמיגרירען, פאהרען, אוועקפאהרען, ארויספאהרען פון דאנען און באזעצען זיך אין אנדערע לענדער!

— וואוהין? — פרעגען די נגידים. — אין וואסערע לענדער?

— וואוהין? — זאגען די יונגע לייט. — קיין הודו, קיין כוש, קיין בבל, און איבערהויפּט קיין מצרים, ווייל ערד איז אין מצרים פארהאן א סך, נאר מענטשען ווינציג; אלסדינג איז דארטען בזול הזול, העבער האלב אומזיסט. אזוי שרייבט מען אין די בלעטער...

איין אנדערס מאל וואלטען זיך די יונגעלייט פאר אזא מעשה נישט געגארט; זיי וואלטען געהאפּט א מיאוס'ען פּסק פון די נגידים פאר אזא העזה זיך אריינצומישען צווישען עלטערע. נאר דער געדאנק פון עמיגראציע איז זיי שטארק אריין אין נאז אריין: עס שמעקט מיט פּטור ווערען פון די ארעמע לייט — עפּיס א קלייניגקייט?...

— ס'איז טאַקי אפשר אַ שטיקעל פּלאַן, בלעבען! — זאָגען די נגידים. — אדרבה, פאַרקעהרט, פאַר וואָס זאָל מען טאַקי ניט זעהען? מצרים איז נישקשה פון אַ לאַנד מצרים...

— וואָס רעדט איהר? — פּרובט זיך דער רב איבערשפּאַרען. — איהר האָט פאַרגעסען, אז מיר זאָגען אַלע יאָהר ביי'ם סדר: „עבדים היינו לפרעה במצרים?"

— מילא, וואָס מע זאָגט אין דער הגדה! — ענטפערען איהם די נגידים מיט אזא טאָן, אז מע זאָל שוין מעהר ניט איבערשפּאַרען. — וואָס גלייבט איהר דאָס מצרים צו יענעם מצרים, וואָס אין דער הגדה? ס'איז שוין היינט ארץ־ישראל, ניט מצרים...

די יונגע לייט זענען שטאַרק צופריעדען, וואָס די נגידים האַלטען מיט זיי, רוקען זיי זיך צו נעהענטער און דערצעהלען, וואָס מע שרייבט אין די בלעטער וועגען דער דאָזיגער עמיגראַציע און וועגען קאָמיטעטען; מע בעדאַרף זעהען קודם כל, סע זאָל ווערען אַ קאָמיטעט...

— ברוך הבא, אַ נייעס, אָט האָסט דו דיר שוין קאָמיטעטען! — חאַפּט זיך ארויס אַ רויט אידעל קעגען די יונגע לייט. — וואָס טויג מיר קאָמיטעטען — שמעטען? איהר שמועסט בעסער מכח אַכצעהן און דרייצעהן: וואו וועט מען נעמען געלט אויף אריבערפּעקלען, קיין עין הרע, אזוי פיעל אָרעמע לייט?

— געלט? — זאָגען די נגידים. — געלט איז בלאָטע! מע וועט זיך פאַרשרייבען חודש־געלט איטליכער וויפיעל ער קאָן, נישט קיין סך, געוויינטליך, ווארום קיין סך, וואָס איז שייך, קאָן מען נישט, אַלסדינג באַדאַרף זיין ביי'ם גאַנג, מיט אַ מאָס, מיט אַ חשבון, ובפרט געלט, איהר פאַרשטעהט?...

— עמיגראַציע... מצרים... קאָמיטעטען... חודש־געלט... — אזוי האָבען געשריגען די רויטע אידלעך אַלע אינאיינעם, איינער איבער'ן אַנדערען, געפילדערט, געהיצט זיך, געמאַכט מיט הענד, ווי דער שטייגער איז; און אז ס'איז אָנגעקומען אין דרויסען ארויס

צו די אָרעמע לייט, אַז מע שמועסט דאָ מכּח עמיגראַציע קיין מצרים, מכּח מאַכען קאָמיטעטען און מכּח פערשרייבען זיך חודש־געלד, איז געוואָרען צווישען זיי חושך — חושך!

— וואָס איז דאָס? — האָבען זיי געשריגען. — דערויף האָט מען אונז אַהער געבראַכט, מע זאָל מאַכען קאָמיטעטען, וואַרפען גאַל־קעס, קינדערשפּיעל? וואָס טויג אונז צערעמאָניעס, „מיגראַציעס“, קאָמיטעטען, צוזאָגעכצען, גילדענע פייגעלעך? איהר גיט אונז היינט, פאַר מאָרגען לאָז זיך גאָט זאָרגען! שיקט אונז אָפּ קיין מצרים, קיין גושן, שיקט אונז אָפּ צום רוח אַליין, אַבי היינט, טאַקי באַלד, וואָרום אַהיים צוריק אויף די „קבצניווקעס“ קאָנען מיר נישט קומען; אונזערע ווייבער און קינדער וואַלגערען זיך אויף דער הוילער ערד אונטער גאָט'ס הימעל, געהען־אויס פון הונגער, און איהר וועט דאַ מאַכען אויף אונז קאָמיטעטען? אָבער גאָר לאַ! נ,ז זשעלאַיעם, קאָמיטעטען נע זשעלאַיעם!!...

מיט דעם דאָזיגען געשריי האָבען זיך אַ סך אָרעמע לייט אַריינגעהאַפּט אין בית־המדרש אריין, און ס'איז געוואָרען אַזאַ ליאַרעם, אַזאַ טאַראַראַם, אַז מע האָט געקאָנט טויב ווערען. תּחילת האָט מען נישט פערשטאַנען, וואָס איז דער געשריי; נאָר אַז מע האָט דערהערט די ווערטער: „נע זשעלאַיעם, קאָמיטעטען נע זשע־לאַיעם“, זענען די נגידים געוואָרען אויפגעטראָגען און האָבען זיך אַרויסגעשטעלט:

— תּרבות! דרך ארץ! אַזעלכע שלעפּערס, ווי איהר זייט! די שטאָדט איז זיך צענויפגעקומען אַהער צוליעב אייך, מע טראַכט פון אייערטוועגען, מע ברעכט זיך די מחות, ווי אַזוי בעסער אייך צו העלפען, ווי אַזוי גיכער אייך אַרויסצושיקען פון דאַנען, — האָט איהר נאָך איין עזות צו רעדען? אַהיים, שלעפּערס! דאָרטען וועט איהר זאָגען דעות, דאָרט, אויף די „קבצניווקעס“!!!... — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

## דאָס לעצטע קאַפּיטעל.

(מאַטעריאַל פאַר'ן היסטאָריקער צו דער געשיכטע פון די רויטע אידלעך. — אַ בריוועל פון איין עמיגראַנט, וואָס איז פערוואָרפען געוואָרען קיין מצרים. — אַ סוף צו די רויטע אידלעך.)

דער היסטאָריקער, וואָס וועט קומען אַמאָל בעשרייבען די געשיכטע פון די רויטע אידלעך אין די שפּעטעריגע דורות, אַז ער וועט האַלטען ביי דעם קאַפּיטעל, וועט ער זיך אָפּשטעלען: ער וועט אַ סך מעשיות ניט וועלען גלויבען, און אַ סך זאַכען וועט ער פערשווייגען. ער וועט זיך שעמען אַרויסשטעלען אַזעלכע פאַקטען, וואָס קאָנען פאָרקומען סיידען צווישען ווילדע מענשען. ער וועט ניט וועלען גלויבען בשום אופן, אַז צווישען אידען, וואָס רופען זיך „רחמנים בני רחמנים", האָבען זיך געפונען אַזעלכע, וואָס האָבען זיך בענוצט מיט'ן אומגליק פונ'ם פאָלק און פון יענעמס צרות זיך געמאַכט אַ פּרנסה, איבערגעפיהרט אַ סך קהל'ש געלד, געמאַכט האַפּ־לאַפּ, אַראָפּגעקוועטשט זיך אין בייטעל אריין, קיין רחמנות נישט געהאַט אויף אידיש בלוט... גוואַלד, וועה געשריגען! — וועט זאָגען דעמאָלט דער היסטאָריקער. — וואָס איז דאָס געווען פאַר מינים אידען דעמאָלט, וואָס האָבען זיך בעגאַנגען מיט זייערע אָרעמע ברידער אַ סך ערגער, ווי מיט בהמות? וואָס איז דאָס געווען פאַר מינים מענשען, וואָס האָבען געטריבען די אָרעמע עמיגראַנטען, ווי מע טרייבט שאָף אויפ'ן יאַריד? וואָס איז דאָס געווען פאַר ברואים, וואָס האָבען דערלאָזט אָרעמע קראַנקע ווייבער מיט פּיצלעך קינדער וואַלגערען זיך אויף דער הוילער ערד אונטער גאָט'ס הימעל, אין רעגענס און אין קעלט? וואָס איז דאָס געווען פאַר מינים קאָמפּאַניעס אַזעלכע, וואָס האָבען אַרויסגעלאָזט מודעות אין אַלע בלעטער, אַז זיי נעמען זיך אונטער, כלומרשט פאַר אַ קליין געצאָהלט, איבערפיהרען גאַנצע משפּחות פון די רויטע אידלעך

איבער'ן ים, ברענגען זיי און בעזעצען אינ'ם גליקליכען פרייהעם לאנד מצרים, און נאכדעם האט זיך אויסגעלאזט, אז זיי האבען גאר אויסגענארט די עטליכע גילדען און איבערגעלאזט די ארעמע עמיגראנטען אין מיטען וועג, אויף גאט'ס בעראטה, ערגיץ אין דער מדבר?... וואס איז דאס געוועזען פאר מינים פראנטען, וואס האבען געשאטען מיט געלד, פערנארט, אריינגענארט אין זאק אריין ארעמע מיידלעך, זיי צוגעזאגט גילדענע בערג, און נאכדעם זיי פערקויפט צו די „ישמעאלים“ מיט גרויסע, גרויסע רוחים?... „אוי, ברידער! — וועט דער היסטאריקער זאגען מיט די ווערטער פון מענדעלי מוכר־ספרים, וואס האט זיך געקויפט איין אייביגען נאמען ביי אונז, אויף דער זייט טייך סמבטיון.— אוי, ברידער!... אויף פעטש פון אנדערע וויין איך און זאג: נישקשה! גוטע און שלאפע לײדען אפט אין דער וועלט, מעגליך אפשר, יענע וועלען נאך א מאל חרטה האבען; נאר אז געפאטשטע פאטשען זיך אליין, אז צעדראפעטע דראפען איינער דעם אנדערען, וויין איך און האב — אוי־וועה! — נאר נישט וואס צו זאגען... דערמאן איך מיך אין יענע נעבאך, פון אייך אליין געפייניגטע, „געפאנגענע“, רייסט מיר דאס הארץ; עס וויינט און שרייט: אוי, מיין משונה דערשלאגענע, מיין ווילד געפאלען פאלק ישראל!!“... דער היסטאריקער, וואס וועט קומען א מאל בעשרייבען די געשיכטע פון די רויטע אידלעך, וועט זיך ניט איין מאל רייסען ביי די האר, אז ער וועט לייענען די קארעספאנדענציעס, וואס זענען אפגעדרוקט אין די בלעטער פון יענער צייט, אדער גלאט אזוי בריוולעך, וואס די רויטע אידלעך האבען געשריבען צו זיך אהיים פונ'ם „גליקליכען, פרייהען“ לאנד מצרים אין יענער צייט. אט האט איהר איינס פון די דאזיגע בריוולעך:

„מיינע ליעבע און געטרייהע! איך שרייב אייך א בריוועל, נישט מיט טינט, נאר מיט בלוטיגע טרערען, פון דעם דאזיגען גליק־

ליבען לאנה, ברענען זאָל דאָס אויפ'ן פייער! עס וואָלט געמעגט איינגעזונקען ווערען, אזוי ווי קורח, איידער איך האָב דאָס גאָר דערקענט. הלואי וואָלט איך זיך אין דערהיים אויסגעבראָכען א פוס, איידער איך האָב מיך גערירט פון דעם אָרט, און אז איך בין שוין יאָ ארויסגעפאָהרען, וואָלט איך בעסער אין וועג איינגענו־מען א מיתה משונה, איידער איך בין געקומען אהער, אין דעם וויס־טען מצרים! איך זאָל אייך וועלען באשרייבען אלע אונזערע גרוי־סע צרות, וואָס מיר האָבען איבערגעטראָגען אין וועג פונ'ם ערשטען טאָג ביז אצינד, וועט ניט סטייען ניט קיין פאַפּיער, ניט קיין פענעס פון דער גאַנצער וועלט! אינ'ם טייך סמבטיון איז געווים נישטאָ אזוי פיעל וואַסער, וויפיעל טרערען מיר און אונזערע ווייבער האָ־בען פארגאָסען ביז היינטיגען טאָג. די אגענטען, וואָס האָבען אונז געבראַכט אויף דער שיף, האָבען צוגענומען ביי אונז די פעקלעך (דאָרט זענען געלעגען אונזערע טלית־ותפלינ'ס), און מעהר האָבען מיר זיי נישט געזעהען אין די אויגען. ס'איז געווען ערב שבת, האָבען אונזערע ווייבער געוואָלט בענשען ליכט, איז ניט געווען אויף וואָס, האָבען זיי אונז גענוג באוויינט, זייערע קללות זאָלען נאָר פאַלען אויף די קעפּ פון די קאָמיטעטען. און נאָכדעם האָט זיך אויפגעהויבען א שטורעם־ווינט מיט סכנת נפשות, עס האָט אונז געוואָרפען העכער הייזער, איטליכע חוואַלי איז די גרויס ווי א מויער, מיר האָבען זיך שוין אָפּגעזעגענט מיט'ן לעבען, געמיינט, ס'איז איין עק! דריי וואָכען האָבען מיר זיך אזוי אָפּגעמוטשעט, ס'איז ניט געקומען קיין געקעכטס אין אונזער מויל אריין, מיר האָבען געזעהען פאַר זיך נאָר הימעל און וואַסער, ביז מיר האָבען זיך קוים־קוים דערשלאָגען צו א ברעג, און אז מיר זענען אראָפּ פון דער שיף קראַנקע, צעבראָכענע, אויסגעמוטשעטע, הונגעריגע, האָט מען אונז אָפּגעהאַלטען א טאָג מיט א נאַכט אין דרויסען אויפ'ן רעגען, און פונקט דעמאָלט האָט זיך מיין אסתר רייזלע'ן פארגלוסט געהן צו קינד, זי איז געלעגען געוואָרען און געהאַט א

יונגעל; דאָס יונגעל איז געשטאָרבען, און זי איז געוועז, ניט היינט געדאַכט, טוידט קראַנק, ס'איז ניט געוועזן אפילו קיין לעפעל יוך אָדער אַביסעל איינגעמאַכטס אויף דערקוויקען די נשמה. ערשט אויפ'ן אַנדערען טאָג האָט מען זיך אויף אונז דערבאַרמט, מענטשען פון אַ קאָמיטעט זענען געקומען און האָבען אונז איבערגעשריבען אַלעמען ביי'ם נאָמען, און מע האָט אונז אַוועקגעפיהרט פון דאָרטען, און מע האָט אונז פאַרטריבען אין אַ שטאַל, און דאָרט האָט מען אונז געטהיילט בולקעס מיט מאַראַנצען, איטליכען אַ בולקע מיט אַ מאַראַנץ, און פון דאָרטען האָט מען אונז ווידער אַוועקגעטריבען, איבערגעשריבען איטליכען ביי'ם נאָמען און אַרויפגעזעצט ווידער אויף אַ שיף, און מע האָט אונז געפיהרט אַנדערהאַלבען מעת־לעת. און די זונן האָט געבאַקען, געברענט ווי אַ גיהנם, ביז מע האָט אונז געבראַכט צופיהרען און אַראָפּגעוואָרפען אין איין אָרט פון גאָלע זאַמד, נישט קיין בוימער, נישט קיין הייזער, נישט קיין גראָז, נאָר זאַמד און הימעל, הימעל און זאַמד, און דאָ האָט מען געוואָלט, מיר זאָלען זיך באַזעצען, מע האָט אונז געגעבען אַרבייט — שלעפען קלעצער פונ'ם ים און בויען הייזער, גראָבען ערד און פלאַנצען בוימער, און מע האָט געשטעלט איבער אונז איין אויבערהאַר, אַ משוגענעם כעסן, וואָס באַלד עפּיס — פלעגט ער געבען פעטש; האָבען מיר דאָך מסתמא געמאַכט אַ ויצעקו, האָט מען עטליכע פון אונז געבונדען, געשלאָגען מכות־רצח... קוים מיט'ן לעבען זענען מיר פון דאָרטען זיך צעלאָפען, דער אַהער, דער אַהין, וואוהין די אויגען האָבען געטראָגען, און מיר האָבען זיך צוגעשלאָגען עטליכע משפּחות אין איין ערטעל אַריין, טאַקי דאָ אין מצרים, וואו עס וואָלט אונז אפשר זיין נישקשה, וואָרום מע קאָן דאָ מאַכען אַ לעבען, דהיינו: מע גיט אונז אַרבייט — שטעהן ביי דער מאַשין, דרעהען די ראָד פון כאור הבוקר ביז שפּעט אין דער נאַכט, און מע באַקומט דערפאַר אַ זילבערנעם טאַלער, און קינדער אַ האַלבען טאַלער. הכלל, ס'איז גאַר

קיין מעשה ניט. איטליכער הייסט דאָ „מיסטער“, פערד געהען אין ברילען און מענטשען טראָגען פּאַפּירענע מאַנישקעס. דער חסרון אָבער, וואָס מע ווייסט ניט פון קיין שבת און פון קיין יום־טוב, און וואָס מע פאַרשטעהט ניט דאָס לשון זייערס, וואָרום מע רעדט דאָ זעהר שטשיפּעליאַווע, דער רוח ווייסט זיי, אויף וואָס פאַר אַ שפּראַך! קיין רחמנות איז ביי זיי נישט פאַרהאַן, איהר מעגט אויסגעהן אין גאַס פאַר הונגער, וועט זיך קיינער ניט אָפּשטעלען אפילו, וואָרום סע איז אַ טאַרעראַם, אַלע לויפען, אַלע אַרבייטען, און ווער סע קאָן ניט אַרבייטען און וויל האַנדלען, קאָן ער האַנדלען מיט וואָס ער וויל, מיט אַלטע מלבושים, אַרומטראָגען שוועבעלעך, שוהוואַכס אָדער קנעפּ, און קאָן זיך „מאַכען דערפון אַ לעבען“ (אַזוי געהט דאָ די שפּראַך...). נאָר איך מעג זאָגען „גם זו לטובה“, וואָרום אַנדערע מאַכען דאָ אַ סך ערגער פון מיר. אָט האָב איך ניט לאַנג באַגעגענט יענקעל דעם פעטער מרדכי׳ס, בין איך נבהל ונשתומם געוואָרען! איך האָב איהם כמעט ניט דערקענט — אַזוי שטאַרק האָט ער זיך איבערגעביטען! אָנגעטהאָן האָט ער זיך ווי אַ משוגענער קאַטערינשטשיק, אין אַ קורץ ווייטיקעל מיט אַ לאַנגען סטאַן און מיט אַ הויכען ספּאָדיק אויפ׳ן קאָפּ, ווי אַ לאָקשענטעפּעל. „יענקעל, זאָג איך, ס׳איז דו?“ — „ווער דען?“ — זאָגט ער. — פאַרשטעהט זיך, ס׳איז איך, חאָטש איך הייס שוין היינט ניט יענקעל, איך הייס גאָר מיסטער דזשעק“... „וואָס מאַכסט דו עפּיס, זאָג איך, מיסטער דזשעק, ווי געהט דאָס דיר אינ׳ם דאָזיגען לאַנד?“ — „נומער ערגער, זאָגט ער; די ערשטע צייט איז געוועזן זעהר ניט פרעהליך, נאָר איצט, דאַנקען גאָט, מאַך איך אַ לעבען“... „דהיינו, זאָג איך, וואָס איז דיין טהועכץ?“ — „מיין טהועכץ איז, זאָגט ער, איך וואַש גרעט“. „וואָס הייסט, זאָג איך, דו וואַשט גרעט?“ — „אָט דאָס הייסט, זאָגט ער, איך האָב מיך אויסגעלערענט וואַשען און פּרעסען“. „אָט דאָס הייסט ביי דיר געמאַכט אַ לעבען? אז אַך

און ווער, זאָג איך, איז צו מיר, אַז מיין פעטער מרדכי'ס זוהן באַ־ דאַרף זיין אַ פּראַטשקע, און נאָך אין מצרים דערצו!"... פון איהם בין איך געוואָהרע געוואָרען וואָס מאַכען די איבעריגע אונזערע חברה, די רויטע אידלעך, וואָס האָבען זיך צוגעשלאָגען אַהער; אַלע „מאַכען, ברוך השם, אַ לעבען": משה שפּרינצע'ס האָט זיך אויס־ געלערענט פאַרזוימען לעכלעך צו אונטערהויזען, בערעל דאַבי'ס שלאָגט פלעקלעך אין די אַבצאַסען, מענדעל מינדי'ס באַקט בייגעל, מאָטעל ראַציל'ס פאַרקויפט בעזעמער, עטליכע געהען אַרום דערווייל אַזוי אָהן אַרבייט, בעטען נדבות; און די איבעריגע ווייסט ער אַליין אויך ניט, וואו זיי זענען אַהינגעקומען, אפשר זענען זיי שוין נישטאָ... מיר האָבען זיך ביידע גוט אויסגעוויינט, אויסגערעדט איינער דעם אַנדערען די הערצער, זיך געגעבען די האַנט „תקיעת־ כף", אַז מיר זאָלען זיך זעהען חאָטש איין מאָל אין וואָך, ווערט אונז זיין אַביסעל גרינגער, וואָרום דאָס בענקען וואָס מיר בענקען אַהיים איז אַזוי גרויס, אַז ממש' עס עקט זיך אונז דאָס חיות! מיר דאַכט, איך וואָלט זיי מוחל געוועזען זייערע אַלע גליקען, איך וואָלט זיי אַוועקגעשענקט אַלע זייערע טאָלערס פאַר איין קוק אויף די קבצניוקעס! אוי, וואו נעם איך פליגעל, וואָלט איך באַלד צו אייך אַריבערפליהען, מיינע ליעבע און געטרייהע! מיר לאָזען אייך גריסען גאָר פריינדליך, און מיר בעטען אייך, דאָס הייסט, איך און אסתר רייזעל זאָל לעבען, איהר זאָלט דאָרט לאָזען גריסען איטליכען באַזונדער גאָר פריינדליך, און איהר זאָלט זיי זאָגען, אַז מיר פאַרגעסען זיי ניט אַפילו אויף אַ מינוט, און דעם פעטער יאָסי מיט דער מוהמע סאָסי זאָל איהר למען השם לאָזען גריסען, און דעם פעטער שעיה מיט דער מוהמע חיה, און די קינדער זייערע, איטליכען באַזונדער גאָר פריינדליך, און מיין שוועסטער ביילי און די מוהמע קיילי זאָלט איהר אַחוץ לאָזען גריסען פון אונזערטוועגען און פון אונזערע קינדערס וועגען, איטליכען באַזונדער גאָר פריינדליך, און איהר זאָלט זיי זאָגען למען השם, זיי זאָלען זיך

ניט דערוועגען ריהרען פונ׳ם אָרט, וואָרום זיי וועלען חרטה האָבען און וועלען זיך פארשעלטען דאָס געביין, אַזוי ווי פעסי די אַלמנה, וואָס האָט געהאַט דעם פּסק מיט איהרע צוויי מיידלעך נעבאַך, און נאָך אַ סך אַזעלכע ווי זי, וואָס האָבען זיך געלאָזט איינרעדען, אַז מע וועט דאָ גליקליך מאַכען זייערע טעכטער, מע וועט זיי געבען חתנים מיט אַ סך נדן און מיט שענע מתנות, און צום סוף האָט מען זיי פאַרפיהרט צו אַלדי שוואַרצע יאָהר, געפּענטעט אין קייטען און פאַרקויפט צו די „ישמעאלים" פאַר קנעכט, מע זאָגט, פאַר זעהר אַ סך געלד... למען השם ולמען השם, איהר זאָלט זיך ניט לאָזען איינרעדען פון קיינעם, טאָמער קומט צו אייך עמיצער פון די דאָזיגע „פראַנטען" מיט ווייסע מאַנישקעס און מיט גילדערנע זייגערס און זאָגען אייך צו הרים וגבעות, ובפרט מיט אייערע מיידלעך זאָלט איהר זיין געהיט, ווי דאָס שוואַרצאַפּעל פונ׳ם אויג! הלוואי וואָלט איך מיך אויך ניט געלאָזט איינרעדען קיין נאַרישקייטען, קאָמיטעטען, עמיגראַציעס, וואָלט איך געווען באַוואָהרענט האָטש מיט דעם, וואָס איבער הונדערט און צוואַנציג יאָהר וועלען מיינע ביינער קומען צו קבר־ישראל, צווישען מיינע ליעבע און געטרייהע אויף די קבצניוועקעס... און מיר בעטען אייך, דאָס הייסט, איך און מיין אסתר רייזעל זאָל לעבען, נאָך אַמאָל, איהר זאָלט נישט פאַרגעסען לאָזען גריסען פון אונז און פון אונזערע קינדער דעם פעטער יאָסי און די מוהמע סאָסי, דעם פעטער שעיה און די מוהמע חיה, און מיין שוועסטערביילי און מיין מוהמע קיילי, און זייערע קינדער, איטליכען באַזונדער גאָר פריינדליך, און למען השם ולמען השם, זיי זאָלען זיך ניט דערוועגען ריהרען פונ׳ם אָרט..."

— — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אַזעלכע בריוולעך האָבען די רויטע אידלעך בעקומען פון זייערע פאָטער און מוטער, שוועסטער און ברידער, פריינד און גוטע פריינד — לרוב, און האָטש די ידיעות זענען געווען כמעט אַלע

אזעלכע טרויעריגע, איינע טרויעריגער פון דער אנדערער, פון דעסט־
וועגען האָבען זיי ארויסגעקוקט אויף בעסערע ידיעות; זיי האָבען
נישט פערלאָרען זייער בטחון, זיי האָבען געהאַט אַ האָפענונג, אַז
זיי וועלען נאָך הערען, אם ירצה השם, פון דאָרטען גוטע בשורות
מיט ישועות ונחמות... אויב זייערע האָפענונגען זענען מקוים
געוואָרען — דאָס וועלען מיר וויסען שפּעטער, אַז גאָט וועט אונז
שענקען דאָס לעבען און מיר וועלען אַמאָל אויף אַ ציקאַוועסט זיך
דורכפאָהרען אהינצו, זעהען וואָס מאַכען דאָרט, אינ׳ם נייעם גלות
מצרים, אונזערע ברידער, די רויטע אידלעך... איין זאַך קאָן איך
אייך זאָגען פאר קלאָר, אַז די רויטע אידלעך, וואָס זענען געבליבען
אין דער היים, זענען גאָר ניט די רויטע אידלעך וואָס פריהער,
וואָרום ווי באַלד עס איז געשעהען דער קלאַפּ, איז ביי זיי געוואָ־
רען איין איבערקעהרעניש; זיי האָבען זיך נאָך די קלעפּ עפּיס
ווי אויסגעניכטערט, ווי אויפגעוואַכט פון אַ לאַנגען־לאַנגען שלאָף
און האָבען אָנגעהויבען צו פערשטעהן זייער לאַגע, פערשטעהן, אַז
ווייטער קאָן דאָס אַזוי ניט זיין, אַז מע בעדאַרף עפּיס אָנהויבען
טראַכטען. און אַז זיי האָבען אָנגעהויבען טראַכטען, האָבען זיי
ערשט דעמאָלט צעקייט די ווערטער פון יענעם פאַרשוין, וואָס
איז אַראָפּגעפאָהרען צו זיי פון יענער זייט טייך סמבטיון און האָט
זיי דערצעהלט אַ מעשה מכח אַ לאַנד, איין אייגען לאַנד, מכח ארץ־
ישראל — און דער עולם האָט זיך שטאַרק אַ נעם געטהאָן צו דעם
דאָזיגען ענין, מיט היטץ, מיט פייער, ווי דער שטייגער איז פון
די רויטע אידלעך... נאָר איהר ווילט דאָך וויסען וואָס איז געוועזען
דער פּועל יוצא? וואָס איז דערפון ארויסגעקומען? צי האָבען די
רויטע אידלעך טאַקי עפּיס מתקן געווען, טאַקי עפּיס געטהאָן אויך?
אָדער מען איז אָפּגעקומען נאָר דערמיט, וואָס מע האָט גערעדט און
גערעדט און ווידער אַמאָל גערעדט?... צי האָט מען זיך שוין
אַמאָל אויסגעגלייכט דאָרט מיט דעות, אָדער איטליכער איז זיך
געבליבען ביי זיינעם? צי האָט מען זיך שוין דערערדט אַמאָל ביי

זיי צו אַ סוף? אָדער אַז ס'איז שוין געקומען צום שפּיץ, האָט זיך געלאָזט הערען אַ קול: „נע זשעלאַיעם!“ ?... אָט דאָ לאָזט זיך אַראָפּ דער פאַרהאַנג, און מיר געזעגענען זיך אָפּ מיט די רויטע אידלעך אויף אַ היבשע צייט.

משוגעים. א בעשרייבונג פון א דורכפאהרער.

געשריבען אין יאהר 1900

# משוגעים

## דאָס ערשטע קאַפּיטעל.

(אַ דורכפאָהרער ענטדעקט דאָס נייע לאַנד. — די רויטע אידלעך הערען זיך אָן מיט מעשיות און ווערען פערקאָכט. — איינער פון זיי לאָזט זיך אַהין אוועק.— ער קומט צוריק און גיט אַרויס זיין בעשרייבונג בעזונדער אין אַ ביכעל. — ער רעכענט דערפון גליקליך ווערען.)

א צייט מיט יאָהרען האָבען די רויטע אידלעך געמיינט, אַז מיט זיי לאָזט זיך אויס די וועלט. פון איין זייט דער טייך סמבטיון, פון דער אַנדערער זייט די הרי חושך און אין מיטען די רויטע אידלעך — און איין עק, וואָס בעדאַרף מען נאָך? גערעדט האָט מען, אַז אויף יענער זייט סמבטיון איז אַ סברא, אַז סע איז יאָ פאַרהאַן עפּיס אַ לאַנד, נאָר אפילו אַז יאָ, איז נאָך אַ ספק, צי עס געפינען זיך דאָרטען אידען; חאָטש אפילו, אַז מע זאָל וועלען שמועסען דאָס אייגענע ווידער צוריק, מוז מען רעכענען, אַז סע איז געוויס דאָרטען פאַרהאַן אידען, וואָרום, ערשטענס, ווי געשיקט זיך דאָס אַ לאַנד אָהן אידען? און, צווייטענס, וואו זענען אהינגעקומען די „עשרת השבטים“?... נאָר פּלוצים עפּיס איז אַרויס אַ קלאַנג, אַז איינער אַ דורכפאָהרער, מע ווייסט ניט ווער און פון וואַנען, האָט דערציילט, אַז ער איז דאָרט אַליין געווען אין יענעם לאַנד. איי, ווי אזוי האָט ער געקאָנט אַריבער דעם סמבטיון, וואָס אַלע ווייסען, אַז אַ גאַנצע וואָך וואַרפט ער מיט שטיינער, א חוץ שבת? בלייבט א קשיא... דער דורכפאָהרער האָט דער-

צעהלט, אַז ער איז דאָרטען געוועזן, אַז ער האָט אַליין געזעהען מיט זיינע אויגען די דאָרטיגע אידען און האָט מיט זיי גערעדט; ער זאָגט, אַז זיי זענען גאָר נישט פּאָחאָזשע אויף אונזערע אידען; ערשטענס, זענען זיי אַלע מיט שווארצע האָר, און, צווייטענס, זענען זיי גאָר אַנדערע מינים אידען; זיי פיינען זיך אוים מיט זייערע גוטע מדות און זיי לעבען אַלע דאָרטען גליקליך, וואָס גליקליכער קאָן שוין ניט זיין, דהיינו: זיי האָבען פּרנסה מיט'ן פולען מויל, נישטאָ דאָרטען קיין אָרעמע לייט, אַלסדינג איז דאָרטען וואָלוועל, בזול־הזול, עס וואַלגערט זיך ביי זיי ממש גאָלד אין די גאַסען...

— דו הערסט וואָס ער זאָגט? — רופט זיך אָן איינער צום אַנדערען און דערלאַנגט איהם א שטורך מיט'ן עלענבויגען.

— עט, מילא, וואָס ער זאָגט, עס רעדט זיך אַזוי — מליצה.

— א משל! מע שמועסט, אַז סע וואַלגערט זיך גאָלד אין די גאַסען, זאָגט ער גאָר מליצה!

— אַז סע וואַלגערט זיך גאָלד, פאַר וואָס זשע הויבט דאָס קיינער ניט אויף?

— ביזט א בהמה, פאַרשטעהסט ניט פון דאַנען אַהין: אַז מע זאָל דאָס ווידער אויפהויבען, וואָלט זיך עס ניט געוואַלגערט אין גאַס...

די רויטע אידלעך, וואָס זענען בטבע שטאַרקע בעלי־גוזמא, ווי מיר ווייסען שוין פון אונזער פריהעריגער מעשה*, האָבען מעהר נישט בעראַפט; זיי האָבען נאָר דערהערט „גאָלד", האָבען זיי שוין ווייטער נישט געוואָלט הערען. באַלד איז אויסגעוואַכסען ביי זיי אין'ם כח־הדמיון גאַנצע בערג מיט גאָלד און זילבער, מיט דימענטען, מיט ברילליאַנטען, מיט אַלדאָס גוטס: „אַט א לאַנד,

* זעה די „רויטע אידלעך", איין אויסגעטראַכטע מעשה פון שלום־עליכם.

וואו מע קאָן זיך גוט אָפּלעבען, אָפּשטערכען דאָס ביסעל יאָהרען! — אַזוי האָבען זיי געזאָגט איינס דאָס אַנדערע מיט אַ זיפץ. — מע פאַרשפּאָרט האָרעווען, ווערען אויסגעריסען, זיך ברעכען דעם מח, נישטאָ אויף שבת, געהסט דו אַרוים אין מאַרק און קלויבסט זיך אוים וואָס דיין האַרץ גלוסט. ווילסט גאָלד — נעם גאָלד; ווילסט זילבער — נעם זילבער. הכלל, דו האָסט הענט — נעם און גענוג!..."
עס האָבען זיך אפילו געפונען אַזעלכע אַפּיקורסים, וואָס האָבען געוואָלט אָפּלייקענען אינגאַנצען די מעשה, זיך געפּרובט איבער־שפּאַרען:

— ווייס איך וואָס? בהמות, נאַראָנים! מע דערצעהלט זיי פּזמונות, נעכטיגע טעג, אַ קוה איז געפלויגען איבער'ן דאַך און געלעגט איין איי!

— סטייטש, מיר האָבען אָבער אַליין געהאָרכט, אַז ס'איז דאָ געווען אַ דורכפאָהרער, וואָס האָט אַליין גערעדט מיט די דאָרטיגע אידען; אַ סימן, זיי זענען אַלע מיט שוואַרצע האָר...

— אַ סימן, די מוהמע איז מיט אַ נאָז. שפּייט איהם אָן אַ פולען פּנים, דעם דורכפאָהרער! פרעגט איהם, ווי אַזוי איז ער אַריבער דעם סמבטיון, אַז אַ גאַנצע וואָך וואַרפט ער מיט שטיינער?

— אָט זעהט איהר דאָך!...

— — — — — — — — — — — — — — — —

בקיצור, דאָס גאָלד מיט'ן זילבער, וואָס אויף יענער זייט סמבטיון, האָבען אָנגעמאַכט צווישען די רויטע אידלעך אַ גערודער נישט אויף קאַטאָוועס. אַ סך פון זיי האָבען דאָס גוט אַרויפגע־נומען אויף דער מחשבה, געטרוימט וועגען דעם בייטאָג און ביי־נאַכט, נישט געקאָנט איינליגען, זיך געקאַטשעט פון איין זייט אויף דער אַנדערער, געזיפצט, געקרעכצט און אַלץ געטראַכט: „אוי, רבונו־של־עולם, וואָס איז ביי דיר פאַר אַ קונץ נעמען מיך און אַריבער־טראָגען אַהין האָטש אויף איין טאָג!" די בעלי־בטחון, די פרומע, האָבען דאָס געהאַט אין זינען בשעת דאַוונען: „אָבינו מלכנו —

טאטע זיסער, הארציגער, געטרייער! צוליעב דיין גרויסען נאָמען און צוליעב אונזערע עלטערען, וואָס האָבען זיך אָן דיר פערזיכערט, בעוויז דיין גענאָד, טהו עפּיס א נס מיט אונז, אזוי ווי דו קאָנסט!..." וואָס פאַר אַ נס האָבען זיי געוואָלט: צי גאָט זאָל זיי ברענגען אהין, אין יענעם לאַנד, צי ער זאָל זיי ברענגען דאָס לאַנד אהער — דאָס האָבען זיי אַליין נישט געוואוסט אקוראט; זיי האָבען נאָר חשק געהאַט צום גאָלד מיט'ן זילבער, וואָס דאַר־טען. דאכט זיך, מעהר יושר, כלעבען, עס זאָל ליגען ביי זיי אין קעשעני, איידער עס זאָל זיך וואַלגערען אין גאַס!... נאָר נעמען אויפהויבען זיך און אוועקפאָהרען אהין האָט קיינער קיין חשק ניט געהאַט; ערשטענס, וואוהין פאָהרט מען? גלאַט נעמען און פליהען הענדום־פּענדום אין דער וועלט אריין? און צווייטענס, וואָס מהוט מען מיט'ן סמבטיון? ווי אזוי שווימט מען אריבער דעם טייך, וואָס ווארפט מיט שטיינער? אמת, קיינער האָט נישט געזעהן, נישט דעם סמבטיון, נישט די שטיינער, וואָס ער ווארפט פון זיך; נאָר אַ וועלט איז דאָך ניט משוגע. מסתמא אז מע זאָגט שטיי־נער — איז שטיינער...

נאָר פאַר צוויי יאָהרען, אין דער צייט, האָט זיך געטראָפען א מעשה. עפּיס איינער פון די רויטע אידלעך, א גייציג אידעל, נישט קיין פראָמאך, מיט'ן נאָמען משה (כמעט דער איינציגער מענש, וואָס הייסט מיט זיין אייגענעם נאָמען, אָהן אַ שום צונעמע־ניש), איז פּלוצים אין א שענעם פריהמאָרגען ארויסגעגאַנגען מיט'ן שטעקעלע אין מאַרק אריין און איז שוין מעהר צוריק נישט געקו־מען; און אָט אַזוי איז ער נעלם געוואָרען, מע האָט נישט געוואוסט וואוהין. מע האָט איהם אויסגעזוכט אין אַלע מייזענלעכער, וואו ערגיץ א בוידעם, וואו ערגיץ א קעלער; מע האָט איהם געזוכט העט־וויט הינטער דער שטאָדט, אויף יענער זייט מיהלען, מע האָט איהם געזוכט נעבען דער באָד, ביי'ם ברעג טייך — נישטאָ; פאַר־פאַלען, ווי אין וואסער אריין! אין דער היים האָט ער איבער־

געלאָזט נעבאָך אַ ווייב אַ יונגענר, איין אייביגע עגונה מיט קינדער, לעבעדיגע יתומים, אָהן אַ שטיקעל ברויט. דער עולם האָט שטאַרק רחמנות געהאַט. מע האָט געאַרבייט, מע האָט נישט אויפגעהערט צו ברעכען זיך דעם קאָפּ: וואו האָט ער געקאָנט אַהינקומען? אַ מענטש איז דאָך ניט קיין שפּילקעלע. רבנים האָבען צעשיקט בריוועלעך אין אַלע שטעדט מיט אַלע זיינע סימנים: אַז ער הייסט משה און איז אַ רויטער, פון מיטעלמעסיגע וואוכס. דאָס הייסט, ער איז נישט קיין שטאַרק הויכער, נישט גאָר קיין נידעריגער. און נאָך צוויי וויכטיגע סימנים האָט ער: ער רעדט פונ'ם שלאָף און עסט נישט קיין קעז... די דאָזיגע סימנים האָט מען אָוועקגע־שיקט אויך אין אַלע אידישע בלעטער, מע האָט אָפּגעדרוקט גרויסע ברייטע מודעות און מע האָט צוגעזאָגט, אַז דער, וואָס וועט אָנווייזען אויף דעם פערפאַלענעם, וועט דערפאַר, אם ירצה השם, געווים האָבען עולם הבא... דאָס האָט אָבער אויך ניט גע־האָלפען. ביז די צייט איז געקומען און דער שאַדען האָט זיך אָפּ־געזוכט, דאָס הייסט, דער פערפאַלענער איז אין אַ יאָהר אַרום אַליין געקומען צוריק מיט'ן שטעקעלע אַהיים. מע קאָן זיך פאָר־שטעלען די שמחה פון זיין ווייב און קינדער, אַז איין מאָל אין אַ שענעם פריהמאָרגען שטעהט מען אויף, מע טהוט אַ קוק — ער איז דאָ!...

דעם ערשטען ברוך־הבא האָט ער געהאַט, געוויינטליך, פון זיין ווייבעל „די עגונה". זי האָט איהם אָפּגעשפּיעלט אַ וויוואַט, ווי ער איז ווערטה געוועזן; נאָכדעם האָט ער אָנגעהויבען בעקומען שלום־עליכםס פון קרובים, פון שכנים און פון גלאַט בעקאַנטע.

— ויבוא הפליט — געקומען דער אַנטרונענער! שלום־עליכם, פון וואַנען קומט דאָס אַ איד? דערצעהלט, וואָס האָרכט זיך עפּים אויף דער וועלט? ווי טהייער איז קאָרן?...

— לאַכט, לאַכט! — מאַכט ער צו זיי. — ווען איהר זאָלט וויסען, וואו איך בין אויסגעוועזן און פון וואַנען איך קום אָן און

וואָס איך האָב געזעהען, וואָלט איהר מיט מיר אַנדערש גערעדט.

— דהיינו, לאָמיר האָרכען? אפשר פון יענער זייט סמבטיון?

— גלייך ווי איהר זענט געווען דערביי. אוי, איז דאָס אַ לאַנד!

— טאַקי באמת, צי דו טרייבסט קאַטאָוועס?

— איך זאָל אַזוי לעבען מיט אייך אינאיינעם, ווי איך זאָג אייך אמת.

— הערסט, היינט וואָס זשע שווייגסט דו?

— וואָס זשע זאָל איך שרייען?

עס האָט נישט געדויערט קיין האַלבע שעה, איז די גאַנצע שטאָדט געוואָהר געוואָרען, אַז „משה דער פאַרפאַלענער" האָט זיך געפונען; ער קומט אָן פון יענעם גליקליכען לאַנד, וואו עס וואַל־גערט זיך גאָלד און זילבער, און דערצעהלט זיך אָן אַזעלכע חדושים, אַז מע קאָן משוגע ווערען. מע האָט דערהערט אַזאַ מעשה, האָט מען אָוועקגעוואָרפען האַק און פאַק, שער און אייזען און מע האָט זיך געלאָזט צו איהם, ווי צו אַ גוטען אידען; מע האָט איהם געשטעקט שלום־עליכםס פון אַלע זייטען, שוין נישט אויף קאַטאָ־וועס, און דוקא מיט גרויס רעספּעקט, מע האָט איהם שטאַרק מקנא געווען אויף זיין נאַטור, געלויבט און גע'חידוש'ט זיך אויף איהם, ווי אַזוי ער האָט קיין מורא ניט געהאַט מאַכען אַזאַ ווייטע נסיעה איינער אַליין. און מע האָט איהם געבעטען, ער זאָל חאַטש דערצעהלען אַלסדינג, ווי אַזוי און וואָס און ווען, און טאַקי באַלד אָט־אָ־דאָ, און צי ס'איז טאַקי אמת, וואָס מע זאָגט גאָלד? דער עולם איז געוואָרען אַלע מינוט גרעסער און גרעסער, עס זענען צו־געקומען אַלע מאָל נייע פּאַרשוינען, וואָס האָבען באַגעהרט און געפאָדערט, ער זאָל זיי דערצעהלען די גאַנצע מעשה, חאַטש נאָך אַ מאָל פון'ם אָנהויב ביז'ן סוף — אַלסדינג, ווי אַזוי און וואָס און ווען. ער איז אפילו פאַרטיג גע־

ווען זיי דערציילן אַלסדינג, נאָר דאָ האָט זיך אַריינגעמישט זיין ווייבעל.

— טאַמער ווייסט דו, וואָס איז מען זיך דאָ צענויפגעקומען, אויף וועמענס בייז וואונדער? מע וויל האַרבען נייעס? איז מען ניט קראַנק צו דאָרען אַביסעל, איך האָב מעהר געוואַרט!...

דאָס איז געווען איין איידעל אָנצוהערעניש, אַז דער עולם זאָל זיך צעגעהן. די רויטע אידלעך זענען טאַקי גרויסע גדלנים, האַנאַריסטע לייט, נאָר דאָרטען, וואו מע בעדאַרף, זענען זיי ביי זיך נישט אזוי גדול'דיג, קליינע מענשעלעך, מאַכען זיך תמ'עוואַטע, גלייך ווי ניט זיי מיינט מען. זיי זענען נישט אָפּגעטראָטען פון איהם, געשלעפּט איהם פאַר דער צונג, ער זאָל זיי נאָר דערציילען און דערציילען.

אונזער פאַרשוין האָט פערשטאַנען, אַז היינט איז ז י י נ ע זיעבען יאָהר, אַז היינט איז ע ר דער מיוחס אין שטעדטעל, האָט ער פון זיי געצויגען די עצמות, געשלעפּט אָדערען.

— וואָס זאָל איך אייך זאָגען, ברידער, איז דאָס איין ערטעל! איז דאָס אידען! זינט גאָט האַנדעלט מיט אידען האָט ער נאָך אַזוינע אידען ניט באַשאַפען. ס'איז, זאָג איך אייך, הערט איהר, מאָדנע מינים באַשעפעניש, וואָס מע זעהט זיי גאָר נישט! ס'איז, זאָג איך אייך, הערט איהר...

— אָבער איין עק זאָל דאָס האָבען! דערציילט אונז עפּיס, דערציילט ווי אַ מענטש. מיר ווילען וויסען דעם שפּיץ!

— איך וויים ניט, כלעבען, פון וואָס איך זאָל אייך אָנהויבען פריהער? איך זאָל ווילען דערציילען אייך אַלסדינג, וואָלטען מיר באַדאַרפט אוועקזיצען אָט־אָ־דאָ האַטש דריי טעג. — וואָס זאָג איך דריי טעג? דרייסיג טעג מיט דרייסיג נעכט! מע זאָל דאָס וועלען באַשרייבען, וואָלט מען געקאָנט אָנשרייבען אָט אזא בוך! (ער בעווייזט וואָס פאַר אַ מין בוך, פון דער ערד ביז כמעט דער סטעלי.)

שאַט, קינדער! ווייסט איהר וואָס איך וועל אייך זאָגען? איך בין געפּאַלען אויף אַ גלייכע זאַך. אוי, בין איך אַ חכם!

— דאָס ווייסען מיר! אודאי ביזט דו אַ חכם! נאָר לאָמיר שוין הערכען וואָס, אַבי גיכער!

— איך בין געפּאַלען אויף אַזאַ איין עצה: באַדאַרף איך אייך דערצעהלען איטליכען באַזונדער, אָנהויבען אַלע מאָל פון „מה טובו“? אַמעהר, נעם איך און געב דאָס ארוים אַלסדינג אויף פּאַפּיער, דאָס הייסט, איהר פאַרשטעהט? איך באַשרייב דאָס אין אַ ביכעל, דעמאָלט קאָן זיך דאָס יעדער איינציגער איבערלייענען פון אָנהויב ביז'ן סוף! וואָרום דאָס, וואָס מע קאָן ארויסשרייבען מיט דער פּען, וועט איהר קיין מאָל נישט אַרויסרעדען מיט דער צונג. אָבער איאָ, ס'איז אַ גלייכער איינפאַל? דער עיקר — איהר זאָלט מיך ניט קוועטשען, איך זאָל קאָנען זיצען און שרייבען.

— סאַ משל! אויף ווען וועט דאָס אַרויסקומען — אם ירצה השם, אויף חול המועד פּורים?

— חס וחלילה! וויפיעל, מיינט איהר, באַדאַרף דאָס ביי מיר געדויערען, דאָס אָנשרייבען מיט'ן אָפּדרוקען? — נישט מעהר ווי אַ חדשים צוויי אָדער דריי.

— אַ חכם פון דער מה נשתנה ארוים! ביזט משוגע, צי חסר דעה! וואָס רעדסטו דו? דו ווייסט וואָס דו רעדסט? — האָבען זיך די רויטע אידלעך צעשריגען אויף איהם, גלייך ווי ער וואָלט געווען ביי זיי אַ געדונגענער פון קהל. — חדשים? ווער איז דאָס אימשטאַנד צו וואַרטען חדשים? מען איז דאָך נישט מעהר ווי לעבעדיגע מענטשען! אַ קשיא, טאָמער שטאַרבסטו דו גאָר ביז דעמאָלט אַוועק?

— בקיצור, ווי איהר ווילט אייך! — האָט זיך שוין זיין ווייבעל ארויסגעשטעלט פאַר איהם. — מיין מאַן איז אייך נישט משה־מחויב; ער האָט זיך ניט אונטערגענומען ביי אייך פאַר קיין דער־צעהלער. עלעהיי, לאָז זיך אייך דאַכטען, עס האָט איהם אָפּגענו־

מען דאָס לשון און ער קאָן נישט רעדען!... געהט אייך געזונ־
טערהייד!

דער עולם האָט ארויסגעזעהען, אַז מע וועט דאָ גאָר נישט
מאַכען, איז מען זיך צעגאַנגען, און אונזער חברה־מאַן האָט געהאַל־
טען וואָרט: ער האָט איינגעקויפט פּאַפּיער און טינט און פּענעס
א גוזמא, און האָט זיך אוועקגעזעצט בעשרייבען די גאַנצע נסיעה
זיינע אין אַ בעזונדער מעשה־ביכעל, וועלכעס ער האָט אַ נאָמען
געגעבען: „דאָס גליקליכע לאַנד, אָדער איין
אָרט פון משוגעים“. דאָס ביכעל איז פאַרטיג גע־
וואָרען, האָט ער דאָס אוועקגעגעבען אין דרוק אריין, מע זאָל דאָס
אָפּדרוקען אויף זיינע אייגענע הוצאות אין אַ גרויסען צאָהל
עקזעמפּלאַרען (איך האָב מורא, אויב נישט עטליכע טויזענד
שטיק!). ער האָט זיך געהאַט אַזאַ רעכענונג: דאָ, אין זיין
שטאָדט אַליין, געפינען זיך, קיין עין הרע, אַ צוואַנציג טויזענד
רויטע אידלעך; לאָמיר שמועסען, אַשטייגער, אַז נאָר איינער
פון צעהן וועט קויפען אַ ביכעל, האָט איהר שוין אַ קיימא־לן פון
צוויי טויזענד ביכלעך; היינט וואו זענען די איבעריגע שטעדט?
די רויטע אידלעך זענען דאָך פאַרהאַן עטליכע מיליאָן, קיין עין הרע!
אדרבה, עטליכע טויזענד וועט גאָר קלעקען אויף איין צאָהן; מע
וועט דאָס מוזען נאָכדעם אָפּדרוקען נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל,
מע וועט דאָס פערצוקערען, און ער וועט זיך מיט גאָט׳ס הילף
צעפיהרען די הענד, — מאַכען דערפון אַ מאַיאָנטעק...

כך הוה. דאָס ארויסגעהן פון׳ם בוך האָט זיך אַביסעל פער־
צויגען; עס האָט געדויערט אַביסעל מעהר פון צוויי חדשים, און
מעהר פון דריי, און מעהר פון פיער, און מעהר פון זעכס. עס
האָט זיך געטראָפען אַ סיבה: ס׳איז אויסגעגאַנגען פּאַפּיר, נישט
געסטייעט קיין אותיות אין דער דרוק! מע האָט געמוזט צו־וואַר־
טען עטליכע חדשים, ביז מע וועט אויסגיסען נייע אותיות... אונ־
זער מחבר האָט זיך דאָס אַביסעל דערמאָלט אָנגעגעסען מיט צרות —

אויפ׳ן פוד! פון איין זייט דאָס ווייב פיקט אין קאָפּ: „וואָס איז דאָס פאַר איין עובדה — ביכלעך גאָר אין מיטען דרינען? פריש און געזונט און משוגע!“ פון דער אַנדערער זייט די רויטע אידלעך רייסען ביי די פּאָלעס: „גוואַלד, דאָס ביכעל! דאָס בי־כעל!“ און דער דרוקער, וואָס איז צום אָנהויב געווען זיס ווי צוקערלעקאַך, האָט מיט אַ מאָל אָנגעהויבען דולען אַ ספּאָדיק: „געלטעניו! געלט! געלט! געלט!“ ער האָט זיך נעבאַך פער־זעצט און פער׳משכונ׳ט פון קאָפּ ביז די פיס, געוואָרען אַ בעל־חוב ביז איבער די אויהערען, און גאָט האָט אַ נס געטהאָן — די „משוגעים“ זענען אַרויס פון דרוק!

די „משוגעים“ זענען אַרויס פון דרוק, און דער עולם האָט זיך אַ לאָז געטהאָן, ווי נאָך מצה־וואַסער. מע האָט איהם בעלעגערט די שטוב, איטליכער האָט געוואָלט וואָס פריהער. זיין ווייבעל האָט דערזעהען אַזאַ מחיה, האָט זי זיך נישט געקאָנט איינהאַלטען און האָט זיך אַריינגעמישט.

— דו האָסט דען שכל אויף אָט אַזוי פיעל, דו לעקיש איינער? אַז גאָט האָט אונז יאָ צוגעשיקט אַזאַ גליק, וואָס טרעפט זיך איין מאָל אין הונדערט יאָהר, פאַר וואָס זשע זאָלען מיר נישט אָפּלעקען אַ ביינדעל, ווי עס געהער צו זיין? מכות וואָלט איך זיי פאַרקויפט אַזוי וואָלוועל די סחורה! אַ קניהע ערד וואָלטען זיי ביי מיר אויסגעשלאָגען אָט־אַ־דאָ־אָ, אויסציהען וואָלטען זיי זיך פאַר מיינע אויגען!...

עס האָט נישט געדויערט קיין צוויי שעה צייט און דער עולם האָט אָנגעהויבען ווערען וואָס ווייטער אַלץ שי־טערער און ווינציגער. ביז ס׳איז נישט געבליבען קיין לעבעדיגער מענש, — די רויטע אידלעך זענען מיט אַ מאָל אָפּגעקיהלט געוואָ־רען. וואָס איז די מעשה? די מעשה איז גאָר אַ פּשוט׳ע מעשה: די שטאָדט איז געוואָהר געוואָרען דעם אינהאַלט פונ׳ם ביכעל איש מפי איש, און דוקא אָהן אַ טעלעפאָן; איינער האָט איבערגעגעבען

דעם אַנדערען די גאַנצע מעשה אין קורצען, — היינט צו וואָס בעדאַרף מען נאָך געהן אויסגעבען געלד, קויפען ביכלעך?... דאָס איז נומער איינס. והשנית, האָט מען אַ טעות געהאַט אין חשבון:

— ווייס איך! אַ נעכטיגער טאָג! — האָבען זיי גע'טענה'ט.— ווער מיר געלד? וואָס מיר זילבער? עפּיס משונה מאָדנע אידען, משוגעים באַשרייבט ער דאָרטען! אודאי איז כדאי געווען אַזוי פיעל צו וואַרטען אויף אַזאַ מעשה!

— ס'איז גאָר איינגאַנצען די מעשה אַ ליגען; דאָס האָט ער אויסגעטראַכט פונ'ם קאָפּ!

— עס האָט זיך איהם, אַפּנים, גע'חלומ'ט, אַז ער איז אריבער דעם סמבטיון?

— טפו אויף זיין קאָפּ און אויף זיינע הענט און פיס!...

בקיצור, מע האָט דאָס ביכעל מעהר אין די הענד אַריין נישט געוואָלט נעמען. די עטליכע, וואָס האָבען יאָ געקויפט, האָבען זיי דאָס געבראַכט צוריק צום מחבר און האָבען געפאָדערט פון איהם, ער זאָל זיך נעמען זיין סחורה צוריק, און פונ'ם געלד, וואָס זיי האָבען בעצאָהלט, שענקען זיי איהם אַוועק די העלפט; דאַכט זיך, עהרליך? מיט יושר?... איינער האָט זיך מיישב געווען און האָט איהם אַריינגעוואָרפען דורכ'ן פענסטער צוריק דאָס ביכעל אינאיינעם מיט אַ גע'פגר'טער קאַץ, און די גאַנצע שטאָדט האָט פון דער חכמה אַזוי אַנגעקוועלט, אַזוי געלאַכט, אַז מען איז שיער ניט צעזעצט געוואָרען פאַר געלעכטער.

מע קאָן זיך דען פאָרשטעלען די ביטערע פינסטערע לאַגע פון אונזער מחבר? די צרות, וואָס ער האָט נעבאָך איבערגעטראָגען פון זיין ווייב, וואָס האָט איהם שיער נישט אויפגעגעסען לעבע־דיגערהייד? די אַנגסטען מיט די יסורים פונ'ם דרוקער, וואָס איז נעבאָך דורך איהם ניזוק ונהרג געוואָרען? און זיין האַרצוועהטיג מיט די בזיונות, וואָס ער האָט געהאַט פון די רויטע אידלעך?

ער איז געוואָרען ביי זיי אוים „משה דער פארפאַלענער“; זיי האָבען איהם געקרוינט מיט אַ נייעם נאָמען: „דער משוגע׳נער ביכעל־מאַכער“ — ס׳איז געווען בוזי־בזיונות!

* * *

איינם פון די דאָזיגע ביכלעך איז על־פי נס אַריינגעפאַלען צו אונז אין די הענד אריין, און מיר האָבען דאָס דורכגעלייענט פון אלף ביז תיו און האָבען געפונען, אַז ס׳איז גאָר נישט אזוי שלעכט, ווי די רוּיטע אידלעך מיינען. מהאי טעמא דרוקען מיר דאָס איבער דאָ וואָרט ביי וואָרט, און מיר בעטען דעם עולם, אַז טאָמער וועט דאָ עמיצער געפינען עפּים אַ זאַך, וואָס וועט זיי אויסווייזען פריקרע, ערטערווייז אַביסעל צו פיעל גוזמא׳דיג, איבערגעחאַפּט די מאָס, אָדער אזוי מחילה נאַריש, טפּוש׳עוואַטע, זאָלען זיי צו אונז קיין טענות ניט האָבען, נאָר צום מחבר אליין. אויף איהם, אויפ׳ן מחבר הייסט דאָס, מעגען זיי זאָגען וואָס זיי ווילען: אזוי ווי ער הערט ניט, אזוי וועט איהם ניט שאַדטען...

## דאָס צווייטע קאַפּיטעל.

(זיין אָנקומען אין שטאָדט אַריין. — דאָס ערשטע בעגעגעניש. — די שוהל. — מע טהוט איהם אָן אַ קאַפּעליש. — מע שלאָגט זיך פאַר'ן אורח, איטליכער וויל איהם צו זיך אויף שבת.)

אָנגעקומען אינ'ם לאַנד פון די משוגעים — אַזוי הויבט ער אָן די בעשרייבונג פון זיין נסיעה — בין איך פּונקט אום פרייטאָג פאַרנאַכט, שוין אַרום ליכט־בענשען, און מחמת איך האָב מיך זעהר געאײַלט אויף שבת, האָב איך גאָר קיין צייט נישט געהאַט זיך צוקוקען צו דער שטאָדט און צו איהרע שענע, ריינע, ציכטיגע, אויסגעפּלאַסטערטע גאַסען און צו די שענע, הויכע, ליכטיגע מויערען. איך בין געפלויגען פייל אויס'ן בויגען; עס האָט מיר כסדר געבאָמבעלט אין קאָפּ: „וואו וועל איך דאָ מקבל שבת זיין? וואוהין וועל איך מיך דאָ צושלאָגען, אין א פרעמדער מדינה, און צו וועמען וועל איך מיך דאָ קעהרען און ווענדען אָהן א שום רע־קאָמענדאַציע?“... די ערשטע מחשבה מיינע איז געווען: אַ שוהל. „לאָם איך נאָר צושלאָגען זיך צו אַ שוהל, — אַזוי האָב איך מיר געטראַכט — וועט שוין אַלץ זיין רעכט: צווישען אידען, נישקשה, ווערד מען נישט פאַרפאַלען“...

דעם ערשטען אידען, וואָס איך האָב באַגעגענט, האָב איך אָפּגעשטעלט און אַ פרעג געטהאָן:

— ווייסט איהר נישט, פעטער, וואו איז דאָ ערגיץ א שוהל? דער איד...

נאָר איך מוז דאָ פריהער אָפּמאָהלען וואָס פאַר אַ מין איד דאָס איז געווען. אַ הויכער, מיט שוואַרצע האָר, א שוואַרצע באָרד, דעם קאָפּ פאַררויסען אַרויף מיט גדלות, אָנגעטהאָן אין שוואַרצען, מיט א הויכען שוואַרצען גלאַנצענדיגען ספּאָדיק אויפ'ן קאָפּ, כמו אַ לאָקשענטאָפּ.

— האָט קיין פאַראיבעל ניט, פעטער, — זאָג איך צו איהם — אויב איהר זענט, איך בעט איבער אייער כבוד, אַ איד, נאָט אייך אַפּ שלום־עליכם.

— עליכם־שלום! — מאַכט ער צו מיר און קוועטשט מיך ביי דער האַנד זעהר פריינדליך. — עליכם־שלום! מיט וואָס קאָן איך אייך דיענען?

— צי ווייסט איהר ניט, — זאָג איך — וואו איז דאָ ערגיץ אַ שוהל, אָדער אַ בית־המדרש?

— קומט, — מאַכט ער צו מיר — איך געה מיט אייך. פון וואַנען איז אַ איד?

— פון וואַנען? פון ווייטען. — זאָג איך. — אַזש פון יענער זייט סמבטיון, הינטער די הרי־חושך.

— אַך, אפשר פון די רויטע אידלעך? — מאַכט ער צו מיר און נעמט מיך ווידער אַ מאָל אָן ביי דער האַנד. — עס טהוט מיר זעהר־זעהר הנאה, וואָס איך זעה מיך מיט אייך. זאָגט זשע מיר, איך בעט אייך, איהר זענט דאָך דאָ, הייסט דאָס, אַ פרעמדער, איין אורח, קאָן איך אייך אפשר פאַרבעטען אויף שבת?

— מהכתיתי, — זאָג איך — פאַר וואָס ניט? איך האָב גע־רעכענט זיך צושלאָגען צו אַ שוהל און דורכ׳ן שמש שוין איינבע־טען זיך ערגיץ אויף שבת.

— איינבעטען? — מאַכט ער מיט אַ געלעכטער. — ביי אונז פאַרשפּאָרט מען זיך איינבעטען; ביי אונז איז מען צופריעדען, אז גאָט שיקט צו איין אורח.

— און ביי אונז — זאָג איך — איז איין אַנדער מנהג: ביי אונז לאָזט דער שמש ניט אַרוים דעם עולם פון שוהל, ביז מע צענעמט נישט די אָרעמע לייט אויף שבת.

— אַזוי? — מאַכט ער צו מיר מיט אַזאַ פּנים, גלייך ווי איך וואָלט איהם דערצעהלט, אז ביי אונז געהט מען מיט׳ן קאָפּ אַראָפּ, מיט די פיס אַרויף.

— האָט קיין פאַראיבעל ניט, — רוף איך מיך אָן צו איהם — נאָך ווען האָט איהר דאָס יאָהרצייט: נאָך אַ טאַטען, צי נאָך אַ מאַמען?

— וואָס איז דען? — מאַכט ער צו מיר. — וואָס איז אייך עפּיס איינגעפאַלען, אַז איך באַדאַרף היינט האָבען יאָהרצייט?

— גלאַט, — זאָג איך — איך שמועס עס אַקעגען דרינען, וואָס איהר געהט דאַוונען.

— וואָס הייסט? — מאַכט ער צו מיר. — ס'איז דאָך היינט פרייטאָג־צו־נאַכטס!

— איך ווייס גאַנץ גוט, — זאָג איך — אַז ס'איז פרייטאָג־צו־נאַכטס, דערפאַר פרעג איך טאַקי, וואָרום ביי אונז אַזעלכע, איך בעט איבער אייער כבוד, פראַנטען, ווי איהר, געהען זעלטען פריי־טאָג־צו־נאַכטס אין שוהל אריין.

— אַזוי? — מאַכט ער צו מיר. — וואָס זשע דען טהוען זיי שבת?

— איך ווייס — זאָג איך — וואָס זיי טהוען? זיי געפינען זיך שוין מסתמא איין ארבייט: מע האַפּט אַ קערטעל, אַז קיינער זאָל ניט זעהען...

— וואָס האַפּט מען? — מאַכט ער צו מיר.

— אַ קערטעל — זאָג איך — האַפּט מען: איין „אָקעלע“, אַ „סטוקעלקע“, אַ „באַנטשאָק“, אָדער גאָר אַ „טערטעל־מערטעל“.

— וואָס הייסט דאָס — זאָגט ער — „טערטעל־מערטעל“?

— כלומפרשט! — זאָג איך. — וואָס מאַכט איהר זיך גע־פגר'ט? מע שפּיעלט דען נישט ביי אייך אין קאָרטען?

— אָך, קאָרטען? — מאַכט ער צו מיר. — ביי אונז שפּיעלט מען שוין נישט אין קיין קאָרטען; ביי אונז איז פאַרהאַן אַ סך בעסערע פאַרגעניגענס דערפון... אָט איז אונזער שוהל.

— וואו? — מאַך איך צו איהם.

— אָט דאָס איז זי! — זאָגט ער צו מיר און פיהרט מיך צו

צו א הויכען מויער, א שענעם, מיט ווייסע מירמעלשטיינערנע זיי־לען, מיט א מחיה׳דיגען גארטען ארום און ארום, און בעלייכט, בע־גאסען פון אויבען ביז אראפ מיט א מין משונה־מאדנע ליכטיגקייט, אז מע קאן בלינד ווערען.

„אט דאס הייסט ביי זיי א שוהל?“ — טראכט איך מיר און איך דערמאן מיך אן אונזער גרויסען בית־המדרש, וואס שטעהט אנגעבויגען „כורעים“ שוין פון היבשע עטליכע יאהר, אונטער־געשפארט מיט סטופעס, וואס יונגלעך קונדסים קלעטערען דורך זיי אויפ׳ן דאך; די ווענט זענען הויל, נאקעט, ארומגעגריזעט פון די ציעגען, און דער ריח לאזט זיך הערען פון דער ווייטען...

ביי דער טהיר באגעגענט אונז איינער א הויכער מיט גאלדענע קנעפ, עפענט אונז אויף די טהיר און טהוט זיך א בויג בשעת מעשה, ווי איינער רעדט: „ברוך הבא, א איד, סקאצעל קומט!“

אריינגעקומען אינוועניג, בלייב איך שטעהן פארגאפט. די שוהל איז פון אויבען ביז אראפ איינגעטונקען אין גין־גאלד, און פון דער ליכטיגקייט, וואס גיסט זיך פון אלע זייטען, פינקעלט, שעמע־רירט אין די אויגען. איינער מיט א שווארצען לאקשענטאפ אויפ׳ן קאפ, מיט א לאנגער זשיפעצע מיט קנעפ און מיט א מגן־דוד צוגעשפילעט צו דער זייט, געהט־צו צו מיר שטילערהייד און טהוט מיר א וואונק, איך זאל געהן מיט איהם.

— מע האט מיר געזאגט וועגען אייך, — מאכט ער צו מיר — זייט זיך מטריח מיט מיר אויף איין מינוט.

— ווער, זאג איך, זענט איהר? קודם־כל נאט אייך אפ שלום־עליכם.

— עליכם שלום! — מאכט ער צו מיר. — איך בין דער שמש פון דער שוהל.

„דער שמש! א שענער שמש! — טראכט איך מיר. — איין אויסגעפוצטער מיט א מגן־דוד, פונקט ווי, להבדיל, ביי אונז, פעהלט ניט א האר: אהן א צעפיצעלטער קאפאטע, אהן אויס־

געדרעהטע שטיוועל, אָהן אַ פֿליסענעם קאַרטוז, אָהן אַ נאָז מיט טאַבעקע"...

— וואוהין פיהרט איהר מיך? — זאָג איך צו איהם. — ווייזט מיר בעסער איין אָרט, וואו איך קאָן אָפּלעגען אָט דאָס פּעקעל מיינס.

— קומט, קומט, — מאַכט ער צו מיר און נעמט צו ביי מיר דאָס פּעקעל און פיהרט מיך אַריין אין אַ באַזונדער ליכטיג חדר'על, צו אַ ווייסען מירמעלשטיינערנעם וואַשקאַסטען, דערלאַנגט מיר אַ שטיקעל זייף מיט אַ קלאָר־וויים האַנטיכעל און לעגט מיר פאָר, איך זאָל מיך מטריח זיין אַביסעל איינוואַשען זיך.

„וואָס איז דאָס פאַר אַ משוגעת? — קלעהר איך מיר. — וואַשען די הענט — דאָס פאַרשטעה איך; דערויף איז פאַרהאַן ביי אונז אויך אַ האַנטפאַס אין שוהל מיט אַ גרויסער פּאָמעניצע ביי דער טהיר. נאָר אין אַ שוהל זאָל מען זיך באַדאַרפען וואַשען גאָר און זייפען — דאָס פאַרשטעה איך שוין ניט!"

— ווער האָט אייך געזאָגט וועגען מיר? — רוף איך מיך אָן צום שמש.

— דער הערר שניידער.

— וואָסער שניידער?

— אָט דער, וואָס איהר זענט מיט איהם געגאַנגען.

— אַזוי? — זאָג איך. — איז ער סך־הכל אַ שניידער? אַ „בעל־מלאכה", הייסט דאָס? היינט וואָס איז מיט איהם אַזוי דער יחוס, וואָס ער געהט אַזוי אויסגעפּוצט און דעם קאָפּ פאַרריסען אַרויף, גלייך ווי, איך בעט איבער אייער כבוד, עפּים רעכטס?

— ער איז גבאי ביי אונז אין שוהל. — מאַכט צו מיר דער שמש מיט גדלות.

— אַזוי? — זאָג איך. — איז דאָס, אַפנים, אַ שניידערשע שוהל ביי אייך?

— ניין, — מאכט ער — ס'איז ניט קיין שניידערשע, ס'איז א א י ד י ש ע שוהל.

— איך וויים, —זאג איך — אז ס'איז א אידישע, ניט קיין גויישע. נאר זאגט מיר, איך בעט אייך, ווי קומט צו אייך א שניידער א גבאי? מע האט, אפנים, נישט געקאנט געפינען קיין אנדערען אויף אויסצוקלויבען? ווי זאגט מען: במקום שאין איש איז הערינג פיש...

— א שניידער איז דען קיין איד ניט? — מאכט ער צו מיר און עפענט אויף א שאפקעלע און נעמט ארויס פון דארטען א הויבען שווארצען ספאדיק און בעט מיך, איך זאל אויסטהון מחילה מיין וועג־מיצעל און זאל אנטהון אט דעם „צעלענדער“.

— משוגע, — זאג איך — צי חסר דעה בין איך? וואס הייסט, פלוצים אין מיטען דערינען וועל איך מיך אנטהון, ווי א מארשאלאק? א קאמעדיאנטשיק?

— איהר מוזט אבער אנטהון א „צעלענדער“. — מאכט ער צו מיר מיט א פריינדליך שמייכעלע. — ביי אונז נעהען אלע אין צעלענדערם; אנדערש קאן מען ניט אריינטרעטען צו אונז אין שוהל ארייז.

— איטליכע שטאדט האט זיך איהר משוגענעם, — זאג איך — און ביי אייך זענען, אפנים, אלע משוגעים? ס'איז דאך ביי אייך סדום, איהר זענט דאך עפים דא, ווי איך בין א איד, ווילדע מענטשען, פראים!

— איהר מוזט אבער אנטהון דעם „צעלענדער“, — מאכט ער צו מיר נאך אמאל, שוין מיט אזא ניגון, ווי איינער רעדט: „ווילט איהר אזוי — איז גוט, אלא ניט — געהט אייך געזונטערהייד“. און דא ווערד שפעט, שוין שבת, וואס טהוט מען? געהן זוכען ערגיץ איין אנדער שוהל? „טא, אויך די אייגענע מעשה, — טראכט איך מיר, — אז איך האב מיך שוין אריינגעחאפט צווישען משוגעים, העלפט עפים חכמות?“ איך טהו אן דעם „צעלענדער“ און געהענ־

דיג פארביי דער גלעזערנער טהיר, חאפ איך א קוק אויף מיין גע־שטאלט און קוים וואס איך האלט מיך איין פאר געלעכטער.

— ווי געפעלט אייך — רוף איך מיך אן צום שמש, געהענדיג — ווי געפעלט אייך אט דער שמייגער מיט׳ן קוימען?

דער שמש אבער ענטפערט מיר נישט דאס אנדערע וואָרט; ער באזעצט מיך גאנץ אויבען־אן און איז מיך מכבד מיט א סידור׳על. איך הויב מיך אן ארומצוקוקען, וואו בין איך אין דער וועלט? שענע געפאליטירטע בענק שטעהען אלע מיט׳ן פנים אהין. אויף דער ערד ליגען אויסגעבעטע שענע ווייכע קאוויארען, נישטא וואו אויסצושפייען. דער עולם — אויסגעזעצט, ווי די מחותנים, אנ־געטהאן שבת׳דיג, אלע מיט שווארצע הויכע „צעלענדערס" אויף די קעפ, מע זיצט און מע שווייגט — וואס איז דאס פאר א פאלק? איך טהו א וואונק צום שמש, ער געהט־צו צו מיר אויף די שפיץ־פינגער.

— זאגט מיר, איך בעט אייך, וואו איז דא ערגיץ ביי אייך מזרח?

— מזרח? — מאכט ער צו מיר און טהוט מיר א וויז מיט׳ן האנד ארויף, אז אהין איז מזרח.

— איך ווייס אליין, — זאג איך צו איהם — אז מזרח איז אהין, קיין מזרח זייט, נישט קיין פצון זייט; איך פרעג אייך, וואו איז ביי אייך דא דער אויבען־אן?

— וואסער אויבען־אן?

— בראש פארשטעהען זיי נים וואס מע רעדט צו זיי! וואו זיצען דא ביי אייך די נגידים, דער תפארת פון דער שטאדט?

— אלע איינס! — מאכט ער צו מיר.

— וואס הייסט, זאג איך, אלע איינס? ביי אייך איז, אפנים, הפקר ציבעלעס? וואו ווער סע וויל, דארט זעצט ער זיך?

— וואו ווער סע וויל, דארט זעצט ער זיך, — מאכט ער צו מיר מיט מיינע ווערטער.

„משונעים! — זאָג איך צו זיך אַליין, און צעלאַך מיך. — מע זאָל ביי אונז זאָגען אַ נגיד, ער זאָל זיך זעצען אין שפּיעגעל־באַנק, נישט גאַנץ אויבען־אָן, — איך ווייס? די וועלט וואָלט געהאַט צו טהון! אָדער, אַשטייגער, אַ קבצן זאָל האָבען די העזה אַרויפקריכען אין מזרח, וואָלט געוועזן הימעל עפּען זיך. פאַר־אַ־יאָהרען האָט זיך געטראָפען ביי אונז אַ מעשה, עס האָט זיך פאַרקויפט אַ מזרח־שטאָדט אין אַלטען בית־המדרש, האָט זי ישראלי דער קצב געדונגען, איז געוואָרען אַ רעש צווישען די נגידים: „סטייטש, מיר וועלען דערלאָזען אַ קצב זאָל זיך רוקען אין מזרח? אָבער גאָר לאָ!“ די נגידים האָבען זיך צענויפגעלעגט און האָבען די שטאָדט אָוועקגעקויפט, באַדאַי זי זאָל שטעהן לעדיג, אָבי דער קצב זאָל האָבען אַ מכה, נישט קיין מזרח!...“

פּלוצים דערהער איך, עס טהוט אַ זעץ פון אויבען עפּיס אַ מין געזאַנג, אַ מישמאַש פון פאַרשיעדענע קולות, וואָס איך האָב אויף מיין לעבענסטאָג אזעלכעס נישט געהערט. עס גיסען זיך אַלערליי זיסע שטימען, נידעריגע און נאָך נידעריגערע, הויכע און נאָך העכערע, און אַלע אינאיינעם גיסען זיך צענויף אין איין געזאַנג און רינען, אַזוי ווי אַ מין בוימעהל, ממש עס צעגעהט זיך אין יעדען אבר. איך וואָלט געמעגט שווערען, אַז איך הער אַ קול פון אַ פּיעדעל, פון אַ פלייט, פון אַ טרומייט און פון אַ באַס — אַ גאַנצע קאַפּעליע כלי־זמר... און עס וואַקסט אויס, ווי פון אונטער דער ערד, עפּיס אַ מין שלאַק אין אַ טלית'על, מיט אַ ווייסען כּפּאָדיק אויפ'ן קאָפּ. אַפּנים, דאָס איז זייער חזן? — ער מאַכט עפּיס מאָדנע אַנשטעלען, בויגט זיך און בוקט זיך און הויבט אָן צו זינגען „מה טובו“.

„סאַ משל! — זאָג איך צו זיך אַליין. — פרייטאָג־צו־נאַכטס גאָר פון מה טובו! וואו איז דער ערב שבת'דיגער „הודו לה' כי טוב?“ וואו איז דער „ידיד נפש אָב הרחמן?“ וואו איז עפּיס מנחה? — ווילדע מענטשען!“

תיכף נאָכ'ן חזן בעוויזען זיך אויף דער סצענע נאָך א צוויי־דריי נפשות מיט שווארצע קוימענס אויף די קעפ; צווישען זיי דערקען איך מיין הויכען שניידער — אפנים, דאָס זענען די גבאים פון דער שוהל? — און איינער מיט א שווארצען פיערעקעכיגען ספאָדיק און מיט א ווייסען קאָלנער; זיי זעצען זיך אוים אלע פיער אויבען־אָן, ווי די טאָקען, איינס אקעגען דאָס אנדערע, און דער חזן עפענט אויף א געמבע, פליהט איבער פון „מה טובו" גלייך צו „לכו נרננה" (ווי געפעלט אייך אזא שפרונג?). איך דערהער, אז עס האלט ביי „קבלת שבת", טהו איך דאָך מסתמא א זאָג דעם „לכו נרננה" אויף א קול מיט א ניגון, ווי איך בין געוואָהנט גע־וואָרען. איך מיין, אז דאָ וועט שוין דער גאַנצער עולם אָנהויבען צו דאַווענען — ווער? וואָס? וועמען? א וואָרט וויל קיינער ניט זאָגען! דער חזן הויבט אָן און די זינגערלעך לאָזען אוים, און דער גאַנצער עולם קוקט אין די סדורים'לעך, ווי א האָהן אין בני־אָדם, שעפטשעט שטילערהייד. מע האָט מורא, טאָמער וועט מען חלילה דערהערען פון זיי א וואָרט עברי...

אז ס'איז געקומען צו די „לכה־דודי'ס", האָט דער חזן אליין שוין, אָהן משוררים, אנידערגעלעגט א „מזמור־שיר־ליום־השבת'על", און דוקא אויפ'ן אידישען שטייגער, מיט אונזער פראָסטען אידי־שען נוסח — סע זאָל א רוח אין זיין טאַטען אריין! ער האָט זיך דאָס אביסעל צעלאָזט — א כפרה דוד־משה, א כפרה משה־יוסי, א כפרה אפילו דער גרויסער הערש־בער... שפעטער, אז ער איז אויסגעשטאַנען שמונה־עשרה, האָט ער זיך אויסגעדרעהט מיט'ן פנים צום עולם (שטעלט אייך פאָר א מין חזן: איהר זאָלט זאָגען א סימן פון א באָרד, אויסגעפוצט ווי א מויד, אָהן א שום קנאָפ אין גאָרגעל, אָהן א שום פעטשיילע אויפ'ן האלז און אָהן א טראָ־פען שוויים!), דער שמש מיט'ן מגן־דוד האָט איהם אונטערגע־טראָגען א גאָלדענעם בעכער מיט וויין, און דער שענער חזן האָט געמאַכט קידוש, און דוקא הויך אויפ'ן קול. דאָס ערשטע מאָל

אויף מיין לעבען הער איך, אז אין א שוהל זאָל מען מאַכען קידוש — איך האָב געמיינט, איך וועל פּלאַצען פאַר געלעכטער! נאָכ'ן קידוש האָט מען נאָך עפּיס געזונגען, און דער עולם האָט זיך אָנגע־הויבען צעגעהן שטיל, אָהן א „גוט שבת“, געקוועטשט זיך איינס דאָס אַנדערע די הענט, געזאָגט איינער דעם אַנדערען: „לשנה הבאה בירושלים“ (א משל!) און איבערגעוואונקען זיך מיט די אויגען גאָר פריינדליך. געגאַנגען איז מען איינציגווייז, נישט געהאַפּט זיך, נישט געשטופּט זיך — מאָדנע אידען!

נאָכ'ן דאַווענען איז דער שמש צוגעגאַנגען צו יענעם, וואָס מיט'ן פּיערעקעכיגען ספּאָדיק און מיט'ן ווייסען קאָלנער, און האָט איהם איינגערוימט א סוד אויפ'ן אויהער. נאָכדעם איז ער צוגע־גאַנגען צו מיר און נאָך איהם די דריי גבאים מיט מיין הויכען שניידער בתוכם.

— דאָס איז אונזער חערר ראַבינער, — מאַכט צו מיר דער שמש שטילערהייד — אונזער רב.

„נישקשה פון א רב'על! — טראַכט איך מיר. — אָט דאָס פּסק'עט שאלות?“

— שלום עליכם! — מאַכט צו מיר דער רב און קוועטשט מיך ביי דער האַנט, און נאָך איהם געבען מיר אָפּ שלום די איבעריגע צוויי גבאים.

— עליכם שלום אייך, — זאָג איך — וואָס מאַכט איהר גוטס?

— מה שמכם? — מאַכט צו מיר דער רב.

— וואָס עפּיס אויף לשון־קודש? — זאָג איך. — איהר רעדט אפשר נישט קיין דברי־חול אים שבת? מיין נאָמען איז משה. פאַרהאַן ביי אונז דריי משה'ס: איינער א הויכער, רופט מען איהם „משה דער קליינער“; איינער א קורצער, רופט מען איהם „משה דער גרויסער“; און מיך רופט מען גלאַט משה.

אַלע דריי גבאים מיט'ן שמש קוקען זיך איבער און שמייכ־לען איינס צום אַנדערען.

— איך האָב געהערט, — מאַכט צו מיר דער רב — אַז איהר קומט אָן פון אַ ווייטער מדינה, פון יענעם לאַנד, וואו עס געפינען זיך די רויטע אידלעך. וואָס מאַכען עפּיס דאָרטען אונזערע ברידער נעבאַך?

— וואָס זאָלען זיי מאַכען? — זאָג איך. — ווער סע האָט די קלינגערס, דעם איז גוט, ווי זאָגט מען: המבדיל בין קודש לחול, ווער עס האָט געלט, דעם איז וואויל, און ווער עס האָט ניט קיין געלט, דער ליגט נייען איילען אין דער ערד, איך בעט איבער אייער כבוד, און באַקט בייגעל. און ווער שמועסט די לעצטע צייט, זינט עס האָבען זיך אָנגעהויבען ביי אונז די „בהלות", איז נאָך ערגער: מע לויפט וואוהין די אויגען טראָגען, איינער ווייסט ניט פונ'ם אַנדערען. אָט בין איך פאַרפאָהרען אַהער, פרעגט מיך, ווי אַזוי — ווייס איך אַליין ניט. די ערשטע צייט איז אפילו געווען ביי אונז דאָרטען „קאָמיטעטען", וואָס האָבען באַדאַרפט זאָרגען פון אונזערטוועגען, נאָר עס האָט זיך אויסגעלאָזט פון זיי, איך בעט איבער אייער כבוד, אַ בוידעם...

איך האָב גערעדט און גערעדט, זיי דערצעהלט אַלסדינג, וואָס ביי אונז טהוט זיך, און די גבאים מיט'ן רב מיט'ן שמש זענען גע־שטאַנען און האָבען מיך באַטראַכט, ווי עפּיס אַ זעלטענעם פאַרשוין, וואָס מע זעהט דאָס גאָר ניט! ביי איטליכם מאָל, וואָס איך האָב דערמאָנט די רויטע אידלעך, ווי אַזוי זיי ווערען נעבאַך פאַר־שוואַרצט, האָבען זיי געזיפצט, רחמנות געהאַט; איך האָב געזעהן, אַז עס עקט זיך זיי דאָס חיות...

— איך מיין, — מאַכט צו מיר דער רב מיט אַ פריינדליך שמייכעלע — אַז איהר באַדאַרפט זיין רעכט מיעד פונ'ם וועג און הונגעריג?

— גלייך ווי איהר זענט געווען דערביי, — זאָג איך.

— מיר וועלען נאָך צייט האָבען, מאַכט ער, צו שמועסען;

אצינד קומט, זייט מוחל, צו מיר, איך פארבעט אייך צו מיר אויף שבת.

— האָט קיין פאראיבעל ניט, הערר דאָקטאָר, — רופט זיך אָן צו איהם דער הויכער שניידער — דער איד איז מיינער, איך האָב איהם שוין פארבעטען צו זיך נאָך געהענדיג מיט איהם אהער אין שוהל אריין.

— שאַדע! — מאכט דער רב דער דאָקטאָר.

— ווען — זאָג איך — זאָרגט זיך איין אָרעמאַן? אז ער האָט צוויי חתונות אין איין טאָג.

דער רב דער דאָקטאָר, יענע צוויי גבאים און דער שמש לאַכען. נאָר איך זעה, אז זיי זענען שטארק מקנא דעם שניידער, וואָס ער האָט מיך פארבעטען פריהער, אויסגעחאפט די מציאה — א גליק האָט איהם געטראָפען!...

„משונה־מאָדנע אידען! — אזוי טראכט איך מיר, געהענדיג מיט מיין שניידער צו איהם אויף שבת.— קיין מזרח איז ביי זיי ניט פארהאַן... דעם אויבען־אָן טרעטען זיי אָפּ יענעם... נגידים און קבצנים איז ביי זיי גלייך... א דאָקטאָר איז ביי זיי א רב, א שניידער איז א גבאי און א שמש טראָגט א הויכען ספּאָדיק... איין אורח איין אָרעמאַן איז ביי זיי נאָר איין אבן טוב, א איד איז ביי זיי א גאנצער אנטיק. מע שלאָגט זיך פאר א אידען — ריינע משוגעים!“...

# דאָס דריטע קאַפּיטעל.

(ביי'ם שניידער אין שטוב. — דאָס ווייב גיט איהם אָפּ שלום. — די טעכטער רעדען לשון־קודש. — ער ווערד געוואָהר פון משונה־מאָדנע זאַכען. — ער רעדט וועגען ארץ־ישראל.)

אריינגעקומען צום שניידער אין שטוב אריין, האָט מיר מיט א מאָל א זעץ געטהאָן אין פּנים אריין א מאָדנע מין ליכטיגקייט, א פרייליכקייט און א היימליכקייט, וואָס לאָזט זיך גאָר ניט באַ־שרייבען. באגעגענט האָט אונז טאַקי זיין ווייב, די שניידערין, אָנגעטהאָן ווי א „מאדאם", נישט מיט קיין פּערעל, ווי ביי אונז א נגידית, נאָר גלאַט אזוי אויסגעפּוצט, שען און ציכטיג. נעבען דער „מאדאם" זענען געשטאַנען צוויי מיידלעך, דעם שניידער'ס טעכטער, שענע, אזוי ווי גין־גאָלד, מיט שווארצע האָר און מיט שווארצע פייעריגע אויגען.

— גאָט האָט אונז צוגעשיקט איין אורח. — רופט זיך אָן צו זיי דער שניידער מיט א גדולה. — איך האָב אייך געבראַכט א אי־דען, איינעם פון אונזערע ווייטע־ווייטע ברידער, וואָס מע רופט זיי מיט'ן נאָמען „די רויטע אידלעך".

— שלום עליכם! — רופען זיך אָן צו מיר אַלע דריי ווייבער און געבען מיר די האנד, פּונקט אויף דעם שטייגער, ווי ביי אונז מאַנסבילען.

— עליכם שלום, — זאָג איך צו זיי — דאָס ערשטע מאָל אויף מיין לעבען טרעפט זיך מיר, אז, איך בעט איבער אייער כבוד, נקבות זאָלען גאָר אָפּגעבען שלום!

דעם שניידער'ס צוויי טעכטער האָבען צווישען זיך עפּיס אָנ־געהויבען צו שמועסען אויף א מין מאָדנע שפּראַך, וואָס איך וואָלט געמעגט שווערען, אז ס'איז אונזער לשון־קודש; נאָר זיי האָבען גערעדט אזוי גיך, אז איך האָב נ'ט פארשטאַנען איין וואָרט אפילו.

דער שניידער האָט אַ וואונק געטהאָן צו דער שניידערין, און די „מאַדאַם" האָט מיך אַריינגעבעטען אין'ם אַנדערען חדר, וואו ס'איז שוין געשטאַנען אָנגעגרייט אַ טיש מיט כל טוב, און געבעטען מיך, איך זאָל „פאַרנעמען אַ פּלאַץ".

— האָט קיין פּאַראיבעל ניט, — זאָג איך — מיין פּלאַץ וועט מסתמא נישט אַנטלויפען; איך בין אַ איד, וואָס קאַטאָרי בין גע־וואָהנט געוואָרען מאַכען קידוש, איך קאָן נישט יוצא זיין מיט אייער שענעם חזן מיט'ן ספּאַדיק, וואָס האָט אָפּגעמאַכט אין שוהל קידוש פאַר אַלע אידען.

— אָך! — מאַכען זיי צו מיר און טראָגען מיר אונטער אַ שענעם זילבערנעם בעכער מיט אַ פלאַש וויין און שטעלען זיך אוועק הערען, ווי איך מאַך קידוש.

אָפּגעמאַכט קידוש, רוף איך מיך אָן צום בעל־הבית:

— ווייסט איהר, וואָס איך וועל אייך זאָגען? ס'איז אַ רעכט ביסעל משקה אָט דאָס אַ! איך האָב שוין לאַנג אַזאַ גלעזעל וויין ניט געטרונקען. עס צעגעהט זיך אין אַלע אברים!

— דאָס איז טאַקי אונזער וויין, — רופט זיך אָן צו מיר דער שניידער מיט גדלות.

— וואָס הייסט, —זאָג איך — איהר האַלט אַ ווייגשענק אויך? אויב אַזוי, איז שוין רעכט: אפנים, אַז פון שניידעריי אַליין קאָן מען אַזוי ניט לעבען?

— ניין, — מאַכען זיי צו מיר מיט אַ פריינדליך שמייכעלע — איהר האָט אונז ניט פאַרשטאַנען, וואָס מיר האָבען אייך געזאָגט; אונזער וויין — מיינען מיר א י ד י ש ע ן וויין.

— ס'אַ משל! — זאָג איך. — וואָס דענן, נסך וועט איהר מיר געבען?

— אָך, ניין! ס'איז אונזער אייגענער אידישער וויין פון אונ־זערע אייגענע אידישע וויינגערטנער, וואָס ביי אונז אין ארץ־ישראל.

— בײַ איך — זאָג איך — אין ארץ־ישׂראל? ארץ־ישׂראל איז דאָך דערװײַל דעם טערק׳ס!

— ארץ־ישׂראל — רופט זיך אָן צו מיר דער שנײַדער מיט ברע־נענדיגע אױגען — ארץ־ישׂראל איז א ו נ ז ע ר ס; ארץ־ישׂראל איז ג ע װ ו ע ן אונזערס און עס װעט ז ײַ ן אונזערס!

— אָמן הלואי! — מאַך איך צו איהם. — בײַ אונז זאָגען מיר אױך אַלע מאָל לשנה הבאה בירושלים. נאָר לאָז פריהער קומען משיח, װעלען מיר אַלע, אם ירצה השם, געהן קײַן ארץ־ישׂראל. דערװײַל האָט נאָך דאָרטען דער טערק צו שאַפען, און מיר זענען נאָך אַלץ די אײַנגענע שלעפּערס, דרעהען זיך ארום פון שמוני׳ן צו בוני׳ן און זוכען דעם נעכטיגען טאָג...

איך האָב געזעהן, אז דער שנײַדער װיל מיר עפּיס אָפּענטפע־רען; נאָר די שנײַדערין האָט איהם אָפּגעהאַלטען און האָט א זאָג געטהאָן צו איהם מיט א שמײכעלע:

— דעם שמועס לאָז איבער אױף נאָך װעטשערע; לאָז דער אורח זיך געהן װאשען, ער קעהר אודאי װעלען עסען.

„נישט קײַן נארישע אידינע, — קלעהר איך מיר — חאַטש א שנײַדער׳ס א װײַב!“

— לאָם איך האָבען אזא יאָהר, װי איהר זענט גערעכט! — זאָג איך צו איהר. — קײַן טאַנץ, זאָגט מען, געהט ניט פאר׳ן עסען...

גאַנץ פײַן געװאַשען זיך, זעצען מיר זיך צום טיש. מיך בע־זעצען איז איהם אױסגעקומען פונקט נעבען זײַן װײַב. שנײַדער בלײַבט שנײַדער... ס׳איז מיר אױסגעקומען אביסעל פריקרע, אי־בער דער טבע, נאָר דאָס פרײַנדשאַפט פון די בעלי־בתים צו מיר איז געװען אזױ גרױס, אז איך האָב מיך אָנגעהױבען צו פיהלען דאָ גאַנץ הײמיש. אײן זאַך האָט מיר נאָר אױסגעװיזען אביסעל װילד — דאָס, װאָס דעם שנײַדער׳ס טעכטער רעדען צװישען זיך אױף זײער

שפּראַך, וואָס איז שטאַרק פּ אַ ח אָ ז ש ע אויף אונזער לשון־קודש.

— האָט קיין פּאַראיבעל ניט, — רוף איך מיך אָן צו מיינע בעלי־בתים — וואָס איך וועל אייך פרעגן; ווער עס פרעגט, דער בלאָנזעט ניט: אויף וואָס פאַר אַ שפּראַך רעדען דאָס אייערע מיידלעך?

— אויף אָ ו נ ז ע ר שפּראַך, אויף העברעאיש, — זאָגען זיי צו מיר. — איהר פאַרשטעהט דען ניט קיין לשון־קודש?

— צי איך פאַרשטעה, — זאָג איך — איז קיין חדוש ניט; איך פאַרשטעה איינינע ווערטער; אַ חדוש איז נאָר, וואָס ז י י פאַרשטעהען! ווי קומט דאָס, וואָס מיידלעך רעדען ביי אייך אויף לשון־קודש?

— וואָס הייסט, וואָס איז דאָס חדוש? — רופען זיך אָן די מיידלעך. — העברעאיש איז דאָך אָ ו נ ז ע ר שפּראַך! מע האָט אונז געלערענט אין חדר אַלע אַנדערע שפּראַכען און העברעאיש פריהער פון אַלסדינג.

— וואָס איז שייך, — זאָג איך — מיידלעך לערנען ביי אייך אין חדר? עפּיס הער איך פון אייך אַלע מאָל, איך בעט איבער אייער כבוד, ווילדע זאַכען. און וואָס איז דאָס ביי אייך פאַר חדרים אַזעלכע, וואָס מע לערענט דאָרט שפּראַכען גאָר, לשונות?

— סע רעדט זיך אַזוי חדרים! — מאַכט דער שניידער. — דאָס זענען, אייגענטליך, אונזערע אידישע שקאָלעס, אידישע גימנאַזיעס, סעמינאַריעס.

— אידישע גימנאַזיעס? סעמינאַריעס? — זאָג איך. — איהר מאַכט פון מיר חוזק. גלאַט ס'איז אַ קונץ, איהר האָט דערטאַפּט אַ אידען און פיהרט איהם אין באָד אַריין.

— הם ושלום! — מאַכען זיי צו מיר. — וואָס הייסט, מיר וועלען לאַכען פון אַ פרעמדען מענשען? אָט וועט איהר זעהן, אַז

דישע גימנאזיעס מיט אונזערע אידישע גערטנער, מיט אונזערע אי־
דישע גמילות־חסדים־הייזער, מיט אונזער אידישער באנק, מיט אונ־
זער...

— א אידישע באנק? — זאג איך און שפרינג אונטער אויפ׳ן בענקעל. — טאקי א באנק, וואס מע נעמט דארטען געלט? איז דאך עס טאקי, אפנים, איין אמת, וואס מע זאגט, אז עס וואלגערט זיך דא ביי אייך גאלד אין די גאסען?

— אין די גאסען? — זאגען זיי צו מיר. — ניין! קיין גאלד וואלגערט זיך נישט ביי אונז אין די גאסען; נאר געלויבט איז גאט, מיר האבען אלסדינג, וואס מיר באדארפען...

— האט קיין פאראיבעל ניט, — זאג איך — וואס איך שלאג אייך איבער אין מיטען די רעד. דער שמש פון דער שוהל האט מיר געזאגט, אז איהר זענט א... א... בעל־מלאכה.

— א שניידער, — מאכט ער צו מיר און גלעט זיך ביי דער בארד מיט גרוים גדלות — איך בין א שניידער, מיין פאטער איז געווען א שניידער און אלע מיינע ברידער זענען געווען שניידערס. אונזער ארבייט האט א שם.

— און פרנסה — זאג איך — האט איהר, ווי איך פארשטעה, דוקא נישקשהדיג?

— גאט צו דאנקען, — זאגט ער — חוץ דאס הויז, האב איך נאך צוויי הייזער.

— אייגענע?

— וואס דען, פרעמדע?

— ריינע? נישט קיין פארזעצטע?

— אודאי. ווי דענן אנדערש?

— נו, און איהר ארבייט נאך היינט אויך מיט דער נאדעל?

— אודאי. איך האב געארבייט, איך ארבייט און וועל אר־בייטען.

— אויב אזוי, — זאג איך — פארשטעה איך אייך ניט, וואס

איהר זענט פאַר מענטשען; האָבען הייזער אייגענע, נישט קיין פאַרזעצטע, און זיצען שטשאָבען מיט דער נאָדעל, — דאָס קומט שוין אויס ביי מיר, האָט קיין פאַראיבעל ניט, פריש און געזונט און משוגע! נאָך איין זאַך האָב איך אייך געוואָלט פרעגען: ווי קומט דאָס, וואָס איך זעה נישט ביי אייך קיין דיענסט? אין אייער גראַד, קיין עין הרע, זאָל מען נישט האַלטען חאָטש איין דיענסט אין שטוב?

— אונזערע דיענסטען — רופט זיך אָן צו מיר די שניידערין — זענען שבת און יום־טוב פריי, אַזוי ווי ביי אונז אין דער תורה שטעהט געשריבען...

— אין דער תורה? — זאָג איך. — ס'איז מיר אַ חדוש, וואָס איהר ווייסט די תורה בעסער ווי איך; איך בין, דאַכט זיך, מעביר די סדרה אַלע פרייטאָג, און איך געדענק עפּיס נישט אין דער תורה, אַז דיענסטען זאָל מען גאָר לאָזען אויף שבת פריי?

— וואָס רעדט איהר? — מאַכט צו מיר איינע פון איהרע טעכטער און טראָגט מיר צו אַ תנ"ך'על און ווייזט מיר אָן אויף אַ פּסוק אין דער סדרה „ואתחנן", וואו עס רעדט זיך וועגען שבת: „...למען ינוח — בכדי עס זאָל רוהען, עבדך — דיין קנעכט, ואמתך — און דיין דיענסט, כמוך — אַזוי ווי דו"...

— סאַ משל! — זאָג איך. — מע זאָל וועלען מקיים זיין אַלס־דינג, וואָס אין דער תורה שטעהט! איך פאַרשטעה ניט איין זאַך: וויבאַלד אַז איהר לאָזט די דיענסטען פריי, ווער זשע דערלאַנגט אייך צום טיש?

— די קינדער, — מאַכט צו מיר די שניידערין — מיינע קינ־דער זענען אַזוי ערצויגען, אַז זיי טהוען אַלסדינג; זיי קאָנען קאָ־כען און באַקען און וואַשען און פּרעסען. איהר זעהט אָט די קווי־לעטשען? דאָס איז מיין עלטערער טאָכטער'ס אַרבייט.

— אַז אייער טאָכטער — זאָג איך — איז יאָ אַזאַ געראָטענע,

קומט דאָך איהר א חתן א רעכטען; אפשר וואָלט איך איהר גע־רעדט א שדוך פון אונזערע מקומות?

— אָ? — רופט זיך אָן צו מיר דאָס עלטערע מיידעל מיט א געלעכטער. — איך דאַנק אייך זעהר, איך בין שוין א כלה.

— האָסט דו עפּיס א פיינעם חתן? — מאַך איך צו איהר.

— אָ! — רופט זי זיך אָן, ווערד רויט ווי פייער און טראָגט מיר צו א „מעדאַליאָן" מיט א „פּאָטרעט" פון עפּיס א פּאַרשוין מיט „פּאַליעטען".

— וואָס איז דאָס — זאָג איך — פּאַר א „ידנעראַל"?

-- דאָס איז א אינזשעניער פון ארץ־ישראל, — מאַכט צו מיר דער שניידער מיט גרויס גדלות, — ער דיענט דאָרט ביי דער באַהן, וואָס מיר בויען ביי אונז אין ארץ־ישראל.

— וואָס פּאַר א מחותן — זאָג איך — זענט איהר מיט ארץ־ישראל? און ווי קומט איהר אַהין?

— מיר פאָהרען אַהין — זאָגט ער — אַלע זומער. דאָרט איז פּאַרהאַן...

— איך וויים — זאָג איך — וואָס דאָרט איז פאַרהאַן. איך וויים! דאָרטען איז פאַרהאַן די פּאַרוויינטע וואַנד („כותל מערבי"), דער „מוטער רחל'ס קבר", די „מערת־המכפלה"; ציעגען, זאָגט מען, עסען דאָרטען באָקסערען און אַלטע אידען פאָהרען אַהינצו שטאַרבען...

— עהע־הע! — רופט זיך אָן דער שניידער מיט א געלעכטער, און אַלע קוקען אויף מיר און לאַכען. — עס זעהט אויס, אַז איהר קומט טאַקי צו פאָהרען פון הינטער די הרי־חושך; איהר ווייסט גאָר ניט, וואָס אין ארץ־ישראל טהוט זיך. דאָס איז אַלע געוועזן א מ אָ ל, א מ אָ ל!...

— וואָס הייסט אמאָל? — זאָג איך. — נו, און היינט?

— היינט — זאָגט ער — האָבען מיר שוין דאָרטען, ברוך השם, אונזערע עטליכע הונדערט קאָלאָניעס, גאַנצע דערפער אייגע־

נע, ווײנגערטנער און ווײנקעהלערס, אלערלײ געשעפטען, פאברי־קעס, שיפען און באהנען אײנענע...

— טע־טע־טע! — רוף איך מיך אָן צו איהם. — איהר הויבט שוין אָן, מײן ליעבער שנײדער, דאכט מיר, פארקריכען אין „אלף הששי“ אַרײן; איך האָב מורא, אז אָט נאָך אביסעל, וואכסט אויס בײ אײך א פאפיערענע בריק... לאָז מען בעסער געבען אביסעל „מים־אחרונים־וואסער“, וועלען מיר בענטשען. איך וועל אײך זאָגען דעם אמת, עס דרעהט זיך מיר אזוי דער קאָפּ פון אײערע מעשיות, אז איך מוז מיך געהן צולעגען...

נאָכ׳ן בענטשען האָט מען מיך אַרײנגעפיהרט אין א באזונדער ציכטיג חדר, וואו ס׳איז שוין געווען צוגעגרײט פון מײנעטוועגען א נאכטלעגער מיט אלע שאַלעמויזען.

אזוי ווי איך האָב מיך אַרײנגעלעגט אין בעטעל אַרײן, אזוי בין איך אנשלאָפען געוואָרען, און עס האָט זיך מיר געפלאָנטעט א גאנצע נאכט משוגעים, ארץ־ישראל־אידען מיט טערקישע שאלען, מיט מײדלעך, וואָס געהען אין „צעלענדערס“ און רעדען לשון־קודש, און איך אלײן בין גאָר א מין „ידנעראל“ מיט „פאליעטען“, און איך פיהר די רויטע אידלעך אויף א פאפיערענע בריק... איך לויף, און די רויטע אידלעך לויפען מיר נאָך... פלוצים פיהל איך, ווי די בריק ברעכט זיך... אָט־אָט פאלען מיר, חס ושלום, אלע אַרײן אין ים אַרײן... איך שרײ „שמע ישראל“ און... חאפּ מיך אויף — אָהאָ, גרויסער טאָג, ס׳איז שוין צײט אין שוהל אַרײן...

## דאָס פיערטע קאַפּיטעל.

(ער חאַפּט זיך אויף פונ'ם שלאָף. — אַ שוואַרצער בחור. — שבת־דיגער טיי. — ער רעדט צו דער וואַנט. — זיי גערהען אין שוהל אַריין. — אַלע מאָל נייע חדושים.)

— וואו בין איך?

דאָס איז געווען דאָס ערשטע, וואָס עס איז מיר געקומען אויף דער מחשבה. איך האָב מיך אויפגעחאַפּט פונ'ם שלאָף און האָב מיך אָנגעהויבען אַרומקוקען, וואו בין איך אין דער וועלט? דאָס ליכטיגקייט, דאָס רייניקייט, דאָס ציכטיגקייט, וואָס ביי זיי איז! איהר זאָלט געבען אַ רענדעל פאַר אַ וואַנץ... וואו גיסט מען דאָ אָפּ נעגעלוואַסער?

איך טהו אַ קוק נעבען מיין בעטעל — שטעהט אַ וואַש־קאַסטען אַ ווייסער, אַ שפּיגעלדיגער, מיט אַ קראַן; איך טהו אַ ריהר דעם קראַן — ברענגען זאָלען זיי אויפ'ן פייער! — סע שפּריצט מיט וואַסער פון אַלע זייטען, אַ גאַנצע באָד!... פּלוצים הער איך, עמי־צער קלאַפּט מיר פון יענער זייט טהיר.

— ווער איז דאָרטען? ווער קלאַפּט?

— טראַך־טאַרעראַך!

— מיט'ן קאָפּ אין וואַנט! — זאָג איך און עפען אויף די טהיר — עס שטעהט עפּיס אַ גרויסער שוואַרצער בחור'עץ, אָנגע־טהאָן שבת'דיג, און גיט מיר אָפּ שלום־עליכם און פרעגט מיך:

— ווי אַזוי זענט איהר געשלאָפען?

— וועמענס עסק איז דאָס? — זאָג איך. — ווער זענט איהר?

— איך בין דאָ — זאָגט ער — איין אַרבייטער ביי'ם הערר שניידער. ער האָט מיך געבעטען, איך זאָל אייך אויפוואַרטען דאָ

ביז איהר וועט אויפשטעהן פונ׳ם שלאָף און געהן מיט אייך אין שוהל אריין, אויב איהר האָט חשק געהן דאַוונען.

— אזוי? — זאָג איך. — ביזט דו, הייסט דאָס, איין ארביי־טער־יונג ביי׳ם שניידער? זאָג זשע מיר, איך בעט דיך, וואָס איז מיט דיר אזוי די גדולה, וואָס דו האָסט זיך אזוי אויסגעסטראָ־צעלט, אויסגעפוצט?

— פאַר וואָס ניט? וואָס האָב איך, זאָגט ער, צו זאָרגען? הענט, ברוך השם, האָב איך, מיין באַדערפעניש פאַרדיען איך מיר, קיין ווייב און קינדער האָב איך ניט, נאָר איין אַלטען בלינדען טאַטען, וואָס זיצט ביי מיר...

— סע פאַרשטעהט זיך, — זאָג איך — ביזט געדעכט, הולי קבצן! וויפיעל נעמסט דו אַ וואָך ביי׳ם שניידער, ניט אום שבת דערמאָנענדיג?

— אַ פיפציגער, — מאַכט ער — און אַ חוץ האָב איך אַ קליינעם חלק אין געשעפט.

— וואָס? וואָס בעלעבעטשעסט דו? — מאַך איך צו איהם.— איך פרעג דיך, וויפיעל נעמסט דו אַ וואָך?

— איך זאָג דאָך אייך אַ פיפציגער, אַ חוץ פּריצענט אין גע־שעפט.

ווער עס האָט ניט געזעהען אין יענער מינוט אונזביידען שטעהען איינס אקעגען אנדערען, דער האָט קיין שענס ניט גע־זעהען.

— פופציג קאַרבען אַ וואָך? — זאָג איך. — וועה איז מיר! ביי אונז אזא בחור׳על ווי דו, אַז גאָט העלפט איהם, ער פאַרדיענט דריי קאַרבען אַ וואָך, הויבט מען איהם שוין אָן צו רעדען כלות. איך וועל דיר זאָגען דעם אמת, עס הויבט מיר שוין אָן באַנג צו טהון, וואָס מיין טאַטע האָט מיך נישט געלערענט שניידעריי.

— וואָס דען איז אייער מלאכה? — מאַכט ער צו מיר.

— מיין מלאכה? — זאָג איך. — מיין טאַטע איז ניט געוועזן

קיין בעל־מלאכה. א י ך בין נישט קיין בעל־מלאכה און מיינע ק י נ ד ע ר וועלען ניט זיין קיין בעלי־מלאכות, אם ירצה השם, מיט גאָט'ס הילף.

— וואָס־זשע דען זענט איהר?

— וואָס־זשע דען בין איך? אַ איד בין איך.

— איך מיין — זאָגט ער — וואָס איז אייער טהועכץ? נזיט וואָס באַשעפטיגט איהר זיך? פון וואָס לעבט איהר?

— פון וואָס איך לעב? — זאָג איך. — פון וואָס גאָט גיט, פונ'ם ווינט לעבט מען.

— וואָס הייסט — זאָגט ער — פונ'ם ווינט?

— אָט דאָס הייסט! — זאָג איך. — מע דרעהט זיך אַרום מיט'ן שטעקעל אין מאַרק, טאָמער וועט גאָט צושיקען דאָס, יענס, לאָקש, בוידעם, ציבעלעס — גאָט פיהרט אויס...

— און טהון, הייסט דאָס, טהוט איהר גאָר נישט?

— וואָס הייסט — זאָג איך — גאָר נישט? מע טהוט אַלס־דינג, וואָס מע קאָן.

— וואָס־זשע קאָנט איהר?

— אָט וועל איך דיר באַלד — זאָג איך — געהן דערצעהלען וואָס איך קאָן... זאָג מיר בעסער, נשמה מיינע, וואָס טהוסט דו, ניט אום שבת דערמאָנענדיג, מיט אַזוי פיעל געלט, וואָס דו פאַר־דיענסט, און פאַר וואָס האָסט דו ניט חתונה?

— איך האָב דאָך אייך געזאָגט, — מאַכט ער — אַז איך האַלט ביי זיך איין אַלטען טאַטען אַ בלינדען...

— מילא איז וואָס? — זאָג איך. — איז שוין עק־וועלט? בכן, טאָר מע ניט חתונה האָבען?

— „כבוד־אָב" ! — מאַכט ער צו מיר און שטשירעט די צייהן. — „כבוד־אָב" איז נישט קיין קלייניגקייט. מיין אַלטער, זאָל מאריך ימים זיין, לעבט זיך אָפּ ביי מיר אויף דער עלטער, ווי

**א גראַף; גאַנצע טעג ליגט ער ביי מיר אין גאָרטען און ארבייט בעסער פון א זעהענדיגען.**

— ווי קומט צו דיר — זאָג איך — א גאָרטען?

— איך האָב — זאָגט ער — א שטוב מיט א גאָרטען. דאָס האָב איך בירושה טאַקי פון מיין אַלטען.

— אויב אַזוי, — זאָג איך — מעגסט דו איהם טאַקי אָפּגעבען כבוד; ער האָט דאָס ביי דיר עהרליך פאַרדיענט. איך וואָלט א בעלן געווען ביי דיר מאָרגען, אם ירצה השם, אָנקוקען דיין שטוב און זעהען, ווי דיין טאַטע בעאַרבייט בלינדערהייד דיין גאָרטען.

— איך בעט אייך טאַקי, — מאַכט ער צו מיר — עס וועט זיין ביי מיר דער גרעסטער כבוד, און מיין אַלטער וועט זיך מחיה זיין.

— וואָס איז ער געווען, דער טאַטע דיינער? — זאָג איך צו איהם. — אויך א שניידער?

— ניין, — מאַכט ער — מיין אַלטער איז געווען כל ימיו א גערטנער.

— א גערטנער?

— א גערטנער.

— וואָס איז דאָס — זאָג איך — פאַר א פּרנסה?

— דאָס איז א מלאכה, — זאָגט ער — ווי אַלע מלאכות. מיין אַלטער איז דערויף א גרויסער ספּעציאַליסט: זייען, זעצען, פלאַנצען בוימער — דערויף איז ער איין בריה. ער האָט אָפּגעהאָרעוועט אַלע זיינע יאָהרען, צענויפגעשלאָגען א שטיקעל קאַפּיטאַל, און אויף דער עלטער האָט ער געקויפט א שטוב מיט א שטיקעל ערד און האָט בעאַרבייט און פאַרפלאַנצט א גאָרטען. ער האָט אַזוי ליעב די דאָזיגע אַרבייט, אַז אפילו איצט, בלינדערהייד, טרעט ער נישט אָרויס פון׳ם גאָרטען. ער איז קלאָר אין יעדען בוימעלע, ער ווייסט איטליכם צווייגעלע, איהם איז באַקאַנט יעדעס גרעזעלע — א קלייניגקייט, א מענטש האָט פאַרבראַכט דאָס גאַנצע לעבען אָרום

גרינוואַרג, צווישען בוימער און צווישען בלומען! ער האָט שטאַרק חשק געהאַט אויף דער עלטער אוועקפאָהרען אהין, קיין ארץ־ישראל, איז ער, ניט פאַר אייך גערעכט, געפאַלען אויף די אויגען...

„נאַ דיר אזא מין השגה! — טראַכט איך מיר. — אַ איד זאָל גאָר ליעב האָבען גרינוואַרג, בוימער און בלומען!... און אַ פּראָסטער איד אַ גערטנער האָט חשק אויף דער עלטער פאָהרען קיין ארץ־ישראל!"....

— וואָס ווילט איהר טרינקען, — מאַכט ער צו מיר — פרישע טיי, קאַווע אָדער אַ שאָל שאָקאָלאַדע?

— אַ דאַנק, — זאָג איך — איך בין דיר מוחל די פרישע טיי מיט דער קאַווע און מיט'ן שאָקאָלאַד; שבת טרינק איך טיי פון'ם אויפ'ן־אויבען, און ביי אייך איז דאָך מסתמא אַ זודיגער סאַמאָוואַר לכבוד שבת?

— חס וחלילה! — זאָגט ער. — ביי אונז איז אין דער־וואָכען אויך נישטאָ קיין סאַמאָוואַר.

— וואו זשע נעמט איהר זודיג וואַסער?

— פון'ם קראַן.

— פון וואָסער קראַן?

— פון דער וואַנט.

— פון וואָסער וואַנט?

— קומט, — זאָגט ער — וועל איך אייך ווייזען.

און ער פיהרט מיך אריין אין קעך אריין (ריין, ציכטיג, זויבער, חאָטש שפּיעגעל זיך!) און מאַכט צו מיר:

— זעהט איהר אָט דעם קראַן? דאָס איז אַ קראַן פון קאַלט וואַסער, און דער אַנדערער קראַן גיט אונז הייס וואַסער, אַלע מאָל וויפיעל איהר ווילט.

— און דער דריטער קראַן — זאָג איך — וואָס איז פאַר אַ קראַן?

— דער דריטער קראַן — זאָגט ער — איז אַ קראַן פֿון עלעק־טריע.

— וואָס איז דאָס — זאָג איך — פֿאַר אַ שלאַק?

— דאָס גיט פֿייער, ליכטיגקייט. — מאַכט ער צו מיר און וויל אַ דרעה טהון עפּיס אַ שרייפֿעל.

— אום שבת? — זאָג איך. — אום שבת ווילסט דו זיך שפּיע־לען מיט פֿייער? קום שוין בעסער אין שוהל אריין! עס קעהר שוין זיין גוט שפּעט.

— אָט וועל איך אייך באַלד זאָגען, וואו מע האַלט. — מאַכט ער צו מיר און געהמט־צו צו דער וואַנט און טהוט אַ דרעה אַ רעדעל: טרררררר! — און טראָגט־צו צום אויהער עפּיס אַ טרייבעל און רעדט צו דער וואַנט: „נומער צוויי און צוואַנציג טויזענד אכטהונדערט זעכס און זעכציג!... די שוהל?... איך בעט דעם שמש אויף אַ מינוט!... דער שמש?... זייט אַזוי גוט, וואו האַלט מען ביי אייך?... הא?... אַ דאַנק“...

איך שטעה און קוק איהם אָן, ווי אַ משוגע'נעם.

— שוין באַלד אויסנעמעניש, — מאַכט ער צו מיר — קומט!

— פֿון וואַנען ווייסט דו? — זאָג איך. — האָסט געהאַט אַ ידיעה פֿון דער וואַנט?

— איך האָב געפֿרעגט דעם שמש.

— וואו האָסט דו דאָ אַ שמש?

— איך האָב גערעדט מיט'ן שמש דורכ'ן טעלעפֿאָן.

— טעלעפֿאָן? — זאָג איך. — וואָס איז דאָס פֿאַר אַ שוואַרץ יאָהר?

— טעלעפֿאָן — מאַכט ער צו מיר — ווייסט איהר נישט? טעלעפֿאָן — דאָס איז דאָך דער טעלעפֿאָן, וואָס מע רעדט אויף איהם!

— וואָס הייסט — זאָג איך — מע רעדט אויף איהם? ווי אַזוי רעדט מען דאָס אויף איהם?

— ווי אזוי רעדט מען? — זאָגט ער. — אָט וועל איך אייך געבען צו פאַרשטעהן. איך טהו אַ דרעה אָט־דאָ מיט'ן רעדע־לע, דערהערט מען דאָרט, געהט יענער און דרעהט דאָרטען, דער־הער איך דאָ, הויבט מען אָן רעדען; און אז מיר רעדען אָפּ, טהו א י ך אַ דרעה, נאָכדעם טהוט ע ר אַ דרעה — און איין עק.

— טפו זאָלסט דו ווערען! — מאַך איך צו איהם. — האָסט דו געזעהן אַ שניידערוק גיט צו פאַרשטעהן! דרעה איך, דרעהסט דו, דרעהט יענער... איך וויל וויסען דעם שכל, וואָס דאָ שטעקט!

— דעם שכל — מאַכט ער צו מיר — פונ'ם טעלעגראַף ווייסט איהר?

— סאַ משל! — זאָג איך. — דער טעלעגראַף איז עפּיס אַנ־דערש! דעם טעלעגראַף פאַרשטעהט אַ מינדסט קינד! טעלעגראַף איז פאַרהאַן אומעדום! אַ טייערע מציאה!

— פונקט דאָס אייגענע — מאַכט ער — איז דער טעלעפאָן: דאָרט איז מיט אַ דראָט און דאָ איז מיט אַ דראָט. דער חלוק איז נאָר, וואָס דאָרטען קלאַפּט מען און דאָ רעדט מען.

— אָט דאָס איז גאָר? — זאָג איך. — און איך האָב געמיינט מי יודע וואָס! קום, לאָמיר געהן אין שוהל אריין.

געהענדיג מיט מיין בחור'על אין שוהל אריין, האָב איך ערשט דערזעהן די שטאָדט, ווי שען זי איז, די געפּלאַסטערטע גאַסען, ווי ריין זיי זענען, און די הויכע ווייסע ליכטיגע מויערען מיט די גרי־נע בוימער, וואָס ארום זיי. איך האָב מיר קיין מאָל גאָר נישט געקאָנט פאָרשטעלען אַזאַ מין ריינקייט, אַזאַ ציכטיגקייט. „הלואי וואָלט געווען ביי אונז אינוועניג חאָטש האַלב, ווי ביי זיי אין דרויסען!" — אזוי האָב איך מיר געקלעהרט. — „נאָר וואו איז דאָ זייער גאָלד און זילבער, וואָס מע זאָגט, אז עס וואַלגערט זיך דאָ אין די גאַסען?"

— וואָס זוכט איהר? — מאַכט צו מיר דער בחור.

— דעם נעכטיגען טאָג, — זאָג איך.

— פארפאלען, — מאכט ער צו מיר — איהר וועט איהם שוין אייביג ניט געפינען!

— א דאנק דיר — זאג איך — פאר דער עצה; איך האב גאר נישט געוואוסט, אז דו ביזט נאך א חקרן אויך צו די צרות.

— פון א חקרן בין איך — זאגט ער — נאך ווייט, נאר עפּיס אין די קליינע אותיות פארשטעה איך אביסעל.

— האסט געלערענט — זאג איך — אין חדר אמאל?

— איך לערען היינט אויך.

— וואס הייסט, דו לערענסט היינט אויך? ביזט דאך — זאג איך — איין ארבייטער, ווען האסט דו צייט לערנען?

— פארנאכט, — מאכט ער צו מיר — אלע פארנאכט קלויבען מיר זיך צענויף, בעלי־מלאכות, בעלי־עגלות, גערטנער, אלע אידי־שע ארבייטער אין שוהל אריין און דארטען לערענט מען מיט אונז לייענען און שרייבען און רעכענען און גימנאסטיקע.

— גימנאסטיקע? — זאג איך. — וואס איז דאס פאר א שלאק?

— גימנאסטיקע — זאגט ער — הייסט לויפען, שפּרינגען, טאנצען, ברעכען זיך, קלעטערען. דאס לערענט מען ביי אונז פון קינדווייז אויף אין אלע אידישע חדרים.

— פארמאלנע משוגעים! — זאג איך. — טאנצען, שפּרינגען, דראפּען זיך אויף די גלייכע ווענט? איהר ווייסט וואס אייך פעהלט נאך? — מאך איך צו איהם.

— וואס? — פרעגט ער מיך.

— גנהן — זאג איך — מיט'ן קאפּ אראפּ, מיט די פיס ארויף!...

## דאָס פינפטע קאַפּיטעל.

(דעם רב'ס דרשה. — אַקאַדעמיעס אין ארץ־ישראל. — מע שמועסט וועגן די רויטע אידלעך. — יקום פּורקן מיט איין אָרגעל. — אַ אי־דישער מי־שברך. — אַ נייער משוגע'נער.)

געקומען אין שוהל אריין זענען מיר שוין נאָך קריאת־התורה. אויבען, אויף דער בימה, איז געשטאַנען דער שענער רב זייערער מיט'ן ווייסען קאָלנער און מיט'ן פיערעקעכיגען ספּאָדיקעל און האָט געהאַלטען אַ דרשה. דער עולם איז געזעסען אויף די ערטער, אַלע מיט הויכע שוואַרצע „צעלענדערס" אויף די קעפּ און מיט ווייסע שאַרפעלעך אויפ'ן האַלז. פּונקט אַזאַ מין טראָגט מיר אונטער דער שמש מיט'ן מגן־דוד.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ פעטשיילע? — פרעג איך איהם.

— ס'איז אַ טלית, — מאַכט ער צו מיר גאַנץ ערנסט.

— אַ שענער טלית! — זאָג איך. — עפּיס אויף געלעכטער, אַפּנים, אַ מין קינדערשפּיעל!...

„וואָס קאָן ער זיי דאָ דרש'ענען? — טראַכט איך מיר. — און וואָס פאַר אַ מוסר קאָן ער זיי דאָ זאָגען? מע זאָל ניט טראָגען אום שבת?... צי מע זאָל ניט קוקען ארויף, אויף די ווייבער?"...

איך האַפּ אַ קוק ארויף אויף דער ווייבערשער שוהל — מאַ־טעניו! אָנגעשטויסען מיט ווייבער! און וואָסערע ווייבער? פּריצות! היטעלעך און פעדערען, דימענטען און בריליאַנטען!... איך הער מיך איין אין דעם „רבינ'ס" דרשה, טאָמער וועל איך קאָנען חאַפּען עפּיס אַ גוט וואָרט, הערען ווי ער טייטשט אַ פּסוק, ווי ער זאָגט אַ פּשט'על אַ שענס, אָדער אַ משל אַ גוטען, אָדער אַזוי אַ גלייך וואָרט — ווער? וואָס? וועמען? ער שטעהט און פּלאַפּעלט גלאַט אַזוי, אין דער וועלט אריין, און אָהן אַ שום ניגון! ער רעדט פון זייטיגע ענינים גאָר, וועגען בילדונג, וועגען אידישע אַקאַדע־

מיעס אין ארץ־ישראל. „ס'איז ווינציג, זאָגט ער, איין אַקאַדעמיע; מע באַדאַרף האָבען, זאָגט ער, לכל הפחות, דריי אַקאַדעמיעס אין ארץ־ישראל!“...

„אַקאַדעמיעס גאָר אין ארץ־ישראל! — טראַכט איך מיר. — זיי ווייסען שוין גאָרניט וואָס אויסצוטראַכטען! א „מושב־זקנים“ אין ארץ־ישראל, א „הקדש“ — דאָס האָב איך געהערט; אָבער אַקאַדעמיעס? — משוגעים!“...

— „אַקאַדעמיעס — דרש'עט ווייטער דער רב — זענען פאַר אונז טייערער פון ברויט (סע פאַרשטעהט זיך!). מחמת ברויט, זאָגט ער, איז נאָר א מיטעל צום לעבען; און די תורה, זאָגט ער, איז דאָס לעבען אליין“. און ער פאַרפּראַוועט דאָס מיט א פּסוק: „כי עץ חיים היא — וואָרום זי איז איין אָנהאַלט פון לעבען, למחזיקים בה — צו די וואָס האַלטען זיך אָן איהר... תורה! — שרייט ער. — ליכטיגקייט! בילדונג! וויסענשאַפט!“... און לאָ־זען לאָזט ער אויס אַזוי: „און לאָז מקוים ווערען די ווערטער: כי מציון תצא תורה“...

איך מיין, אַז דאָס איז איין עק פון זיין דרשה, טהו איך דאָך א געשריי: „יקום פורקן מן שמיא!“ — אויף א קול, ווי איך בין געוואָהנט געוואָרען ביי אונז; איך זעה, דער גאַנצער עולם דרעהט אויס די קעפּ אין מיין זייט און מע קוקט אויף מיר, ווי אויף א בער... און דער רב, דער מגיד, דרש'עט ווייטער, אַלץ פון זייטיגע זאַכען: וועגען דער לאַגע פון יידען בכלל און וועגען אונ־זערע רויטע אידלעך בפרט... און ער הויבט אָן דערצעהלען א מעשה פון „טויזענד איין נאַכט“, אַז ס'איז פאַרהאַן אויף יענער זייט סמבטיון (דאָס הייסט ביי אונז) א גוזמא אידען, וואָס מע רופט זיי „די רויטע אידלעך“ (אַניט ווייסט מען ניט!). „זייער צאָהל, זאָגט ער, קאָן מען אַקוראַט ניט וויסען; נאָר מע רעכענט פון פינף ביז זיבען מיליאָן, און אפשר טאַקי אַלע אַכט (זאָלץ איהם אין די אויגען! שטיינער איהם אין הארצען! ער זאָל חאַטש זאָגען:

„קיין עין הרע"...)׳ מחמת זיי פרובפערען זיך און מעהרען זיך זעהר געשמאַק (כן ירבו וכן יפרצו!)... נאָר זייער לעבען, זאָגט ער, איז נעבאַך קיין לעבען ניט, ס'איז אַ גאָט'ס רחמנות אויף זיי, זיי געהען אוים פון הונגער, זיי ווערען דערוואָרגען אין איינגעשאַפּט, זיי געהען צו גרונד!"... ער צעלעגט דאָס אויף טעלער, מאָהלט אוים נאָך צעהן מאָל אַזוי, ווי דאָס איז, און דער גאַנצער עולם קוקט איהם גלייך אין די צייהן אריין; אַלע מאָל לאָזט זיך הער־רען אַ זיפץ און אַ קרעכץ; און פון אויבען, ביי די ווייבער, זעה איך, מע טראָגט ווייסע טיכלעך צו די אויגען, מע זאָל מיינען, אַז זיי וויינען...

„וואָס פאַר גוטע מענטשען איהר זייט! — קלעהר איך מיר. — איהר זיפצט און קרעכצט אויף אונזערע צרות? וואָס טויג מיר אייער זיפצען מיט אייער קרעכצען? טרערען? וואָס דאַרפען מיר איי־ערע טרערען? אז איהר געהט שוין יאָ אריין אין אונזער לאַגע, העלפט־זשע אונז מיט עפּיס אַנדערש! איהר נעמט, לעגט זיך צענויף און שיקט אונז אריין עטליכע קער..."

דאָ דערמאָן איך מיך, אַז ס'איז שבת, און שבת טאָר מען ניט קלעהרען פון קיין געלט־זאַכען... איך הער מיך צו, וואָס ועט ער דאָ אויספיהרען און מיט וואָס פאַר אַ פּסוק וועט ער אויסלאָזען די שענע דרשה זיינע?

— „אויף אונז ליגט אַ חוב, זאָגט ער, אַרויסרייסען אונזערע אָרעמע אומגליקליכע ברידער פון יענע אומגליקליכע לענדער, און באַזעצען זיי אויף דער ערד פון אונזער הייליג לאַנד... (אַ? ווער בעט זיי? וואָס האָבען זיי זיך צוגעטשעפּעט צום הייליגען לאַנד? העלפט אונז בעסער דאָ ביי אונז, אויפ'ן אָרט! אַ וויטע הילף, זאָגט מען, איז אַ נאָהענטער טויט... וואַרט אויף פרייטאָג, וועסט דו עסען אַ קוילעטשעל...) שוין צוויי טויזענד יאָהר, זאָגט ער, אַז זיי וואַרטען אויף אונז און בעטען זיך ביי אונז (עס הויבט זיך גאָר־ניט אָן!), אַז מיר זאָלען זיי אויסלייזען פונ'ם לאַנגען,

פינסטערען ביטערען גלות". (ובזכות זה, זאג איך, ובא לציון גואל.)

„אמן!" — לאזט אויס דער רב די שענע דרשה זיינע, און פון אוי־בען טהוט א זעץ אראפ א געזאנג פון א גאנצער קאפעליע זינגער־לעך: „א־א־אמן!"

איך וואלט געמעגט שווערען, אז איך הער א קול פון א פיעדעל, פון א פלייט און פון א טרומייט און פון א קאנטערבאס.

— עס שפיעלען ביי אייך כלי־זמר אום שבת? — טהו איך א פרעג שטילערהייד דעם שמש.

— ס'איז נישט קיין כלי־זמר, — זאגט דער שמש — ס'איז אונ־זער ארגאן.

— איין ארגאן! — זאג איך. — וואס איז דאס פאר איין אינ־סטרומענט?

— איין ארגאן — זאגט ער צו מיר — ווייסט איהר ניט? אט דאס, וואס די לויים האבען געשפיעלט דערויף אין בית־המקדש.

— הערסט דו, איין „ארגעל" — זאג איך — אזוי זשע רעדט!

„עס האט געקעהרט זיין אמאל שען ביי אונז!—טראכט איך.— דער בית־המקדש מיט'ן כהן־גדול... דער ארגעל האט געשפיעלט... די לויים האבען געזונגען... און אויפ'ן מזבח האט געברענט אשה — א פייער־אפפער... און פון די קרבנות האט זיך געלאזט הערען ריח־ניחוח — א געשמאקער ריח"...

פלוצים ווערען מיינע געדאנקען איבערגעריסען אין מיטען: דער שענער חזן מיט דער נעגאלטער מארדע טרעט ארויס און צעלאזט זיך מיט א „מי שברך", און דוקא אויפ'ן אידישען שטייגער, ווי ביי אונז רב הערש־בער, און אז עס קומט צו די ווערטער: „ופת לאורחים וצדקה לעניים", צעפעסטעט ער זיך און צעיאחמערט זיך. ער נעמט איין א מיתה משונה! דעם „יין לקדוש ולהבדלה" שלינגט ער איין, מאכט אוועק מיט דער האנד, און פונ'ם „ופת לאורחים וצדקה לעניים" מאכט ער א גאנצען צימעס. ער פארקאטשעט זיך מיט א וואלעכעל, הזר'ט איבער א מאל דרייסיג דעם „ופת לאורחים":

„לאורחים, לאורחים, לאורחים!" און טאקי ווידער אמאל: „ופת לאורחים וצדקה לעניים! וצדקה! וצדקה! וצדקה לעניים! לעניים! לעניים!"... און אט ביי דעם „לעניים" לאזט ער זיך אראפ מיט דער שטימע גאר־גאר נידעריג, און שטיל, שטיל, אויף א ביי־קול'כעל, קוים־קוים וואס מע הערט: „ל־ע־נ־י־י־ם"... און מיט אמאל עפענט ער גאר אויף א געמבע און טהוט א געשריי: „וכל מי שעוסקים בצרכי צבור באמונה!" און קוועטשט דעם „באמונה" און מאכט בשעת מעשה א פרום פנים, גלייך ווי דער רוח האפט איהם אוועק.

„מיר ווייסען! — טראכט איך מיר. — מיר ווייסען גאנץ גוט וואס הייסט „עוסקים בצרכי צבור", און נאך „באמונה" דערצו! ביי אונז האט זיך איינער א יענקיל, ער הייסט שוין היינט רב יענקיל, אויסגעבויעט א שטוב פון „צרכי צבור" און חתונה געמאכט קינ־דער דערפון... א וואוילע פרנסה אט דאס „צרכי צבור", ווי איך בין א איד! דערצו אז גאט גיט נאך א שטיקעלע הצלחה!"...

„וישלח ברכה והצלחה!" — לאזט אויס דער חזן און פאלט אריין שוין אין זייער משוגענעם נוסח אריין, און די משוררים אוי־בען זינגען, און דער ארגעל שפיעלט — שען געדאוועט מוסף!

„גוואלד, וואו נעמט מען אהער א פאר רויטע אידלעך? — קלעהר איך מיר. — נעחיי־בי וואלטען זיי זעהען אלסדינג, וואס איך זעה! איך וויים, איך וויים, אז מע וועט מיר אין דער היים נישט וועלען גלויבען"...

נאכדעם האט מען זיך געשטעלט שמונה־עשרה. שען שטעהט מען דא שמונה־עשרה, אזא יאהר אויף מיינע שונאים! מילא פון דאווענען שמועסט מען נים; קיינער דאוועגט דא נים א ווארט; מען איז יוצא מיט'ן חזן'ס זינגען און מיט'ן שפיעלען פונ'ם ארגעל. זיי שטעהען אלע ווי די טאקען. עמיצער זאל זיך דאס געבען אפילו א שאקעל. נאר נישט! אבער טאקי גאלע גאר נישט — שא!... איך האב מיר געטהאן מיינס און געשטאנען שמונה־עשרה, ווי מע

שטעהט ביי אונז... אויסגעשטאַנען שמונה־עשׂרה, האָב איך אומ־געהרען אָנגעטראָטען איינעם אַיין אויסגעפּוצטען דייטש, וואָס איז געשטאַנען הינטער מיר, אויף די פּיס; האָט ער זיך געגעבען אַ וואָרף און האָט אָנגעטראָטען נאָך אַ דייטש, וואָס הינטער זיינע פּלייצעס, און האָט איהם אַראָפּגעוואָרפען דעם צעלענדער, און יענער דייטש — נאָך אַ דייטש, אַזוי אַז ס'איז געוואָרען אַ שטיקעל בהלה אין שוהל, און דער גאַנצער עולם האָט געקוקט אויף מיר, גלייך ווי זיי וואָלטען קיין מאָל קיין מענטשען ניט געזעהען...

— גוט שבת! — רופט זיך אָן צו מיר, אַרויסגעהענדיג פון שוהל, מיין בעל־הבית, דער לאַנגער שניידער. — עס טהוט מיר זעהר באַנג, נאָר איך האָב אייך געמוזט אָפּטרעטען מיינעם אַ גוטען ברודער אויף היינטיגס מאָל.

און מיט די דאָזיגע ווערטער גיט ער מיך איבער צו אַ געפּאַקט אידעל מיט אַ שען בייכעל און מיט פּוכקע הענד, ווי פּאַמפּעשקעס.

— שלום־עליכם! — מאַכט צו מיר דאָס געפּאַקטע אידעל און שטופּט מיר אַריין אַ פּאַמפּעשקע אין דער האַנד אַריין.

— עליכם שלום! — זאָג איך איהם. — מה שמכם?

— יצחק. — מאַכט ער צו מיר און קוקט מיר אין די אויגען אַריין מיט אַזאַ מינע, גלייך ווי איך וואָלט א י ה ם נעמען פאַר אַיין אורח אויף שבת, ניט ער מ י ך.

— יצחק? — זאָג איך. — יצחק אַליין איז ווינציג; איך וואָלט וועלען וויסען ו ו ע ר זענט איהר, ו ו אָ ס זענט איהר און וואָס איז אייער ט ה ו ע כ ץ?

— איך בין — זאָגט ער — אַ היעגער בעל־הבית, אַ סטאָליר בין איך.

— אַ סטאָליר? — זאָג איך. — אַ בעל־מלאכה, הייסט דאָס?

— אַ בעל־מלאכה! — מאַכט ער מיט אַזאַ מין גרויסקייט, גלייך ווי ער וואָלט זאָגען, אַז ער איז אַ רב, אַ שוחט, אַ בעל־טאַקסע, אָדער אַ פערשריבענער שטאָדט־שתדלן.

— ביי אייך — זאָג איך — איז קיין עין־הרע אַ גערעטעניש אויף בעלי־מלאכות, ווי איך זעה אַרוּים.

— און וואָס — זאָגט ער — איז אייער מלאכה?

— מיין מלאכה? — זאָג איך. — איך בין נישט קיין סטאָליר.

— וואָס זשע דען — זאָגט ער — זענט איהר?

— אַ איד — זאָג איך — בין איך.

— איך וויים! — זאָגט ער. — איך מיין, וואָס איז אייער טהועכץ? מיט וואָס פאַרנעמט איהר זיך?

— מיט וואָס איך פאַרנעם זיך? — זאָג איך צו איהם אויף קאַטאָוועס. — איך שרייב ספרים.

— אזוי? — זאָגט ער און מאַכט מיר אַ „בואי בשלום" און טהוט זיך אַ נייג. — זענט איהר, הייסט דאָס, אַ שרייבער? זעהר אַ פיינע מלאכה! זעהר איין איידעלע אַרבייט! איך האָב אַ בע־קאַנטען, טאַקי אַ שטיקעל קרוב מיינער, איז ער אויך אַ שרייבער.

— וואָסער אַ שרייבער — זאָג איך — איז ער? אַ מיידעלשער שרייבער, צי אַ שרייבער, וואָס שרייבט „פּראָשעניעס", יאַבעדעס און מסירות?...

מיין סטאָליר בלאָזט אָן די באַקען און צעלאַכט זיך אַזוי, אַז ער ווערד שיער ניט צעשפּרונגען פאַר געלעכטער.

— ע! — מאַכט ער צו מיר נאָכדעם, אַז ער האָט זיך גוט אויסגעלאַכט. — איהר זענט דאָך טאַקי אַ רעכטער ליץ!

— איהר זענט אַליין — זאָג איך — אַ גוטער ליץ, אַ פאַרשלעפּטע קרענק, אַ מאַרשעלאַק, אַ פּיקהאָליץ, אַ פּיפּערנאָטער!

דערהערט פון מיר די דאָזיגע ווערטער, האָט זיך מיין סטאָליר אָנגעהאַפּט מיט ביידע הענד ביי די זייטען. ער האָט אָנגעבלאָזען דאָס פּנים, ווי אַ פּאַחיר, איז געוואָרען רויט, און האָט זיך אָנגעהויבען קאַטשען פאַר געלעכטער — איך האָב נאָר געמיינט, אַז ער איז אַראָפּ פון'ם זינען.

דערזעהען, אַז איך האָב זיך אָפּגעשטעלט און קוק אויף איהם.

ווי אויף א משוגענעם, האָט ער מיט אַמאָל אויפגעהערט לאַכען, אויסגעווישט די אויגען און רופט זיך אָן צו מיר:

— האָט קיין פאַראיבעל ניט, איך האָב מיך נישט געקאָנט איינהאַלטען... ביי מיר איז א טבע פון לאַכען... אַז איך הער, מע לייענט מיר אַמאָל א לעבעריגס, וואָס אויף צו לאַכען, לאַך איך אָהן א שיעור... מיין פרוי לייענט מיר אָפט אַזעלכע ביכלעך, וואָס צום לאַכען... מיין פרוי איז א געבילדעטע פרוי... זי וועט זיך מחיה זיין, אַז זי וועט דערהערען, אַז איהר זענט אַ שרייבער, א מחבר הייסט דאָס... מיין פרוי האַלט זעהר־זעהר פון מחברים... ס'איז טאַקי זעהר שען, אַז גאָט גיט אַ טאַלאַנט און מע קאָן זיין א מחבר!...

„וואָס מחבר'ט ער מיר?! — קלער איך מיר. — איך האָב מיך גוט אריינגעחאַפּט אָט־דאָ, ניטאָ וואָס צו רעדען!... מילא יענער, דער שניידער, איז אַפילו א מאָדנער נפש, נאָר פאָרט עפּיס אַ שטיקעל מענטש; און ער, אָט דער דאָזיגער סטאָליר, איז עפּיס גאָר א חושים! ניין, ער איז טאַקי פשוט אַ משוגענער, ווי איך בין א איד, א משוגענער!“...

## דאָס זעכסטע קאַפּיטעל.

(ביים סטאָליר צו דער סעודה. — אַ גדולה — זיי געהען אין סאַל־דאַטען. — מע רעדט פון משיח'ן. — ער צערעדט זיך פון פייער און פון וואַסער. — אידישע גאַזעטען און זשורנאַלען. — עונג שבת.)

— דאָס איז מיין פרוי, און דאָס איז דער אורח פון יענער זייט סמבטיון; איך האָב זיי קוים אויסגעבעטען ביי ישראל דעם שניידער.

אזוי האָט מיך פאַרגעשטעלט דער משוגענער סטאָליר פאַר זיין ווייב, אַ „מאַדאַם" מיט זעהר שענע אויגען און מיט קיילעכיגע ברעמען. דערהערט די דאָזיגע ווערטער, איז די סטאָלירקע געוואָרען אזוי פרעהליך, גלייך ווי מע וואָלט איהר אָנגעזאָגט אַ בשורה, אַז זי האָט אויסגענומען דאָס גרויסע געווינס. זי האָט גאָרניט גע־וואוסט, וואו זי זאָל מיך אַנידערזעצען. זי האָט מיך אָפּגעשאָטען מיט ווערטער. זי האָט געוואָלט געוואָהרע ווערען ביי מיר אַלסדינג אין איין כהרף־עין, איך זאָל איהר אויסדערצעהלען, וואָס ביי אונז טהוט זיך: צי ס'איז אמת, וואָס מע שרייבט ביי זיי אויף אונ־זערע רויטע אידלעך, אַז זיי זענען נאָך גאָר ווילד?

— ווילד? — זאָג איך. — זיי זענען נאָך אזוי קלוג, ווי אייערע אידען, און אפשר נאָך אביסעל קליגער. איין חסרון נאָר, וואָס קיין משוגעים זענען ביי אונז ניטאָ.

— וואָס הייסט דאָס? — זאָגט זי. — וואָס מיינט איהר דער־מיט?... איך האָב געלייענט עטליכע באַשרייבונגען וועגען אייערע ברידער, אַז ס'איז ביי אייך נאָך גאָר פינסטער...

— אַז מע פאַרלעשט דאָס ליכט, — זאָג איך — איז אומעדום פינסטער...

— נשמה מיינע! — רופט זיך אָן דער סטאָליר צו זיין פרוי. — דו ווילסט זיך מיט זיי אויס'טענה'ן? האָסט נישט געטראָפען

דעם אָרט. דער איד איז אַ שרייבער, אַ פּאַרפּאַסער ביי די רויטע אידלעך...

דערהערט די דאָזיגע ווערטער, האָב איך געמיינט, אַז די סטאָ־לירקע וועט איינגעמען אַ מיתה משונה. זי האָט אויפגעהויבען איהרע ברעמען נאָך העכער, ווי זיי זענען, און האָט מיך אָפּגע־שאָטען מיט נייע שאלות: ווער איך בין, און ווי אַזוי איז מיין אמת׳ער נאָמען, און וואָס פאַר ביכער האָב איך געמאַכט...

„וואָס עס האָט זיך מיר גע׳חלום׳ט יענע נאַכט און אַ גאַנץ יאָהר — זאָל אויסגעהן צום סטאָליר׳ס קאָפּ! — אַזוי האָב איך מיר געטראַכט. — נאַ דיר גאָר אַזאַ מין קאָמעדיע! וואָס טהוט מען? גאָה דערצעהל איהר וואָס פאַר ביכער איך האָב געמאַכט, אַז איך האָב אויף מיין לעבען ניט געזעהען אפילו, ווי אַזוי מע מאַכט אַ בוך?"... אַ גליק, וואָס דער סטאָליר האָט זיך אריינגעמישט סאַמע אין מיטען שמועס.

— נשמה מיינע! אונזער אורח וויל עסען. די ביכער לאָז איבער אויף נאָכדעם, וועסט נאָך צייט האָבען זיך אָנרעדען מיט זיי פון די דאָזיגע זאַכען...

און מיר זענען געגאַנגען צום טיש.

איך האָב שוין אויף מיין לעבען געזעהען שמחות, איך בין שוין אויף מיין לעבען געווען אויף סעודות, אויף חתונות און אויף ברית׳ען — אַזאַ סעודה, ווי ביי׳ם סטאָליר איז געווען שבת ביי־טאָג, האָב איך נאָך קיין מאָל נישט געזעהען. פון מאכלים און פון וויינען שמועס איך שוין נישט; ס׳איז געווען פון כל טוב, טאַקי כיד המלך, עס וואָלט געגוג געווען פאַר נאָך עטליכע אורחים. איך שמועס גלאַט פון דער שמחה אליין, פון דער פרעהליכקייט, וואָס ביי זיי איז. אַ חוץ דעם סטאָליר מיט דער סטאָלירקע און עטליכע קליינע קינ־דער, זענען געזעסען ארום טיש אַ שטיק צעהן יונגלעך, שענע, לויי־טערע, געזונטע „חלאַפּצים", איינס און איינס, און האָבען מקיימ׳

געוועז דעם פסוק „ויאכלו", דאס הייסט, זיי האבן געלעגט איןביידע באקען...

— ווער זענען די דאזיגע קנאקערס? — רוף איך מיך אן צום בעל־הבית תיכף נאכ'ן קידוש מאכען (זייער ארץ־ישראל־וויין האט אין זיך עפּיס א מין כח, אז לאז מען אויסטרינקען דאס ערשטע גלעזעל, אזוי ווערד מען באלד בארעדעוודיג און מע פיהלט זיך עפּיס „בגלופין"...).

— דאס זענען מיינע העלפערס, לערן־יונגלעך. — מאכט צו מיר דער סטאליר מיט גדלות.

— גוטע פיקערס! — זאג איך. — עס וואלט פון זיי געקאנט זיין רעכטע סאלדאטען.

— זיי וועלען נאך, אם ירצה השם, זיין סאלדאטען! — רופט זיך אן דער סטאליר.

— א גדולה אויף דער באבע! — זאג איך. — א גליק וועט זיי טרעפען!

— איך האב אבער מורא, — מאכט דער סטאליר גאנץ ערנסט, — אז נישט אלע וועלען קאנען דיענען.

— איהר האט מורא? — זאג איך. — לייענט אפּ קריאת־שמע.

— מחמת ניט אלע — גיט מיר דער סטאליר צו פארשטעהן — וועלען האלטען די מאס, וואס מע דארף, און א צוויי איז פאראן צווישען זיי קורצזיכטיגע, זיי האבען א נידעריגע ראיה, האב איך מורא, מע וועט זיי ניט נעמען...

— האט איהר — זאג איך — מורא? אדרבה, מיר דאכט, אז איהר דארפט גיכער מורא האבען פאר יענע, וואס טויגען יא!

— פאר וואס? — זאגט דער סטאליר.

— פאר וואס, פרעגט איהר? פאר שבת! איהר ווילט מיך — זאג איך — פריצעווען? צי איהר רעדט דאס טאקי ערנסט? וואס פאר א שמחה קאן זיין, אז מע טויג פאר א סאלדאט?

— וואָס פאַר אַ שמחה קאָן זיין, אַז איהר טויגט פאַר אַ מענ־טשען ? — רופט זיך אָן צו מיר איינער פון די יונגלעך.

— דו שווייג ! — זאָג איך צו איהם. — ביזט נאָך צו אַ יונגער צוצעק, זאָלסט זיך אריינמישען, בשעת עלטערע מענטשען רעדען צווישען זיך !

חברה קוקען איינס אויף דאָס אַנדערע און שמייכלען. דער סטאָליר ווינקט צו זיי און פאַרבייסט אַ ליפּ, ווי איינער רעדט: „איהר ווילט, אפנים, האַפּען אַ פּסק ?"...

— מאַכט מיך קלאָר, — זאָג איך — וואָס איז די גדולה, אַז גאָט העלפט, מע געהט אוועק פאַר אַ סאָלדאַט ? ביי מיר איז צו אַ קליין קעפּעלע !

— איך וועל אייך געבען צו פאַרשטעהן. — רופט זיך אָן די סטאָלירקע. — ערשטענס, איז די דיענסט אליין איין איינגענעהמע זאַך ; ס'איז אַ סימן, אַז מען איז געזונט און שטאַרק אויף אַלע אברים. צווייטענס, איז שען, אַז מען איז אַ סאָלדאַט : מע קאָן זיך דערדיענען אַ כבוד. און, דריטענס, באַדאַרפען מיר דאָך האָבען אונזערע אייגענע סאָלדאַטען, אונזער אייגען חיל אין ארץ־ישראל. וואָס פאַר אַ פּנים האָט אַ פאָלק, וואָס וויל האָבען אַ לאַנד און האָט נישט קיין חיל ?

— וואָס באַדאַרפט איהר — זאָג איך — חיל ? איהר ווילט דען זיך געהן שלאָגען ? מלחמה האַלטען מיט עמיצען ?

— שלאָגען זיך, — זאָגט זי — מלחמה האַלטען וועלען מיר נישט באַדאַרפען מיט קיינעם ; נאָר די מענטשען זענען נאָך נישט געקומען צו דער מדרגה, אַז אַ מלוכה זאָל זיך קאָנען באַגעהן אָהן מיליטער, אָהן סאָלדאַטען...

— וואו האָט איהר — זאָג איך — אַ מלוכה ?

— וואָס הייסט ? — זאָגט זי. — נו, און ארץ־ישראל ?

— איהר רעכענט, אפנים, — זאָג איך — טאַקי גאַנץ ערנסט, אַז משיח קומט שוין ?

— משיח — זאָגען זיי אַלע מיט אַמאָל — איז שוין געקומען.

— מזל טוב אייך! — זאָג איך. — ווען איז ער דאָס געקומען צו אייך?

— פון יענער מינוט אָן, — זאָגען זיי — זינט מיר האָבען אַלע ביז איינעם אָנגענומען דעם רעיון פון ישוב ארץ־ישראל, איז געקומען משיח.

— ווי אַזוי איז ער אָנגעקומען צו אייך? — זאָג איך. — רייטענדיג אויף אַ ווייס פערדעל? און וואו איז אליהו הנביא? און וואו איז די מלחמה פון גוג ומגוג? און וואו איז דער בלאָז פונ׳ם שופר? און וואו איז דאָס ערדציטערניש? און וואו זענען די אַלע איבעריגע סימנים, וואָס באַווייזען אויף משיח׳ן? זעהט נאָר, צי פיהרט מען אייך ניט אין באָד אַריין? קוקט זיך נאָר צו צו אייער משיח׳ן, צי איז ער ניט קיין אַפעריסט? לאָז ער אייך באַווייזען אַ געשריפטס, שוואַרץ אויף ווייס...

איך האָב זיך צערעדט פון פייער און פון וואַסער. איך ווייס גאָר ניט, פון וואַנען עס האָט זיך צו מיר גענומען אַזוי פיעל רעד? דער גאַנצער עולם איז געזעסען און געשוויגען, געקוקט איינס אויף דאָס אַנדערע און גע׳הדוש׳ט זיך, ווי קומט צו אַ רויט אידעל אַזוי פיעל מאַטעריאַל? זיי האָבען, אַפנים, אַ טעות געהאַט אין חשבון. זיי האָבען געמיינט אויף מיר, אַז ס׳איז זיך גלאַט אַזוי אַ אידעל; צום סוף האָבען זיי אַרויסגעזעהען, אַז דאָס איז „אַ א י ד אַ ז ע ל כ ע ר, װ א ָס ק אַ ט אַ ר י װ ע ל כ ע ר“... האָבען זיי געקוקט איינס אויף דאָס אַנדערע, נאָכדעם רופען זיי זיך אָן צו מיר:

— אפשר ווילט איהר אַביסעל צו־לעגען זיך אָפּרוהען נאָכ׳ן עסען? זאָגט, שעמט זיך ניט.

— וואָס איז דאָ פאַרהאַן — זאָג איך — צו שעמען זיך? און איהר שלאָפט דען ניט שבת בייטאָג?

— ניין. — זאָגען זיי.

— וואָס דען — זאָג איך — טהוט איהר?

— מיר — זאָגען זיי — וועלען זיך דורכגעהן אין אונזער פאָלקסביבליאָטעקע.

— וואוהין?

— אין אונזער פאָלקסביבליאָטעקע.

— וואָס וועט איהר דאָרטען טהון? — פרעג איך זיי. — לער־נען משניות, צי זאָגען תהלים?

— מיר וועלען געוואָהרע ווערען — זאָגען זיי — וואָס טהוט זיך נייעס אין דער אידישער וועלט.

— נייעס — זאָג איך — וועט איהר דאָך קאָנען הערען אין שול, בין מנחה למעריב.

— אין שוהל — זאָגען זיי — נייעס? ווער געהט דען אין שוהל אריין הערען נייעס? א שוהל איז דען א קלוב?

— א קלייניגקייט — אזעלכע צדיקים, ווי איהר זענט! גאָט אין ציצית!... זאָגט זשע מיר, איך בעט אייך, וואָס איך וועל אייך פרעגען: הייסט דאָס, קלויבט איהר זיך צענויף אַלע שבת נאָכ׳ן טיש אהינצו־צו, ווי אזוי רופט מען דאָס ביי אייך?

— אין דער פאָלקסביבליאָטעקע — מאַכען זיי.

— וואָס זשע טהוט איהר דאָרטען — זאָג איך — אין יענער ביבליאָטעקע? איהר קומט זיך צענויף, ווי להבדיל די גויים אין שענק, הייסט דאָס, און רעדט מסתמא דברים בטלים?

— מיר רעדען נישט דאָרטען — זאָגען זיי — קיין דברים בטלים; מיר לייענען אידישע צייטונגען, ביכער, זשורנאַלען, גאַזעטען.

— אידישע גאַזעטען? — זאָג איך. — א סך גאַזעטען? מסתמא איינעם א גאַזעט?

— פאַר וואָס ניט קיין עטליכע הונדערט?

— וואָס? עטליכע הונדערט?!

— עטליכע הונדערט.

— ווער — זאָג איך — באַדאַרף אַזוי פיעל גאַזעטען? ווער לייענט דאָס אַזוי פיעל?

— מיר אַלע — זאָגען זיי — לייענען. ווי קאָן מען דען לעבען אָהן גאַזעטען און זשורנאַלען?

— סע פאַרשטעהט זיך! — זאָג איך. — ווי קאָן זיך באַגעהן א סטאָליר אָהן א גאַזעט? נו, און די ווייבער? וואָס לייענען די ווייבער? מסתמא טייטש־חומש, צאינה־וראינה?

— דאָס אייגענע, — זאָגען זיי — וואָס מיר. וואָס איז דען די נפקה־מינה? מאַנסבילען, ווייבער?

— ס'איז שוין גאָר ניטאָ ביי אייך — זאָג איך — קיין שום נפקא־מינה צווישען זכרים און נקבות? זענט איהר דאָך, אַפּנים, טאַקי דאָס, וואָס מע טאָר ניט אויסזאָגען?... וועל איך מיך צולע־גען חאַפּען א דרימעל לכבוד שבת, און איהר געהט אייך געזונטער־הייד אין אייער ווי אַזוי רופט מען דאָס, צו אייערע אידישע גאַ־זעטען...

„נאַ דיר גאָר אַזאַ מין פאַרגעניגען! — טראַכט איך מיר. — די גאַנצע וועלט איז זיך נוהג שבת נאָכ'ן טיש זיך לעגען אביסעל שלאָפען; דאַכט זיך, קיין גרעסערער תענוג דערפון קאָן שוין גאָר־ניט זיין! און זיי נעמען זיך צענויף אַלע אינאיינעם, גאַנץ קעקעלי־קהל, און מע לייענט גאַזעטען! אַ שענע עובדה! אַזאַ מין עונג שבת! איבערגעקעהרטע מחות! ביי זיי איז רעכט געהן אָהן א היטעל און גלויבען אין משיח'ן... ניט זינגען זמירות און האַלטען פון ארץ־ישראל... זיצען ווי די שררות, פרעסען און זויפען, און ליעב האָבען די מלאכה... א זכר מיט א נקבה איז ביי זיי אַלץ איין מטבע... א לאַנד פון משוגעים!“...

איך פאַל אַנידער אויף זעהר א ווייך געלעגער, א סאַמעטענע סאָפע מיט „שפּרינגזינעס“, און איך חאַפּ א דרימעל גאָר אויף איין אַנדער מין אופן!

## דאָס זיעבעטע קאַפּיטעל.

(איין אסיפה פון משוגעים. — ווידער אַקאַדעמיעס אין ארץ־ישראל! — עס שיטען זיך מיליאָנען. — אַ בריעף פון רויטשילד'ען, וואָס וויל זיך איינקויפען אין חברה. — מען איז איהם מוחל זיינע מיליאָנען. — דאָס רויטע אידעל קאָן זיך ניט איינהאַלטען און שפּרינגט אַרויס.)

שבת־צו־נאַכטס, אָפּגעמאַכט הבדלה און אָפּגעזאָגט די אליהו־הנביא'ס, רוף איך מיך אָן צו דער סטאָלירקע (נישט קיין נארישע אידינע, כּלעבען!):

— וואוהין איז דאָס אוועקגעפלויגען אזוי פריה אייער מאַן? אויף אַ מלוה־מלכה'לע מסתמא?

— אויף איין אסיפה. — מאַכט זי צו מיר. — איך געה אויך אהין; אויב איהר זענט אַ בעלן, קומט מיט מיר.

— נקבות געהען ביי אייך — זאָג איך — אויך אויף אסיפות?

— פאַר וואָס ניט? — זאָגט זי. — ווייבער זענען דען קיין מענטשען ניט?

אודאי איז דאָס אַ קלאָץ־קשיא — גיב נעפּין איהר דערויף אַ תירוץ!...

— מכח וואָס — זאָג איך — איז ביי אייך איין אסיפה? מכח דער טאַקסע? צי מכח שכירות דעם רב? צי מכח דעקען דאָס אַלטע בית־המדרש? איך בין קלאָר אין אידישע אסיפות!...

— ניין, — זאָגט זי — דאָס איז איין אסיפה מכח ארץ־ישראל.

— ווייטער — זאָג איך — ארץ־ישראל? וואָס האָט איהר זיך צוגעטשעפּעט צו ארץ־ישראל? אַפּנים, עס געהט אייך מעהר ניט אָפּ?

**— זאָלט איהר טאַקי וויסען, — מאַכט זי צו מיר — אונז געהט** טאַקי מעהר ניט אָפּ. מיר האָבען אַלסדינג: **אי געלט, אי געזונט,** אי מענטשען, אי וויסענשאַפט; נאָר איין זאַך פעהלט אונז, אַז מיר זאָלען זיך קאָנען אויסגלייכען מיט אַלע אַנדערע פעלקער — אַ לאַנד. אַז מיר וועלען האָבען אַ לאַנד, וועלען מיר זיין אַ פאָלק. ארץ־ישראל — דאָס אידישע לאַנד, לעם ישראל — צום אידישען פאָלק...

„הערסט דו, — קלעהר איך מיר — זי פאַרשטעהט דאָך גאָר אויף לשון־קודש, ווי איך בין אַ איד! עמיצער פון אונזערע לייט זאָל שטעהן ביי דער זייט, זעהן, ווי איך געה שבת־צו־נאַכטס איינער אַליין מיט איין אשת־איש איבער דער גאַס, און רעד מיט איהר פון אזעל־בע מאָדנע ענינים, און נאָך אויף לשון־קודש דערצו, וואָלט ער גע־מיינט, אַז איך בין גאָר משוגע געוואָרען, אָדער ער וואָלט אַליין משוגע געוואָרען“...

— וואו וועט ביי אייך זיין — זאָג איך — די אסיפה?

— ביי'ם ראַבינער — זאָגט זי — אין שטוב.

און מיר געהען־צו צו אַ גרויסען מויער און קומען אריין אין אַ גרויסער, שענער, ליכטיגער זאַל. עטליכע לאַנגע, מיט געוואַנט געדעקטע טישען, אַ סך בענקלעך און מענטשען, אידען און ווייבער, בחורים און מיידלעך אָהן אַ שיעור. גאַנץ אויבען־אָן זיצט איינער, אַ גרייז־גרויער מאַן מיט ברילען, און קלינגט מיט אַ גלעקעל. איין אסיפה מיט אַ גלעקעל זעה איך דאָס ערשטע מאָל אויף מיין לע־בען! היינט די שטילקייט וואָס ביי זיי איז. מע האָט מורא אויסרעדען אַ הויך וואָרט. רעדען רעדט מען ביי זיי גאָר איינציג־ווייז. בשעת יענער האַלט אין מיטען רעדען, טאָר איהם דער אַנ־דערער ניט מפסיק זיין חלילה, ווי, להבדיל, ביי אונז דעם חזן, בשעת דער הויכער שמונה־עשרה... האָט איינער אָפּגערעדט, שטעהט אויף דער אַנדערער און רעדט זיך זיינס... אַלע אינאַיי־נעם זאָלען רעדען, ווי ביי אונז, אשטייגער, — דאָס איז ניטאָ! און

אפילו דער ראבינער אליין (שוין כלומרשט א רב!), אז ער וויל עפּיס זאָגען, פרעגט ער זיך אויך אָן ביי׳ם אלטען מיט די ברילען, צי מעג ער זאָגען א פּאָר ווערטער... ווער ביי אונז, אשטייגער, א רב אָנפרעגען זיך ביי עמיצען, צי ער זאָל רעדען? מע וויל רעדען — רעדט מען; צו וואָס באדארף מען די אָנשטעלען? איי, יענער פאלט מיר אריין אין די רעד? פאל איך אריין צו יענעם אין די רעד...

היינט די ענינים גופא, וואָס מע האָט דאָ גערעדט — עפּיס ווילדע ענינים! ס׳איז שווער צו פארשטעהן, וואָס זיי ווילען...

איינער שטעהט אויף און פרעגט א קשיא: מה נשתנה — פאר וואָס איז היינטיגס יאָהר ערגער פון אלע יאָהר? אלע יאָהר, זאָגט ער, נעמט מען ביי איהם געלט אזוי פיעל און אזוי פיעל, און היינטיגס יאָהר האָט מען ביי איהם אפילו קיין האלב ניט גע־נומען! איהר הערט איין אומגליק?

דער אנדערער שטעהט אויף מיט איין אנדער טענה: למאי גיט מען איהם ניט קיין ארבייט, ער זאָל עפּיס קאָנען ארבייטען לטובת הכלל? פאר וואָס קומט דאָס איהם, אז דער און דער זאָל ארבייטען דאָס און דאָס, און יענער זאָל טהון יענס און יענס, און ער, נעבאך, דארף זיצען און ווארטען, טאָמער וועט איהם גאָט צושיקען עפּיס עמיצען א טובה טהון?... איהר פארשטעהט, ווי מע האָט איהם דאָ געקוילעט די קאָפּאָטע?...

דער דריטער הויבט זיך אויף און לעגט אנידער א צעטעל פון דעם, וואָס מע האָט געטהאָן ביז אהער, און פון דעם, וואָס מע וואָלט געקאָנט טהון, און פון דעם, וואָס ס׳איז נאָך דאָ וואָס צו טהון.

— געטהאָן — זאָגט דער דאָזיגער חכם — האָבען מיר נאָך גאָרניט געטהאָן. טאָמער האָבען מיר ביז אהער געגרינדעט און איינגעלאָדעט אזעלכע עטליכע הונדערט קאָלאָניעס אייגענע אין ארץ־ישראל, איז דאָס א קלייניגקייט. מיר וואָלטען שוין געקאָנט

האָבען ביז איבער העכער טויזענד... טאָמער — זאָגט ער — האָבען מיר אין אונזער נאַציאָנאַל־באַנק אַזעלכע צוויי הונדערט מיליאָן פונט שטערלינג, וואָלטען מיר, אייגענטליך, באַדאַרפט האָבען אַצינד, צום ווינציגסטען, אַ פּאָר מיליאַרדען. נאָך די גרויסע נדבות מיט די גרויסע ירושות, וואָס אונזערע גבירים האָבען אָפּגעזאָגט אויף אונזער פאָנד, וואָלט אונז אָנגעשטאַנען, מיר זאָלען שוין איצטער קאָנען אָפּקויפען גאַנץ ארץ־ישראל און צערעכענען זיך מיט'ן טערק ביז דער לעצטער פּרוטה... איך ווייס, זאָגט ער, איהר וועט מיר אָפּענטפערען, אַז מיר האָבען אַ סך געלד און אַ סך צייט אויסגעגעבען אויף קולטורע. באַדאַרף איך אייך אָבער דערויף אָפּענטפערען צוריק, אַז מיר האָבען דאָ אויך אַ סך ווינציגער, ווי מיר וואָלטען געקאָנט האָבען ביז אַהער... אונזער העדר ראַבינער איז גאַנץ גערעכט געווען, וואָס ער האָט אונז היינט אין שוהל אויסגעוואָרפען, אַז איין אידישע אַקאַדעמיע אין גאַנץ ארץ־ישראל איז קאַרג. אונז וואָלט אָנגעשטאַנען, מיר זאָלען האָבען דריי אַקאַדעמיעס, פיער אַקאַדעמיעס, פינף אַקאַדעמיעס!...

איך שטעה נאָר פון דערווייטען און באַטראַכט די דאָזיגע מאָדנע מינים אידען. וויעדער אַקאַדעמיעס אין ארץ־ישראל? איין אַקאַדעמיע אויף גאַנץ ארץ־ישראל איז זיי קאַרג; זיי באַדאַרפען האָבען צעהן אַקאַדעמיעס, הונדערט אַקאַדעמיעס, טויזענד אַקאַדעמיעס, מיליאָנען אַקאַדעמיעס!...

דער חכם זעצט זיך אַנידער, און עס שטעהט אויף אַ נייער תנא און באַקלאָגט זיך אויף דער לאַגע פון די אידישע גערטנער אין ארץ־ישראל, וואָס זיי האָבען היינטיגס יאָהר ניט געקאָנט אַריינטראָגען אין פאָנד אַריין מעהר פון אַ האַלבען מיליאָן פראַנק... נאָר אויב, זאָגט ער, די לאַגע פון די גערטנער איז נישט אַם בעסטען, איז די לאַגע פון די בעלי־מלאכות אין ארץ־ישראל גאָר טרויעריג: די בעלי־מלאכות אין ארץ־ישראל, זאָגט ער, האָבען תמיד געהאַט זייער אייגענע ביבליאָטעקע, און היינט זענען זיי געבאַך

געבליבען אָהן א ביבליאָטעקע: זי איז אָפּגעברענט געוואָרען, און זיי מוזען געהן אין פרעמדע ביבליאָטעקעס (א גאָט'ס רחמנות אויף זיי!...). היינט, זאָגט ער, די אידישע ארבייטער פונ'ם אייזענבאהן אין ארץ־ישראל — די זענען גאר אומגליקליך: ביז אהער האָבען זיי געהאט זייער אייגען טהעאטער, און איצט איז דאָס טהעאטער צעפאלען געוואָרען, וואָרום די בעסטע שפּיעלער האָבען חתונה גע־האט און זענען זיך צעפאָהרען, דער אהער, דער אהין. און דער־ווייל זענען נעבאך די אידישע באהן־ארבייטער געבליבען אָהן א טהעאטער (א שטיין קאָן אויך צעגאָסען ווערען פון געוויין!... א קליינינגקייט — אידישע באהן־ארבייטער זענען געבליבען אָהן א זיידען!...).

נאָך דעם תנא שטעהט אויף נאָך א חברה־מאן פון די יונגע לייט און רעדט מיט פייער, פאלט אָן אויף דער חברה „כרמל“ און זאָגט, אז די חברה „כרמל“ איז די רייכסטע צווישען אלע אידישע חברות; ס'איז א יושר, אז די חברה „כרמל“ זאָל געבען וויין אויף אלע אידישע בקור־חולים'ס אין ארץ־ישראל אומזיסט. נישקשה, זאָגט ער, טאָמער וועט די חברה „כרמל“ פערדיענען ווינציגער מיט עטליכע הונדערט טויזענד קערבלעך א יאָהר, איז אויך אָהן איין אומגליק! דער גוטער יאָהר וועט זיי ניט נעמען!...

נאָך איהם שטעהט אויף איינער, א יונגערמאנטשיק, און לייענט פון א פּאפּיער עפּיס א גאנצע מגילה מכח מיליטער, מכח אידיש חיל, לעגט־פאָר נייע פּלאנען, ווי אזוי און וואָס און ווען, און אלע הערען איהם אויס מיט קאָפּ, פרעגען קשיות, און ער פּארענטפערט זיי. און אז ער לאָזט אויס, ווערד א פּאטשעריי „בראוואָ!“ און א געשריי: „הידד!“ „הידד!“ — מע קאָן טויב ווערען!...

צום סוף שטעהט אויף דער בעל־הבית אליין, דאָס הייסט, דער ראבינער, און לייענט איבער א בריעף פון רויטשילד'ען. פונ'ם לייענען פארשטעה איך, אז רויטשילד שמייכעלט זיך צו צו דער

חברה, ער וויל ווערען אַ חברה־מאַן גלייך מיט אַלע, און זאָגט זיי צו „הרים וגבעות“, שיט מיט מיליאָנען.

איך שטעה און באַטראַכט זיי און קלעהר מיר: ביי אונז, אַז ס'זאָל זיך טרעפען, אשטייגער, אַזאַ מעשה: אַ גביר זאָל זיך ווע־לען איינקויפען אין חברה, — איך וויים וואָס עס וואָלט געווען? מע וואָלט געקראָכען אויף אַלע פיער, מע וואָלט פאַר פרייד געגאַנ־גען אַ טענצעל! וואָרום ביי אונז אַ גביר אַז ער זאָגט נאָר אַ גוט וואָרט אַליין, אָהן געלט, איז מען שוין אויך צופריעדען: „דער גביר האָט גערעדט, דער גביר האָט געזאָגט, דער גביר האָט גענו־מען ביי'ם שמש אַ שמעק טאַבעקע און האָט אַ ניס געטהאָן, צו געזונט זאָל איהם זיין, צו לאַנגע יאָהר!...“ איך האָב געמיינט, אַז חברה וועט דאָ צעגאַנגען ווערען פאַר תענוג; צום סוף — ווער? וואָס? ס'איז געווען אַ סך אַזעלכע, וואָס האָבען געפרעגט קשיות: „וואו איז געווען רויטשילד פריהער, דעמאָלט, ווען מע האָט איהם באַדאַרפט? דעמאָלט, ווען מען איז צו איהם געקראָכען? דעמאָלט, ווען עס האָבען זיך געגאָסען אידישע טרערען און אידיש בלוט? דעמאָלט האָט ער זיך פאַרשלאָסען בחדרי־חדרים? דעמאָלט האָט ער ניט פאַרשטאַנען קיין אידיש?... איצט, אַז גאָט האָט אונז געהאָלפען, מיר האָבען זיך מיט אונזער אייגענער הילף אַרויפגעשלאָגען אויף אַ דרך, איצט, אַז גאָט האָט אונז מזכה געווען, אונזער פאָלק הויבט אָן ווערען לייטען גלייך, קומען צו אונז אונזערע צאַפּעס — (אַ שייגעץ קאָן!) און ווילען זיך איינקויפען מיט זייערע מיליאָנען, בכדי זיי זאָלען קאָנען זאָגען אַ דעה? ניין, ביי אונז פאַרקויפט זיך ניט קיין כבוד פאַר קיין געלט! כבוד באַדאַרף מען ביי אונז פ א ר ד י ע נ ע ן, פ אַ ר ה אָ ר ע װ ע ן! מיר דאַרפען ניט רויטשילד'ען! מיר דאַרפען ניט זיינע מיליאָנען!“

דאָ האָב איך זיך שוין מעהר ניט געקאָנט איינהאַלטען און בין אַרויסגעשפּרונגען.

— רבותים! — האָב איך מיך אָנגערופען צו זיי אויף אַ קול.— האָט קיין פאַראיבעל ניט, וואָס איך, אַ ווילד־פרעמדער גאָר, איין אורח פון יענער זייט סמבטיון, שפּרינג אַרויס און מיש מיך אַריין אין אייערע ענינים. מע זאָגט ביי אונז אַ ווערטעל: „אַ גאַסט קומט אויף אַ ווייל — און זעהט אויף אַ מייל“. איך בעט ביי אייך נאָך אַ מאָל הונדערט מאָל מחילה, איהר ווייזט מיר אויס אין מיינע אויגען רײַן משוגע! מילא, דעם אומגליק, וואָס די באַהן־אַרביי־טער אין ארץ־ישראל זענען געבליבען, ניט דאָ געדאַכט, ניט פאַר קיין אידען געדאַכט, אָהן אַ טהעאַטער, — דאָס בין איך אייך מוחל. נאָר דאָס, וואָס דער דאָזיגער עזות־מחוצף־פּנים האָט נאָר־וואָס גערעדט קעגען אַזאַ מענטשען, ווי רויטשילד, — אַ קליינינגקייט רויטשילד! — דאָס, זאָג איך, איז שוין אַזאַ עולה, וואָס איך קאָן דאָס שוין ניט איבערטראָגען! ביי אונז וואָלט מען אַזאַ חברה־מאַן אָנידערגעלעגט און מע וואָלט איהם, איך בעט איבער אייער כבוד, אַריינגעפּיעדעלט אין ווי־הייסט־מען־דאָס אַ שטיקלעך זעכציג, ער זאָל וויסען הלכות דרך־ארץ, ווי אַזוי צו רעדען קעגען אַ גביר! איך זאָל זיין באַקאַנט מיט רויטשילד'ען, וואָלט איך איהם דער ערשטער איבערגעגעבען וואָס דאָ האָט זיך אָפּגעטהאָן! ס'איז אַ מצוה, מע זאָל אַזעלכע שקצים, עזות־פּנים'ער, צערייסען, ווי מע צערייסט אַ הערינג אום ערב יום כפור! אדרבה, זאָגט אפשר, אַז ניין?...

דערהערט פון מיר אַזעלכע דבורים, האָבען זיי זיך, אַפּנים, שטאַרק פאַרשעמט, מחמת זיי האָבען מיר נישט געענטפערט דאָס אַנדערע וואָרט; זיי האָבען זיך נאָר איבערגעקוקט איינס מיט דאָס אַנדערע, געשמייכעלט און געשושקעט זיך שטילערהייד... עס ווייזט אויס, אַז זיי האָבען מורא געהאַט, טאָמער, אַ קשיא אויף אַ מעשה, נעם איך און איך שרייב טאַקי אַוועק וועגען דעם צו רויטשילד'ען?...

— מיר וועלען אייך ביסלעכווייז קלאָר מאַכען, — רופט זיך אָן צו מיר דער רב — מיר וועלען אייך...

— איהר האָט מיך ניט — זאָג איך — וואָס קלאָר צו מאַכען; איך בין נאָך, ברוך השם, ביי אַלע געדאַנקען...

דער אַלטער, וואָס מיט די ברילען, טהוט אַ קלונג מיט'ן גלע־קעל און זאָגט, אַז די אסיפה איז אויס אסיפה, און דער עולם הויבט זיך אויף און מע זינגט אַלע אינאיינעם אַ ליעד אויף לשון־קודש, וואָס הויבט זיך אָן און לאָזט זיך אויס מיט די ווערטער: „עוד לא אבדה תקותנו!” אַלע זינגען: אי די אַלטע לייט, אי די יונגע, אי די זכרים, אי די נקבות — ניטאָ ווער ס'זאָל לאַכען!...

— איהר האָט דאָס גוט געזאָגט! — מאַכט צו מיר דער סטאָליר צוריקוועגס און בלאָזט זיך אָן ווי אַ פּאַחיר און ווערד צעפּלאַצט לאַכענדיג. — איך האָב אָבער באַלד פאַרשטאַנען, אַז איהר מאַכט פון זיי אַ שפּאַס.

— אודאי! — זאָג איך. — איהר פאַרשטעהט מעהר פון אַ טוידטען! איהר פאַרשטעהט פּונקט אַזוי פיעל, וויפיעל מיין שטיוועל!

דער סטאָליר האַפּט זיך אָן מיט ביידע הענט ביי די זייטען און קאַטשעט זיך פאַר געלעכטער.

— ס'איז שוין אויף אייך ווידער — זאָג איך — אָנגעפאַלען דאָס לעבעריגע? שוטה בן פּיקהאָלץ! רב שעיה קאַטער! רב מענדי לאָקש! אברהמעל חיריק! בעריל באַס! חיים טראַסק! מאַטעל וואַרעניק!...

ער לאַכט נאָך שטאַרקער, ער ווערד שיער ניט צעזעצט פאַר געלעכטער!

איך טהו אַ שפּיי אויף דעם משוגענעם סטאָליר און פאַרטיעף מיך אין מחשבות: וואָס זענען זיי פאַר ברואים?... פון דעם שבת־

צו־נאכטס, מיט די אַלע רעדעס, מיט זייערע מיליאָנען דרעהט זיך מיר אַזוי דער קאָפּ, אַז איך ווייס שוין גאָר ניט אויף וואָס פאַר אַ וועלט איך בין. איינס פון די ביידע: אָדער זיי זענען משוגעים, אָדער איך בין משוגע?...

ניין, ז י י זענען די אמת׳ע משוגעים!...

ע נ ד ע ע ר ש ט ע ר ט י י ל.

מעשיות פון טויי־
זענד איין נאַכט.

דערצעהלט בהרחבה פון אַ קרושניקער אידען,
וואָס זיצען זיצט ער אין קרושניק, נאָר
רופען רופט מען איהם „יאַנקעל יונעווער“,
ווייל ער איז פון יונעוו, פאָהרענדיג אויפ׳ן
שיף פון קאָפּענהאַגען ביז ניו־יאָרק, און
איבערגעגעבען וואָרט אין וואָרט.

געשריבען אין יאָהר 1915.

# מעשיות פון טויזענד איין נאַכט.

## 1.

### יאַנקעל יונעווער פון קרושניק.

— — — פאָהרט איהר, הייסט עס, פאַני שלום-עליכם, אויך אהינצוצו, ווי אַלע? — זעהר אַנגעלעגט!

נישט מחמת, ווי זאָגט איהר, צרת רבים חצי נחמה. חס ושלום! אדרבה, פאַרקעהרט! למאי זאָל איך זאָגען? נאָר וואָס דען? גלאַט אַזוי, ס'איז עפּיס היימליכער אויף דער נשמה צו וויסען, אַז א ו נ ז ע ר שלום-עליכם, איהר פאַרשטעהט צי ניין, פאָהרט אויך מיט אונז, פּשוט'ע עמיגראַנטען, אויף איין שיף, אהין, אין יענעם לאַנד אריין, וואָס גאָט האָט באַשאַפען פון אידענס וועגען, זיי זאָלען האָבען וואוהין צו אַנטלויפען, אַז עס טרעפט זיך א צרה שלא תבוא, איין אומגליק, אַ פּאָגראָם, א מלחמה...

איך וועל אייך זאָגען דעם אמת — עס גלויבט זיך עפּיס גאָר ניט, אַז ס'איז נאָך פאַרהאַן היינטיגע צייטען ערגיץ אויף דער וועלט אַזא ניכטער ווינקעל, וואו מענטשען זענען ניט פאַר'שכור'ט פון בלוט און מע קוילעט זיך ניט אין די אלפים, ווי מע קוילעט ביי אונז, אַשטייגער, עופות, אַז עס קומט ערב יום כפור צו די כפּרות, און מע האַקט ניט איינס דאָס אַנדערע, ווי מע האַקט הערינג, און מע בראָקט ניט קיין מענטשען, ווי מע בראָקט קרויט...

ווי מיינט איהר, מיר וועלען אמאָל קומען אהין, אין דעם אמע־ריקאַ, צי וועד־וואָס?

איך וויים ניט, ווי אזוי איהר דאָרטען, אויבען, אין די קאַיוטען פון ערשטער קלאַס — נאָר מיר אָט־דאָ, פּאַסאַזשירען פון דריטער קלאַס, האָבען שוין אָוועקגעגעבען, ווי זאָגט איהר, דער מאַמעס מילך, געבען זאָל זיי גאָט א בייז קוויטעל, דערפאַר וואָס זיי האָבען צוגעטראַכט אַלע גוטע זאַכען אויף דורכצולעבערען די שטאַרקסטע פּעסטונגען און אויף דורכצוברעכען אייזערנע מויערען און אויף צו מזיק'ען, אומברענגען די גאַנצע וועלט!

וואָלט דען ניט גלייכער געווען, זאָגט שוין איהר אַליין, מע זאָל עפּים צוטראַכטען אַ מיטעל אויף צו פאַרגרינגערען די דאָזיגע שווערע אומגעלומפּערטע נסיעה אויפ'ן ים?

ניין, אַמעהר האָבען זיי בעסער אַוועקגעלעגט דעם קאָפּ אויף שמד־שטיק, אויף א „צוויי־און־פערציגער", מיט אַלערליי באָמבעס: אַזעלכע, וואָס גנב'ענען זיך אונטער אונטער'ן וואַסער און דערצעה־לען דעם פּסוק, און אַזעלכע, וואָס שיסען פון אויבען גאָר, אַזש פון יענער זייט חמאַרע — צו ברענגען א חורבן אויף דער וועלט און צו מאַכען אַ תל פונ'ם גאַנצען רעשטעל אידישקייט... און אַז מע האָט זיך גענומען אויף אונזער ביסעל אידען, און אַז די גאַנצע מלחמה איז נאָר צוליעב אונז, איהר פאַרשטעהט צי ניין — א א י ד י ש ע מ ל ח מ ה — דאָס איז דאָך אזוי קלאָר, ווי דער טאָג, וואָרום אַז ניט — צו וואָס דען האָט דער אויבערשטער גע־פיהרט אזוי, אַז גראָד אָט דאָ, אויף דעם שטיקעל אָרט, איז זיי געפעלען צו שלאָגען זיך און הרג'ענען זיך, צו קוילען זיך און צו יאָשען זיך? וואָס איז? דער דייטש האָט זיך איינגעשפּאַרט, ער וויל דוקא לאָדזש און דוקא וואַרשאַ! און פּאָני פון זיין זייט קריכט אַלץ אהין — אויף קראָקע מיט לעמבעריג קריכט ער! איז דאָך ממה נפשך: אז דיר, דייטש, שמעקט אזוי אונזער וואַרשאַ מיט אונזער לאָדזש, און דיר, פּאָני, איז געפעלען קראָקע מיט

לעמבעריג — איז דאָך עס אַ פּשוט'ע זאַך: נעמט מען און מע מאַכט אַ בייט — און שוין! צו וואָס איז דאָס שלאָגען זיך? מיט'ן קוילען זיך? מיט'ן יאָשען זיך? און ועל כולם — וואָס געהר זיך עס אָן מיט מיר, מיט יאַנקעל יונעווער, און מיט מיינע קינדער, וואָס מיר זאָלען געהן אַוועקלעגען דעם קאָפּ צוליעב דעם, וואָס דייטש וועט געוועלטיגען אין קיטנע און פּאָני אין פּשעמישל? עס קומט אויס גלייך, ווי אויסער פּוילען און אויסער גאַליציע איז שוין גאָר מעהר קיין וועלט נישטאָ, איין עק! איי, וועט איהר מיך פרעגען, למאי בעלגיע? וועל איך אייך ענטפערען: למאי קרושניק?

איהר קוקט מיך אָן, פּאַני שלום־עליכם, וואָס איז דאָס פאַר אַ קרושניק, וואָס איך האָב אַ העזה דאָס צו פאַרגלייכען צו אייער בעלגיע, להבדיל? קרושניק, איהר פאַרשטעהט צי ניין, איז זיך אַ קליין שטעדטעל, ניט גרעסער פון יונעוו, אוןביידע שטעדטלעך, קרושניק און יונעוו, געפינען זיך אין לובלינער גובערניע איינס נע־בען אנדערען טאַקי.

אז איהר'ט אַ פרעג טהון, נאַפּשיקלאַד: „וואו איז דאָס ערגיץ קרושניק?" וועט מען אייך ענטפערען: „קרושניק? — ניט ווייט פון יונעוו". וואו זשע איז יונעוו? — „ניט ווייט פון קרושניק"... איהר פאַרשטעהט צי ניין — קרושניק און יונעוו זענען כמעט, קאָן מען זאָגען, איין שטאָדט. דאָס הייסט, ס'איז ניט איין שטאָדט; דאָס זענען זיך צוויי באַזונדערע שטעדט, און הייסען הייסען זיי, אויב איהר ווילט וויסען אַקוראַט, ניט קרושניק און ניט יונעוו, נאָר „קראַסניק" און „יאַנאָוו". נאָר מיר, אידישע קינדער, האָבען עס פאַרצוייגען: „קרושניק" און „יונעוו". פאַר וואָס? פאַר גאָר־ניש! ס'איז שענער אַזוי, איהר פאַרשטעהט צי ניין, ס'איז אַ י־ד י ש ל י כ ע ר... אַ גוי, להבדיל, אַז ער דאַרף זאָגען „יאַנאָוו", איז אַ גאַנצער עסק: יאַ־נאָוו — ווי פון אַ פאַס! און ביי אונז איז דאָס אי גלאַט, אי קורץ: יונעוו — און שוין!

בין איך אליין טאַקי אַ דאָרטיגער, אַ יונעווער הייסט עס, פון יונעוו. נאָר למאַי זאָל איך זאָגען אַ ליגען? זיין בין איך, איי־גענטליך, אַ קרושניקער, פון קרושניק, נאָר אַ געבוירענער בין איך אַ יונעווער, פון יונעוו. און דעריבאַך טאַקי רופט מען מיך ביי אונז אין שטעדטעל „יאַנקעל יונעווער". פאַר וואָס? ערשטענס, ווייל ס'איז פאַרהאַן ביי אונז אין קרושניק אַ סך יאַנקעלס. והשנית, רופט מען מיך „יונעווער" דערפאַר, ווייל איך בין, איהר פאַר־שטעהט צי ניין, אַ געבוירענער אַ יונעווער. האָט איהר עס צע־קייעט?

ווייסט איהר שוין, הייסט דאָס, ווער איך בין — איאָ? עס הויבט זיך גאָר ניט אָן! וואָרום כדי איהר זאָלט וויסען, ו ו ע ר איך בין, באַדאַרף מען אייך אויסרעכענען מיין גאַנצען יחוס, פון וואַנען איך שטאַם — און איך וועל דאָס נישט טהון! ווייסט איהר פאַר וואָס? ווייל איך האָב פיינט באַריהמען זיך. צו וואָס וועל איך אייך געהן דערצעהלען גרויסקייט, למשל, אַז שטאַמען שטאַם איך, ווי זאָגט איהר, פון סאַמע צימעס, ס'איז גאָר אַ גוואַלד! רבנים און חזנים און... און... און... כמעט גוטע אידען! איך האָב פיינט באַריהמעריי, איך האַלט נישט דערפון!

זעהט איהר, ווען איהר זענט אַ בעלן און איהר פאָהרט אייך דורך אויף ציקאַוועסט צו אונז אין גרויס־פוילען, וועלען מיר זאָגען, אין אַ לובלינער גובערניע, און איהר שטעלט אייך אָפּעט אויף אַ מינוטקעלע אין וואָס פאַר אַ שטאָדט איהר ווילט, נאַפּשיקלאַד, אין אַ מענדרעוויץ, אין אַ יונעוו, אַ מאַזעלבאָזשעץ, אין אַ ראַכאָוו, אין בילגעריי, אָדער טאַקי ביי אונז אין קרושניק אַליין, און איהר טהוט אַ פרעג אַ מינדסט קינד אויף יאַנקעל יונעווער — מעהר נישט ווי די צוויי ווערטער באַדאַרפט איהר צו זאָגען: „ י אַ נ ק ע ל " און „ י ו נ ע ו ו ע ר " — וועט איהר שוין האָרכען! נאָר וואָס קומט אַרויס? ווי זאָגט איהר: געה שריי אני שלמה!...

צי איך זאָל אייך געהן, אַשטייגער, דערצעהלען, אַז מיין טאַטע

איז געווען כל ימיו אַ גביר, און מיין זיידע, און מיין עלטער־זיידע, און אַז אַליין בין איך אויך געווען ניט לאַנג אַ איד אַ נגיד, ביז ס'איז אָנגעקומען דער פינסטערער באַיקאַט אויף אונז פון די פוילען, און ס'איז אַלסדינג אַוועק מיט'ן ווינט און מיט'ן רויך. נאָר צו וואָס? וואָס וועט עס מיר העלפען? ווי זאָגט איהר: ג ע ו ו ע ן שען, ג ע ה א ט געלט, ג ע ק אָ נ ט זינגען — די אַלע זאַכען טויגען אויף אַ כפּרה! איהר זעהט פאַר זיך אַ אידען איין עמיגראַנט, וואָס יפאָהרט מיט אַלע אידען קיין אַמעריקאַ — און שוין! דאָס ווייב, ברוך השם, פאַרלוירען. די קינדער פאַרזאָרגט אויפ'ן בעסי־מען אָרט. דריי קינדער, צוויי זיהן מיט איין איידעם — האָט דער אויבערשטער געטהאָן אַ נס, מע האָט איין זוהן ג ע ז אָ ל ט הענגען, און דעם אַנדערען האָט מען ג ע ז אָ ל ט שיסען, און דעם איידעם האָט מען, אַנדערע זאָגען, גע'הרג'עט אונטער לעמבעריג, אַנדערע זאָגען, מע האָט איהם גענומען אין געפיינקעניש, מע ווייסט ניט, וואו זיין געביין איז אַהינגעקומען. איז די טאָכטער אַראָפּ פונ'ם זינען, האָט דאָס מיין ווייב ניט אויסגעהאַלטען — אַ בת־יחידה, איין און איינציגע — און איז אַוועק פאַר דער צייט. און איך אַליין, ווי איהר קוקט מיך אָן, אויף די עלטערע יאָהרען באַדאַרף זיין נע־ונד... אזוי, אויפ'ן קוק, דאַכט זיך, עפּיס נישט אַזאַ גבר, ווייט פון אַ שמשון הגבור, איאָ? איז אָבער דער טוידט נעמט מיך ניט! דער מלאך המות, איהר פאַרשטעהט צי ניין, האָט צו מיר קיין שליטה ניט. וואָרום וואָס איך בין אויסגעשטאַנען אין די דריי־פיער חדשים פון דער וועלט־משוגעת, וואָס מע רופט דאָס מלחמה, וואָלט איין אַנדערער אויף מיין אָרט אָנגעשפּאַרט אַצינד — טע־טע־טע! אָט וועט איהר הערען אַ מעשה! דריי־פיער מעשיות, אָהן אַ שיעור מעשיות, און אַלע זעלטענע, וואונדערליכע מעשיות, ממש יציאת מצרים, ווי זאָגט איהר: מ ע ש י ו ת פ ו ן ט ו י ־ ז ע נ ד א י י ן נ אַ כ ט! אַז איהר וועט זיי האָרכען, וועט איהר אַליין זאָגען, אַז ס'איז הפלא ופלא, גאָר נישט קיין מענטש־

ליבער כח, נאָר עפּיס טאַקי אַ נס מן השמים, וואָס דער אויבער־שטער קאָן!

למשל, איך זאָל אייך דערצעהלען אַ מעשה, ווי אַזוי איך און דער רב און דער קאַזשאָנע רב, דער ראַבינער, הייסט עס, און די איבעריגע שבעה טובי עיר פון קרושניק — אַז מיר זענען געקומען מיט זאַלץ און ברויט מקבל פּנים זיין דעם דייטש, וואָס איז אַריין צו אונז קיין קרושניק; און אַז מיר זענען פאַרטיג געוואָרען מיט איהם מכח קאָנטריבוציע, ווי איהר וועט האָרכען ווייטער אַביסעל, האָט זיך קירה־דייטש ניט געשעמט צו געבען אונז בעזעמער, איהר פאַרשטעהט צי ניין, פּשוט'ע בעזעמער, אין די הענט אַריין און באַפוילען, מיר זאָלען זיך איהם אוועקשטעלען אויס־קעהרען די גאַסען פון שטאָדט; ס'איז איהם ניט געפעלען, דעם דייטש; מיר זענען, זאָגט ער, שמוציגע קערלען, און אונזער מלוכה איז, זאָגט ער, אַ שמוציגע מלוכה!...

צי, אַשטייגער, אַז איך וועל אייך דערצעהלען נאָך אַ שענערע מעשה, ווי אַזוי איך, יאַנקעל יונעווער, און דער רב אונזערער און דער קאַזשאָנע רב, דער ראַבינער, הייסט עס, און די איבעריגע שבעה טובי עיר, די פיינסטע בעלי־בתים פון שטאָדט, זענען מיר שוין געווען אַלע אויפ'ן הייליגען אָרט אויך, אויפ'ן קרושניקער בית־עולם הייסט דאָס? ביינאַכט איז דאָס געווען, די לבנה האָט געשיינט, און דער שונא האָט אונז אַרויפגעבראַכט, געגעבען אונז זאַסטופּעס אין די הענט אַריין און געהייסען, מיר זאָלען זיך אַליין גראָבען קברים, פּשוט'ע קברים, דאָס הייסט, יעדער זאָל זיך גראָבען, איהר פאַרשטעהט צי ניין, פאַר זיך זיין קבר, זיך אויסגראָבען אַ קבר און אַריינלעגען זיך לעבעדיגערהייד!

נאָך איצטער, אַז איך רעד דערפון, שטעלען מיר זיך טרערען אין די אויגען... איהר ווילט וויסען וואָס איז דאָס געווען: אַ קאַטאָוועס, אָדער אַ משוגעת? זאָל מיך אַזוי וויסען אַ בייז לעבען מיט אייך אינאיינעם! איך ווייס נאָר איינס: אַז איך און דער

רב און דער קאַזשאַנע רב, נאָך גאָר אַ יונגער מאַן, קיין דרייסיג יאָהר נישט אַלט, זענען מיר אין איין נאַכט אַלע געוואָרען גרוי און אַלט!

איאַ, איהר קוקט אויף מיר און טראַכט זיך: אַט דער איד איז אַ בריה אויף צו דערצעהלען בבא־מעשיות!... איהר האַט רעכט. איך אויף אייער אָרט, ווען מע דערצעהלט מיר אַזאַ זאַך, וואָלט איך אויך געזאָגט: „פעטער, איהר רעדט פון היטץ, שיקט נאָכ'ן דאָקטאָר, אָדער געהט לעגט אייך שלאָפען!"... ווי זשע איז אָבער, אַז איך וועל אייך געהן שווערען אַ שבועה דאורייתא, אין טלית און אין קיטעל, אַז אַלץ, וואָס איך דערצעהל אייך, איז ווי מיר זיצען דאָ תחת כפת השמים — אונטער אַ הימעל פון גאָט? און דאָס אַלעס, דאַרפט איהר וויסען, איז נאָך אַ שמינית שבשמינית. איהר פאַרשטעהט צי ניין, אַפילו קיין הונדערט חלק ניט פון דעם. וואָס מיר, אידען פון קרושניק און פון יונעוו און פון אַנדערע אי־דישע שטעדטלעך, זענען אויסגעשטאַנען דערנאָכדעם פון די פאָליאַ־קען, און דערנאָך פון פאַני, בעת ער האָט אַרויסגעיאָגט פון דאָרטען דעם דייטש און איז אַליין אַריין מיט ביידע פיס! און דאָס ווייסט איהר דאָך, מן הסתם, אַז פאַני האָט שוין אַזאַ גליק, אַז וואו נאָר ער שטעלט אַריין אַ פוס, אַזוי מוז זיין א פאָגראָם!... נישט מחמת ער איז אַזאַ רשע, — חלילה! ער איז בעצם גאָר ניט אַזוי שלעכט, אונזער פאַני, זאָל מאריך ימים ונשים זיין, נאָר ער האָט שוין אַזאַ מזל, מ'שטיינס געזאָגט...

הכלל, ווי איהר זעהט, האָב איך אייך צו דערצעהלען און צו דערצעהלען אַזוי פיעל, אַז הלואי מיר זאָלען חאָטש פאַרטיג ווערען ביז ניו־יאָרק!

אייך, פאַני שלום־עליכם, וועלען די דאָזיגע מעשיות מסתמא צו־נוטץ קומען. אַז מע דערצעהלט אייך אַ מעשה, נעמט איהר דערנאָכדעם און איהר צעלעגט עס אויף צעהן טעלערלעך... ווי באַלד אַזוי, האָט זשע מיר נאָר אַביסעלע געדולד און לעגט־צו קאָפּ.

איך וועל זיי אייך דערצעהלען איינציגווייז, אַ מעשה נאָך אַ מעשה. און אָנהויבען וועל איך פון מיין עלטערען זוהן, פון מיין יחיאל'ן, ווי אזוי פאָני האָט איהם גענומען אין דער מלחמה און האָט איהם אוועקגעשטעלט שיסען, פשוט שיסען, איהר פאַרשטעהט צי ניין, פון אַ ביקס! האָט איהם מיין יחיאל געגעבען אַ שאָס, אַז ווען אַלע יונים שיסען אַזוי, וואָלטען די קיסרים מיט אַלע זייערע גענעראַלען און פעלד־מאַרשאַלען געהאַט אַ שען פנים... נאָר איך זעה, אַז איהר זענט שוין, דאַכט מיר, מיעד און איהר האָט חשק אביסעלע דורכשפּאַציערען זיך איבער'ן שיף. שפּאַציערט, עס האָט צייט, ס'איז נאָך נישקשה'דיג ווייט ביז צו ניו־יאָרק, מיר'ן זיך נאָך גע־נוג אָנרעדען!...

---

## .2

## יחיאל שיסט אַרויף.

— — — האָב איך אייך, הייסט עס, צוגעזאָגט, פאַני שלום־עליכם, צו דערצעהלען קודם כל פון מיין עלטערען זוהן, פון מיין יחיאל'ן, ווי אַזוי פאָני האָט איהם גענומען אין דער מלחמה און האָט איהם אוועקגעשטעלט גלייך מיט אַלע יונים, ער זאָל שיסען. וואָלט איך אייך, אייגענטליך, באַדאַרפט דערצעהלען, ווי אַזוי ס'איז נאָר אָנגעקומען צו מיין יחיאל'ן, אַז בסך הכל האָב איך איהם פון פאָני'ס הענט, איהר פאַרשטעהט צי ניין, לאַנג אַרויסגענומען. ווי־פיעל דאָס האָט מיך געקאָסט, וואָלט זיך עס איעדער עמיגראַנט, אָט־אַ־דאָ אויף דעם שיף, געמעגט ווינשען, ער זאָל עס פאַרמאָגען איידער ער קומט קיין אַמעריקאַ. וואָלט איהם אפשר אַזוי דער קאָפּ נישט וועה געטהאָן, טאָמער האָט ער יסורים ביי'ם אוועקשטע־לען אַ פוס אויפ'ן ברעג פונ'ם גאָלדענעם לאַנד... נאָר וואָס דען? אַזוי ווי איך בין אַ מענטש, איהר פאַרשטעהט צי ניין, וואָס כ'האָב

פיינט מאריך זיין און האב ליעב נאר צו דער זאך, לכן געה איך אריבער גלייך צום ענין, ווי אזוי מע האט מיין יחיאל׳ען גענומען צו דער אפאלצעניע, אריינגעשטעלט, ווי זאגט איהר, אין געוואנט אריין, געגעבען א ביקס אין דער האנט אריין און געזאגט: „סטור־פאי, יחיאל!“ — געה, הייסט עס, ראטעווע ניקאלאיען נעבאך פון דעם רשע, פונ׳ם דייטש!...

איהר הערט אייך נור צו מיט קאפ, איך בעט אייך, וואס דא טהוט זיך: אז פאני נעמט און צעבוצקעט זיך מיט קירה׳ן איבער א שטיקעל סערבישע מדינה, וואס איז ניט ווערטה קיין דריי גילען, און עס צינדט זיך אן א פייער איבער דער גאנצער וועלט, זאל דער אויבערשטער שומר ומציל זיין, און אליין קריכט ער אריין אין בלאטע ביז אריבער די אויהערען, באדארף מיין יחיאל, איהר פאר־שטעהט צי ניין, איהם געהן ארויסשלעפען פון דער בלאטע — קאן ניט צעזעצט ווערען די גאל? ניין, זאגט שוין איהר אליין, איהר זענט דאך עפים א שלום־עליכם!

היינט גלאט, יחיאל מיינער א שיסער — ניטא ווער ס׳זאל לאכען! די גאנצע זאך איז, וואס עס ליגט ניט אין דער טבע ביי מיר, ווי איך האב אייך געזאגט שוין, באריהמעריי... נאר אז איהר זאלט קומען אין אונזערע מקומות, וואס איך האב אייך אויס־גערעכענט, אין א מענדרעוויץ, א יונעוו, א מאזעלבאזשעץ, א ראַ־כאוו, א בילגעריי, אדער צו אונז טאקי קיין קרושניק אליין, און אנחאפען א מינדסט קינד און א פרעג טהון אויף יאנקעל יונעווער׳ס קינדער, וועט איהר שוין הערען וואס מע וועט אייך זאגען! און איבערהויפט — פון מיין יחיאל׳ען! דאס איז געווען, ווי זאגט איהר, שוין איין מאל א יחיאל! איהר קאנט פארשטעהן, וואס דאס איז געווען פאר א פארשוין, אז קירה־דייטש איז אריינגעקומען צו אונז קיין קרושניק, און מיר זענען געקומען א גאנצע דעפוטאציע, איך און מיין יחיאל און דער רב און דער קאזשאנע רב, דער ראַ־בינער הייסט דאס, און די איבעריגע שבעה טובי עיר צום קאמענ־

דאַנט, און דער קאָמענדאַנט האָט געגעבען אַ רעד אַריין מיט אונז מכח קאָנטריבוציע, און מיין יחיאל איז אַרוים מיט לשון אויף ריין דייטש: „אדוני קעניג, כך וכך...“ — האָט דער דייטש בעקומען שיער אַ מיתה משונה און האָט אַ זאָג געגעבען: „אידיש! שפּרעכען זיי אידיש!“...

מיינט איהר דאָך, אַז נור דייטש? פראַנצויז איז פראַנצויז. איינגעלש איז איינגעלש, — און אַליין, אַלסדינג פון זיך אַליין! פּויליש שמועסט מען ניט, אַז דאָס האָט גערעדט פּויליש ווי אַ געבוירענער פּאָליאַק; נאָר אַפילו רוסיש האָט דאָס אויך געקענט. פון וואַנען? זאָל מיך אַזוי וויסען בייז מיט אייך אינאיינעם! אַז בסך הכל רעדט מען גאָר ניט ביי אונז אויף יונ׳יש. פאַרוואָס? אַזוי: מע האָט פיינט פאָני׳ן און מע האָט ניט ליעב זיין לשון. מיינט איהר, אַז נור מיר, קרושניקער אידען? פליאַקע מיט די וואָנסים האָט איהם נאָך טויזענד מאָל מעהר פיינט! דאָס איז נור איצטער איז מען געוואָרען „מאָיע קאָהאַנע“, אָדער „קוצעניר־מוצעניו“, ווי מע זאָגט ביי אונז, ווייל דער אדון הגדול האָט זיי צוגעזאָגט הרים וגבעות, גאָלדענע בערג, מיט אַווטענאָמיע, מיט אַלע גוטע זאַכען. איז נעבען וועט מען דאָך זיי, אם ירצה השם, אַ ריינע קדחת מיט אַ פרישער פייג אויף צו פאַרבייסען — פאָני וויים וואָס ער האָט צו טהון...

נאָר איך האָב שיער פאַרגעסען, אַז מיר האַלטען נאָך גאָר פון פאָרינט, ביי דער ערשטער מאָבעליזאַציע הייסט עס. נעהט זייט אַ נביא, אַז פאָני וועט שיקען זאָגען צו ווילהעלמען: „זאַטשעם טי מעניע רוגאַל“, און טאָקי מניה וביה געבען אַ רוף אַלע ראַטניקעס, און מיין יחיאל׳ען בתוכם, אַז „וודאַרצעט טשעטירע טשאַסאַ“, איהר פאַרשטעהט צי ניין!... האָט דאָך מיינע, תוך כדי דבור, גענומען חלש׳ען און מאַכט צו מיר: „יאַנקעל, איך וועל דאָס ניט איבערטראָגען! יאַנקעל, איך בין פאַרביי! יאַנקעל, איך שטאַרב!...“ וואָס־זשע, מיינט איהר, האָב איך דערויף געענטפערט? „נאַ־

רעשי, האָב איך איהר געזאָגט, דו זינדיגסט. דאָס איז נאָך, זאָג איך, גאַרניש־שבגאַרניש אַקעגען דעם, וואָס קאָן זיין, וואָרום ביי גאָט, זאָג איך, איז דאָ אַזוי פיעל, אַז אַ מענטשענ׳ס מח איז גאָר ניט אימשטאַנד צו חאַפּען עם מיט׳ן שכל״... עפּיס טאַקי נאָר ווי דאָס הארץ האָט מיר געזאָגט, אַז אונזערע צרות הויבען זיך ערשט אָן... נאָר, ווי זאָגט איהר: אַ אידינע בלייבט אַ אידינע. אַז זי וויל גאָר ניט הערען פון קיין זאַך: סטייטש און סטייטש און טאַקי נאָך אַמאָל סטייטש! — איהר יחיאל, איהר פאַרשטעהט צי ניין!...

און אַז מע וויל שמועסען דאָס אייגענע צוריק, איז זי אפשר גאַרניט אַזוי אומגערעכט געווען אויך, איך מיין מיין ווייב, מיין איך. וואָרום פאַר ווענען, איך בעט אייך, זאָל טאַקי יאַנקעל יונע־ווער׳ס זוהן געהן שלאָגען זיך מיט זיינע אייגענע ברידער פון קראָקע מיט לעמבעריג? פאַר פאָני׳ן, וואָס מאַכט אויף איהם פאַגראָמען? צי פאר פליאַקען, וואָס מאַכט אויף איהם באָיקאָטען? איז איין מאָל אַוועק. והשנית, איז דאָך עס ניט אַבי ווער. דאָס איז דאָך עפּיס יחיאל! אַ יונגערמאַן, איהר פאַרשטעהט צי ניין, מיט מחשבות! אַ מענטש מיט אייגענע געדאַנקען! אַ זאַך וואָס איהם האָט אויסגעוויזען, אַז ס׳איז קרום, האָבען געמעגט קומען כל מלכי מזרח ומעריב און זאָגען ס׳איז גלייך, וואָלט ניט געהאָלפען.

ניט מחמת עקשנות. איין עקשן — דאָס אַ חוץ. עקשנים זע־נען מיר אַלע קרושניקער און אַלע יונעווער. מיר האָבען אַ שם פאַר איינגעשפּאַרטע. און איך אַליין, ווי איהר זעהט מיך אָן, בין אויך בטבע אַ איד, וואָס לאָזט זיך נישט בויגען.

אָט נעמט, למשל, אָט־דאָ אויפ׳ן שיף, זאָגען אַלע אידען, אַז מיר׳ן קומען קיין ניו־יאָרק, אם ירצה השם, איבער אַכטאָג מאָנטאג, און איך זאָג אייך, אַז מיר׳ן ניט קומען ניט איבעראַכטאָג מאָנטאג, ניט דיענסטאג און ניט מיטוואָך; הלואי מיר זאָלען קומען איבער־אַכטאָג דאָנערשטאג. חאָטש שניידט מיך, חאָטש בראָקט מיך —

אַט אַזאַ מענטש בין איך! אַ סימן האָט איהר: אַ ז מ י ר וועלען לעבען, וועלען מיר זעהען.

בקיצור, מע האָט אַ רוף געגעבען מיין יחיאל'ען צו דער אַפּאָל־צעניע, און אַז פּאָני רופּט, קאָן מען, ווי זאָגט איהר, קיין חזיר ניט זיין און מע מוז געהן — וואָס מיר ווייב? ווער מיר קינד? (ער האָט שוין דעמאָלט געהאַט אַ ווייב מיט דריי קינדערלעך). און ער האָט זיך אָפּגעזעגענט מיט אונז, מיין יחיאל הייסט עס, און מיינע, בעת מעשה, האָט, ברוך השם, גע'חלש'ט דריי מאָל, און דריי מאָל האָבען מיר זי אָפּגעמינטעט, און וואָס טויג אייך גרויס, מע האָט מיין יחיאל'ען, טאַקי אין קרושניק, געגעבען אַ נעם צו דער אַרבייט, גלייך מיט אַלע יונים, נאַרניש אויף קאַטאָוועסען, און מע האָט איהם אָנגעהויבען, ראשית חכמה, לערנען שיסען. שיסען פון אַ ביקס, פּשוט, ווי מע שיסט, למשל, ווילדע קאַטשקעס: „ראַז, דוואַ, טרי — פּלי!" און שוין.

און מיר זענען אַ בעלן געווען, קרושניקער בעלי־בתים, געהן ארויס דער שטאָדט זעהען, ווי מע לערענעט זיי שיסען, די ראַטניקעס הייסט עס, — זאָג איך אייך, הערט איהר, אַז ס'איז חוזק מיט חוזק! און נאַרניט אַזוי שווער אויך, און שכל'דיג אודאי ניט. אויך מיר אַ תורה — שיסען! מע נעמט און מע טהוט אַ שאָס, שיסט עס. איז אָבער ניט פון דעם רעדען מיר. לאָזען זיי זיך שיסען, לאָזען זיי זיך הענגען, לאָזען זיי זיך טרינקען — וואָס האָט איהר צו מיין יחיאל'ען, אַז ער זאָל אייך געהן העלפען שיסען? אַז סך הכל, איהר פאַרשטעהט צי ניין, האָט ער אויף זיין לעבען, ווי זאָגט איהר, קיין פליעג אויף דער וואַנט ניט אָנגעריהרט. איין עוף אַ געקוילעטעס פון'ם שוחט, אַז מע האָט געבראַכט, האָט ער נישט געקאָנט צו־זעהען. אַ פינגער אַז עמיצער האָט זיך צעקאַליטשעט, האָט ער געקאָנט פאַלען חלשות. נעמט מען אַזאַ מענטשען און מע שטעלט איהר אוועק דערנאָכדעם סאַמע אַקעגען פייער און מע הייסט איהם, ער זאָל שיסען! און אוועקגעשטעלט האָט מען איהם אָסור־

ראַט אויף דער גרעניץ צווישען קרושניק און צווישען יונעוו, דאָרטען וואו דער דייטש איז שוין געשטאַנען גרייט אויף אריינצוגעהן, און נאָר געוואַרט ביז מיין יחיאל וועט זיי ווייזען וואָס ער קאָן... האָט זיך אָבער מיישב געווען מיין יחיאל, — וועט איהר הערען א שענס — אַז ס'איז געקומען צו דער רעכטער ארביים: ראַז, דוואַ טרי — פּלי! — האָט ער אויפגעהויבען די ביקס ארויף און גענומען שיסען גלאַט אַזוי אין דער וועלט אריין, איהר פאַרשטעהט צי ניין, אין ערגיץ ניט און קיינעם ניט, נאָר גלאַט אַזוי, צו גאָט הייסט עס...

האָט דער זוואָדנע דערזעהן, אַז אַלע שיסען אַהין וואו מע דאַרף, נאָר איין יון שיסט ארויף, איז איהם מסתמא געוואָרען די מעשה קשה'דיג. לויפט ער צו און טהוט אַ קוק — ס'איז מיין יחיאל!

האָט זיך אין איהם אָנגעצונדען דער גזלן און ער איז געוואָרען מלא רציחה — עשו. לויפט ער צו צו מיין יחיאל'ען און צעשרייט זיך: „קאַק טיעביע!" און „פּשאַ קרעוו!" און „זשידאָווסקע מאָר־דע!" און נאָך אַזעלכע שע:: כבודים, ווי פאָני קאָן! — „וואוהין שיסטו? אין הימעל אריין?..."

שרעקט זיך מיין יחיאל פאַר איהם ניט שטאַרק איבער און טהוט זיך זיין זאַך — ער שיסט ארויף.

ווערד דאָך עשו נאָך מעהר גזלן און צעשרייט זיך אויף איהם ווידער אַ מאָל מיט'ן אייגענעם „קאַק טיעביע", און „פּשאַ קרעוו", און „זשידאָווסקע מאָרדע". — „אַהין! אַהין זאָלסטו שיסען, וואו אַלע שיסען!" — און ער באווייזט איהם מיט די הענט, וואוהין ער זאָל שיסען. שרעקט זיך מיין יחיאל ווידער ניט איבער פאַר איהם און מאַכט צו איהם גאַנץ געלאַסען:

— אַהין? דאָרט זענען דאָך מענטשען! — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — —

ווילט איהר דאָך וויסען מסתמא דעם סוף פון דער מעשה? אַזא סוף אויף אַלע שונאי ישראל!...

תחילת איז ער אפילו געוואָרען, עשו הייסט עס, אביסעל ווי
מטושטש און אָפּהענטיג. וואָרום אַז מע וויל שמועסען דאָס איי־
גענע על־פּי יושר, דאָס הייסט, אין תוך אַריין גערעדט, איז דאָך עס
טאַקי אַ שרעקליכע זאַך: נעמען אויף לעבעדיגע מענטשען און שי־
סען, ווי מע שיסט אויף פויגלען, אָדער אויף ווילדע חיות. יעדער
איינציגער האָט דאָך מסתמא אין דער היים אַ טאַטען, אָדער אַ
מאַמען, אָדער אַ ווייב און קינד, איהר פאַרשטעהט צי ניין! און
גלאַט, וואָס איז דאָס פאַר איין עובדה — מענטשען זאָלען זיך שי־
סען איינס דאָס אַנדערע?!... — נאָר צוריק אָבער — מלחמה!
דינא דמלכותא! און אַזאַ זאַך ווייסט איהר מיט וואָס עס שמעקט?
מורד במלכות — איז אחת דתו להמית: קאַראַ שמערטש! דער־
פאַר קומט הענגען, שיסען, גנאַטעווען, פערטלען — אַ קליינינגקייט?
מורד במלכות!

איז דאָך אָבער פאַרהאַן, ווי זאָגט איהר, אַ גרויסער גאָט אויף
דער וועלט. וואָס טהוט גאָט ברוך הוא? וועט איהר הערען אַ
שענס. באַדאַרף זיך טרעפען אַזוי, אַז אַקוראַט יענעם טאָג, אין
יענער שעה, אויסגערעכענט פונקט ווי אַ זייגער, נעמען די דייט־
שען און מאַרשירען אַריין צו אונז אין גרויס־פּוילען גאָר פון איין
אַנדער זייט. האָט פאָני נעבאַך אָוועקגעוואָרפען הכל־בכל־מכל־פּלע־
קעל, האָט גענומען מאַכען פּיס — על חטא שחטאנו לפניך בריצת
רגלים — ווי זאָגט איהר, קיין צייט געהאַט אַרומקוקען זיך צוריק
אפילו! און דאָס האָט דאָך געטהאָן טאַקי אונזער אידישער גאָט
צוליעב מיין יחיאל'ן טאַקי! ס'איז איהם באַשערט געווען, אַפּנים,
דערנאָך אַריינצופאַלען צו די דייטשען אין די הענט אַריין... נאָר
שאַ! מיר דאַכט, אַז מע בלאָזט שוין אַ תקיעה גדולה. דאָס גיט
מען אונז צו וויסען, אַז ס'איז צייט געהן אַ טראַכט טהון מכח
אכילה.

איך ווייס ניט, ווי אַזוי איהר אין אייערע קאַיוטען — מיר,
פּאַסאַזשירען פון דריטער קלאַס, זענען זיך נוהג, איהר פאַרשטעהט צי

ניין, מיר עסען אלע טאג, צוויי מאל, דריי מאל א טאג. איך געה נישט אריין אין חקירות, וואס מ י ר עסען און וואס א י ה ר עסט, און איך פרעג אייך נישט פון וואסער א שחיטה איהר עסט דארטען אין ערשטער קלאס און צי פארזוכט איהר ניט א מאל פון דעם, וואס סע קווימשעט — איך בין ניט גאט'ס סטראפטשע. מיר, פאסאזשירען פון דריטער קלאס, בענוגענען זיך מיט א כשר'ע פרי, וואס מע מאכט אויף איהר בורא פרי אדמה. פון אמעריקא, זאגט מען, שטאמט זי, די דאזיגע פרי, און הייסט דארט מיט א מאדנעם נאמען: „פעטייטעס". באדארף מען, הייסט עס, געהן, ווי זאגט איהר, איבערחאפען דעם הונגער, און דערנאך וועלען מיר קאנען זיך אוועקזעצען נאך אמאל אט־א־דא, אויפ'ן צווישענדעק, און דער־צעהלען זיך ווייטער אונזערע מעשיות פון טויזענד איין נאכט, נסים ונפלאות, יציאת מצרים, א מעשה נאך א מעשה, און אלסדינג בקיצור, מחמת איך האב פיינט לאנגע מעשיות. א מעשה, וואס זי איז קירצער, איז זי שענער. און דערווייל וועלען מיר אייך ווינ־שעווען א גוטען אפעטיט, אדער, ווי מע זאגט ביי אונז אין דער־היים: „ברוכים היושבים, קומט עסען, עסט געזונד...

---

3.

## יחיאל א משכון.

——— האבען מיר, הייסט עס, פאני שלום־עליכם, זיך אביסעל, ווי זאגט איהר, אונטערגעפיטערט. אצינד זעצט זיך אקארשט אוועק, זייט מוחל, ווידער אמאל אט־א־דא, צווישענדעק, וועלען מיר זיך דערצעהלען ווייטער אונזערע מעשיות פון טויזענד איין נאכט, א מעשה נאך א מעשה, און נישט געהאפט, און בקיצור, נאר דעם תמצית פון יעדער מעשה, אזוי ווי איהר האט ליעב.

איז אויף וואס, איינענטליך, האבען מיר זיך געהאט אפגע־שטעלט? יא, אויפ'ן ערשטען שאס, ווי אזוי מיין יחיאל, הייסט

עס, האָט ניט געוואָלט צוליעב טהון פאַני'ן און איידער ער זאָל שי־סען אויף מענטשען האָט ער בעסער געשאָסען ארויף, אין הימעל אריין, צו גאָט הייסט עס. איז איהם דערפאַר געקומען קרימינאַל, ארבע מיתות בית־דין, אַ קליינינקייט — מורד במלכות! האָבען מיר דאָך אַ שטאַרקען גאָט; וואָס טהוט דער אויבערשטער? באַווייזט ער אַ נס און עס קומט אריין צו אונז קיין פּוילען אקוראט אין יע־נעם טאָג, איהר פּאַרשטעהט צי ניין, דער דייטש בכבודו ובעצמו. נאָר ווי אַזוי, מיינט איהר, איז ער אריינגעקומען? בתופים ובמחולות — מיט מוזיק און מיט געזאַנג, האָט זיך צעלעגט ווי ביי'ם טאַטען אין וויינגאַרטען און געוואָרען בעל־הבית. גליך ווי קרושניק און יונעוו און לובלין און גאַנץ גרויס־פּוילען איז זיין טאַ־טענס ירושה פון קדמונים.

האָט דאָס אונז, קרושניקער בעלי־בתים, פון דער לכתחילה אַ ביסעלע פאַרדראָסען: ממה נפשך, גאָט ברוך הוא האָט דיר נעגע־בען אַ שטיקעלע הצלחה, ביזט אריין — מהכתיתי, לאָז זיין, ווי זאָגט איהר, אין אַ גוטער שעה; נעם, זעץ זיך אנידער און שרייב אוועק צו דיין מלך אַ בריוועל: „הנה זיי וויסען, אדוני קיניג, אַזוי און אַזוי — אַז איך בין אריין אין גרויס־פּוילען, און מהיום והלאה איז דאָס קרושניק, וואָס האָט אַמאָל געהערט צו ניקאָלאַי'ען, געהער עס היינט צו דיר מיט'ן גאַנצען מאַרק, מיט די געוועלבען, מיט'ן קאַשטשאָל, מיט, להבדיל, די אידישע בתי־מדרשים, און מיט'ן אַלטען און מיט'ן נייעם בית עולם" — און שוין! צו וואָס נאָך דאָס זיננען מיט'ן טאַנצען מיט'ן גאַנצען טאַרעראַם?

נאָר, ווידער צוריק שמועסענדיג, איך זאָל אייך געהן דערצעה־לען התנצלות, אַז פאַר אונז, קרושניקער אידען, איז יענער טאָג גע־ווען תשעה באָב — וועט דאָס אויך זיין ניט קיין אמת. ניין, קרושניק האָט זיך ניט אַוועקגעזעצט וויינען, איהר פאַרשטעהט צי ניין, האָט אפילו קיין קרעכץ נישט געגעבען דערווייל. למאי זאָל איך ליגען זאָ־גען? וואָרום וואָס איז דאָ דער נעוויין? אויף דעם, וואָס פאַני

וועט האָבען חלילה ווינציגער מיט אַ שטאָדט, צי אפילו מיט אַ גובערניע? ער האָט זיי געננוג! צי איך זאָל אייך זאָגען, מיר האָבען זיך שטאַרק פאַרבענקט נאָך אַ פּאָגראָם? איז אויך ניט אַזוי די מעשה, וואָרום אַז מיר וועלען זוכה זיין ביי גאָט, קאָנען מיר עס האָרכען, ניט דערלעבען זאָל ער עס, פון דער ווייטען...

בלייבט איבער נאָר איין זאַך: די שפּראַך, דאָס „רשעות“; מיר וועלען דארפען, הייסט עס, צולערנען זיך אַ ביסעל דייטש און חלילה פאַרגעסען דאָס גאַנצע ביסעל „רשעות“; איז דאָס אפשר טאַקי אַ שטיקעל עולה, נאָר איך האָב מורא, אַז דאָס דייטשע לשון איז אַביסעל נעהענטער צו אונז פונ'ם רוסישען „קאַק טיעביע“ און מיט'ן רוסישען „זשידאָווסקע מאָרדע“. און אויב איהר ווילט, וועל איך אייך איינרוימען אַ סוד אויפ'ן אויהער, וואָס איך האָב עס אליין געהערט פון מיין יחיאל'ען, אַז בסך הכל איז קיין רוסישע שפּראַך, איהר פאַרשטעהט צי ניין, גאָרנישט בנמצא. נישטאָ קיין רוסיש לשון אויף דער וועלט — אויס רשעות, וואָרום פּאָני האָט אלע זיינע ווערטער במחילה אוועקגע'לקח'ענט ביי פרעמדע, אַביסעל ביי אונז און אַביסעל ביי אַנדערע. און בכדי מע זאָל ניט דערקענען, האָט ער זיי איבערגעאַנדערשט און צוגעפּוצט אויף זיין שטייגער. למשל: „סאַבאָטע“ — דאָס האָט ער גלייך אוועקגע'גנבה'ט ביי אונז פון „שבת“, „פּאַסקאַ“ — פון „פּסח“, „לונאַ“ — פון „לבנה“, „רובל“ — פון „ריבל“, „קאָפּייקאַ“ — פון „קאָפּיקע“, „גראָשי“ — פון „גראָשען“, „סטאָראָזש“ — פון „סטרוזש“, „וואָדקאַ“ — פון „בראַנפען“, און אַזוי ווייטער...

הקיצור, ער איז אריין, דער דייטש הייסט עס, אין גרויס־פּוילען — גאָט ליעב אייך מיט אייער גאַסט! באַדאַרף מען איהם אויפנעמען, ווי געוויינטליך, אַ גאַסט, אַ נייעם מלכות, מיט ברויט און מיט זאַלץ, אַזוי ווי גאָט האָט געבאָטען.

די ערשטע האָבען זיך אַ וואָרף געטהאָן צו איהם מיט אַ ברוך הבא, געוויינטליך, די פּוילען. פּליאַקע האָט אויסגעגלעט די וואָנ־

סים, זיך אויסגעצווינגען אין דער לענג, און מאַקי תוך כדי דבור אָנ־
געבויגען זיך נידעריג צו דער ערד: „פּראָשען פּאַנאָ! פּאַדאַם דאָ
נאָג! צעלאָיען רענקי!" — ווי פליאַקע קאָן. זאָלען מיר שווייגען?
איז נעבליבען, אַז באַלד נאָך זיי, נאָך די פּוילען הייסט עס, זאָלען
מיר, קרושניקער אידען, אויך אַרויסקומען מיט אונזער קבלת פּנים.
פרעגט זיך: מי ומי ההולכים? — ווער זאָל געהן אויפנעמען אַזאַ
געהויבענעם גאַסט? פאַרשטעהט זיך, די פּני, די שבעה טובי העיר,
די פּאַרנעמסטע בעלי־בתים פון שטאָדט, און איך, יאַנקעל יונעווער,
און מיין זוהן יחיאל בתוכם.

צו וואָס עפּיס מיין יחיאל? צוליעב דער שפּראַך. טאָמער
וועט מען דאַרפען, איהר פאַרשטעהט צי ניין, אַרוים מיט לשון, איז
ניטאָ קיינער אין דערהיים, אַחוץ מיין יחיאל...

האָבען מיר זיך, הייסט עס, צענויפגענומען און אַוועק מיט ברויט
און מיט זאַלץ. אָנגעטהאָן זענען מיר אַלע געוועזען יום־טוב'דיג, פיין,
מיט צילינדערס, מעשה דעפּוטאַציע, און גוט געציטערט: אַ נייער
מלכות, איהר פאַרשטעהט צי ניין, ווער ווייסט, ווי אַזוי ער וועט
אונז אויפנעמען?

און כך הוה: ווי נור מיר זענען צו איהם אַריינגעקומען, צום
קאָמענדאַנט הייסט עס, אַזוי האָט זיך באַלד אָנגעהויבען אַ סדרה:
קאָנטריבוציע.

דאָס הייסט, למאי זאָל איך זאָגען אַ ליגען, אַז איך קאָן זאָגען
איין אמת? אָנגעהויבען האָט ער, דער קאָמענדאַנט הייסט עס, ניט
פון קאָנטריבוציע — קאָנטריבוציע איז געוועזען נאָכדעם — פון קאָ־
זאַקען האָט ער גאָר אָנגעהויבען. מיר זאָלען איהם זאָגען, הייסט
עס, וואו געפינען זיך דאָ ערגיץ די רוסישע קאָזאַקען? און איין
מאָל פאַר אַלע מאָל — קאָזאַקען זאָל מען איהם געבען, און קאָזאַ־
קען און קאָזאַקען! און קוקען קוקט ער אויף אונז בעת מעשה מיט
אַזעלכע אויגען, גלייך ווי יעדער פון אונז האָט ביי זיך אין קע־
שענע באַהאַלטען האָטש אַ האַלב טוץ קאָזאַקען.

שוועהרען מיר איהם מן הסתם מיט כל השבועות, ווי מיר האָ־
בען היינט יום גימל אויף דער גאַנצער וועלט, אַז ס'איז ניטאָ ביי
אונז קיין קאָזאַקען, איהר זאָלט זאָגען אַפילו איין קאָזאַק אויף
א רפואה! דער אויבערשטער, זאָגען מיר, האָט אונז אויסגעהיט
פון אַט דעם אַנטיק, הלואי ווייטער...

אהין — אהער, ער האָט אַרויסגעזעהען, דער דייטש הייסט עס,
אַז ער וועט מיט אונז גאָר ניט מאַכען, רופט ער זיך אָן צו אונז:
„געדענקט זשע, זאָגט ער, טאָמער געפינט זיך ביי אייך ערגיץ
באַהאַלטען אַ קאָזאַק, אָדער טאָמער שיסט מען עמיצען פון אַ
פענסטער“... „שיסען, זאָגען מיר, פון אַ פענסטער? ביי אונז אין
קרושניק? ניטאָ ווער ס'זאָל לאַכען, כלעבען! וואָלטען מיר שוין
אַזוי ריין געווען, זאָגען מיר, פון מלחמות און פון דייטשען און פון
צרות און פון שלעק!“

הערט ער אונז אויס, דער קאָמענדאַנט הייסט עס, און רופט זיך
אָן צו אונז: „געדענקט זשע, זאָגט ער, די קאָזאַקען וועלען אייך
קאָסטען טייער! פאַר יעדען קאָזאַק, זאָגט ער, וועט איהר מיר
באַצאָהלען מיט צעהן אידען (איהר הערט ווערטער?), און אַצינד,
זאָגט ער, קינדערלעך, קאָנטריבוציע!“...

איז אונז געוואָרען רעכט קאַלעמוטנע אויפ'ן האַרצען! נאָך
אַ מאָל: פאַר וואָס זאָלען מיר צאָהלען קאָנטריבוציע? קאָנטרי־
בוציע איז שייך צו אַ מלוכה. אַ מלוכה האָט געפיהרט אַ מלחמה
און האָט פאַרשפּיעלט די מלחמה, באַדאַרף זי צאָהלען קאָנטריבוציע.
איז אַז מע וויל אין תוך אריין, איז עס אויך ניט אינגאַנצען על פּי
יושר: לאָ די איך האָב פאַרשפּיעלט, געהאַט אַ מפּלה הייסט עס,
באַדאַרף איך נאָך, איהר פאַרשטעהט צי ניין, צאָהלען קאָנטריבו־
ציע! מילא, בין איך אייך מוחל — איז ניט על־פּי יושר; אָבער
וואָס געהער זיך עס אָן מיט אונז, קרושניקער אידען? ניט מיר
האָבען געפיהרט מלחמה, ניט מיר האָבען זי פאַרשפּיעלט. מיר
ווייסען נאָר, אַז מיר זענען אויף גרויסע צרות: פּאָני פון איין זייט,

פליאַקע פון דער אַנדערער זייט — וואָס די צוויי ווינשעווען זיך איינס דאָס אַנדערע מעג עס זיי ביידען מקוים ווערען... דערווייל זענען מיר אין מיטען, גרייט האַפּען קלעפּ פון ביידע צדדים — איז קאַרג? דאַרפען מיר נאָך אַ דריטען, אַ דייטש אויף זיך, וואָס הייסט זיך באַצאָהלען מיט קאָנטריבוציע! מי יודע וואָס פאַר אַ קאָנטריבוציע דער דייטש קאָן זיך הייסען אָנמעסטען? וואו ווען מיר עס נעמען?

מאַכען מיר זיך גע'פגר'ט, גלייך ווי מיר פאַרשטעהען גאָר ניט אפילו די טייטש פון'ם וואָרט „קאָנטריבוציע“, און מיר ווייסען גאָר ניט מיט וואָס מע עסט עס. פּוילט ער זיך ניט, דער קאָמענ־דאַנט הייסט עס, און זאָגט אונז נאָך אַ מאָל דאָס אייגענע און באַ־ווייזט אונז שוין מיט די פינגער, ווי זאָגט איהר, „פּעטי־מעטי“ — „געלד, זאָגט ער, געלד מיין איך!“ „געלד? — זאָגען מיר. — ווי קומט צו אונז געלד? אַ שטאָדט פון קבצנים, דלפנים, עניים ואביונים!“... מאַכט ער זיך אויך גע'פגר'ט, דער קאָמענדאַנט הייסט עס, און רופט זיך אָן תמעוואַטע: „איהר'ט מוחל זיין, זאָגט ער, צעהן טויזענד באַרעס, במזומנים הייסט עס; דאָס איז, זאָגט ער, נומער איינס. און ברויט מיט פלייש פאַר די סאָלדאַטען איז צוויי. און דאָס דריטע: היי און האָבער פאַר די פערד, ווי זאָגט איהר, מספּוא לגמלים, און פינף שעה צייט געב איך אייך, זאָגט ער, אויף צו באַטראַכטען זיך“. און ער באַווייזט אונז אויף די פינגער: „פינף שטונדען!“ און טהוט אַ וואונק צו דער טהיר, הייסט אונז געהן.

קאָן מען, ווי זאָגט איהר, אַזוי גראָב ניט זיין און מע מוז געהן. הויבען מיר זיך אויף און ווילען אָנהויבען געהן. מאַכט ער צו אונז, דער קאָמענדאַנט הייסט עס: „געהן וועט איהר געהן, נאָר ניט אַלע, זאָגט ער; דריי פון אייך לאָז איך איבער, זאָגט ער, ביי מיר פאַר אַ משכון, בכדי איך זאָל זיין, זאָגט ער, זיכער מיט אייער קאָנטריבוציע“.

און ער נעמט, דער קאָמענדאַנט הייסט עס, און לאָזט איבער ביי זיך דעם רב און דעם קאָזשאָנע רב, דעם ראַבינער הייסט עס, איז צוויי, און מיין יחיאל'ען אַ דריטען, איהר פאַרשטעהט צי ניין, און מיר געהען שוין אַהיים אָהן דעם רב און אָהן דעם קאָזשאָנע רב, דעם ראַבינער הייסט עס, און אָהן מיין יחיאל'ען.

איך געה און די ערד וויעגט זיך אונטער מיר: וואָס פאַר אַ תירוץ וועל איך, אַשטייגער, זאָגען פאַר מיין ווייב, אַז זי וועט מיך פרעגען, וואו איז איהר זוהן? און וואָס וועל איך זאָגען צו מיין שנור, אַז זי וועט מיך פרעגען, וואו איז איהר מאַן? אויף וועלכע גוטע יאָהר האָב איך גאָר איננאַנצען באַדאַרפט מיטשלעפּען אין דער דעפּוטאַציע מיין יחיאל'ען, פאַרוויסט און פאַרפינסטערט בין איך געוואָרען, אַז ער זאָל אַריין אין געפענקעניש פאַר אַ משכון?! מיין יחיאל אַ משכון?!!... און וואָס הייסט, אייגענטליך, אַ משכון? איך צעפרעג מיך ביי מיינע קרושניקער בעלי־בתים — זיי ווייסען מעהר פון אַ טוידטען! פויל איך מיך ניט און טהו אַ לויף אַוועק צוריק צום פּריץ, צום קאָמענדאַנט הייסט עס: „אַזוי און אַזוי, אדוני קיניג, וואָס הייסט אַ משכון? וואָס איז דער פּשט דערפון?“ צעלאַכט ער זיך, דער דייטש, און מאַכט צו מיר: „אַ משכון הייסט, אַז טאָמער ברענגט איהר מיר ניט צו דער צייט די קאָנ־טריבוציע, ווערען זיי געשאָסען“.

איז ווי ער האָט דאָס מיר אויסגערעדט, אַזוי איז מיר געוואָרען, איהר פאַרשטעהט צי ניין, קאַלט אין אַלע אברים און פינסטער און די אויגען, און איך נעם און טהו אַ פאַל־צו צו איהם צו די פיס: „לאָז אַרויס, זאָג איך, מיין זוהן, און נעם, זאָג איך, בעסער מיך, זאָג איך, פאַר אַ משכון!“... צעלאַכט ער זיך ווידער אַמאָל: „ניין, זאָגט ער, דיך דאַרף איך ניט, איך דאַרף דיין זוהן“... איהר הערט? ער דאַרף מיין זוהן!!... מיין זוהן באַדאַרף ער האָ־בען!!!...

שוין! מע בלאָזט שוין ווידער שופר... דאָס רופט מען אייך מסתמא צו א גלעזעל טיי, און ס'איז שוין טאַקי צייט אייך דורכ־צושוועכקען דעם האלז, חאָטש רעדען האָב איך גערעדט די גאנצע צייט, נים איהר. גיעהט זשע, פאַני שלום־עליכם, טרינקט אייך אויס אייער גלעזעל טיי, איהר פארשטעהט צי ניין, און קומט באלד צו־ריק, וועל איך אייך דערצעהלען ווייטער, ווי אזוי מיר, קרושניקער אידען הייסט עס, האָבען געצאָהלט דעם דייטש קאָנטריבוציע. דאָס איז זיך א גאַנץ באַזונדערע מעשה פאַר זיך, מיט א מוסר־השכל, וואָס איז כדאי איהר זאָלט זי אויסהערען מיט קאָפּ. אויף וויע־דערזעהן.

---

## .4

## קאָנטריבוציע.

— — — איז וואו האַלטען מיר, הייסט עס? — ביי דער קאָנ־טריבוציע. צעהנטויזענד קאָנטריבוציע הייסט ער זיך באַצאָהלען, דער דייטש, קלאָפּ און צעהל, במזומנים הייסט עס, און חוץ לזה ברויט מיט פלייש פאַר די סאָלדאַטען, און היי און האָבער פאַר די פערד, און פינף שעה צייט גיט ער אונז אויף צו באַטראַכטען זיך, און פאַר א באַוואָהרעניש האָט ער גענומען ביי אונז א משכון — דעם רב און דעם קאַזשאָנע רב, דעם ראַבינער הייסט עס, און מיין יחיאל'ען א דריטען, דאָס הייסט, איהר פארשטעהט צי ניין, קוים וועט אויסגעהן די פינף שעה און מיר וועלען איהם נים צושטעלען אַלסדינג, וואָס ער פאָדערט, איז פאַרפאַלען — ווערען זיי געשאָסען!

קאָנט איהר שוין פארשטעהן, פאַני שלום־עליכם, וואָס ס'האָט זיך אָפּגעטהאָן דערנאָך ביי אונז אין קרושניק? און וואָס ביי מיר אין שטוב איז געוואָרען — וויל איך שוין גאָרנים רעדען! חושך! חושך ואפילה!!... מען איז גלייך אוועק אַלע אידען אין די בתי־מדרשים און מע האָט זיך גענעבען א נעם צום תהלים, גוזר תענית

געוועזן אויך, ווי זאָגט איהר, אונזערע אַלטע מיטלען. די געוויינען מיט די געשרייען האָבען דערגרייכט עד לב השמים — ביז'ן זיבעטען הי־מעל אריין! גוואלד, אידישע קינדער, גיט עפּיס איין עצה, געפינט עפּיס איין אויסוועג, וואָס טהוט מען? אזא גזירה!... מילא, ברויט און פלייש פאר די סאָלדאטען און היי און האָבער פאר די פערד — וואָס זאָל מען טהון? עלעהיי, לאָז זיך אונז דאכטען, פאַני האָט זיך אריינגעריסען, קאָזאַקען זענען באַפאַלען, אָדער גלאַט הלילה א פּאָגראָם — וואָלט געוועזן בעסער? נאָר וואו וועלען מיר נעמען דאָס ביסעל מזומנ'ס? די עשרת אלפים? צעהן טויזענד רובעל, איהר פארשטעהט צי ניין! ס'איז אַקוראט ווי מע זאָל אונז זאָגען, אשטייגער, צעהן טויזענד מיליאָן! נאָר ס'איז עפּיס א תירוץ? א גזירה! און נאָך מיט א משכון אויך! אזא משכון! לעבעדיגע נפשות! צוויי רבנים און מיין יחיאל א דריטער! נו, ווי מיינט איהר, וועלען מיר שווייגען? נאָר וואָס וועט אונז העלפען, אז מיר'ן שרייען? און דערווייל די צייט שטעהט ניט. אַט־אַט, אַקערשט ווי מע קוקט זיך ארום, איהר פארשטעהט צי ניין, לויפען איבער די עטליכע שעה און פארפאלען! וואָס וועט זיין מיט'ן משכון? מיט די לעבעדיגע נפשות??

פאלט איינער אויף איין עצה, וועט איהר הערען, און דוקא א איד א פיינער בעל־הבית, חזקאל מנוחה'ס רופט מען איהם. ער איז מנוחה'ס א מאן און מיינער א מחותן. מאָהלט אייך, ער וואָלט לאנג נעמענט ווארטען ביז איך וואָלט מיט איהם שליסען מחותנ'ע־שאַפט, נאָר ס'איז דרינען א גאנצע מעשה, וואָס איך וועל אייך ז'ערצעהלען, אם ירצה השם, איין אנדערם מאָל. איהר ווייסט דאָך, אז איך האָב פיינט מישען איין מעשה מיט דער אנדערער און האָב ליעב, ווי זאָגט איהר, א וואָרט און צוויי און אראָפּ פון מארק.

די מנוחה, וואָס איך זאָג אייך, איז א שם־דבר, א מאנסבילשער קאָפּ אויף איהר, א אידינע א קאָזאַק! איהר קאָנט פארשטעהן שוין

פון דעם אַליין, אַז מע רופט דעם מאַן אויפ'ן ווייב'ס נאָמען, איז איינס פון די צוויי: אָדער דער מאַן איז אַ גאָרניש שבגאָרניש, אָדער דאָס ווייב איז אַ גאַנצער יאַ־טעבי־דאַס.

דאָ האָט איהרביידע זאַכען: חוץ וואָס זי איז אַ גאַנצער ספּאָדיק, איז ער אַ כשר'ע בהמה, אַ זאַק פּאָלאָווע, אַ שענע באָרד און ווייטער גאָרניש. איצט וועט איהר האָרכען אַ שענס, וואָס אַ איד פאַרגינט זיך.

דערהערט פון דעם גרויסען אומגליק, אַז דער דייטש הייסט זיך באַצאָהלען צעהן טויזענד קאָנטריבוציע, און אַז ער האָט פאַר־האַלטען אַ משכון דעם רב מיט'ן קאַזשאָנע רב, דעם ראַבינער הייסט דאָס, און מיין יחיאַל'ען אַ דריטען, איז זיך מיישב אָט דער לעקיש, מיין מחותן טאַקי, און גיט אָט אַזאַ איין עצה: לאָז מען, זאָגט ער, נעמען פון אַלע בתי־מדרשים, זאָגט ער, פאַרהאַן דאָרטען, זאָגט ער, צו עטליכע רייניגקייטען, ספר־תורה'ס הייסט עס...

מעהר האָט ער שוין אָבער אַ וואָרט נישט גערעדט. קיין האַל־בען וואָרט אפילו. דאָס האָב א י ך איהם געמאַכט שווייגען. איך בין, דאַרפט איהר וויסען, אַ מענטש אַ היציגער און אַ כהן דערצו. און אַ כהן, זאָגט מען, איז אַ בעל כעסן, האָטש אפילו כעס, זאָגט מען, איז ניט אַזאַ שענע מדה, כעס איז, זאָגט מען, עבודה זרה. נאָר מען איז דאָך ניט מעהר ווי אַ מענטש, איהר פאַרשטעהט צי ניין, האָט דאָס מיר געגעבען אַ נעם־אָן ביים האַרצען און עס האָט זיך אין מיר צעפלאַקערט אַ פייער, ס'איז מיר, הערט איהר, אַזש פינסטער געוואָרען אין די אויגען! און איך האָב איהם אוועק־געגעבען אַ גאָב — וואָס ס'איז מיר געקומען אויף דער צונג, דאָס האָב איך איהם אַריינגעזאָגט. מיין גאַנץ ביטער האַרץ האָב איך אויסגעלאָזט צו זיין קאָפּ: „נאָך דאָס פעהלט אונז, האָב איך איהם געזאָגט, אַז מיר זאָלען אַליין בידים, זאָג איך, נעמען און אוועקגע־בען דאָס איינציגע און דאָס הייליגסטע, וואָס מיר פאַרמאָגען? צו־ביליג איז געוואָרען, זאָג איך, ביי אונז די תורה! ווער ס'זאָל

ניט דורכפאהרען פארביי, — א ביסקאפ, א גלח, א גובערנאטאר, א ספראווניק, א שווארץ יאהר — טראגען מיר איהם ארוים די תורה! אלעמען די תורה! א, ניט דערלעבען, זאג איך, וועלען דאס נישט אונזערע שונאים און נישט מיר אליין, אז מיר זאלען זיך צעשיידען מיט אונזער איינציגען מאיאנטעק, וואס מיר פארמאגען! מיר וועלען זיך ניכער, זאג איך, פארקויפען פאר קנעכט, מיר מיט אונזערע ווייבער און קינדער און קינדס־קינדער, נאר גאט'ס תורה, זאג איך, — אזאס! דאס, זאג איך, וועלען מיר נישט אוועקגעבען פאר כל הון דעלמא! לאז מען אונז שניידען, זאג איך, לאז מען אונז בראקען, לאז מען אונז בראטען, לאז מען אונז ברענען, ווי מע האט געשניטען און געבראקט, געברענט און געבראטען אונזערע אבות אבותינו!" גוט־גוט אריינגעזאגט, און איך האב מיך אזש צעוויינט פאר הארצוועהטיג.

האפט ער מיך אן פארביידע הענט, דער מחותן מיינער, און זאגט צו מיר: „משוגע'נער כהן, זאגט ער, וואס איהר זענט! איך האב, זאגט ער, גאר אזוי ווייט ניט געמיינט, זעהט נור אביסעל! איך האב נור געזאגט, זאגט ער, אז מיר זאלען נעמען, זאגט ער, די רייניגקייטען און קומען צו איהם, זאגט ער, מיט די רייניגקייטען און זאגען, זאגט ער, אט דאס פארמאגען מיר און דאס האבען מיר, און וויטער טהו מיט אונז וואס דו ווילסט, מיר זענען ביי דיר אין די הענט... וועט ער, זאגט ער, אויף אונז רחמנות האבען און וועט פארגעסען, זאגט ער, פון דער גאנצער געשיכטע מיט דער קאנטריבוציע מיט אלע מיט איין אנדערע, און מיר'ען דערוויייל, זאגט ער, אויסגעלייזט ווערען פון איין אומגליק"... געפעלט אייך א איד א חכם?

בקיצור, אויסגעפיהרט מסתמא האב אי ד, ניט ער; מיר האבען די ספר־תורה'ס נישט געריהרט פון ארט. גענומען האבען מיר, איהר פארשטעהט צי ניין, די פרוכת'ן מיט די העמדעלעך, מיט די גארטעלעך, מיט די יד'לעך און מיט די עץ־החיים'ס —

אַלסדינג, וואָס איז פֿון ריין זילבער, ווי זאָגט איהר, כסף טהור, און מיר האָבען דאָס געבראַכט איהם צו טראָגען, דעם קאָמענדאַנט הייסט עס, און צוגעפּאַלען צו איהם, און אַ גוטען וויין געטהאָן דערביי, און געזאָגט צו איהם: „אדוני קיניג, כך וכך, אָט דאָס פּאַרמאָגען מיר און דאָס האָבען מיר, און ווייטער טהו מיט אונז וואָס דו ווילסט, מיר זענען ביי דיר אין די הענט“...

איז דאָך אָבער פּאַרהאַן אַ גרויסער גאָט אויף דער וועלט. איהר פאַרשטעהט צי ניין, וואָס טהוט דער אויבערשטער? שטעהט ער אויף, דער קאָמענדאַנט הייסט עס, טהוט אונז אַ קוק אין די אויגען אריין, און איך וואָלט געמעגט שווערען, אז ער איז געוואָרען עפּים ווי מטושטש, ווי פאַרשעהמט איז ער געוועזן... דערנאָך געהט ער צו צום טיש, נעמט די אַלע זאַכען, וואָס מיר האָבען איהם גע־בראַכט צו טראָגען, באַטראַכט זיי איינציגווייז, יעדע זאַך באַזונ־דער, און רופט זיך אָן צו אונז: „מיינע הערען! איהר קאָנט עס, זאָגט ער, נעמען צוריק. איך דאַרף עס נישט. מיר זענען ניט קיין פעלד־גזלנים, זאָגט ער, און נישט קיין קאָזאַקען. ס׳איז איי־ערע קאָזאַקען, זאָגט ער, זענען געוואוינט געוואָרען צו ראַבירען בתי־מדרשים און הייליגע זאַכען. מיר זענען, זאָגט ער, דייטשען און אונזער קאַיזער, זאָגט ער, ברויכט ניט אייערע הייליגקייטען“.

כהאי לישנא, איך בין אייך נישט מגזם אפילו אַ האָר — איך האָב פיינט אַזעלכע זאַכען.

און וואָס טויג אייך, דער גוי איז געוואָרען גאָר איין אַנדער גוי, איהר פאַרשטעהט צי ניין, און איין אַנדער פּנים, אַנ־דערע אויגען און איין אַנדער לשון, — שיער־שיער ניט געבעטען אונז זיצען, און האָט באַלד ארויסגעגעבען אַ באַפויל, מע זאָל ארויסלאָזען די פאַרהאַלטענע, דעם רב און דעם קאַזשאָנע רב, דעם ראַבינער הייסט עס, און אז ס׳איז געקומען צו מיין יחיאל׳ען, וואָס איך האָב שוין געוואָלט דערלעבען איהם זעהען אין דערהיים, איהר פאַרשטעהט צי ניין, ביי זיין ווייב מיט זיין קינד, נעמט ער, דער

שטעהן פון יענער זייט טהיר, איהר פאַרשטעהט צי ניין, ווי אַ פאַרזינדיגטער קונדס, און קאָן גאָר צו זיך אַהיים נישט קומען! און איך שטעה מיר אַזוי און טראַכט און טראַכט, און נעם און טהו



קאָמענדאַנט הייסט עס, און לעגט אַרויף די האַנד אויף זיין פּלייצע און רופט זיך אָן צו מיר: „אָט דאָס איז דיין זוהן?“ רוף איך זיך אָן: „ביז הונדערט און צוואַנציג יאָהר — וואָס איז דען?“ „איהם, זאָגט ער, לאָז איך נישט אַרויס. איהם לאָז איך, זאָגט ער, איבער ביי מיר“... נאָר שאַ! מע בלאָזט שוין ווידער אַ תקיעה גדולה. דאָס רופט מען אונז שוין צו דער שענער וועטשערע אין אַ גוטער שעה. אויב איהר'ט וועלען, קאָנט איהר אַרויסגעהן באַלד נאָך דער וועטשערע, וועלען מיר אייך דערצעהלען ווייטער. און אַז ניט, קאָנען מיר דאָס איבערלאָזען אויף מאָרגען, אם ירצה השם. דער עיקר, איהר זאָלט נאָר געדענקען וואו מיר האַלטען אין די יוצרות. און בכדי איהר זאָלט ניט פאַרגעסען, וועל איך אייך געבען איין עצה: אַז איהר האָרכט פון מיר, למשל, אַ מעשה, נעמט מען אַ ביכעלע, מע זעצט זיך אַוועקעט מיט אַ בליישטיפט אין האַנד, איהר פאַרשטעהט צי ניין, און מע פאַרשרייבט דאָס אַלסדינג וואָרט ביי וואָרט אויף פּאַפּיער, אַזוי ווי איהר קאָנט — און לאָז עס טאַקי בלייבען פאַרשריבען, ווי זאָגט איהר, לזכרון — אויף דור דורות.

---

.5

## יחיאל — אַ „בירגערמייסטער“.

— — — זענט איהר חאָטש גוט געשלאָפען, פּאַני שלום-עליכם? איך, ברוך השם, ניט. איך ווייס ניט פון קיין שלאָף, איך זאָל שוין אַזוי ניט וויסען פון קיין שלעכטס מיט אייך אינ-איינעם. ווייסט איהר פאַר וואָס? ווייל מיר שיסט אין די אויערען. עס שיסט נאָך פון דעמאָלט אָן, עס וויל גאָרנישט אויפהערען צו שיסען. און פוןביידע זייטען שיסט עס מיר, איהר פאַרשטעהט צי ניין? — פון איין זייט דער דייטש און פון דער אַנדערער זייט פּאָני. און ווער איך אַנשלאָפען אויף אַ ווײַלע — אַזוי קומט מיר אַקעגען מיין יחיאל, ווי ער שטעהט אַ צוגעבונדע-

א הולטאי, און אפילו פון א משומד! נאָר וואָס, איך בעט אייך, וואָס האָב איך געקאָנט טהון, זאָגט שוין איהר אליין, אז איך האָב פאַר זיך צוויי שוואַכע באַשעפענישען, ווייבער, איהר פאַרשטעהט צי ניין, וואָס זייער לעבען הענגט אָפּ אין זיין לעבען — א ווערטעלע פקוח נפש! און איך האָב גענומען באַקען ליגען, אזוי ווי בייגעל, אזוי ווי מצות, איין ליגען נאָכ׳ן אנדערען, און דערצעהלען אזעלכע גוזמות, אז ס׳איז מיר פאַר זיך אליין פשוט געווען א בזיון: ווי נעמט דאָס א איד א בעל־הבית, רב יאַנקעל יונעוועד, איהר פאַר־שטעהט צי ניין, און האַקט אזעלכע שקרים, און זיי, די ווייבער, מיינען, אז ס׳איז תורת משה אמת?... און איך האָב גענומען און איך האָב מיך קוים אַרויסגעמאַכט פון דער היים און בין אוועק זוכען זכות־אָבות, פּראַטעקציעס, צום קאָמענדאַנט, איהר פאַר־שטעהט צי ניין, אולי ירחם? און אזוי ווי איך לויף אזוי, קומט מיר ניט אַקעגען מיין יחיאל? א פאַרסאָפּעטער, א פאַרשוויצטער, און עפּיס מאָדנע האָפּערדיג, דאָס פּנים שיינט, די אויגען לויכטען, און געהן געהט ער גיך, מאַכט מיט די הענט. „וואָס איז, יחיאל?“ „טאַטע, זאָגט ער, געב מיר אָפּ מזל טוב?“ „מזל טוב דיר, זאָג איך, מיין זוהן, פאַר וואָס קומט דיר מזל טוב? דיין ציינג האָט זיך גע־קעלבט? צי דיין קוה האָט זיך געציגעלט?“ ווערד ער רויטליך, מיין יחיאל הייסט עס, און מאַכט צו מיר מיט א שמייכעל: „ווייסט דו האָטש, זאָגט ער, טאַטע, מיט וועמען דו רעדסט אצינ־דערט?“ טהו איך איהם א מעסט־אָפּ מיט׳ן קוק און מאַך צו איהם: „מיט יאַנקעל יונעוועד׳ס זוהן“. „מיט יאַנקעל יונעוועד׳ס זוהן, זאָגט ער, דאָס א חוץ. דערצו בין איך, זאָגט ער, נאָך בורמישטש אין קרושניק“. „פון ווען אָן, זאָג איך, ביזט דו דאָס בורמישטש?“ „שוין באַלד א שעה, זאָגט ער, אז איך בין בורמישטש. דאָס האָט מיך דער קאָמענדאַנט, זאָגט ער, געמאַכט פאַר א בורמישטש, פאַר בירגערמייסטער הייסט עס. שטעל דיר פאָר, זאָגט ער, אז אין דער צייט, וואָס איהר זענט געווען פאַרטראַגען מיט דער קאָנטרי־

בוציע, האָט דער קאָמענדאַנט דערוויילע געשיקט רופן צו זיך די קרושניקער אָנגעזעהענע גויים, פריהער דעם קאַזנאַטשיי, דערנאָך דעם פּאָטשטמייסטער, דערנאָך דעם טעלעגראַפיסט (די אַלע איבעריגע פּריצים זענען זיך צעלאָפען), און האָט זיי, זאָגט ער, געוואָלט מאַכען פאַר בורמישטש איבער קרושניק, — האָבען זיי זיך, זאָגט ער, אַלע גאַנץ פיין אָפּגעזאָגט. זיי האָבען אויסגעפונען, זאָגט ער, אַלע איין ·תירוץ, אַז זיי פאַרשטעהען נישט קיין וואָרט דייטש. האָט זיך דער קאָמענדאַנט, זאָגט ער, אויף זיי גוט אויסגעבייזערט און דורכגעטריבען און געשיקט, זאָגט ער, רופן דעם וואָיט פון דער גמינע, פּאַן פּשעפּעצקי. האָט זיך פּאַן פּשעפּעצקי, זאָגט ער, פאַרנייגט ביז צו דער ערד, „פּאַדאַם דאָ נאָג" און „צאַלויען רענקי" און „פּראָשען פּאַנאַ", און אַז ס'איז געקומען, זאָגט ער, צו עפּיס, האָט זיך פּאַן פּשעפּעצקי זעהר העפליך באַדאַנקט פאַר'ן גרויסען כבוד, וואָס מע וויל איהם, זאָגט ער, צוטיילען, נאָר ער קאָן נישט אָננעמען, זאָגט ער, דאָס שטריימעל דערפאַר, ווייל מעהרסטענטייל קרושניקער איינוואוינער זענען, זאָגט ער, אידען, און מיט אידען איז, זאָגט ער, שווער דורכצוקומען! און ער האָט גענומען דערווייל אויסרעדען אויף אידען המן'ס מסירות, פּעך און שוועבעל, אַזוי ווי פּליאַקע קאָן... דעם אייגענעם תירוץ, זאָגט ער, האָט געזאָגט אויך דער קשיאָנדז: „זשידזשי" און „זשידזשי" און „זשידזשי"!... איז דער קאָמענדאַנט, זאָגט ער, געוואָרען בייז אויף די פּאָליאַקען מיט סכנת נפשות און האָט געשוואָרען, אַז ער וועט מאַכען, זאָגט ער, אַ אידען פאַר בורמישטש — זיי, די פּוילען הייסט עס, אויף צו להכעיס! און, ווי זאָגט איהר, אומר ואוכל — ער האָט זיך אַ נעם געגעבען פריהער צום רב, דערנאָך צום קאַזשאָנע רב, צום ראַבינער הייסט עס. האָט זיך דער רב אָפּגעבעטען — ער איז, זאָגט ער, אַ זקן אַ איד און אַ שוואַכער מענטש, ער האַלט שוין ביי שטאַרבען, וואָס פאַר אַ בורמישטש איז ער? און דער קאַזשאָנע רב, דער ראַבינער הייסט עס, האָט געציטערט, זאָגט

ער, ווי אַ לעמעלע: „סטייטש, זאָגט ער, ווי קאָן ער עובר זיין אויף דער שבועה? ער איז דאָך, זאָגט ער, אַ קאַזשאָנע רב, אַ געשוואוירענער הייסט עס! הקיצור, ער האָט זיי, די רבנים הייסט עס, אויך דורכגעטריבען און נעמט, זאָגט ער, און רופט אריין איהם, יחיאל'ען הייסט עס, און מאַכט צו איהם גאָר אָהן שום הקדמות: „הנה זאָלסט וויסען זיין, זאָגט ער, יאַנקעל יונעווער'ס זוהן, אַז איך קרוין דיך, זאָגט ער, פאַר בורמישטש אין קרושניק!" האָט ער איהם, יחיאל הייסט עס, געוואָלט עפּיס זאָגען, געהט ער, דער דייטש הייסט עס, און פאַרשטעלט איהם דאָס מויל! לאָזט איהם, זאָגט ער, ניט אויסרעדען אַ וואָרט, און רופט צענויף ווידער אַ מאָל דעם קאַזנאַטשיי מיט'ן פּאָטשטמייסטער, מיט'ן טעלעגראַ־פיסט, מיט'ן וואָיט פון דער קרושניקער גמינע פּאַן פּשעפּעצקי, מיט'ן קשיאָנדז, און רופט זיך, זאָגט ער, אָן צו זיי, אויף דייטש, געוויינטליך: „מיינע הערען, זאָגט ער, זייט וויסען, זאָגט ער, אַז אָט דער יודע איז אייער בורמישטש! — און טהוט, זאָגט ער, אַ ווייז־אָן אויף איהם, אויף יחיאל'ען הייסט עס. — איהר אַלע, זאָגט ער, פאַרמאָגט ניט אין קאָפּ, וואָס אָט דער יודע פאַרמאָגט, זאָגט ער, אין דער פּיאַטע!..."

אויסגעהערט פון יחיאל'ען די שענע מעשה ביז'ן סוף, בייטעל איך דאָך אויס אַלע בייזע וויסטע חלומות אויפ'ן דייטש'ס קאָפּ און אויף זיינע הענט און פיס. „נאָך דאָס, זאָג איך, געהט דיר אָפּ, יחיאל! קאַרג, זאָג איך, וואָס דו ביזט פאַר דיין שיסען אַרויף, זאָג איך, געוועזן, ניט היינט געדאַכט, אויף אַ האָר פונ'ם טוידט, באַדאַרפסט דו נאָך איצטערטאָ, זאָג איך, געהן שפּיעלען זיך מיט'ן מלאך־המות, ריזיקירען מיט'ן לעבען און ווערען, זאָג איך, אַ בורמישטש פון אסתר־תענית ביז פּורים!" קוקט ער מיך אָן, יחיאל הייסט עס: „פאַר וואָס עפּיס פון אסתר־תענית ביז פּורים?" „וואָס דען, זאָג איך, אויף לאַנג? נישט מעהר, זאָג איך, זאָל דער אידישער גלות געדויערען, וויפיעל דו

וועסט, זאָג איך, זיין בורמישטש אין קרושניק! דערווייל, זאָג איך, האָט נאָך דיין דייטש ביי גאָט, זאָג איך, קיין קוויטעל ניט אַרויסגענומען, אַז קרושניק איז זיינס. דו ווייסט, זאָג איך, וואָס דו קאָנסט האָבען דערפאַר, זאָג איך, טאָמער פאָני איז גובר, און קרושניק מיט יונעוו מיט מאַזעלבאָזשעץ מיט לובלין פאַלען אַריין, זאָג איך, צוריק צו איהם אין די הענט אַריין? אָט דער אייגענער וואָיט, פאַן פשעפעצקי, זאָג איך, וועט דעמאָלט אויסגלעטען, זאָג איך, די וואָנסים און וועט אַוועקגעהן גלייך, זאָג איך, צום נאַטשאַלניק און וועט, זאָג איך, צושטעלען אַ בענקעלע דיר און מיר און אונז אַלע, הלואי, זאָג איך, זאָל איך ליגען זאָגען און ס'זאָל זיין ניט אין אַזאַ שעה, זאָג איך, אַרויסגערעדט!" און ווי מיינט איהר, פאַני שלום-עליכם, ווער האָט געטראָפען? איך באַריהם מיך ניט פאַר אייך, חלילה, אַז איך בין דאָ דער גרויסער חכם. און קיין נביאים, ווי זאָגט איהר, איז היינטיגע צייטען נישט פאַרהאַנען. נאָר מען איז דאָך עפּיס אַ איד אויף דער וועלט מיט אַ חוש הריח, איהר פאַרשטעהט צי ניין, האָב איך אָנגעשמעקט דעמאָלט נאָך, אַז דער דייטש איז אַריין צו אונז אין קרושניק מיט געזאַנג און מיט טענץ און מיט'ן גאַנצען טראַסק, אַז דאָ איז פאַרהאַן אַלסדינג, וואָס איהר ווילט — סיי גבורה, סיי חכמה, סיי געלט, נאָר איין זאַך פעהלט: אריכת ימים... אַ סימן האָט איהר — אָט איז פאָני דערנאָך אַריינגעקומען צו אונז, האָט מען באַלד געקאָנט אַרויסזעהען, אַז דער איז אַריין על מנת להשתקע, מיט אַלע פיער, איהר פאַרשטעהט צי ניין, וואָרום ראשית כל דבר האָט ער אָנגעהויבען פון אַ פאָגראָם, פון אַ אידישען פאָגראָם מיט אַלע תגין... נאָר דאָ געה איך שוין אַרויס פון איין מעשה און פאַל אַריין אין אַ נייער מעשה, און איהר האָט דאָך ליעב, זאָגט איהר, אַז יעדער מעשה זאָל זיך זיין באַזונדער אַ מעשה. טהו איך אייך צוליעב און מיר רוהען זיך אָפּ אַביסעל, דערנאָך וועלען מיר געהן ווייטער צו אונזערע מעשיות פון טויזענד איין נאַכט.

---

## .6

## יחיאל געוועלטיגט.

— — — האלטען מיר, הייסט עס, דערביי, ווי אזוי מיין יחיאל׳ען האט דער דייטש געקרויינט פאר בירגערמייסטער אין קרושניק. נו, געוויס בין איך געווען גערעכט, אז כ׳האב איהם נביאות געזאגט, אז זיין בירגערמייסטעריי וועט געדויערען פון אסתר־תענית ביז פורים, נישט מעהר זאל דער אידישער גלות גע־דויערען! דערפאר אבער האט דער דייטש געהאט א בירגערמייס־טער — מעג שוין אויף אונז ביידע זיין אזא יאהר! נישט חלילה מחמת באריהמעריי, וואס יחיאל איז מיינער א זוהן, נאר ווייל מיר זענען אידען, איהר פארשטעהט צי ניין, ווייסען מיר, ווי אזוי צו פיהרען דאס רעדעל... הלואי, הערט איהר, וואלט מען אונז טאקי איבערגעגעבען די גאנצע ממשלה פון דער גאנצער וועלט, וואלט איהר געזעהען, וואס פאר א פנים די וועלט וואלט געהאט... א סימן האט איהר — נעמט פוילען, טאקי אונזער מדינה פוילען. ווי זאגט איהר — שוין איין מאל א מדינה! האט איהר דאך גע־הארכט מן הסתם, ווי אזוי פליאקע האט זיך אמאל צעאמפערט, נאך פאר סאביעסקי׳ס צייטען איז דאס געווען, נישט געקאנט זיך אויסגלייכען מיט די כבודים, ווער ס׳זאל געוועלטיגען, זיין מלך הייסט עס. איז געבליבען, מע זאל ווארפען גורל. האט מען געווארפען גורל, איהר פארשטעהט צי ניין, ווער ס׳וועט דער ערשטער אריין אין שטאדט, דער זאל זיין מלך. איז געפאלען דער גורל אויף א אידען, רב שאול וואהל, ווייל ער איז דער ערשטער אריין אין שטאדט. וואס זאל מען טהון? פארפאלען — איז דער איד געווארען מלך און האט געוועלטיגט, זאגט מען, אזוי לאנג ווי עס דארף געדויערען, למשל, מע זאל זאגען „אשרי“ און „ובא לציון“. דערפאר האט ער אבער געוועלטיגט אזוי, אז די פוילען קאנען זיך נאך עד היום פון איהם נישט אפלוי־

בען; ס'איז נור אַ וועהטיג די רשעים, אַ מכה זיי, וואָס אָט דער מלך איז געווען, איהר פאַרשטעהט צי ניין, אַ „זשידעק", ווייטער וואָלטען זיי איהם פאַרגעטערט און פאַראייביגט!

דאָס אייגענע איז געווען אויך מיט מיין יחיאל'ען. וויבאַלד מע האָט איהם געקרוינט פאַר בירגערמייסטער אין קרושניק, אַזוי האָט ער פונ'ם ערשטען טאָג אָן גענומען מאַכען נייע פאַראָנדקעס. קודם־כל האָט ער זיך געגעבען אַ נעם צו מאַכען שלום צווישען די פעלקער, דאָס הייסט, צווישען די קרושניקער פּאָליאַקען, גויים און להבדיל אידען. וואָס־זשע האָט ער געטהאָן? וועט איהר האָרכען, וואָס יאַנקעל יונעווער'ס זוהן איז אַ בעלן! ער האָט גענומען און האָט צענויפגערופען אין מאַגיסטראַט דעם רב מיט'ן קאַזשאָנע רב, דעם ראַבינער הייסט עס, און, להבדיל, דעם קשיאָנדז מיט'ן גלח מיט'ן וואָיט פון דער גמינע, פּאַן פשעפּעצקי, און האָט פאַר זיי געהאַלטען אַ גאַנץ פיינע דרשה, און דוקא אין פוילישׁ לשון, און האָט זיי אויפגעקלערט און באַוויזען מיט אותות ומופתים, אַז ס'איז נישט גוט, וואָס מענטשען קריעגען זיך, און אַז ס'איז טויזענד מאָל געזינטער פאַר אַלעמען, אַז מע לעבט בשלום, וואָרום אויף שלום, איהר פאַרשטעהט צי ניין, שטעהט די וועלט. ער האָט דאָס געבראַכט אַזוי ווייט, אַז מע האָט זיך געגעבען איינס דאָס אַנדערע דאָס וואָרט (אונזער וואָיט פון דער גמינע פּאַן פשעפּעצקי האָט אַזש אַרומגעהאַפּט מיין יחיאל'ען: „מאָי קאָחאַנע פּאַן יחיאל!"), און מע האָט זיך געגעבען אַלע תקיעת־כף, אַז מהיום והלאה איז מען גוטע פריינד, שלום ושלוה, אוים פריץ, אוים גוי, אוים איד, להבדיל, קיין שפּור פון קנאה־שנאה, איין עק, אַ סוף! און די מיאום'ע ווערטער מיט די צונעמענישען, ווי למשל: „זשידזשי", אָדער „ביילים", אָדער „פּליאַקע", אָדער „חם", אָדער „דבר אחר", זאָלען אויסגעמעקט און פאַרגעסען ווערען! אָנשטאָט „זשידזשי" און „ביילים" זאָל זיין בעסער „איזראַעליטי". אָנשטאָט „פּליאַקע" — „פּאַני דאָבראָדזיעיע". אָנשטאָט „חם" און „דבר

אחר" — „עשו'ס אייניקעל"... און וואָס איז שייך צום באָיקאָט, וואָס די פּוילען באָיקאָטירען די אידען, האָט ער אַרויפגעלעגט אַ שטראָף, מיין יחיאל הייסט עס, פון אַ דרייערעל ביז אַ פינף־און־צוואַנציגער, נישט נור פאַר באָיקאָטירען — אַפילו פאַר'ן וואָרט „באָיקאָט" אַליין, טאָמער רעדט עמיצער אַרויס, איז חיות ניט זיכער! דאָס וואָרט „באָיקאָט", איהר פאַרשטעהט צי ניין, איז לא יזכר ולא יפּקד!

דאָס האָט איהר אייך נומער איינס. והשנית האָט ער איינגעפיהרט, אויפ'ן פּערלאַנג פונ'ם דייטשען קאָמענדאַנט, אַ וואַך, אַ מין שטאָדט־מיליציע, וואָס זאָל שטעהן תמיד גרייט און אָפּהיטען די שטאָדט, טאָמער ווערד חלילה קרושניק באַפאַלען פונ'ם שונא. און ווי אַזוי, מיינט איהר, האָט ער דאָס געמאַכט? פיין, מיט אַ שכל און מיט אַ רעכענונג! ביי יעדער שטוב, האָט ער איינגעפיהרט, זאָלען תמיד שטעהן צוויי ערלים, באַוואָפענט מיט שטעקענס, איינער בייטאָג, דער אַנדערער ביינאַכט. און כדי מע זאָל זיין באַוואָהרענט, אַז די ערלים, וואָס שטעהען ביינאַכט אויף דער וואַך, וועלען ניט אַנשלאָפען ווערען, וואָרום איין ערל, אַז עס קומט ביינאַכט, פּאָפּט ער, זאָל אויף יעדע צעהן ערלים זיין איין איד, להבדיל, אַ משגיח, וואָס זאָל השגחה געבען. מחמת אַ איד, איהר פאַרשטעהט צי ניין, איז מעהר מסוגל אויף אַכטונג צו געבען... היינט האָט ער אַרויפגעלעגט שטייער אויף יעדען בעל־הבית, סאַי אַ איד, סאַי אַ גוי להבדיל, מוז צושטעלען דעם קאָמענדאַנט אַזוי פיעל און אַזוי פיעל מעהל און אַזוי פיעל און אַזוי פיעל זאַלץ און אַזוי פיעל און אַזוי פיעל טיי און צוקער. וואָס דער מענטש איז רייכער, איהר פאַרשטעהט צי ניין, באַדאַרף ער אַלץ מעהר שטייערען, און וויעדער צוריק, דאָס אייגענע פאַרקעהרט — ווער ס'איז איין אָרעמאַן, ניט דאָ געדאַכט, און קאָן ניט און האָט ניט און באַרמאָגט ניט — איז ער פּטור.

דאָ האָב איך מיך אריינגעמישט און האָב איהם געזאָגט, זאָג איך:
„דאָס, זאָג איך, יחיאל, וואָס דו האָסט געמאַכט שלום צווישען די פעל־קער, סקאַסירט דעם באַיקאָט און איינגעפיהרט אַ וואָך, איך מיין, זאָג איך, די שטאָדט־מיליציע, דאָס, זאָג איך, אהרט מיך ניט. פאַר־קעהרט, זאָג איך, זעהר גלייך האָסט דו געטהאָן, זאָג איך. נאָר ביי די שטייערען, זאָג איך, וואָס דו האָסט אַרויפגעלעגט, — דאָ, זאָג איך, ביזט דו, מיין זוהן, מחילה דורכגעפאַלען. וואָרום וואָסער שוטה, זאָג איך, וועט דאָס וועלען צאָהלען מעהר, ווי ער קאָן? און ווער, זאָג איך, וועט ניט זיין אַ בעלן זיך פאַרשרייבען צווישען די אָרעמע לייט, בכדי ער זאָל פאַרשפּאָרען צו צאָהלען שטייער? ובפרט, זאָג איך, אַז אין קרושניק, זאָג איך, זענען דאָך דאָס רוב, ניט אויסגערעדט זאָל זיין, אָרעמע לייט, קבצנים, דלפנים, עניים ואביונים!"

און כך הוה. ווער איז געווען גערעכט? ווען נישט דער דייטש, דער קאָמענדאַנט הייסט עס, קומט איהם צו־הילף, וואָלט מען איהם, יחיאל'ען הייסט עס, צעריסען אויף שטיקלעך! דער ערשטער איז געווען דער וואָיט פון דער גמינע, פאַן פשעפּעצקי. ער האָט זיך ניט געפוילט און איז אוועק צום קאָמענדאַנט און האָט איהם אריינגערוימט אַ סוד, אַז דער זשידעק, וואָס ער האָט איהם געקרוינט פאַר בורמישטש, נעמט צענויף דאָס גאַנצע ביסעל גוטס פון קרושניק און באַהאַלט דאָס פאַר'ן „מאָסקאַל", פון פאָני'ס וועגען און פאַר זיינע קאָזאַקען, אויף וועלכע די „ביילעסעם" קוקען ארוים, ווי אויף משיח'ן — אַ סימן, לאָז מען זוכען ביי זיי אין די קעלערם און אויף די בוידעמער, וועט מען געפינען פון כל טוב... און דאָס ווייסט איהר דאָך מסתמא, אַז אַ מסור האָט אין זיך אַ כח — מע גלויבט איהם. און וואָס טויג אייך, מע האָט זיך אַ נעם געגעבען צו די קרושניקער אידען און מע האָט גענומען מאַכען „אָביסקעס", זוכען, נישטערען, און אַז מע זוכט, ווי זאָגט איהר, געפינט מען; מע האָט געפונען באַהאַלטען אין די קעלערם

און אויף די בוידעמער, איהר פארשטעהט צי ניין, טאקי פון כל טוב. ביי וועמען מע האט געפונען באהאלטען אביסעל זילבער, ביי וועמען דאס פסח'יגע געפעס, ביי וועמען א פלעשעל „וויש־ניק" און ביי וועמען שבת'דיגע מלבושים. ביי איינעם, ביי אבא דעם שוחט, האט מען אויסגעטרייסעלט א גאנצען מאיאנטעק — דריי שארפע מעסערס, איינגעוויקעלט אין א פאטשיילע, און א זע־קעלע מיט א מין זאך, וואס האפט דעם אנבליק פון פולווער...

אט דא האט זיך אנגעהויבען א חתונה! מע האט זיך א נעם געגעבען צו אבא דעם שוחט: „וואס איז דאס ביי אייך, רב איד, פאר געוועהר?... דאס האט איהר צוגעגרייט פאר די קאזאקען? זייט זיך מודה!"... האט זיך אבא דער שוחט גענומען דרעהען אהין און אהער — ס'איז שלעכט, ער קאן זיך ניט ארויסדרעהען! מילא, די מעסערס — דאס זענען, זאגט ער, זיינע כלי־זין, זיינע אינסטרומענטען, איהר פארשטעהט צי ניין, זיינע חלפים. „וואס־זשע האסט דו זיי באהאלטען אויפ'ן בוידעם?" ער האט, זאגט ער, מורא געהאט פאר דער מאביליזאציע. פאני, זאגט ער, מאכט מאביליזאציע, קאן זיך עם אויסלאזען ביי איהם, זאגט ער, מיט א פאגראם... „גוט, וואס־זשע איז אט דאס זעקעלע, וואס האפט דעם אנבליק פון פולווער? וואס איז דאס פאר א מין?" טענה'ט נעבאך אבא דער שוחט: ס'איז גארניט, ס'א געלעכטער, זאגט ער, דאס איז מוהל־מעהל, וואס מע באשיט, זאגט ער, א קינד תיכף נאך דער מילה. נאר געה רעד מיט קירה־דייטש — מילה הייסט, מילה מארגען, אז יענער האט זיך ארייננגענומען אין קאפ קאזאקען! און ס'איז געבליבען, מע זאל שיקען רופען דעם רב מיט'ן קאזשאנע רב, דעם ראבינער הייסט עס, און אלע איבעריגע שבעה טובי עיר, די פיינסטע בעלי־בתים פון קרושניק, און מיך מיט מיין יחיאל'ען בתוכם — און דא איז אפוירגעקומען א טרויע־ריגע געשיכטע, וואס טרעפט זיך איין מאל אין צעהנטויזענד יאהר! ס'איז כדאי, די דאזיגע געשיכטע זאל דערצעהלט ווערען גאנץ בא־

זונדער און באשריבען ווערען דורך אייער פענדעל, לאזען, אדרבה, אידען לייענען און לאזען עס אונזערע קינדער דערצעהלען פאר זייערע קינדער און קינדס־קינדער, אז ס'איז געווען אמאל א משוגעת, וואס מע האט עס גערופען מלחמה, און אז ס'איז געווען אמאל א מדינה, וואס מע האט זי גערופען פוילען, און אז די מדינה האט געהערט צו פאני'ן, און דער דייטש האט געשארפט אויף איהר די צייהן, און דערווייל זענען אידען געווען דאס כפרה־היהנדעל, און ווער ס'האט געהאט גאט אין הארצען, דער האט זיך אין אונז נוקם געווען, זיך געבאדען אין אונזער בלוט... האט קיין פאראיבעל נים, פאני שלום־עליכם, אז איך הויב אן צו רעדען דערפון, נעמט מיך אן ביי'ם הארצען, און איך מוז זיך אפשטעלען אויף א ווײלע, איבערהאפען דעם אטהעם.

---

## 7.

## די קרושניקער דעפוטאציע.

— — — האלטען מיר, הייסט עס, ביי דעם, ווי מיין יחיאל איז מיט גאטס זיינער הילף בורמישטש אין קרושניק און געוועלטיגט, ווי זאגט איהר, ביד חזקה, און די פאליאקען ימח שמם וזכרם גראבען, זוכען אויף איהם בלבולים און רעדען אוים אויף איהם און אויף אונז אלעמען המן'ס מסירות, אזוי לאנג און אזוי ברייט, ביז די דייטשען האבען גענומען מאכען „אביסקעס" אין שטאדט, דאס הייסט, מע האט גענומען זוכען און נישטערען און טרייסלען, און גאט האט זיי געהאלפען, זיי האבען אויסגעטרייסעלט ביי אבא דעם שוחט באהאלטענע חלפים מיט א זעקעל מוהל־מעהל, וואס חאפט דעם אנבליק פון פולווער, און ס'האט זיך אנגעהויבען א חתונה — טאטעניו! ראשית חכמה, האט מען דעם שלים־מזל, דעם שוחט, הייסט עס, צוגענומען און ארייננעזעצט איהם במחילת כבודו אין קאטשומענט ארײן איינעם אליין, עס זאל איהם חלילה

קיין עין הרע ניט שולט זיין, אַז קיינער זאָל צו איהם ניט צוטרעטען, — און אין שטאָדט איז געוואָרען, וואָס זאָל איך אייך זאָגען, חושך ואפילה, תשעה־באב! און מע האָט זיך אַ וואָרף געגעבען באַלד צו מיר: „סטייטש, זאָגען זיי, יאַנקעל, וואָס שווייגט איהר? אייער זוהן, זאָגען זיי, איז בורמישטש און איהר זענט, זאָגען זיי, אַזאַ חשוב — איין וואָרט אַ גוטס ווען איהר זאָגט, זאָגען זיי, אַזוי ווערד דער שלים־מזל, דער שוהט הייסט עס, געהאָלפען“... טענה איך צו זיי, צו דער שטאָדט הייסט עס: „טשעפּעט זיך אָפּ, זאָג איך, איהר האָט, זאָג איך, אַ גרויסען טעות, מיינע ליעבע אידען! ערשטענס, זאָג איך, בין איך גאָר ניט אַזאַ גרויסער השוב, ווי אייך ווייזט זיך אויס; און אפילו לאָמיר, זאָג איך, זאָגען, אַז יאָ, איז אויך ניט אַזאַ גרויסע מעלה, זאָג איך; אַדרבה, אָט ווייל, זאָג איך, מיין יחיאל איז בורמישטש און ווייל, זאָג איך, איך בין אַ חשוב, ווי זאָגט איהר, אַ צד אין באָד, קאָן איך, זאָג איך, גיכער קאַלי מאַכען, זאָג איך, איידער פאַרריכטען, וואָרום איהר זאָלט קענען די דייטשען, זאָג איך, זוי י איך קען זיי, וואָלט איהר דאָס ניט געזאָגט, זאָג איך; איך וועל אייך, זאָג איך, קלאָר מאַכען, וואָס אַ דייטש איז: אַ דייטש, זאָג איך, האָט פיינט חניפה, ווי אַ כשר'ער איד חזיר, און קאָן נישט ליידען פּוסטע רעד, און פון לשון אונטערקויפען, זאָג איך, איז דאָך אָפּגערעדט; ס'איז ניט פּאָני, זאָג איך, איהר פאַרשטעהט צי ניין, וואָס קוקט אייך אין יד אריין, טאָמער וועט איהר איהם עפּיס נתן'ען... דייטש, זאָג איך, איז איין איידעלע מאַטעריע, זאָג איך!“... וואָלט שוין געמעגט זיין גענוג, אַיאָ? האָט איהר דאָך אָבער צו טהון מיט אידען זאָלען געזונט זיין! איהר זאָגט זיי דאָס, ענטפערען זיי אייך בוידעם! זאָגט איהר זיי בוידעם, ענטפערט מען אייך פּעטרישקע! און דאָ דעם שוחט'ס ווייב מיט די קינדער שטעהען ביי דער זייט און וויינען, און יאָמערען, און שלאָגען זיך קאָפּ אָן וואַנט. איך ווייס ניט, ווי אַזוי איהר, פּאַני שלום־עליכם, איך האָב אַ טבע, אַז איך דערזעה טרערען, בלייב

איך געפּלעפּט. איך קאָן ניט זעהען, ווי יענער וויינט. איך קאָן נישט — און שוין! ניט מחמת איך באַריהם זיך פאַר אייך, אַז איך בין אַ גוטער, נאָר דער כח פון טרערען, איהר פאַרשטעהט צי ניין! צום סוף, וואָס לאָזט זיך אויס? אַז ס'איז אומזיסט די טרחה, מע פאַר־שפּאָרט מיך בעטען, מע האָט גאָר פון אויבען געשיקט מ י ך רו־פען, און ניט נאָר מיך אליין, נאָר דעם רב אויך, מיט דעם קאַזשאַנע רב, דעם ראַבינער הייסט עס, און אויך די אַלע איבעריגע פיינסטע בעלי בתים פון קרושניק. איז אונז געוואָרען רעכט קאַלעמוטנע אויפ'ן הארצען, איהר פאַרשטעהט צי ניין, נאָר מיר האָבען זיך אַנגענומען מיט מוט, און גענומען זיך גרייטען אין וועג אריין, דאָס הייסט, מיר האָבען זיך אָנגעטהאָן אַלע שבת'דיג, מיט ציליג־דערס, פיין, ווי עס געהער צו זיין; עס האָט אויסגעזעהן, אַז נישט מע רופט אונז, נאָר מיר געהען אליין מעשה דעפּוטאַציע, איהר פאַרשטעהט צי ניין... דערווייל האָט דערזעהען מיינע, אַז איך טהו אָן די שבת'דיגע קאַפּאָטע פּלוצים אין מיטען מיטוואָך, פרעגט זי מיך: „יאַנקעל, וואוהין איז?“ זאָג איך איהר ניט מסתמא, אַז מע רופט מיך פון אויבען, ווארום צו וואָס באַדאַרף אַ אידינע אַלסדינג וויסען? נאָר איך דערצעהל איהר אַ מעשה, אַז דאָס געהען מיר מיט אַ דעפּוטאַציע צום דייטש, צום קאָמענדאַנט הייסט עס, ראַטעווען אַ אידען נעבאַך פון דער תליה. פאַרברעכט זי די הענט און הויבט אָן צו ליאַרעמען: „יאַנקעל, מע דאַרף ניט! און אַ מכה איז איהר! און אַ דונער האָט זי דערשלאָגען! און איין אומגליק האָט זיך גענומען אויף כל ישראל, הלואי זאָל זי ליגען זאָגען!“ ווי געוויינטליך, אַ ווייב. וואָס פאַרשטעהט אַ אי־דינע, משטיינס געזאָגט? חאָטש דעם אמת טאָר מען ניט פאַר־לייקענען, אַז מיינע עליה השלום איז געוועזן ניט אַזאַ נארישע אידינע, ווי אַנדערע ווייבער, אָבער גאָרנישט קיין נאַרישע, מע קאָן זאָגען פאַרקעהרט, אַ אידינע אַ קלוגע איז זי געוועזן, אַ גאַנץ קלוגע, און צייטענווייז פלעגט זי רעדען גאָר ווי אַ חכמה, ווי אַ

חכמה נפלאה! נישט מחמת זי איז געווען מיינע, דערפאר זאג איך עס, און נישט מחמת זי איז שוין אויף דער אמת׳ער וועלט, דערפאר לויב איך זי, ווי זאגט איהר: „אחרי מות קדושים". ניין. איך בין נישט גלייך צו אנדערע מאנען. א סימן — ווען איהר זענט אין קרושניק און טהוט א פרעג אויף מרים מירעל יאנקעל יונע־ווער׳ס, וואלט איהר זיך אנגעהערט שבחים, מיט שבחים, מיט שבחים! ערשטענס, א אידינע א צדקנית. ניט חלילה קיין „וצדקתך", ווי אנדערע ווייבער, וואס קאנען זיך ניט צעשיידען מיט׳ן קרבן־מנחה, אדער מיט׳ן צאינה־וראינה. דאס אחוץ. פרום איז זי געווען, זעהר פרום! נאר ווער שמועסט דען פון פרומ־קייט? מיר רעדען פון גוטסקייט רעדען מיר, פון לשון כאראקטער! דאס איז געווען א אידינע! א מזג טוב! א מענטש אהן א גאל! וואס איז שייך זאגען אהן א גאל? יעדער מענטש האט א גאל, וואס אז איהר טרעט איהם אן, שיסט ער אויס, ווארום א מענטש איז דאך ניט מעהר ווי א מענטש, איהר פארשטעהט צי ניין? נאר איך וויל אייך ניט מישען איינס אינ׳ם אנדערען, און באריהמען זיך, ווייסט איהר דאך, אז כ׳האב פיינט. דעריבער מאך איך עס בקיצור און געה בעסער אריבער גלייך צום עיקר המעשה, ווי אזוי מיר זענען געגאנגען, איך און דער רב און דער קאזשאנע רב, דער ראבינער הייסט עס, און די איבעריגע שבעה טובי עיר פון קרושניק, צום אדון בפקדן, צום קאמענדאנט הייסט עס, הארכען וואס וועט ער זא־גען. און געגאנגען זענען מיר פעסט, ווי אויף איין אייזערנעם בריק — פארט, ווי זאגט איהר, א שטיקעל חשוב ביים פריץ, דער פאטער פונ׳ם קרושניקער בירגערמייסטער — מיט דער האנט אוועק־מאכען קאן מען דאס ניט! און געהענדיג אזוי, האבען מיר זיך דערוויילע צוגעגרייט, ווי אזוי און וואס מיר זאלען מיט איהם רעדען, מיט׳ן קאמענדאנט הייסט עס. אנהויבען האב איך גע־זאלט, אזוי האבען מיר אפגעשמועסט, מיט די ווערטער פון „ואתחנן": „א ת ה  ה ח י ל ו ת  ל ה ר א ו ת  א ת

עבדך" — דו, דייטש, האָסט אָנגעהויבען צו באַווייזען צו דיין קנעכט, את גדלך — דיין גרויסקייט; דו, הייסט עס, דייטש, ביזט געווען צו אונז אַלע מיט גנאָד פון דעם ערשטען טאָג אָן, וואָס דו האָסט געשטעלט דיין פוס אויף אונזער לאַנד"... און נאָך כדומה אזעלכע הויכע ווערטער. צו וואָס זאָלען מיר וואַרטען, איהר פאַרשטעהט צי ניין, ביז ער וועט אונז אַמאָל עפּיס זאָגען? אַמעהר, וועלען מיר בעסער פאַרהאַפּען פריהער, און בדרך אגב וועלען מיר אַריינוואַרפען אַ פּאָר ווערטער וועגען שוחט, איהם קלאָר מאַכען, ער זאָל וויסען, ווער דער שלים־מזל איז, דאָס הייסט, אבא דער שוחט, און צו וואָס האָט ער באַהאַלטען זיינע חלפים, און וואָס באַדייט דאָס זעקעלע מוהל־מעהל — אַ גאַנצע דרשה. נאָר אַז ס'איז באַשערט, ווי זאָגט איהר, איין אומגליק, נעמט עס אָפּ דאָס לשון. און אָט־אַ־דאָ הויבט זיך ערשט אָן די רעכטע מעשה פון טויזענד איין נאַכט, וואָס אַז איך דערמאָן זיך, שטעלען זיך מיר נאָך איצט די האָר קאַפּויר.

* * *

בקיצור, געקומען צו געהן צום קאָמענדאַנט, טרעפען מיר אין הויף דעם שלים־מזל, טאַקי אבא דעם שוחט הייסט עס, ווי ער שטעהט אַ געבונדענער, די הענט אַרונטער, און צוויי זעלנער מיט אָנגעלאָדענע ביקסען פון ביידע זייטען. די זעלנער שטעהען גרייט צו דער אַרבייט, און ער, דער שוחט נעבאַך, טרייסעלט זיך ווי אַ לולב און שעפּטשעט עפּיס שטילערהייד, אפּנים, ער זאָגט ודוי, ניט אַנדערש... ווילען מיר דאָך מסתמא אַ שמועס טהון מיט איהם: „רב אבא, גאָט איז מיט אייך!" טהוען די זעלנער אַ וואונק צו אונז מיט די ביקסען: הזהר והשמר — אַז טאָמער, הייסט עס, רעדען מיר אוים מיט איהם אַ וואָרט, מיט'ן שוחט הייסט עס, אזוי ווערען מיר געשאָסען! און אַז אַ דייטש זאָגט, אַז ער וועט שיסען, איז ער אַ בטוח. ובפרט אין אַזאַ צייט, ווען די גאַנצע וועלט איז, ווי זאָגט איהר, משוגע געוואָרען! באַלד עפּיס — שיסט

מען! מע קומט־צו צו אייך, איהר פאַרשטעהט צי ניין, און מע זאָגט אייך: „פעטער! איהר האָט אַ שמעק טאַבאַק — איז גוט, אַניט — שיט איך אייך!“... מע גיט אייך נישט קיין צייט אפילו צו באַטראַכטען זיך, פאַר וואָס און פאַר ווען! און ווער שמועסט, למשל, איהר זאָלט וועלען פאַרענטפערען זיך, אַז איהר זענט גאָר קיינמאָל ניט געווען קיין טאַבאַק־שמעקער — איז חיות ניט זיכער! אָט אַזאַ וועלט איז דאָס געוואָרען, און געה מאַך!

בקיצור, ווי אַזוי אונז, קרושניקער אידען, איז געוואָרען אויפ'ן האַרצען, אַז מיר האָבען דערזעהען דעם שוחט אַ געבונדענעם און ער זאָגט ודוי — באַדאַרף איך אייך נישט דערצעהלען; נישקשה, איהר קאָנט זיך עס שוין אַליין משער זיין. איך האָב מיר נור גע־טראַכט: „רבונו דעלמא כולה! גוואַלד געשריגען, וואָס וועט דאָ זיין, למשל, מיט דעם אידען? און וואָס וועט זיין מיט זיין ווייב, די אַלמנה נעבאַך, און מיט זיינע קינדער, די יתומים, טאָמער, חלילה וחס, איהר פאַרשטעהט צי ניין, אַל תפתח פה לשטן?“... און אַזוי ווי מיר שטעהען אַזוי און טראַכטען, קומט ניט אַרויס צו אונז — ניט דער קאָמענדאַנט, נאָר איין אַנדער שוואַרץ יאָהר? אַ רויטער, אַ געפּאַקטער, אַ זאַטער, נאָר ־ וואָס פיין אָפּגעגעסען און, ווי עס ווייזט אויס, אַביסעל אויסגעטרונקען אויך, אָהן אַ היי־טעל און מיט אַ ציגאַר אין די צייהן, און נעבען איהם שטעהען נאָך צוויי אָפיציערען, אויך אָפּגעגעסענע און אויך אָהן היטלען. זיי קוקען אויף אונז, מיר אויף זיי — מע באַטראַכט זיך, הייסט עס, איינס דאָס אַנדערע דערווייל אַזוי, אָהן ווערטער. וואָס ווייטער וועט זיין — ווייסט מען ניט. וואָלט דאָס געווען ער אַליין, דער קאָמענדאַנט הייסט עס, און וואָלט ער אונז אויפגענומען ווי מענ־טשען, אין שטוב, ניט אין דרויסען, וואָלט געווען גאָר אַנדערע דבורים, מיט אַנדערע ווערטער, מיט אַנדערע רעד. און אַזוי וואָס? גאָרנישט! מע שטעהט און מע שווייגט. מיר, דאָס הייסט, איך און דער רב און דער קאַזשאָנע רב, דער ראַבינער הייסט עס, שטע־

העז סאַמע פאַרענט ביי'ם רעכטען פייער, און זיי, די איבעריגע קרושניקער בעלי־בתים חשובים, שטעהען הינטער אונז און שטופען אונז פון הינטען, מיר זאָלען עפּיס אָנהויבען זאָגען. נאָר געהט זאָגט, אז סע זאָגט זיך ניט! און אגב וואַרט איך אויפ'ן רב — ער איז עלטער, און דער רב וואַרט אויפ'ן קאַזשאָנע רב, ער איז אַ געשוואוירענער. דערזעהען, אז קיינער רעדט ניט, אַ דעפּוטאַציע אָהן ווערטער, אַ שטילע וועטשערע, רופט זיך אָן צו אונז ער, דער גראָבער הייסט עס: „ווער זענט איהר?“ חאַפּ איך מיך שוין אַרוים, ווי איין עזות־פּנים, יעבור עלי מה, און שטעל איהם פאַר, אז דער אַלטער, דער זקן הייסט עס — דאָס איז אונזער רב, זאָג איך, און דער יונגערער — דאָס איז דער קאַזשאָנע רב, דער ראַבינער הייסט עס, און איך בין, זאָג איך, יאַנקעל יונעווער, דער פאָטער, זאָג איך, פונ'ם קרושניקער בירגערמייסטער. מיין איך, אז ער וועט דאַ בטל ווערען; צום סוף — ווער־וואָס? לא קם ולא זע! דערזעהען, אז גדלות געהט דאַ ניט, האָב איך אָנגעהויבען מיט רחמים, ווי זאָגט איהר, כי בתחנונים ידבר רש: „אזוי און אזוי, זאָג איך, מיר זענען געקומען צו דיר, זאָג איך, אַ דעפּוטאַציע, די פאַרנעהמסטע בעלי־בתים פון קרושניק, מיט אַ בקשה, זאָג איך, בעטען רחמים פאַר אַט דעם אידען“, — זאָג איך, און באַווייז איהם אָן מיט דער האַנט אויפ'ן שלים־מזל, אויף אבא דעם שוחט הייסט עס. הערט ער מיך אויסעט, דער גראָבער דייטש, הייסט עס, און טהוט אַ מאַך צו די זעלנער, מע זאָל אונז נעמען. נעמט מען אונז, איהר פאַרשטעהט צי ניין, און מע פיהרט אונז אַוועקעט טאַקי תוך כדי דבור און מע זעצט אונז אַריינעט, ווי די אמת'ע גנבים, איטליכען באַזונדער אין איין אַנדער חדר. און געדויערט האָט עס אַ רגע כמימרא, אַ סך וויניגער, ווי איך דערצעהל אייך! וואָלט מען חאָטש געלאָזט אונז שיקען אָנזאָגען אַהיים, וואו מיר זענען — איטליכער האָט דאָך אַ ווייב און קינדער —. איז ניין! אַריינגעזועצט, צוגעשלאָסען די טהיר — און שוין! פרעגען אַ

דייטש, פאַר וואָס? איז דאָך ניט שייך! ערשטענס, וועט ער אייך ניט ענטפערען. איז איינס. און דאָס אַנדערע — טאָמער וועט חלילה זיין נאָך ערגער, וואָרום מלחמה־צייט, איהר פאַרשטעהט צי ניין, אַז סע שמעקט מיט פולווער, באַדאַרף מען גלאַט זיין געהיט מיט איין איבעריג וואָרט, וואָרום מי יודע, ווער פון די צדדים וועט מנצח זיין און מיט וואָס דער סכסוך קאָן זיך אויסלאָזען? עס קאָן נאָך זיין, ווי זאָגט איהר, עליונים למטה ותחתונים למעלה, דאָס הייסט, ווער עס דאַרף ליגען אין דער ערד זאָל מנצח זיין, און ווער עס דאַרף מנצח זיין — זאָל דער גאָר ליגען אין דער ערד און באַקען בייגעל...

בקיצור, מיר זענען געווען גוט, גוט אין דער אַרבייט, האָטש אפילו, אַז מע וויל צוריק, וואָס פאַר אַ חטא האָט מען אויף אונז געקאָנט געפינען, וואָס מיר זאָלען דאָ מורא האָבען? ובפרט, מיר האָבען דאָך צו טהון, איהר פאַרשטעהט צי ניין, מיט דייטשען! נאָר געהט רעכט זיך, אַז דאָס איז אַ צייט, וואָס דייטשען גופא זענען ניט קיין דייטשען, פראַנצויזען קיין פראַנצויזען און איינגלענ־דער קיין איינגלענדער. אַלע האָבען זיך אַנגעטהאָן אין פעל און האָבען זיך פאַרשטעלט, איהר פאַרשטעהט צי ניין, פאַר חיות, וויל־דע חיות רעות צו אַלדי שוואַרץ־יאָהר! ס'איז געוואָרען ערגער פונ'ם דור המבול, עק וועלט איז געוואָרען. איהר מיינט אודאי, מע האָט אויף אונז אַרויפגעלעגט אַ געלד־שטראָף? אָדער מע האָט אונז חלילה געמשפּט מיט שמיץ? ניין, דאָס גראָד ניט! נאָר אַז איהר זאָלט זיין מיט אַכצעהן קעפּ, וועט איהר אויך ניט צו־טראַכטען! אָט פאָלגט מיך, מוטשעט זיך אפילו ניט. גיט מיר עטליכע מינוט צייט אויף איבערצוהאַפּען דעם אָטהעם, וועל איך אייך עפּיס דערצעהלען אַ שענס, און איהר וועט זיין אַזוי גוט און וועט מיר זאָגען, וואָס איז דאָס געווען: אַ שפּאַס? איין ערנסט? אָדער אַ חלום?

---

## 8.

## קדוש־לבנה.

— — — די מעשה, וואָס איך וויל אייך דערצעהלען אצינ־דערט, איז אַ מעשה פון קדוש־לבנה, דאָס הייסט, ווי אַזוי מיר, קרושניקער אידען, האָבען מחדש געווען די לבנה. נאָר דערצו מוזען מיר געדענקען, אַז מיר האַלטען ביי דער סדרה „וישב“, ווי אַזוי מע האָט אונז גאַנץ פיין  אַ ר י י נ ג ע ז ע צ ט  אין חד־גדיא אריין, מיך און דעם רב, און דעם קאַזשאָנע .רב, דעם ראַבינער הייסט עס, מיט אַלע איבעריגע שבעה טובי העיר, די גאַנצע גיל־דענע פּאַהן פון קרושניק, דערפאַר, וואָס מיר זענען באַגאַנגען אַזאַ פאַרברעכען — מיר האָבען זיך אָנגענומען  אבא דעם שוחט׳ס קריוודע, דאָס הייסט, מיר האָבען געבעטען פאַר איהם רחמים, גע־וואָלט ראַטעווען, איהר פאַרשטעהט צי ניין, אַ אידען פון דער תליה.

בקיצור, זיצען מיר זיך אָט אַזוי געזונטערהייד, איטליכער אין זיין חדר׳על, ווי זאָגט איהר, ניט על התורה ועל העבודה און ניט אויף צעהן ריבעל אַ וואָך זיצען מיר, נאָר מיר זיצען פּשוט אין טערמע גלייך מיט אַלע גנבים און מיט אַלע שכורים, — וואָס זאָל מען טהון? וישב — מע האָט אונז באַזעצט, ווי זאָגט איהר, זיצט מען. זיצט מען אַ שעה, זיצט מען צוויי, זיצט מען דריי, עס ווערד שוין באַלד נאַכט, — איך בעט אייך, וואָס וועלען מיר אויסזיצען? און דאָרט, אין דערהיים, ווייסט מען אפילו ניט וואו מיר זענען — דאָס איז נאָך ערגער פון אַלץ! און חוץ לזה, גלאַט — איטליכע זאָך מוז דאָך האָבען איין עק! ממה נפשך, אָדער אהין, אָדער אהער. דער קאָפּ ווערד, זאָג איך אייך, שיער ניט צעשפּרונגען טראַכטענ־דיג, און טראַכטען טראַכט זיך לויטער שלעכטס און לויטער ער־גערס! עס שטעלט זיך מיר פאַר, ערשטענס, אַז מע משפּט אונז קרי־מינאַל; און דערנאָך, ווי אַזוי מע פיהרט אויס אויף אונז דעם פּסק־דין

לויט דעם גאַנצען שלחן ערוך פונ׳ם פעלד־גערינכט. דאָס הייסט, מע האָט אונז מחילה אויסגעשטעלט אַלעמען, די פיינסטע קרושניקער בעלי בתים, מיט׳ן רב און מיט׳ן קאַזשאָנע רב, מיט׳ן ראַבינער הייסט עס, אין איין שורה, און צוועלף זעלנער מיט די אָנגעלאָדענע ביקסען שטעהען שוין גרייט אַקעגען אונז און וואַרטען נור אויפ׳ן גוטען וואָרט, — קומט צו געהן דער קאָמענדאַנט בכבודו ובעצמו — אַזוי שטעלט זיך מיר פאָר — און ער הייסט אונז זאָגען ודוי — פּאָרט אַ דייטש איין אײדעלמאַן! ווער איך מסתמא אויפגעקאָכט און טראַכט מיר: יעבור עלי מה, שוין סאַי ווי סאַי אַ מינוט פאַר׳ן טוידט, לאָם איך מיר האָטש קיהלען, ווי זאָגט איהר, דאָס האַרץ, און לאָם איך איהם חאָטש זאָגען, איהר פאַרשטעהט צי ניין, אַ פּאָר וואַרעמע ווערטער! און איך הויב אָן מיט׳ן לשון פון ויגש, און מאַך צו איהם אַזוי: „ב י א ד ו נ י — הער נאָר אוים, דייטש, י ד ב ר נ א ע ב ד ך ד ב ר ב א ז נ י א ד ו נ י — לאָז מיך אויסרעדען אַ וואָרט פאַר דיר, ו א ל י ח ר א פ ך ב ע ב ד ך — נאָר זאָלסט מיר קיין פאַראיבעל ניט האָבען“... און אַזוי ווייטער, נישט געלעגט קיין כבוד, וואָס ער איז אַ דייטש, איהר פאַרשטעהט צי ניין, און אַ קאָמענדאַנט, און וואָס איהם איז געראָטען, ער האָט איינגענומען קרושניק... און אַזוי ווי איך טענה מיך אוים מיט איהם, במחשבה הייסט עס, עפענט זיך ניט די טהיר און עס קומט ניט אריין אַ זעלנער מיט איין אָנגעלאָדענער ביקס? אריינגעקומען, טהוט ער צו מיר אַ וואונק, איך זאָל, הייסט עס, זיך מטריח זיין און געהן מיט איהם. העלפט ניט און מע דאַרף זיך מטריח זיין און געהן מיט איהם. איך קום אַרוים אין דרויסען — שוין שטאָק־נאַכט; איך קוק מיך איין — די איבעריגע זענען אויך דאָ, דער גאַנצער שפּיגעל פון קרושניק, און דער רב מיט׳ן קאַזשאָנע רב, דער ראַבינער הייסט עס, בתוכם. ביי יעדען שטעהט זיך אַ זעלנער פון הינטען, אָנגעוואָפענט מיט איין אָנגעלאָדענער ביקס.

און — דער עלטסטער פון די זעלנער טהוט א קאמאנדעווע: „פאר־ווערטס!“ — מע זאל געהן, הייסט עס... געהען מיר שוין אלע אינ־איינעם, די גאנצע דעפוטאציע, שטילערהייד, אהן ווערטער, ווא־רום רעדען טאר מען דאך ניט, ווי זאגט איהר: אסור לדבר! נאר יעדער זיפץ מיט יעדען קרעכץ רייסט אוים א שטיק הארץ, אשטייגער, אזוי ווי, למשל, ראש השנה צו מוסף פאר די תקיעות, האט איהר זיך צוגעהערט, ווי אידען קרעכצען? מעהר פון אלץ האט מיר וועה געטהאן דאס הארץ אויף אונזער רב, נעבאך א איד א זקן, א בן שבעים — וואס זאג איך א בן שבעים? ער האט באדארפט דע־מאלט, לויט מיין חשבון, אלט זיין גוטע פינף און זיבעציג, און אפשר, אז איהר'ט מיך שטארק בעטען, טאקי אלע אכציג, ווארום איך געדענק איהם נאך אויף מיין חתונה אין יונעוו, — חתונה האב איך געהאט אין יונעוו, איהר פארשטעהט צי ניין, און איהם האט מען אראפגעבראכט פון קרושניק — איז ער שוין דעמאלט געווען א איד א זקן, דאס הייסט, ניט קיין זקן, נאר גרויע האר האט ער שוין געהאט, און פון מיין חתונה ביז היינט האבען מיר שוין א קיימא־לן, אזוי גרוים ווי — איך זאל אייך זאגען אקוראט — געדענק איך ניט, און אגב וויל איך ניט אפטרעטען פון דער געשיכ־טע, וואס איך דערצעהל אייך, ווארום סע שוואכט אפ, איהר פאר־שטעהט צי ניין, דעם ענין און מע קאן חלילה פארגעסען וואו מע האלט, חאטש א זכרון האב איך — הלואי ווייטער. א סימן האט איהר, אט וועל איך אייך זאגען וואו מיר האלטען.

מיר האלטען אלזא ביי'ם רב, ווי ער געהט זיך אזוי, דער זקן, אויף צופריהער, און מיר, קרושניקער בעלי בתים, נאך איהם, און מע זיפצט און מע קרעכצט און מע טאר קיין וואָרט נישט ארוים־רעדען. און וואלטען אונזערע היימישע געוואוסט, וואו מיר זענען, און וואלטען מיר אליין חאטש געוואוסט, וואוהין מע פיהרט אונז — איז ניין! ווי זאגט איהר, כצאן לטבח יובל — ווי די שאף צו דער שלאכט. אויף א גוט ארט מע זאל אונז פיהרען — דאס זעהט

מען נישט, ווארום ווי וואלט אונז דער דייטש ניט געזאגט, וואוהין
מיר געהען? און אז מע ווארט דארט אויף אונז מיט כבודים —
דאס אודאי ניט, ווארום ער וואלט אונז נישט אזוי געטריבען, ווי
ער טרייבט אונז — „פארווערטס" און „פארווערטס"! און איי־
דער מיר קוקען זיך ארום, זענען מיר שוין אויף דער טוידטער גאס,
דארט, וואו מע געהט צום נייעם הייליגען ארט. איך זאג „צום
נייעם", מחמת אין קרושניק האבען מיר, ברוך השם, צוויי בית־
עלמין'ס, איינעם איין אלטען און איינעם א נייעם, דאס הייסט,
דער נייער איז שוין אויך געגוג אלט, און קיין עין הרע פיין באַ־
זעצט, א קבר נעבען א קבר, מע וועט שוין באלד דארפען אפנע־
מען פעלד אויף א דריטען בית־עלמין, אויב גאט, הייסט עס, וועט
שענקען דאס לעבען, די מלחמה וועט אמאל האבען איין עק, און
קרושניק וועט בלייבען קרושניק, און אידען וועלען זיין אידען...

בקיצור, למאי זאל איך אייך לאנג מאריך זיין? אזוי ווי מיר
געהען, שיינט ארוים די לבנה און מיר טהוען א קוק — מיר זענען
שוין גאר ניט ווייט פונ'ם בית־עולם; אט איז דער טויער, אט
איז דאס „אוהל", און אט זענען מיר אלע דא! וואס זאל איך
קלערען, אשטייגער? מסתמא איז עמיצער געשטארבען אין
שטאדט איין אדם חשוב, אדער אפשר האט מען געבראכט צופיה־
רען אהער פון ערגיץ א בר־מינן, וואס מע דארף איהם ברענגען
צו קבר־ישראל? איי, צו וואס באדארפען מיר זיין דערביי? און
צו וואס מיט אזא לויה פון זעלנער? איז דער תירוץ: למאי
וואס דען האט מען אונז געבראכט צופיהרען אהער פלוצים אין
מיטען ביי נאכט אויף קבר־אבות? דערווייל, אזוי ווי מיר טראכ־
טען דא, מיר טהוען א קוק — ער איז אויך דא, דער שלים־מזל,
אבא דער שוחט, הייסט עס! ער און צוויי זעלנער מיט איהם!
וואס טהוט דא דער שוחט? גאר א קלייניגקייט: ער שטעהט
מיט א גראבאייזען אין האנט און גראבט א קרקע און וויינט, גיסט
מיט טרערען... איז אונז די זאך באלד נישט געפעלען: ערשטענס,

פון וועמענס וועגען גראָבט ער עס אַ קרקע? והשנית, וואָס איז אבא דער שוחט פאַר אַ גרעבער? און חוץ לזה, וואָס איז דאָס ווײנען, וואָס ער ווײנט? פון אַלע זײַטען, איהר פאַרשטעהט צי נײן, איז דאָס קשה, פּלאַי פּלאָים, גאָרניט צו פאַרשטעהן!

עס האָט אָבער קײן סך צײַט נישט גענומען, אפשר אַזוי פיעל, ווי איך דערצעהל אײַך, און אפשר נאָך ווײניגער, און עס זענען פאַרענטפערט געוואָרען אַלע קשיות. דער עלטסטער פון די זעלנער האָט געגעבען אַ קאָמאַנדעווע, און ס'איז באַשאַפען געוואָרען, איך ווײס ניט פון וואַנען, עטליכע זאַסטופּעס מיט עטליכע גראָבאײַזענס, און מע האָט אונז גענומען, איהר פאַרשטעהט צי נײן, און מע האָט אונז אַוועקגעשטעלט, אָפּגעטרעטען אײנס פון דאָס אַנדערע עטליכע טריט, געגעבען איטליכען באַזונדער אַ זאַסטופּ אין האַנט אַרײַן און באַפוילען, מיר זאָלען מוחל זײַן זיך גראָבען קברים, יעדער באַזונדער פאַר זיך אַ קרקע, מחמת ניט שפּעטער ווי אין אַ פאָר שעה אַרום — אַזוי האָט מען אונז געגעבען צו פאַרשטעהן — ווערען מיר געשאָסען...

איהר ווילט וויסען, ווי אַזוי מיר האָבען געפיהלט, בעת מע האָט אונז אָנגעזאָגט די דאָזיגע בשורה טובה? איז פאַר יענע קאָן איך אײַך ניט זאָגען, דאָס איז זײער עסק. נאָר פאַר זיך בין איך אײַך ערב און איך שווער אײַך בהן שלי, אַז גאָרניש. אָבער טאַקי ממש גאָרניש! דאָס הײסט, וואָס איז שײַך גאָרניש? אַ לעבעדיגער מענטש, אַ געזונטער און אַ שטאַרקער, מיט אַ ווײַב מיט קינדער, גיט מען איהם פּלוצים אַ זאַסטופּ אין האַנט אַרײַן און מע הײסט איהם, איהר פאַרשטעהט צי נײן, ער זאָל מוחל זײַן זיך אַלײן אויסגראָבען אַ קרקע, מחמת אַט באַלד וועט ער געשאָסען! איך בעט אײַך, פּאַני שלום-עליכם, באַרעכענט עס נור אַקוראַט, מיט קאָפּ, איהר האָט עפּיס אין דעם אַ באַגריפיע? נײן, דאָס באַדאַרף מען אַלײן איבערלעבען;

יענעם געבען צו פֿארשטעהן איז ארויסגעווארפֿען! נאר וואס דען? מען איז דאך עפּיס א מענטש א בר־דעת, מיט א שכל־הישר, טהוט מען א טראכט אהין־אהער און מע גיט זיך אליין א רעד אוים דאס הארץ: „מילא, וואס איז דא? אויך די אייגענע מעשה, ווי זאגט איהר, אז גאט הייסט שטארבען, קאן מען קיין חכם נישט זיין און מע דארף שטארבען. ביזט דאך נישט איינער, עס שטאר־בען איצטערט מענטשען אין די אלפים, אלפי אלפים, ווי פליעגען פאלט מען, ווי שטרוי! עלעהיי, לאז זיך דיר דאכטען, יאנקעל יונעוועער, אז דו ביזט אויך א זעלנער און אז דו ביזט אויך אין סאמע פייער. שוטה! ווער טראכט בעת מלחמה וועגען טוידט? אדער פארקעהרט, ווער טראכט בעת מלחמה וועגען עפּיס אנדערש, אז ניט וועגען טוידט? ווארום אין תוך אריין געשמועסט, וואס איז דען מלחמה, אז ניט דער מלאך־המות אליין? היינט וואס איז שייך צו זאגען אויפ'ן מלאך־המות, איהר פארשטעהט צי ניין, אז ער זאל מורא האבען פאר'ן טוידט?"... טראכט אייך קארשט אריין אין דעם, רב שלום־עליכם, וועט איהר ארויסזעהן, ווי טיעף דאס איז!

בקיצור, צו וואס פילוסופיא? איהר ווילט דאך וויסען דעם שפּיץ. איז קאן איך אייך זאגען אזוי ווייט, אז איך אליין ווייס בסך הכל גלייך מיט אייך וואס דא איז פארגעקומען. עפּיס א מהומה איז געווארען פלוצים, א טומעל פון גאט, א בארא־באנען פון פויקען און א לויפעניש פון זעלנער און א טופען פון פערד — רבונו דעלמא כולה! וואס טהוט זיך דא? איין איבערקעהרעניש? סדום ועמורה? ערדציטערניש? משיח'ס צייטען? עק וועלט? אין איין כהרף־עין זענען אונזערע זעלנער פארשוואונדען געווארען, און מיר, קרושניקער אידען, זענען געבליבען איינע אליין אויפ'ן נייעם בית־עולם מיט די זאסטופּעס אין די הענט — און שא! מיר האבען פארשטאנען, דאס הייסט, פארשטעהן האבען מיר ניט פארשטאנען גארנישט ניט, למאי זאל איך זאגען א לי־

גען? נאָר דערפיהלט האָבען מיר מיט אַלע אונזערע חושים, איהר
פאַרשטעהט צי ניין, אז דאָ איז עפּיס געשעהן אַזעלכעס, וואָס איז
חוץ לדרך הטבע, טאַקי נאָר אַ נס מן השמים, און אַז מיר זענען
נצול געוואָרען פון אַ סכנה! נאָר פונדעסטוועגען, מיר זאָלען
עפּיס קאָנען רעדען, עפּיס זאָגען איינס דאָס אַנדערע — דאָס לאַ!
עס האָט אונז, איהר פאַרשטעהט צי ניין, אָפּגענומען די צונג — און
שוין! און ווי איין מענטש, גלייך ווי מיר וואָלטען זיך אויפגערעדט
פון פריהער, האָבען מיר אַוועקגעלעגט די כלי־זיין, גענומען די פיס
אויף די פּלייצעס, און, ווי זאָגט איהר, הלך משה מרדכי — זיך גע־
לאָזט געהן, פריהער פּאַוואָלינקע, דערנאָך אַביסעל גיכער, און דער־
נאָך לויפען, אָבער טאַקי לויפען, איהר פאַרשטעהט צי ניין, ווי מע
לויפט פון אַ שרפה! פון וואַנען האָט זיך גענומען צו אונז אַזוי
פיעל מוטה? און ועל כולם, דער רב, דער זקן — וואו האָט ער גע־
נומען כח צו לויפען מיט אַזאַ אימפעט? והראיה, ער איז טאַקי
נעבאך גיך צוגעשטאַנען, נישט געקאָנט לויפען ווייטער, האָט ער
זיך אָפּגעשטעלט, צוהאַלטענדיג זיך מיט דער האַנט ביים הארצען,
קוים וואָס ער חאַפּט דעם אָטהעם. האָבען מיר שוין צוליעב איהם
אויך אָפּגעשטעלט זיך — ס׳איז נישט קיין דרך־ארץ איבערלאָזען
אַ רב אַליין אין מיטען גאַס. און רעדען קאָנען מיר נאָך אַלץ ניט, און
וויסען וואָס דאָ איז פאָרגעקומען — ווייסען מיר נאָך אַלץ ניט,
נאָר מיר הערען ווי מע פּויקט און ווי מע לויפט און ווי מע שיסט,
עפּיס טהוט זיך, גאָט, אַפּנים, רעכענט זיך פאַר אונז, ווי אין פּסוק
שטעהט: ה׳ ילחם לכם ואתם תחרישון — יאָ, מיר שווייגען, קאָ־
נען נישט רעדען! דער ערשטער, וואָס האָט יאָ אַרויסגערעדט
אַ וואָרט, איז געוועזן דער רב דער זקן. „קינדער! — האָט ער זיך
אָנגערופען צו אונז, קוקענדיג אַרויף, צו דער שיינענדיגער לבנה. —
ווייסט איהר, וואָס איך וועל אייך זאָגען, זאָגט ער? אַז דער
אויבערשטער, זאָגט ער, האָט יאָ אַזוי געפיהרט, ער האָט רחמנות
געהאַט אויף אונזערע ווייב און קינדער, זאָגט ער, און מיר זענען

ארויס פון אזא סכנה, קומט איהם, זאָגט ער, מיר זאָלען איהם מחדש זיין זיין לבנה, ס'איז היינט די רעכטע צייט"... און נישט לאנג געטראַכט, שטעלט ער זיך אַוועקעט אין מיטען שטאָדט אַקעגען דער לבנה, דער רב הייסט עס, און מיר אַלע ארום איהם, און דער רב האָט אָנגעהויבען פרעהליך אויף אַ קול „הללויה!" און מיר אַלע נאָך איהם, און וואָס ווייטער אַלץ לעבעדיגער, און אַז ס'איז געקו־מען צום „כשם שאני רוקד", האָבען מיר אונטערגעשפּרונגען שוין גאָר לעבעדיג, ממש אונטערגעטאַנצט! — אַזאַ קדוש־לבנה, מעגט איהר מיר גלויבען בנאמנות, האָט קרושניק נאָך נישט געהערט, זינט קרושניק איז קרושניק, און וועט שוין ניט הערען, דאַכט מיר, קיין מאָל! דאָס איז געוועזן, ווי זאָגט איהר, שוין איין מאָל אַ קדוש־לבנה! איהר קאָנט פאַרשטעהן, ווי ווייט מיר זענען געוועזן גאָרנישט כהאי עלמא, אַז ס'איז געקומען צו די „שלום־עליכם'ס". הער איך עפּיס עמיצער זאָגט צו מיר מן הצד גלייך אין אויהער אַריין און מיט אַ געוויין: „שלום עליכם?" ענטפער איך איהם „עליכם שלום!" און קוק מיך איין — ס'איז ער! דער שלים־מזל! אבא דער שוחט, הייסט עס! ווי קומט ער אַהער? איז ער דען אויך געוועזן מיט אונז אויף קבר אבות? טפו זאָל דאָס ווע־רען! איך האָב גאָר פאַרגעסען, אַז ער איז דאָ געוועזן דער ער־שטער! אַפּנים, מיר זענען אַלע געוועזן, איהר פאַרשטעהט צי ניין, רעכט מטושטש! מיר האָט זיך נאָר געוואָלט אַרומחאַפּען דעם דאָזיגען שלים־מזל און צעקושען זיך מיט איהם. און ועל כולם האָט זיך מיר געוואָלט צעקושען מיט'ן רב, זכותו יגן עלינו, ער איז שוין איצט אויף דער אמת'ער וועלט, און אַ סוף האָט ער געהאַט — הלואי אויף אונזערע שונאים געזאָגט געוואָרען, רבונו של עולם! איהר וועט שוין הערען, איך וועל אייך ניט דורכלאָזען קיין זאַך, האָט קיין מורא'ט ניט. דאָס איז געוועזן אַ איד! וואו זעהט מען היינט אַזעלכע אידען? שטעלט אייך פאָר וואָס אַ רב קאָן: פאַר־טיג געוואָרען מיט קדוש־לבנה, ווילט זיך איהם נאָך זאָגען

א פּאָר ווערטער, זיך שטעלען אויף א פסוק, און דוקא פון שיר־השירים: „קול דודי — האט ער אנגעהויבען — הנה זה בא"... דעם חסרון, מוז מען זאגען, האט ער געהאט, זאל ער מיר מוחל זיין: ער פלעגט ליעב האבען צו זאגען, דרשנ'ען הייסט עס. האבען מיר זיך מיישב געווען: ניין! קדוש־לבנה איז עפּיס אנדערש, נאר דרשות הערען מיט פסוקים פון שיר השירים ביי נאכט, אין מיטען שטאָדט, נאך אזעלכע פּחדים און נאך אזעלכע נסים מיט גבורות ונפלאות — דאס, רבי, לאז שוין זיין אויף איין אנדערש מאל! און מיר האבען פארקאטשעט די פּאָלעס, איהר פאַרשטעהט צי ניין, און גענומען לויפען יעדער צו זיך אהיים, האבען מיר געטראָפען א נייע חתונה! אבער אזא חתונה, וואס אלע חתונות, וועלכע האבען זיך אפּגעשפּיעלט ביז אהער, זענען א גאַרניש, א קינדער־שפּיעל! דאס וועט איהר אליין אויך זאגען. נאר איך זעה, איהר זענט שוין מיעד און ווילט שלאָפען. א גוטע נאכט. אם ירצה השם, מאָרגען זעהען מיר זיך, וועל איך אייך דערצעהלען א נייע מעשה.

---

9.

## ער הענגט שמונה־עשרה.

— — — אידען באריהמען זיך מיט זייער קעשעניוו. קעשעניוו, זאגען זיי, האט זיך קונה שם געווען אויף דער וועלט מיט איהרע פּאָגראָמען און מיט איהרע חוליגאנעס. חא־חא! נישטא ווער ס'זאל לאבען! אויך מיר א שטאָדט — קעשעניוו! קעשעניוו איז א הונט אקעגען קרושניק! הערט איהר, פּאני שלום־עליכם? קעשעניוו באדארף הייצען די הרובע ביי קרושניק! קעשעניווער חוליגאנעס, זאָלען מיר מוחל זיין, מעגען קומען קיין קרושניק זיך לערנען ביי אונזערע שליאכטעס און ביי פּאני'ס קאזאקען, ווי אזוי מע דארף זיך רע־

כענען מיט א אידען. ערשטענס, ווי פאַרמאָגט דען קעשעניוו דאָס געוועהר מיט די האַרמאַטען? דאַרטען, אַז מען איז געגאַנגען צע־שלאָגען א שטוב, האָט מען זיך צענויפגענומען הונדערט גויים, און מע האָט באַדאַרפט דערצו שטעקענס מיט שטיינער מיט קליינע שטיינדלעך, — און וואָס קאָן מען מאַכען מיט אַזעלכע כלי־זין, משטיינס געזאָגט? ביז מע צעשלאָגט צוויי־דריי הייזער, ביז עפּים־וואָס, קיהלט אָפּ דער כעס — און אויס! און דאָ, ביי אונז אין קרושניק, איין צעהנדליג גומע ביקסלעך, אָדער איין האַרמאַט א רעכטער, אַז ער לאָזט אַרויס א פּאָר קוילען, צעשיסט עס אַ גאַנ־צע גאַס און ווישט אייך אָפּ דעם מאַרק מיט די קלייטען און מיט די יאַטקעס און מיט אַלע הייזער אַרום און אַרום! וואָס דאַרפט איהר אַ סך לומדות? אָט האָט מען ביי אונז אין איין שמע־ישראל אָפּגעווישט גאַנץ קרושניק, אַזוי, אַז ס'איז נישט געבליבען פון דער שטאָדט קיין שריד ופליט, קיין זכר אפילו! מיט'ן פונדאַמענט האָבען זיי ביי אונז אויסגעוואָרצעלט אַלסדינג, וואָס איז שייך צו אידען, גלייך ווי זיי וואָלטען אַריין ניט צו זיך, נאָר צום שונא אין לאַנד אַריין, און גלייך ווי קרושניק וואָלט געוועז מי יודע וואָס פאַר א באַפעסטיגטע שטאָדט! א מין פּאַריז! צי א מין וואַרשאָ! אַז בסך הכל, דאַרפט איהר וויסען, איז קרושניק פון תמיד אָן געוועזן א שטאָדט, ווי אַזוי זאָל איך אייך זאָגען? א הפקר־שטאָדט, א שטאָדט, איהר פאַרשטעהט צי ניין, וואָס שטעהט אין דרויסען. נישט קיין הויפען, נישט קיין סעדער, נישט קיין גערטנער, קיין פּאַרקאַנעס, קיין אַרומצוימאַכצען, נאָר שטיבער מיט שטיבלעך, נאַקעטע, הוילע, אָרעמע, אידישע הייזלעך — האָט מען זיי צע־קלאַפּט, צעלאָמעט, צעשאָסען, צעהאַקט, צעריבען, צעמאָהלען און אָפּגעווישט — אויס, נישטאָ קרושניק!

און מיינט איהר — נור קרושניק? אַזוי איז געוועזן מיט קרוש־ניק, און אַזוי איז געוועזן אויך מיט יונעוו, און מיט ראַכעוו, און מיט מאַזעלבאָזשעץ, און מיט בילגעריי, און מיט די אַלע איבעריגע

אידישע שטעדטלעך אַרום און אַרום, ביז לובלין, ווייל לובלין איז דאָך די הויפּט־שטאָדט, איך מיין די גובערניע, און דאָרטען זיצען, חוץ אידען, אויך פּריצים און פּאָליאַקען, און אינגאַנצען די רציחה אויף אונז האָט זיך גענומען פון זיי, פון די פּאָליאַקען. ווען ניט די פּאָליאַקען מיט זייער גיסען בוימעל אויפ׳ן פייער, מיט זייער טראָגען אין די אויהערען אריין, וואָלט אפשר גאָרנישט געווען. דער ערשטער האָט זיך אויסגעפיינט פאַן פּשעפּעצקי, דער וואָיט פון דער גמינע, וואָס איך האָב אייך דערצעהלט וועגען איהם אין מיינע פריהעריגע מעשיות. ער האָט באַלד, נאָך אין יענער נאַכט פון קדוש־לבנה, אָפּגעטראָגען צום „נאַטשאַלניק" אין אויהער אריין, אז מיר, קרושניקער אידען, הייסט עס, זענען געווען מיט די דייט־שען איין האַנט. א סימן, זאָגט ער, קיינער פון זיי האָט נישט גע־וואָלט, זאָגט ער, אָננעמען דאָס שטריימעל פון בורמישטש, נאָר איין יחיאל מיינער האָט דאָס, זאָגט ער, אָנגענומען... מעהר האָט פּאַני נישט באַדאַרפט. עס האָט זיך אָנגעצונדען אין איהם א פייער אויף אַלע אידען, און מעהר פון אַלעמען אויפ׳ן בירגערמייסטער אַליין, דאָס הייסט, אויף מיין יחיאל׳ן, און ס׳איז אַרוים איין „אוקאַז" פונ׳ם שטאַב, מע זאָל איהם אויפזוכען, יחיאל׳ן הייסט עס, און מע זאָל איהם ברענגען צו פיהרען א לעבעדיגען אָדער א טויד־טען! און נישט נור איהם אַליין — אונז אַלעמען, די גאַנצע גיל־דענע פּאָהן פון קרושניק, מיט׳ן רב און מיט׳ן קאַזשאָנע רב, דעם ראַבינער הייסט עס, זאָל מען נעמען, איהר פאַרשטעהט צי ניין, און מע זאָל אונז ברענגען צו פיהרען — ער וויל אונז זעהען, פּאַני הייסט עס. און טאָמער מיינט איהר, אז איך האָב עס ניט גע־וואוסט פריהער, אז ס׳וועט אזוי זיין? געוואוסט! ווי איהר זעהט מיך א אידען! א סימן האָט איהר — איך האָב זיי באַלד געזאָגט: „אידען, זאָג איך, ווי גאָט איז אייך ליעב, לאָמיר זיך, זאָג איך, אָפּטראָגען!" באַצייטענס נאָך האָב איך זיי דאָס גע־זאָגט, וויבאַלד מיר האָבען גאָר דערהערט, אין יענער נאַכט, אז

דער דייטש ל ו י פ ט און אז פֿאַני ג ע ה ט, וואָרום דאָרט, וואו פֿאַני שטעלט אַוועק אַ פוס, האָב איך געוואוסט, וועט קיין גראָז ניט וואַכסען. איך האָב זיי געזאָגט, זאָג איך: „לאָמיר לויפען אין דער וועלט אַריין, וואו, זאָג איך, די אויגען וועלען טראָגען, אַבי, זאָג איך, ניט זיין דאָ!" האָב איך אפילו ביי זיי אַלעמען כמעט ווי גע'פועל'ט. האָט זיך אָבער איינער אָוועקגעשטעלט — דאָס איז געווען דער רב, דער זקן. ער האָט זיך איינגעשפּאַרט — איין מאָל פאַר אַלע מאָל, ער וויל ניט. ער וויל נישט. ער וויל ניט, זאָגט ער, לויפען סתם אין דער וועלט אַריין פאַר כל הון דעלמא, זאָגט ער; אַז דער שומר ישראל, זאָגט ער, וועט אונז וועלען אויסהיטען, וועט ער אונז, זאָגט ער, אויסהיטען, ווי ער האָט אונז אויסגעהיט ביז אַהער, און טאָמער חלילה ניט, איז אַ סימן, זאָגט ער, אַז ס'איז אונז אַזוי באַשערט. און אויב אַזוי, זאָגט ער, לאָז חאָטש זיין, ווי אין פסוק שטעהט: ו ש כ ב ת י ע ם א ב ו ת י — דאָס הייסט, איהם האָט זיך געוואָלט פשוט קומען צו קבר ישראל און ליגען דוקא ביי זיך אין קרושניק אויפ'ן הייליגען אָרט — פאַרהאַן אַלערליי יצר־הרע'ס אויף דער וועלט... נאָר אַפילו אַזאַ פאַרגניגען קאָן זיך אויך אַ איד נישט פאַרגינען. ווי זאָגט איהר, אַ מענטש טראַכט און גאָט לאַכט. ער האָט זיך נישט גערעכט, אונזער רב, הייסט עס, אַז ער וועט אַריינפאַלען אין די הענט פון צוויי־פיסיגע חיות, וואָס זענען ניט אויסען קיין זאַך, נאָר מענטשליך בלוט, און איבערהויפט — אידיש בלוט!...

אָנגעהויבען האָט זיך די התונה נאָך פון ביינאַכט, ווי איך האָב אייך שוין דערצעהלט. פאַני האָט זיך אַ לאָז געגעבען איבער די הייזער זוכען און נישטערען, טאָמער האָט זיך פאַרוואַלגערט ערגיץ מכלומר'שט אַ דייטש, און, זוכענדיג, האָט מען דערוייל גע־טהאָן דאָס, וואָס פאַני דאַרף טהון, דאָס, למשל, וואָס פאַני האָט געטהאָן אין קעשעניוו, אין ביאַליסטאָק, אין באַלטע, אין קאַטערי־נעסלאַוו און אין אַנדערע אידישע שטעדט, — מיט דעם אונטער־

שיעה, וואס דארטען איז מען באפאלען און מע האט געשלאגען און געראבעוועט, און דא האט מען מיט ישוב־הדעת פריהער אויס־געטרייסעלט אלע קעשענים און נאכגעפרעגט זיך ביי יעדען „טשא־סיקי, טשאסיקי“ — זייגערלעך, זייגערלעך! און געמיינט האט מען ניט דוקא זייגערלעך, נאר אויך קייטלעך, פינגערלעך, אויהערינגלעך, און בייטעלעך מיט געלט איז אויך נישקשה. און דערנאך שוין, אז מע האט אלסדינג צוגענומען, מקיים געווען, ווי זאגט איהר, דעם פסוק „וינצלו את מצרים“, האט מען שוין א נעם געגעבען זיך אויך צו די נפשות: געבונדען, געשלאגען, געשטאכען, געשאסען, געהאנגען — און איבערהויפט געהאנגען! געהאנגען האט מען ביי אונז אזוי פיעל, אז ס'איז נישט געווען שוין קיין בוימער און קיין סלופעס. האט מען איבערגעלעגט קלעצער אויף א דאך, און דאר־טען, אויף די קלעצער, האט מען אויפגעהאנגען אונזערע אחינו בני ישראל פון קרושניק איינציגווייז... איינציגווייז...

דעם ערשטען פעטשאטעק האט געמאכט דער רב, דער זקן, זכר צדיק לברכה. צו איהם האבען די קאזאקען זיך אריינגעריסען גאנץ פריה, במעט פאר טאג נאך; ער האט נאר־וואס געהאט אנ־געטהאן טלית ותפלין און געשטעלט זיך דאווענען, זענען זיי אריין, ווי א וואסער, און האבען זיך געגעבען א לאז צו איהם: „וואד־קא!“ — ער זאל זיי געבען בראנפען, הייסט עס. וואס עפיס בראנ־פען? פשוט, אויפ'ן ניכטערען הארצען, איהר פארשטעהט צי ניין, מענטשען זענען אויסגעהונגערט און מיעד, ווילט זיך נעבאך א טרונק בראנפען. נאר ווי קומט צו א רב א זקן דער ביטערער טראפען? און נאך אין אזא צייט, וואס דאס ביסעל משקה איז ביי פאני'ן אין חרם? באווייזט ער זיי מיט די הענט, וויל נישט מפסיק זיין, אז קיין בראנפען האט ער נישט אין זיין גבול אפילו. קריגט ער א פאטש מסתמא מיט א רעכטען מי־שברך אינאיינעם, גליטשט זיך אראפ ביי איהם דער של־ראש פונ'ם קאפ, בויגט ער זיך אן און וויל איהם אויפהויבען, חאפט ער א קלאפ פון הינטען

איבער'ן קאָפּ און פאַלט חלשות. נעמען די קאַזאַקען און וויקלען איהם איין גאַנץ פיין אין טלית ותפלין, בינדען איהם צו צו איין עק פון אַ פערד, מחילה, און שלעפּען איהם אַוועק אַ האַלב־טוידטען איבער דער גאַנצער שטאָדט אין מאַרק אַריין און הענגען איהם אויף אויף אַ בוים, און שטעלען אַוועק אַ יון און זאָגען איהם אָן, אַז אָט אַזוי זאָל ער הענגען דריי טעג מיט דריי נעכט, קיינער זאָל זיך ניט דערוועגען איהם אַראָפּנעמען.

און אָט אַזוי איז געבליבען הענגען דער רב, דער זקן, אַ צעהרג'עטער, אַ צעבלוטיגטער, אין מיטען מאַרק, אין טלית ותפלין, געשאָקעלט פונ'ם ווינט אַהין און אַהער, אויסגעזעהן גלייך ווי ער דאַווענט, גלייך ווי ער שטעהט שמונה עשרה. און ווער עס געהט דורך, שטעלט זיך אָפּ, קוקט אָן און לויפט אַוועק אַ פאַרציטערטער און זאָגט אָן דעם צווייטען, דער צווייטער — אַ דריטען, דער דריטער — אַ פיערטען, איינער דעם אַנדערען: „געהט זעהט!“... און דער עולם לויפט! וואָס לויפט איהר? בהמות! פערד! וואָס האָט איהר דאָ ניט געזעהען? איהר האָט קיינמאָל קיין געהאַנגענעם ניט אָנגעקוקט? צי וועלכע גוטע יאָהר?... נאָר צוריק געשמועסט, נעמט מיך אַליין טאַקי, אַזאַ אַלטער נאַר ווי איך בין, — וואָס בין איך געלאָפען אָנקוקען? וויפיעל געזונט האָט עס מיך דערנאָכדעם געקאָסט? וויפיעל נעכט בין איך נישט געשלאָפען?... און עד היום נאָך, לאָמיך זיך נור פאַרטראַכטען, אָדער צומאַכען די אויגען, שטעהט ער דען ניט מיר אַקעגען, דער רב דער זקן, ווי ער הענגט אויפ'ן בוים, אַ צעבלוטיגטער, אַ בלויער, אַ פאַרגליווערטער, איינגעוויקעלט אין טלית ותפלין, שאָקעלט זיך אַהין און אַהער, גלייך ווי ער דאַווענט, גלייך ווי ער שטעהט שמונה־עשרה — וואָס זאָג איך? ניט ער שטעהט, נאָר ער *הענגט*! איהר פאַרשטעהט צי ניין? *ער הענגט שמונה־עשרה*!

נאָר ווייסט איהר וואָס איך וועל אייך זאָגען? פּתח שין איז שאַ! לאָמיר דערפון היינט נישט רעדען מעהר! לאָמיר בעסער

רעדען, ווי זאָגט איהר, פון פרעהליכערע זאַכען — ביי אייך איז ניט געווען קיין פּאָגראָם? ביי אייך האָט מען קיין אידען נישט געהאנגען? פון וואָסער אַ לאַנד, אייגענטליך, לויפט איהר, פאַני שלום־עליכם?

---

.10

## פּאַני וויל יחיאל זאָל געהן הויך...

— — — איך בעט אייך, פאַני שלום־עליכם, מאַכט מיך קלאָר, וואָס איז דער מעהר מיט דער עקדה, וואָס אַלע תפלות און דער גאַנצער סדור זענען פול מיט איהר? נעמט, למשל, ימים נוראים, איז אויף יעדען שריט און טריט דערמאָנען מיר דעם רבונו־של־עולם: זכור לנו עקדת יצחק — זאָלסט אונז דער־מאָנען די עקדה פון יצחק! זאָלסט אונז ניט פארגעסען, הייסט עס, די טובה, וואָס מיר האָבען דיר געטהאָן דורך אונזער עלטער־עלטער־זיידען, דורך אברהם אבינו!... און אין מחזור, אַז עס קומט צום ובבן הנעקד, צעלאָזט זיך עס אביסעל דער חזן, צעגיסט זיך ווי אַ סאָלאָוויי — וואָס איז? באשר אברהם אָבינו האָט געפּאָלגט דעם רבונו־של־עולם און האָט געזאָלט אויפברענגען זיין זוהן יצחק'ן פאַר אַ קרבן. זעהט נאָר, וואָס דאָ טהוט זיך אַ ביסעל! הערט נאָר, ווי מע גוואַלדעוועט! שוין אַזוי פיעל צייט אוועקגעגאַנגען, טויזענדער יאָהרען, און מע קאָן זיך גאָר ניט אויסצאָהלען! מיינט איהר דאָך אודאי, אַז איך מאַך דאָס חוזק חלילה פון גאָט און פון זיינע תפלות? פאַרשטעהט איהר אַליין, אַז איך בין ניט דער איד. מיר פאָהרען דאָך מיט אייך אויף איין שיף, ברוך השם, שוין העכער אַ וואָך, האָט איהר מיך באַדאַרפט דערקענען, אַז איך בין ווייט פון איין אַפּיקורס און פון איין אָפּ־שפּעטער. נאָר וואָס דען? איך זאָג עס אַקעגען דעם, וואָס דאָרט האָט גאָט אַליין געוואָלט אויספּרובען אברהם אבינו'ן, ווי געטריי

ער איז צו איהם, נאר א פרוב טהון; און דא ביי מיר האט פאני, באלף אלפי הבדלות, מיך געוואלט *צווינגען*, אז איך אליין, איהר פארשטעהט צי ניין, זאל מיט מיינע אייגענע הענט נעמען און באשטראפען מיין זוהן!... מאהלט אייך, אזוי לאנג קרענקט דער, וואס מירביידע ווייסען, ווי לאנג ער האט דאס ביי מיר אויסגעפיהרט! און אז איך זאל וויסען, אז דער טוידט וועט מיר זיין, ממש דער טוידט, — נו, וואלט ער עס ביי מיר אויסגעפיהרט? והראיה? — נאר איך האב פארגעסען, אז איהר האט ליעב א מעשה זאל מען אייך דערצעהלען בהדרגה, און פאוואלינקע, נישט פארהאפט, ווי זאגט איהר, די מוספ'דיגע שמונה־עשרה פאר דער שחרית'דיגער. איך אליין, ווי איהר האט מיך באדארפט דערקענען, בין איך אזא מענטש ווי איהר. ובפרט, אז מיר ביידע האבען דא גענוג צייט אויפ'ן שיף.

הקיצור המעשה, האלטען מיר, אפנים, דערביי, ווי אזוי די פאליאקען, הייסט עס, האבען אונז פאר'מסר'ט פאר פאני'ן, אז מיר, קרושניקער אידען, זענען געווען יד־אחת מיט'ן דייטש — א סימן, אט איז מיין יחיאל געווען בורמישטש, געקרוינט, הייסט עס, פון די דייטשען פאר בירגערמייסטער, באדארף מען נאך האבען א בעסערען באוויז? אי, ס'איז געווען, ווי זאגט איהר, באין ברירה? מע חאפט אייך אן פאר'ן גארגעל און מע זאגט אייך: זייט בורמישטש, אדער דו ווערסט געשאסען? — דאס געהט זיי ניט אן. ביזט דו א רוסישער, דארפסט דו אונז זיין איבערגעגעבען מיט לייב און לעבען, ווי זאגט איהר: יהרג ואל יעבור — גע'הרג'עט ווערען, הייסט עס, און בלייבען געטריי! איז במה דברים אמורים — ווען איז דאס געוועדט געווארען? אז ס'איז מיין לאנד, און מיין גוטס ווערד געהיט, און מיין גוף איז געשיצט, און פאר מיין ווייב און קינדער בין איך זיכער. ווי זשע איז אבער דער דין, אז דאס לאנד, זאגט מען מיר אלע טאג, איז ניט מיינס, איך בין גאר, זאגען זיי, *א פרעמדער*, איין איינגעבעטענער, און מע

טרייבט מיך דעריבער און מע יאָגט מיך, ווי אַ הונט; און מיין גוטס, זאָגען זיי, איז גאָר ניט מיינס, ס'איז הפקר; און מיין גוף געהערט צו זיי; און מיין ווייב קאָנען זיי הרג'ענען; און מיינע טעכטער מעגען זיי שענדען; און קיינער קאָן זיך פאַר מיר ניט אָננעמען, וואָרום דאָס הייסט אַריינגעמישט זיך, איהר פאַרשטעהט צי ניין, אין יענעמס געשעפטען; — ווי באַלד אַזוי, פרעג איך אייך, פון וואַנען זאָל זיך נעמען ביי מיר דער „יהרג ואל יעבור" ?

בקיצור — צו וואָס לאַנגע טענות ? מע האָט אונז געשיקט רופען, אַלע פאָרנעהמסטע בעלי בתים פון קרושניק, צום אָדון הגדול, דאָס הייסט, צום סאַמע גענעראַל פונ'ם רוסישען שטאַב, מיר זאָלען איהם אָפּגעבען דין־וחשבון, וואָס מיר האָבען געהאַט צו טהון מיט'ן דייטש, און איבערהויפּט — מיין יחיאל'ן, ווי אַזוי ער איז געוואָרען בורמישטש ? און עס האָט ניט געהאָלפען קיין חכמות, אַז פּאַני רופט מע זאָל קומען — קומט מען, און אַגב האָט ער געשיקט אַ פּאָר יונים אויך, טאַקי קאָזאַקען ממש, מע זאָל אונז נעמען און ברענגען צו פיהרען; און מע האָט אונז גענומען און געבראַכט צו פיהרען אין שטאַב אַריין אַלעמען, חוץ איין רב, — דער רב דער זקן איז מיט אונז ניט מיטגעגאַנגען, פּשוט, ווייל ער איז שוין דעמאָלט, ווי איך האָב אייך פריהער דערצעהלט, געהאַנגען שמונה עשרה אין מיטען מאַרק אויף אַ בוים, און זיין נשמה איז שוין זיכער געווען איין אויסגעלייטערטע אין גן־עדן, האָטש ביי אונז אין שטאָדט האָט מען געהאַט געזאָגט, אַז מע האָט איהם געזעהן, דעם רב הייסט עס, שוין נאָכ'ן הענגען, אַרומגעהן איבער קרושניק איין איינגעבויגע־נעם, ווי אַלע מאָל, מיט זיין יאַמשאָווען שטעקען אין האַנט. עס האָט געהייסען, אַז ער איז אַרומגעגאַנגען, איהר פאַרשטעהט צי ניין, אין עולם־התוהו — און דאָס איז גאַנץ מעגליך נאָך אַזאַ מיתה, ווי ער האָט געהאַט, אַז ער האָט אפילו נישט געקאָנט קומען צו קבר ישראל, משטיינס געזאָגט... איך זעה אָבער אַרויס, רב

שלום־עליכם, נאָך אייערע אויגען, אַז איהר זענט אַ ווינציגער מאמין אין די זאַכען. איז ווי איהר ווילט אייך. נויטען קאָן איך אייך ניט, איהר זאָלט מיר גלויבען אויף נאמנות. ווילט איהר — גלויבט, ווילט איהר ניט — גלויבט ניט. אודאי, ווען איהר זאָלט זיין איין אונזעריגער, דאָס הייסט, ווען איהר זענט ביי אונז אין קרושניק אין דער צייט פון מלחמה און איהר לעבט דורך דאָס, וואָס מיר האָבען איבערגעלעבט, וואָלט איהר זיך אָנגעהערט און אָנגעזעהען אַזוי פיעל זאַכען, אַז איהר וואָלט ניט ווילענדיג אָנגעהויבען צו גלויבען אין אַלע נאַרישקייטען. פאַר וואָס רוף איך עס נאַרישקייטען? ווארום ס'איז דאָך סוף־כל־סוף פאָרט נישט מעגליך, אַז אַ געהאַנגענער זאָל נאָכ'ן טוידט נעמען אַ שטעקען אין האַנד און מאַכען אַ שפּאַציער, ווי זאָגט איהר, איבער דער שטאָדט. און ווי־באַלד מיר וועלען גלויבען אין דער מעשה מיט'ן רב'ס ארומגעהן אין עולם־התוהו, וועלען מיר שוין מוזען גלויבען אויך אין יענער מעשה מיט'ן האַלב־יאָהריגען קינד, טאַקי מיין טאָכטער'ס קינד, וואָס האָט זיך אויפגעהאַפּט פון שלאָף, אויפגעזעצט זיך אין וויע־געלע און גענומען זאָגען נביאות, וואָס וועט זיין מיט דער מלחמה. גאַנץ קרושניק האָט דערמיט געהאַט צו טהון. און שולדיג אין דעם איז ניט אַזוי מיין טאָכטער, ווי מיין מחותן דער שוטה, יחזקאל מנוחה'ס. נאָר איך מיש אייך שוין ווידער איין מעשה מיט דער אַנדערער, און איהר ווייסט דאָך, אַז איך האָב עס פיינט. נאָר וואָס זאָל מען טהון? דער קאָפּ איז אַזוי דערשלאָגען, הערט איהר, און דער ים זשומעט, ער האָט זיך עס צעשפּיעלט אַביסעל, גלייך ווי מע ווערד פון איהם גליקליך, זעהט נור!

הקיצור המעשה, האָט מען אונז, מיך מיט מיין יחיאל'ן און מיט אַלע איבעריגע פאַרנעהמסטע בעלי־בתים פון קרושניק, גע־שיקט רופען, אַז מיר זאָלען זיך מטריח זיין צום נאטשעלניק. געהען מיר, הייסט עס, צום נאטשעלניק מיט'ן גאַנצען פּאַראַד, ארומגע־רינגעלט מיט קאָזאַקען פון אַלע זייטען, — געהאַט אַ לויה, קיין

עין־הרע, זעהר אַ שענע, כמעט אַלע פּאָליאַקען פון שטאָדט האָבען זיך צענויפגעזאַמעלט אונז באַגלייטען און האָבען אונז מכבד געווען מיט אַלערליי אויסגעשרייען: „זשידזשי!"... „ביילים!"... „הורא, ביילים!"... און די געלעכטערען זענען געגאַנגען ביז'ן הימעל אריין! און פאַר גרויס גדולה, אַפּנים, האָבען זיך די פּאָליאַקען דערוויילע מתחתן געווען מיט די קאָזאַקען, באַפאַלען די אידישע הייזער, מקיים געווען אינאיינעם די מצוה פון אַ אידישען פּאָגראָם. ווי זאָגט איהר, מיט אַלע פּליטערלעך. די פּוילען אַליין האָבען, הייסט עס, נישט געפּאָגראָמעוועט. חס וחלילה, — למאי זאָל איך אויסטראַכטען אַזאַ בלבול? — פּליאַקע האָט נאָר אָנגעוויזען, וואו סע זיצט אַ איד, דאָס הייסט, זיי האָבען נאָר געוואָיעוואָדיוועט, און די קאָזאַקען האָבען שוין געטהאָן זייער ארבייט, אָפּגערעכט דעם סדר פון פּאָגראָם ככל משפּטו וחוקתו, מיט אויפטרענען דאָס בעט־געוואַנט, מיט צעשפּרייטען די פעדערען, מיט ראַבעווען דאָס אי־דישע האָב־און־גוטס און לעגען אויף די פוהרען, און מיט בינדען פרומע אידען פאַר די פּאות, און מיט פּייניגען די ווייבער פאַר די אויגען פון זייערע מאַנען, און מיט מאַנס זיין די טעכטער פאַר די אויגען פון זייערע מאַמעס... און די פּאָליאַקען זענען זיך גע־שטאַנען און האָבען געקוועלט, און דער נאָמען „ביילים" איז נישט אַראָפּ פון זייערע ליפּען...

איך וואָלט אַ בעלן געווען צו וויסען, הערט איהר, וואָס פאַר אַ נקמה איז פאַרהאַן אויף דער וועלט, וואָס מיר זאָלען זיך ווינשען צו דערלעבען אין אונזערע אומזיסטיגע שונאים, די פּאָליאַקען? וואָס פאַר אַ שטראָף איז פאַרהאַן ביי גאָט, וואָס די דאָזיגע איי־דעלע רוצחים האָבען ניט פאַרדיענט ביי אונז? איך מיין, אַז ס'איז פאַרהאַן נאָר איין נקמה, נאָר איין שטראָף פאַר זיי — און דאָס װעלען מיר, דאַכט זיך, דערלעבען אין גיכען, אם ירצה השם, מיט גאָט'ס הילף, אַז פון אַלע גליקען, מיט אַלע זיסע צוזאָגעכצען, וואָס מע זאָגט זיי צו פוןביידע זייטען, וואָס שלאָגען זיך פאַר זיי, ווע־

לען זיי, די פּאָליאַקען הייסט עס, קריגען געבראָכען די ביינער און גוט אויסגעריסען ווערען פון די פּאַראַנדקעס, וואָס יעדער פון די צוויי וועט זיך נעמען ביי זיי איינפיהרען, פּאַני אויף זיין שטייגער און דער דייטש אויף זיין שטייגער, און דערנאָך ערשט וועלען זיי באַקומען פון פּאַני'ן אַ מכה און אַ פייג פון'ם דייטש... עס וועט זיך אויסלאָזען, ווי יענע מעשה מיט די צוויי ווייבער, וואָס ווערד דערצעהלט ביי אונז אין די ספרים. אַ מענטש האָט געהאַט צוויי ווייבער, איינע אַ יונגע, די אַנדערע איין אַלטע, און ביידע האָבען זיי איהם ליעב געהאַט. פלעגט די יונגע איהם אויסרייסען אַלע טאָג אַ גרויע האָר, ער זאָל ניט אויסווייזען אַלט. און די אַלטע פלעגט איהם אויסרייסען אַלע טאָג אַ שוואַרצע האָר, ער זאָל ניט אויסווייזען יונג. דער סוף איז געווען, אַז ער איז נעבליבען קרח מכאן און קרח מכאן; אויף אונזער לשון וועט עס הייסען פּשוט, איהר פאַרשטעהט צי ניין, פּליכעוואַטע... אָדער ס'איז פאַרהאַן אַ מדרש ביי אונז פון אַ פּאַסטוך מיט אַ וואָלף, וואָס האָבען מלחמה געהאַלטען פאַר אַ שעפּעלע; דער האָט נעשלעפּט צו זיך און דער צו זיך; אַזוי לאַנג, ביז דאָס שעפּעלע איז צעריסען געוואָרען... איך וואָלט אייך געקאָנט ברענגען נאָך משלים אַ סך, נאָר איהר ווייסט דאָך, אַז איך האָב פיינט מאַריך זיין. עס בלייבט איבער נאָר איין זאַך, טאָמער וועט איהר פרעגען אַ קשיא: סטייטש, ווי טאָר עס אַ איד זיין אַזאַ מין אכזר און וועלען דערלעבען אויף יענעם אַזוי פיעל שלעכטס, יענער מעג זיך זיין אפילו אַ שונא, אין דער צייט, וואָס אונזערע חכמים זאָגען בפירוש, אַז דאָס וואָס פאַר דיר איז ניט גוט זאָלסט דו יענעם ניט ווינשען? זענט איהר אפשר אויך גערעכט. נאָר איך וואָלט אַ בעלן געווען, אַז עמיצער אַנדערש זאָל זיין אויף מיין אָרט און אויסשטעהן דאָס, וואָס איך בין אויסגעשטאַנען. מילא, פון די קלעפּ מיט די סטוסאַ־

קעס, וואָס מיר האָבען געחאַפּט פון די קאָזאַקען ביז מיר זענען גע־קומען אויפ'ן אָרט — דאָס בין איך א י י ך מוחל. און אַז מיר זענען געקומען אויפ'ן אָרט, אין רוסישען שטאַב אריין הייסט עס, האָט מען אונז אריינגעזעצט ווי די גענז, נאָר יעדען אין אַ באַזונ־דער קעמערעל, און עס האָט זיך אָנגעהויבען איין אויספאָרשונג און איין אויספרעגעניש וועגען די דייטשען, וואו האָבען מיר גע־נומען אַזוי פיעל גאָלד און אַזוי פיעל ברויט און אַזוי פיעל אַמוני־ציע פאַר די דייטשען? האָטש לעבען זאָלען זיי אַזוי ביידע, די פּאָליאַקען מיט די קאָזאַקען, ווי מיר ווייסען פון וואָס צו זאָגען! דערנאָך רופט זיך אָן דער גענעראַל, אַ וואָיענער מיט אַ רויט פּנים און מיט פּאָליעטען, — אפשר איז ער גאָר ניט קיין גענעראַל, אפשר איז ער נאָר אַ פּאָלקאָווניק, אָדער גאָר אַ קאַפּיטאַן, איך זאָל אַזוי וויסען פון איהם: „וועד, זאָגט ער, פון אייך, אידען, איז דאָ דער זשיד יאַנקעל?"... זאָג איך: „יאַנקעל — דאָס בין איך". רופט זיך אָן צו מיר דער גענעראַל, אָדער דער פּאָלקאָווניק, ווייסט איהם דער רוח: „דאָס איז דיין זוהן יחיאל, וואָס איז אַזוי דער־הויבט געוואָרען ביי די דייטשען?" זאָג איך: „יאָ, יחיאל — דאָס איז מיינער אַ זוהן, און איהם האָבען, זאָג איך, די דייטשען געצוואונגען, זאָג איך, ער זאָל זיין בורמישטש אויף אַ קורצער צייט, ביז דו וועסט, זאָג איך, אריינקומען צוריק קיין קרושניק"... „אַזוי, — זאָגט צו מיר וויעדער דער גענעראַל, אָדער דער פּאָלקאָוו־ניק,—אַט וועל איך דיר, זאָגט ער, באַווייזען, אַז דיין זוהן איז ביי מיר, זאָגט ער, נאָך העכער געקרוינט. אַט וועל איך דיר ווייזען, זאָגט ער, ווי הויך ער וועט ביי מיר באַלד זיין"... און מיט די ווערטער נעמט ער מיך אונטער דער האַנד, דער גענעראַל הייסט עס, אָדער דער פּאָלקאָווניק, נעמען זאָל איהם ביי'ם האַרצען און ביי דער לע־בער, און פיהרט מיך אַרויס אין הויף אַרויס, צו באַווייזען מיר, ווי הויך מיין זוהן וועט ביי איהם זיין... און געהענדיג מיט מיר, מאַכט ער צו מיר אַזוי: „ביי דיר איז דאָך מסתמא, זאָגט ער,

דיין זוהן טהייער? וויל איך, זאָגט ער, אַז דו אַליין מיט דיינע אייגענע הענט זאָלסט איהם באַעהרען, זאָגט ער, מיט איין אָרדען אויפ'ן האַלז...“ טראַכט איך מיר: רבונו של עולם, וואָס טהוט זיך דאָ? ניט שוין זשע האָט מיין יחיאל נושא חן געווען ביי'ם רוסישען גענעראַל, אָדער פּאָלקאָווניק, פּונקט אזוי ווי ביי'ם דייטשען קאָמענדאַנט? ניט שוין־זשע ווערד ער באַשענקט פון פאָני'ן מיט איין אָרדען? פאַר וואָסערע מעשים טובים? אַי וואָלט דאָס געווען, טראַכט איך מיר, אַ מפּלה פאַר די דאַליטשען! אַי־אַי־אַי! פליאַקע וואָלט איינגענומען אַ מיתה משונה!... נקמה! דאָס געפיהל פון נקמה, איהר פאַרשטעהט [illegible]!... נאָר צוריק שמועסענדיג, ווי באַלד אַז איין אָרדען, טראַכט איך מיר, צו וואָס קאָזאַקען? צו וואָס נאַגאַיקעס? צו וואָס קלעפּ? צו וואָס איינשפּאַרען ווי די גענז, און יעדען אין באַזונדערע קעמערלעך?... און דאָס הארץ איז מיר, ווי זאָל איך אייך זאָגען? דרייסיג פּוד! פופציג פּוד!... נאָר צוריק טהו איך מיר אַ לעג־איבער: אַ קשיא אויף פאָני'ן — אפשר איז ביי איהם אזוי דער איינפיהר? מיר'ן עלטער ווערען מיט אַ מינוט, וועלען מיר וויסען... און כך הוה — מיר זענען עלטער געוואָרען מיט אַ מינוט — חאָטש די מינוט האָט זיך געצויגען אַ יאָהר! און אַז מיר זענען געקומען מיט'ן גענעראַל, אָדער מיט'ן פּאָלקאָווניק, ס'זאָל אויף איהם קומען אַ מפּלה, אין הויף, אַז מיר זענען געקומען צום גוטען אָרט, איז מיר פאַרענטפערט געוואָרען אַלסדינג... און אַז איך האָב דערזעהן מיין יחיאל'ן שטעהן אַ געבונדענעם ביי אַ בוים, און צוויי קאָזאַקען מלאכי־חבלה ביי די זייטען, און דאָס פּנים — אַ שענערען לעגט מען אין דער ערד אַריין, — האָב איך שוין פאַרשטאַנען, אַז אָך און וועה איז צו מיר, ווי אזוי מיין יחיאל וועט ווערען דערהויכט, און מיט וואָס פאַר איין אָרדען פאָני וויל איהם באַשענקען... נאָר האָט צייט אַ ביסעל — דאָס איז נאָך נאָלד! די רעכטע מעשה מיט דער עקדה הויבט זיך ערשט אָן.

איך האב נאך געהאט אויף זיך א גענעראל, א פאלקאווניק, האבען זאל ער אייך ס'מאיאווע קדחת א גאנץ קיילעכיג יאהר. המן איז געווען א גאלד! פרעה — א שנעק! טיטוס — א הונט!... אויב איהר וועט מיר צוזאגען, אז איהר'ט האלטען קאפ, וועל איך אייך בעטען, מיך לאזען איבערהאפען דעם אטעם אויף א וויילינקע. און אגב וועט איהר זיך אליין אויך אביסעל אויסרוהען, ווארום איך האב אייך שוין, דאכט מיר, אנגעדולט א קאפ אזוי פיעל, אז איהר וועט מיך האבען צו געדענקען! טאמער האט אייך גאט אויסגע־היט, הייסט עס, פון רשעים־פאליאקען און פון שכורים־קאזאקען, האט ער אנגעשיקט אויף אייך א פוילישען אידען, חא־חא, וואס זי־צען זיצט ער אין קרושניק און רופען רופט מען איהם יאנקעל יונעווער, ווייל ער איז א יונעווער, פון יונעוו, איהר פארשטעהט צי ניין...

---

.11

## יחיאל צו דער עקדה.

— — — פרעגט מיך, אשטייגער, איצטער, וואס האב איך דע־מאלט געפיהלט און וואס האב איך דעמאלט געטראכט, אז דער רוסישער גענעראל, אדער פאלקאווניק, וויסט איהם דער שווארצער יאהר, האט מיך ארויסגעפיהרט אין הויף און האט מיר באוויזען מיין יחיאל'ן שטעהן א געבונדענעם, א פארטיגען צו דער תליה, און רופט זיך אן צו מיר כהאי לישנא:

„זעהסט דו, זאגט ער, אט די תליה? דאס האב איך, זאגט ער, אויסגעפונען א פארהעכערונג פאר דיין זוהן דעם בירגערמייס־טער, פאר זיין געטריישאפט, זאגט ער, און פאר זיין איבערגעבענ־הייט צו אונזער פיינד. געקומען איז איהם אייגענטליך, זאגט ער, שיסען. איז אבער שיסען פאר אייך צופיעל כבוד, און אגב, זאגט ער, איז א שאד קוילען און פולווער. מלחמה־צייט, פארהאן ביל־

בערך פון איהם... איצטער זיי אזוי גוט, זאָגט ער, אָט האָסט דו די שטריק, נעם טהו איהם אָן, דעם זוהן דיינעם, אויפ'ן האלז — דאָס איז דיין כבוד"... — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — —

נו, וואָס זאָלט איהר קלעהרען, אז מע דערלעבט אזא כבוד פון פאָני'ן, ימח שמו וזכרו? אין איין מינוט זענען מיר דורכגעפלויגען אין קאָפּ אפשר טויזענד מחשבות און געדאַנקען. וואָס זאָל איך טהון, למשל? זאָל איך איהם פאלען צו די פיס, קושען די הענט, בעטען ביי איהם רחמים פאַר מיין קינד? זאָל איך איהם זאָגען מיט בייזען, אז ניין, ער וועט דאָס ניט דערלעבען, ניט ער און ניט א גרעסערער פון איהם, אז איך, יאַנקעל יונעווער, זאָל אויפהויבען מיין האַנט אויף מיין זוהן? אָדער זאָל איך איהם זאָגען: „הענג בעסער מיך! הענג אויף אונז ביידען אויף איין שטריק, דו המן, דו טיטוס, דו אַזוינער און אַזוינער!"?... דערנאָך האָב איך מיך באַטראַכט — ניין. מע דאַרף נישט. עס טויג ניט אזוי. לאָם איך איהם בעסער זאָגען, איהר פאַרשטעהט צי ניין, א פּאָר ווערטער, גלאַט אזוי מיט גוטען, הייסט עס. ממה נפשך, וועט ער מיך אויסהערען, איז דאָך אודאי גוט. אלא וואָס דען? ער וועט נישט וועלען הערען — איז דאָס סאַי וסאַי פאַרפאַלען. מיין לעבען איז דאָך סאַי וסאַי, ווי זאָגט איהר, ניט ווערטה א פּרוטה. ווארום ס'איז דאָך נאַריש, איך וועה דאָך איהם ניט פאָלגען און וועל מיין זוהן מיט מיינע אייגענע הענט צו דער תליה ניט ברענגען, וועט ער דאָך מיך סאַי וסאַי הרג'ענען, הייסט וואָס האָב איך דאָ אָנצו־ווערען?...

הקיצור, איך האָב מיך אָנגענומען מיט הארץ, יעבור עלי מה, און רוף מיך אָן צו איהם, צום גענעראַל הייסט עס, אָדער צום פּאָלקאָווניק ימח שמו, און מאַך צו איהם אזוי: „הער זשע אוים, זאָג איך, וואשע וויסאָקאָיע, וואס איך וועל דיר זאָגען, זאָג איך. די מעשה דערפון איז אזוי. א מענטש, זאָג איך, איין אָפּגעמשפּט'ער צום טוידט מעג, זאָג איך, זאָגען פאַר'ן טוידט וואס ער

וויל. נישט קיין סך, זאָג איך, נאָר עטליכע ווערטער — דאָס, זאָג איך, וועסט דו אַליין זאָגען, אַז איך מעג. וויל איך דיר, זאָג איך, זאָגען אַט וואָס. פון אונזער חומש, „ביבליע“ הייסט עס ביי אייך, געדענקסט דו, זאָג איך, מן הסתם, מיט וואָס פאַר אַ גרינג האַרץ אברהם אָבינו, זאָג איך, האָט געפיהרט זיין איין־איינ־ציגען זוהן יצחק'ן צו דער עקדה, זאָג איך. ער, אברהם אָבינו הייסט עס, האָט, ווי דו ווייסט, אפילו די צונג נישט איבערגעקעהרט. ווייסט דו, זאָג איך, פאַר וואָס? דערפאַר, וואָס גאָט, אָט יענער גאָט, זאָג איך, וואָס זיצט אָט דאָרט אויבען אין הימעל, האָט איהם אַזוי געהייסען. און אַז גאָט הייסט, זאָג איך, איז דאָס אַ מצוה און אַ פאַרגעניגען און אַ כבוד, אַ שמחה, זאָג איך. וואָרום. אַ קלייניגקייט — אַזאַ זכיה, זאָג איך, אַז גאָט אַליין, דער מלך מלכי המלכים, האָט אויסגעקליבען, זאָג איך, מיין זוהן פאַר אַ קרבן! קאָן דען זיין אַ גרעסערער כבוד? דו ביזט דאָך אָבער, זאָג איך, וואַשע וויסאָקאָיע, ווי איך זעה גרויס, אַ מאָן איין אויפריכטיגער, וועסט דו דאָך, זאָג איך, מיר נישט זאָגען, אַז גאָט האָט דיר געהייסען, זאָג איך, אַז דו זאָלסט מיר הייסען, איך אַליין זאָל איהם אויפברענגען מיין זוהן פאַר אַ קרבן. היינט ווי קאָן איך, זאָג איך, אויספילען דיין געבאָט? וועסט דו מיר, זאָג איך, זאָגען, אַז דיין מלך האָט דיר אַזוי געהייסען און דו ביזט, זאָג איך, מקיים זיין געבאָט. איז אַזוי ווי, זאָג איך, איך וועל דיין באַפויל ניט מקיים זיין, ווייל דו ביזט געשיקט געוואָרען, זאָג איך, ניט פון גאָט, נאָר פון אַ מלך בשר ודם, וועסט דו מוזען, זאָג איך, דעם באַפויל פון דיין מלך אַליין מקיים זיין, און מיך, זאָג איך, וועסט דו פאַר מיין ניט פאָלגען דיך מסתמא אויך ניט שאַ־נעווען און וועסט מיך מסתמא אויך, זאָג איך, טוידטען. אויב אַזוי, זאָג איך, האָב איך צו דיר אַ קליינע בקשה — און אַ בקשה פון אַ מענטשען פאַר'ן טוידט מוז מען אויספאָלגען! — מיין בקשה, זאָג איך, איז, אַז דו זאָלסט מיך הענגען

**א ו י פ צ ו פ ר י ה ע ר,** פאַר מיין זוהן, וואָרום איך בין זיין פאָטער, און די טבע פון דער וועלט איז, אַזוי, זאָג איך, האָט זי גאָט באַשאַפען, אַז אַ קינד זאָל זעהן זיין פאָטער אַ טוידטען, ניט אַ פאָטער זיין קינד... אַז איך וועל שטאַרבען, זאָג איך, פריהער פון מיין קינד חאָטש מיט עטליכע מינוט, וועט מיין זוהן, זאָג איך, קאָנען זאָגען נאָך מיר קדיש"...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אָט מיט די ווערטער און מיט דעם לשון האָב איך צו איהם געזאָגט, צום גענעראַל הייסט דאָס, אָדער צום פּאָלקאָווניק, ווייסט דער רוח די ביינער זיינע.

אַז איהר וועט מיך פרעגען, פון וואַנען האָט זיך צו מיר גענומען אַזאַ שטאַרקייט מיט אַזאַ כח הדבור? ווייס איך אַליין ניט פון וואַנען. מיר דאַכט זיך אוים, הערט איהר, אַז ניט נור אַ גענעראַל, אָדער אַ פּאָלקאָווניק, — דער קייסער אַליין זאָל געוועזען זיין דערביי, וואָלט איך איהם געזאָגט דאָס אייגענע. אַ מענטש, אַז ער זעהט פאַר זיך דעם מלאך־המות, איהר פאַרשטעהט צי ניין, און פיהלט, אַז ער איז מיט איין פוס שוין אויף יענער וועלט, איז ביי איהם דעמאָלט אַ פּאָלקאָווניק און אַ גענעראַל און אַ קייסער — בלאָטע! אין אַזאַ מינוט אַז אַ מענטש רעדט, רעדט ער גאָר אַנדערש, ווי זאָגט איהר: ד ב ר י ם ה י ו צ א י ם מ ן ה ל ב... והראיה? מיינע ווערטער זענען אַזיהם, אפנים, אַריין גוט אין די ביינער, דעם גענעראַל אָדער דעם פּאָלקאָווניק, וואָרום ער איז באַלד גאָר אַנדערש געוואָרען און רופט זיך אָן צו מיר: „פון וואַנען נעמט זיך, זאָגט ער, צו אַזאַ אידען ווי דו אַזאַ שטאַרקייט, גלייך, זאָגט ער, ווי דו וואָלסט גאָר קיין מורא ניט געהאַט פאַר'ן טוידט?"...

דערזעהען, אַז דער אָדון לאָזט זיך רעדען, מאַך איך צו איהם: „אויב, זאָג איך, וואַשע וויסאָקאָיע וועט מיר שענקען נאָך אַ צוויי מינוט, וועל איך דיר, זאָג איך, זאָגען פון וואַנען עס נעמט זיך צו מיר אַזאַ שטאַרקייט מיט אַזאַ כח אויף ניט צו מורא האָבען

פאַר'ן טוידט. פאַרהאַן, זאָג איך, ביי אונז אַ גמרא, ביי אייך ווערד עס אָנגערופען „תלמוד", זאָג איך. דערצעהלט זיך, זאָג איך, די גמרא אַ מעשה פון די עשרה הרוגי מלכות, וואָס זענען אָפּגע'משפּט געוואָרען צום טוידט. איז איינער פון זיי, זאָג איך, אַרויף אַ לעבעדיגער אויפ'ן הימעל און האָט זיך גענומען נאָכפרעגען, וואָס איז די מעשה מיט די עשרה הרוגי מלכות, וואָס מע האָט זיי אָפּגע־משפּט צום טוידט? האָט מען איהם, זאָג איך, געענטפערט, אַז עס איז אַזאַ גזירה פון א י ה ם, פון גאָט אַליין הייסט עס, און ס'איז אַ פאַרפאַלענע זאַך. פרעגט ער, פאַר וואָסערע זינד? ענטפערט מען איהם: פאַר מכירת יוסף, דערפאַר, הייסט עס, וואָס די עשרת השבטים האָבען פאַרקויפט זייער יונגערען ברודער יוסף, און פאַר אַזאַ זאַך, זאָגט מען איהם, קומט מיתה. סע שטעהט בפירוש אין דער תורה. בּרעגט ער: סטייטש, אַזוי פיעל צייט אַוועקגעגאַנגען, האָט מען נישט געקאָנט זיך אָפּרעכענען, זאָגט ער, מיט זיי פאַר מכירת־יוסף און 'עוואַרט אויף אונז, אויף די עשרה הרוגי מלכות? ענטפערט מען איהם דאָרטען: פון זינט מע האָט פאַרקויפט יוסף'ן ביז היינטיגען טאָג איז נאָך ניט געווען אַזאַ דור, וואָס זיינע קינדער זאָלען זיין מ ע ה ר ע ר ר י י ן א ו ן א ו מ ש ו ל ד י ג, ווי די דאָזיגע עשרה הרוגי מלכות... דו פאַרשטעהסט, זאָג איך צו איהם, צום גענעראַל אָדער צום פּאָל־קאָווניק, מיט וואָס פאַר אַ גדלות, זאָג איך, און מיט וואָס פאַר אַ פרייד איך און מיין זוהן און אונזערע אַלע איבעריגע קרושניקער אידען געהען צו דער תליה, אַז מיר ווייסען, אַז ר י י נ ע ר א ו ן א ו מ ש ו ל ד י ג ע ר פון אונז איז נישטאָ אויף דער גאַנצער וועלט?!"...

און מעהר האָב איך שוין, איהר פאַרשטעהט צי ניין, קיין איינציג וואָרט נישט געקאָנט אַרויסרעדען, ווייל איך האָב מיר פאַרגעשטעלט, ווי אַזוי איך הענג און ווי אַזוי מיין יחיאל זאָגט נאָך מיר קדיש, און ווי אַזוי מיין ווייב און קינדער וויינען נאָך מיר,

און עס איז מיר געוואָרען מאָדנע ענג אין האַלז און פינסטער אין די אויגען, און טרערען האָב איך דערפיהלט, געזאַלצענע טרערען קויקלען זיך מיר איבער דער באָרד, און גלייך אין מויל אריין...

— — — — — — — — — — — — — — — —

איהר ווילט וויסען, פאַני שלום־עליכם, דעם היוצא לנו מזה? דעם פועל־יוצא, הייסט עס, פון מיין רעדען? האָט קיין יסורים נים — ס'איז נישט געוועזן אַרויסגעוואָרפען. איך האָב מיט מיינע רעד מציל געוועזן פון דער תליה זיך אַליין און מיין יחיאל'ן, דאָס הייסט, מיך האָט מען אַרויסגעלאָזט און די איבעריגע אַלע האָט מען געהאַנגען, נאָר מיין יחיאל'ן האָט מען די תליה פאַרביטען אויף איין אַנדער שטראָף. מע האָט איהם אַוועקגעשיקט צו דער מלחמה, צום סאַמע פייער, און ער איז דאָרטען דעם ערשטען טאָג גע'הרג'עט געוואָרען און נישט געקור־מען צו קבר ישראל. פון וואַנען ווייס איך דאָס? ווייל זיין נאָמען, איהר פאַרשטעהט צי ניין, איז אַריין אינ'ם צע־טעל פון די „געפאַלענע“, און איך קאָן נאָר זאָגען: „תהי נשמתו צרורה בצרור החיים“, און אַ גוטער מליץ זאָל ער זיין. וואָרום וואָס נאָך בלייבט מיר איבער צו זאָגען? פאַרגעסט נישט, אַז אויף אַ סך איין ערגערען אופן איז פאַרלוירען געגאַנגען מיין צוויי־טער זוהן, מיין שמואל־משה. איך האָב אייך פון איהם, ועגען מיין שמואל־משה'ן הייסט עס, דאַכט מיר, נאָך גאָר נישט דער־צעהלט? מיין שמואל־משה — דאָס איז שוין געוועזן גאָר איין אַנ־דער מין חברה־מאַן, נישט יחיאל — ווי קומט ער צו יחיאל'ן? ס'איז גאָר לא זו הדרך! דאָס הייסט, ער איז אויך געוועזן נישט פון די, וואָס געהען אַרויס לתרבות רעה, און איז אויך געוועזן אַ יונג אַ געראָטענער, אַ וואוילער, אָבער גאָר אַ וואוילער; נישט מחמת איך באַריהם זיך; איהר זעהט דאָך, אַז איך דערצעהל אייך אַלסדינג, סאַי גוטס, סאַי שלעכטס, איך פאַרלייקען נישט פון אייך קיין זאַך, ווייל איך זעה,

איהר זענט אַ מענטש, וואָס נים אייך נאַרט מען. נאָר וואָס דען? איך האָב מורא, אַז איהר ווילט שלאָפען, און ס'איז שוין מאַקי צייט אויך. לאָז איך עס איבער אויף מאָרגען און זאָג אייך: אַ גוטע נאַכט און שלאָפט געזונט.

.12

## שמואל־משה אַ חברה־מאַן.

— — — זאָגט דעם אמת, פאַני שלום־עליכם, ס'איז אייך גאָר נים קשה די גאַנצע צייט: וואָס פאַהרט דאָס אזא איד, ווי יאַנקעל יונעוער פון קרושניק, קיין אַמעריקאַ, אויף דער עלטער, איין מענטש אַליין, אַז ער האָט דאָרטען נים, ווי זאָגט איהר, קיין קינד און קיין רינד, קיין גואל און קיין קרוב? דער תירוץ איז אָבער: ווי אַזוי וואָלט יעקב אָבינו אַנגעשפּאַרט קיין מצרים, ווען זיינע קינדער זאָלען נישט געווען פאַרקויפען אַהינצוצו זייער ברודער יוסף? טאָמער איז דער משל נים אַזוי גלייך צום נמשל — בין איך נים שולדיג. איך האָב אייך נאָר געוואָלט זאָגען, אַז יעדער וואָרום האָט, ווי זאָגט איהר, זיין דאַרום. מסתמא איז דאָ דערינען אַ מעשה. און די מעשה איז די, וואָס ס'איז אַ גרויסע סברה, אַז מיין צווייטער זוהן שמואל־משה, אָט דער חברה־מאַן, וואָס האָט געזאָלט געשאָסען ווערען ביי פאַני'ן אין פיער און צוואַנציג שעה און איז נצול געוואָרען בדרך נס, ווי איהר ווייסט אַט באַלד האָרכען, איז געזונט און שטאַרק און געפינט זיך איצט אין יענעם לאַנד, וואוהין מיר ביידע, איך און איהר, פאָהרען אַצינדערט. הגם, איך מוז אייך זאָגען דעם ריינעם אמת, אַז איך בין אין דעם נישט אַזאַ גרויסער מאמין, נישט מחמת איך בין, חס ושלום, אַזאַ גרויסער אַפּיקורס, וואָס גלויבט נישט אין נסים — דאָס נישט. אדרבה! ע ר, אַז ער וויל, קאָן ע ר! ע ר האָט שוין באַוויזען, ווי זאָגט איהר, גרעסערע קונצען! נאָר וואָס זשע

דענן? דאס וואלט געווען, איהר פארשטעהט צי ניין, שוין צופיעל פאר אזא שלים־מזל, ווי איך, צו גוט פאר יאנקעל יונגעווער פון קרושניק. והראיה? אט האט איהר א סימן. אט בין איך געווען גלייך מיט אייך און גלייך מיט אלע אידען אין דער דאזיגער שטאדט — ווי אזוי הייסט זי? — קאפּענהאַק. טויזענדער און טויזענדער מענטשען האבען זיך דארט געוואלגערט גלייך מיט מיר, אויסגעריסען געווארען, געזוכט און גענישטערט און סוף־כל־סוף פארט אויסגעזוכט איינס דאס אנדערע. עס איז געווען א תענוג צו זעהען, ווי אזוי מאנען האבען געפונען זייערע ווייבער, ווייבער — זייערע מאנען, ברידער — זייערע שוועסטער, קינדער — זייערע מאמעס. פאר וואס האב איך נישט געהאט דאס גליק ביי גאט צו געפינען דארט מיין שמואל־משה'ן? אלא וואס דען? איהר וועט זאגען, אפשר איז ער אפּגעפאהרען פון דעם קאפּענהאַק איידער איך בין אהינצוצו געקומען? אדער אפשר איז ער געפאהרען קיין אמעריקא גאר דורך איין אנדער וועג, ניט דורך קאפּענהאַק? זאגען מיר אבער די אידען, וואס פאהרען מיט מיר אונטען אין דריטער קלאס, אז קיין אמעריקא איז נישטא קיין אנדער וועג, אויסער קאפּענהאַק, — גלויב איך זיי ניט. פאר וואס? פשוט. ווייל אידען זענען בהמות. אידען ווייסען ניט דעם חילוק פון ים ביז יבשה. אויף דער יבשה איז פארהאן וועגען, פארהאן רעלסען, פארהאן אייזענבאהנען; אבער אויפ'ן ים — וואס איז שייך אויף א ים וועגען? אי וואס? — איהר'ט מיר זאגען, ס'שטעהט דען ניט בפירוש געשריבען „ה נ ו ת ן ב י ם ד ר ך“? — ע! וואס גלייכט איהר דאס צו דעם? דאס האט גאר איין אנדער טייטש מיט איין אנדער פשט! מע באדארף ויסען, ווי זאגט איהר, וואו דער „חמור“ שטעהט...

הקיצור המעשה — דערווייל האט איהר מיך אביסעל אראפּגעשלאגען פונ'ם וועג, און מיר האלטען נאך גאר פון פארינט, ביי מיין שמואל־משה'ן, וואס איהר קענט איהם נאך גאר ניט און

ווייסט נישט וואס פאר א חברה־מאן דאס איז. א רעכטער חברה־מאן! איהר ווילט וויסען, וועלכעס ווערד אנגערופען ביי מיר א „חברה־מאן"? א חברה־מאן ווערד אנגערופען ביי מיר יעדער איינ־ציגער, וואס וויל זיך אויספיינען, יוצא זיין פאר דער וועלט, זיין בעסער, ווי גאט האט איהם באשאפען, איהר פארשטעהט צי ניין — אלץ איינס: א ציוניסט, א סאציאליסט, אדער גלאט א קאכלע־פעל — ביי מיר האבען זיי אלע איין ווערטה און הייסען ביי מיר מיט איין נאמען — „חברה־לייט". אי, וועט איהר פרעגען ביי מיר א קשיא, טאקי אויף מיר אליין: סטייטש, אט בין איך געוועזן כל ימי א קהל'ס־מאן און א קאכלעפעל אין קרושניק און איבערגע־קריעגט זיך מיט דער גאנצער שטאדט? — אביסעל א גלייכעניש! בין איך דאך עפיס געוועזן א איד א בעל־הבית, מיט א שטוב און מיט א נאמען, עפיס א גאנצער יש, געוועזן ביי וואס אנצונעמען, איהר פארשטעהט צי ניין — און דער וואס? א גארניש, א יונ־געל, א צוציק, נאך דער מאמעס מילך, ווי זאגט איהר, נישט אויס־געטריקענט, קיין צוואנציג יאהר נים אלט אפילו! אמת, אז איהר'ט אויף איהם א קוק טהון, וועט איהר זאגען, אז דער בחור איז אלט אריבער צוואנציג, און פארשטעהן פארשטעהט דאס דוקא אזוי פיעל, ווי א מענטש, וואס איז לכל הפחות דרייסיג יאהר, און קע־נען קען עס דוקא אלסדינג, אי רעדען, אי שרייבען, אי לייענען, אי חשבונ'ען, — נישט חלילה מחמת באריהמעריי זאג איך עס; איהר ווייסט דאך, אז איך האלט נישט דערפון. נאר אז איהר'ט זיך באגעגענען מיט עמיצען פון אונזערע מקומות, טאמער וועט זיך אייך מאכען, און איהר וועט א פרעג טהון א מינדסט קינד אויף יאנקעל יונעווער'ס זוהנדעל, וועט מען אייך זאגען: „וואסער זוהנדעל? דאס בחור'על? — א פייער, א ברען, א שייגעץ, איין עזות־מחוצף־פנים, איין אויסוואורף פון דער נאטור!"... חאטש ס'אליגען! ס'איז שקר וכזב! ער איז נישט קיין אויסוואורף און נים קיין עזות־מחוצף־פנים... דאס הייסט, א שטיקעל עזות־פנים

אִ י ז ע ר; ער וועט אייך ניט פאַרשווייגען קיינעם, עס מעג זיך זיין ווער עס וויל זיך, אַפילו דער גובערנאַטאָר אַליין, וועט ער איהם מאַכען מיט דער בלאָטע גלייך! דאָס הייסט, ער וועט זיך אייך ניט זידלען, חלילה וחס! נאָר ער וועט אייך אַזוי אָפּענט־פערען, אַז ס׳וועט אייך ווערען פינסטער אין די אויגען, און איהר׳ט זיין צופריעדען, אַז ער׳ט אייך לאָזען צורוה... פון וואַנען האָט זיך גענומען צו מיר אַזאַ זוהן? פונקט דער היפך פון יחיאל׳ן — אויף וויפיעל יענער, עליו השלום, איז געוועזען אַ פּאָליטישנע, אַ שטי־לער און אַ בנעימות׳דיגער, אויף אַזוי פיעל איז דער אַ קלעק — איהם צו לענגערע יאָהר, אויב ס׳איז אמת, אַז ער לעבט... דער, אַז ער טשעפּעט זיך אָן אין אַ זאַך, איז איהם ניט אָפּצורייסען! און האָט עס אַרויסגעזאָגט דאָס וואָרט פון׳ם מויל, למשל, אויף נאַכט טאָג און אויף טאָג נאַכט, — איז פאַרפאַלען, מעגען קומען כל מלכי מזרח ומערב! סיידען ער וועט זיך אַליין אַרומקוקען. זאָגען איהם מוסר — זאָל אייך גאָט היטען! נאָך ערגער! דעמאָלט וועט ער אייך ערשט טהון קאַפּויר! איך געדענק ניט אַקוראַט, נאָר מיר דאַכט זיך, אַז איך האָב אייך שוין איין מאָל באַמערקט, אַז עקשנים זענען מיר אַלע אין קרושניק, מיר האָבען אַ שם אויף דער וועלט פאַר עקשנים, און צווישען די קרושניקער זענען מיר די גרעסטע עקשנים. היינט שטעלט אייך פאָר, וואָס דאָס איז פאַר אַ פּוינעל, אַט דער שמואל־משה הייסט עס, אַז ביי אונז אין דער משפחה האָט ער קיין אַנדער נאָמען, נאָר „דער עקשן“...

הקיצור, איז זיך מיישב איין מאָל אַט דער עקשן, דאָס איז געוועזען גאָר צום אָנהויב פון דער מלחמה, נאָך איידער מע האָט אַ רוף געגעבען מיין יחיאל׳ן צו דער אָפּאָלצעניע, און קומט אַהיים און בעט זיך ביי דער מאַמען, זי זאָל איהם איינפּאַקען די זאַכען און מיטגעבען גרעט — ער פאָהרט, זאָגט ער, אין דער גובערניע, קיין לובלין הייסט עס. „וואָס וועסט דו טהון אין דער גובער־ניע?“ — גאָרניש, ער וועט זיך, זאָגט ער, איינגעבען צו פאַני׳ן אין

דער דיענסט. „ביזט משוגע? צי חסר דעה? צי מטורף?" — אט אזוי וויל ער — און שוין! די „פאטרעטיזמע" האט זיך אין איהם צעברענט. אלע געבען זיך איין, זאגט ער, פריי, וויל ער אויך זיך איינגעבען פריי. „מיר'ן זיי ווייזען, זאגט ער, אז מיר זענען זיי ניט וועניגער געטריי ווי די פוילען, אויב ניט מעהר נאך!" און ער ברענגט מיר א ראיה פון פאן פשעפעצקי'ס זוהנדעל, סטאש. „נא, זעה, זאגט ער, א גימנאזיסטעל, זאגט ער, פון זעכסטער קלאס און האט זיך שוין פארשריבען אין פאלק!" בייטעל איך מסתמא אוים אלע בייזע חלומות: „בהמה, זאג איך, בצורת אדם וואס דו ביזט! וואס גלייכסטו זיך, זאג איך, צו סטאשען? סטאש, זאג איך, איז א גוי און קאן זיך דערדיענען, זאג איך, צו איין אנווייזער, און צו א פאלקאווניק, און צו א גענעראל, און אפשר נאך העכער אויך, און דו, זאג איך, וואס? האסט פארגעסען, זאג איך, אז דו קומסט ארוים, זאג איך, פון צו א גרויסען יחוס, זאג איך, פון אברהם, יצחק ויעקב?" איז דאך עס אבער שמואל־משה עקשן, און א חברה־מאן דערצו, מאכט ער צו מיר: „אט וויל איך קום ארוים, זאגט ער, פון אזא הויכען יחוס, באדארף איך זיי, זאגט ער, באווייזען, ערשטענס, אז ס'אליגען, וואס מע זאגט אויף אונז, אז מיר ציטערען פאר א ביקס און שרעקען זיך איבער פאר א שאס, און, צווייטענס, לאזען זיי, זאגט ער, זעהען, אז מיר זענען גלייך צו אלע און אז מיר פ א ר ד י ע נ ע ן זאגט ער, צו זיין גלייך מיט אלע"... איהר פארשטעהט, וואוהין דאס ציעלט?... וויל איך דאך איהם מסתמא אפענטפערען, ווי זאגט איהר, על ראשון ראשון ועל אחרון אחרון, לאזט ער זיך ניט, דער חברה־מאן, און מאכט צו מיר: „טאטע, עס וועט דיר גארניש העלפען, זאגט ער, איך בין, זאגט ער, א זעלנער און געה אין דער מלחמה, און זייט געזונט. איך וועל אייך, זאגט ער, שרייבען בריוולעך"... כהאי לישנא — מיט די ווערטער.

פארשטעהט זיך, אז מיינע, ווי באלד נאר זי האט דערהערט

אזא לשון מיט אַעלכע דבורים, — אַז זי האָט גענומען צו חלש'ען — חלש'מ! זי נאָך. „סטייטש, זי וועט דאָס ניט אויסהאַלטען! זי וועט זיך גאָר אַ מעשה אָנטהון!" טענה איך צו איהר: „שאַ, זאָג איך. מרים. מירעל, פאָלג מיך, לאָז זיין שטיל, וועסט דו בעסער מאַכען. דאָס משוגעת, זאָג איך, וועט איהם איבערגעהן, וועט ער אליין חרטה האָבען". והראיה, ווער איז גערעכט געווען? הלואי וואָלט ער מיך געפאָלגט דאָס מאָל און אַלע מאָל. איז עס דאָך אָבער שמואל-משה עקשן, האָט ע ר אויסגעפיהרט, ניט מיר, און איז אַוועק אין דער גובערניע אַריין, און גלייך אַהין, וואו מע דאַרף, און האָט געגעבען אַ לעג-אַוועק אַ שמועס, און דוקא בעל-פה, די צונג באַדאַרף מען איהם, ווי זאָגט איהר, ניט פּיקען, און ער האָט זיי געזאָגט כך וכך, אַז ער אַליין, הייסט עס, איז אַ איד, און אַז ער איז יאַנקעל יונעווער'ס אַ זוהן פון קרושניק, און זיין נאָמען איז שמואל-משה, און ער בעט, מע זאָל איהם צונעמען פריי אין דער דיענסט אַריין... האָט מען איהם דוקא אויסגעהערט, באַטראַכט דעם נפש און רעכט אויסגעלאַכט, אָפּגע'לצ'עוועט, געמאַכט חוזק, ווי פאַני קאָן. איינער אַ גענעראַל האָט איהם אַ פרעג געגעבען — אַזוי שרייבט מיר שמואל-משה אין זיין ערשטען בריעף: — „צו וואָס ווילסט דו זיך איינגעבען אין דער דיענסט?" ענטפערט איהם מסתמא מיין שמואל-משה: „איך וויל געהן אין דער מלחמה". פרעגט איהם ווידער דער קאָמאַנדיר: „מיט וואָס ווילסט דו האַנדלען אין דער מלחמה? מיט אידישע פיש, צי מיט רוסישער וואָדקאַ?" האָט איהם אפילו שמואל-משה געוואָלט אָפּ-ענטפערען, ווי ער קאָן, ס'זאָל איהם ווערען גרין און געל, נאָר ער האָט זיך מיישב געווען, ווי זאָגט איהר, לאָז איין מאָל זיינס אי-בערגעהן, און רופט זיך אָן צו איהם, צום קאָמאַנדיר הייסט עס: „איך וויל, זאָגט ער, וואַשע וויסאָקע, געהן אין דער מלחמה איבער צוויי זאַכען: ערשטענס, זאָגט ער, איז דאָס מיין חוב, איך בין מחויב צו געהן שלאָגען זיך פאַר מיין פאָטערלאַנד; והשנית, זאָגט

ער, ווילט זיך מיר באַווייזען, אַז אַ איד קאָן אויך, זאָגט ער, עפּיס אויפטהון אין דער מלחמה, אַז אַ איד, זאָגט ער, קאָן ניט נאָר האַנדלען מיט אידישע פיש אָדער מיט רוסישער וואָדקע, נאָר אַז ער קאָן, זאָגט ער, שיסען אויך". צעלאַכט זיך דער קאָמאַנדיר נאָך שטאַרקער: „ווי קומט צו אַ אידען שיסען?" זאָגט צו איהם מיין שמואל־משה: „קאָנסט מיך פּאַרהערען" — אַ יונגאַטש קאָן! אודאי האָט מען איהם פאַרהערט שיסען — וואָס מיינט איהר, שפּיעלעכלעך? ביי פאָני'ן געהט דאָס ניט אָן! און ניט נאָר שי־סען אַליין, מע האָט איהם אין איין וועגס, אַזוי שרייבט מיר שמואל־משה, פאַרהערט אַלסדינג — אי שרייבען, אי לייענען, אי חשבונ'ען, און עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, זאָגט ער, אַז ער איז אומעדום אין דערהיים. וואָס דען, איך בעט אייך? אַז פּשעפּעצ־קי'ס זוהנדעל סטאַש האָט געקאָנט אָפּגעבען עקזאַמענט אויף זעכס קלאַסען גימנאַזיע, וואָלט מיין שמואל־משה געקאָנט אָפּגעבען אויף צוועלף קלאַסען. גלאַט — איהם האָט מען קיין מאָל נישט צוגע־לאָזט, דאָס איז אַ באַזונדערע זאַך...

הקיצור, איהר ווילט דאָך וויסען מסתמא דעם שפּיץ — צי מע האָט איהם אַריינגענומען, צי ניט? נאָך אַ מין אַריינגעמען! פאַר וואָס זאָל מען איהם ניט אַריינעמען, איך בעט אייך? אַ שענער יונג, אַ הויכער, אַ ברייטער — אַ חיות אויף איהם אַ קוק צו טהון, ווי זאָגט איהר, בלוט און מילך! און אויגען — אש־להבה! אַ היציגער פּאַרשוין נאָך פון קליינוויז אויף, אַלע מאָל נעריסען זיך אין פייער אריין. למשל, איך האָב מיך דער־מאָנט אַ קלייניגקייט: אַז ער איז נאָך געווען גאָר אַ שנעק, ווי זאָגט איהר, אַ קליינער וועוורק, האָט זיך געטראָפען אַ מעשה, איין ערל האָט זיך גענגעבען אַ שמועס־אוים וועגען אידען עפּי"ט ניט אַזוי פוי־נעלדיג, אָנגערופען אונז מיט'ן נאָמען „זשיד" — דער שטיינער איז, — אַז מיין חברה־מאַן טהוט ניט אַ שפּרונג־אויף און לאָזט איהם ניט אָראָפּ קיין צוויי פּעטש, איהר פאַרשמעהט צי ניין, אַז

פונקען זענען געפלויגען! אדער, אשטייגער, נאט אייך נאך א מעשה: אז ס'האט זיך אנגעהויבען ביי אונז די שענע געשיכטע מיט'ן פוילישען באיקאט אויף די אידען, און ס'איז ארויס איין מאל א קלאנג, אז פליאקע וועט מאכען אויף אונז א פאגראם, האט איהר באדארפט זעהען, ווי דער חברה־מאן האט זיך עס אביסעל אנגע־צונדען, פארקאטשעט די ארבעל און שוין גרייט געווען איינער אליין צוועקצולעגען אין איין שמע־ישראל א מאה גויים און נאך מעהר, אז מע וועט באדארפען! א שטיקעל גליק, וואס פליאקע האט ליעב נאר צו רעדען מיט דער צונג און דערביי בלייבט עס... אז איך זאג אייך א חברה־מאן, איז א חברה־מאן!

בקיצור, מיין חברה־מאן איז אריין, און ווי נאר ער איז אריין, מיין שמואל־משה הייסט עס, אזוי האט מען איהם תוך כדי דבור אוועקגעשיקט מיט זיין פאלק אין דער מלחמה אריין, און אוועק־געשטעלט איהם גלייך אין פייער אריין אקעגען דייטש, איהר פאר־שטעהט צי ניין, און אויף דער דריטער וואך שוין האט מען איהם באשענקט מיט א מעדאל, א „געארגי" רופט מען דאס, ס'איז א גרויסע זכיה, שרייבט ער, צו באקומען א געארגי! און שפעטער מיט א פאר וואכען האט מען איהם געשענקט נאך א „געארגי", און אין אנדערהאלבען חדשים ארום ווידער א מאל א „געארגי"! נאר צו וואס באריהמעריי, פוסטע דבורים? איך האב עס פיינט! — איהר ווילט וויסען, ווי אזוי און פאר וואס ער האט באקומען אזוי פיעל מעדאלען? זייט זיך מטריח, רוקט זיך צו אביסעל נעהענ־טער, אט האט איהר אייך א פעקעל בריוולעך, פון איהם טאקי, פון מיין שמואל־משה'ן הייסט עס, וואס ער שרייבט צו מיר פון דער מלחמה, פונ'ם סאמע פייער. איך וועל אייך נישט לייענען אלע פון אלף ביז תיו. שרעקט זיך נים! איך וועל אייך נאר ארויס־לייענען פון זיי דאס נויטיגסטע, אדער, ווי זאגט איהר, דעם סאמע תמצית, וועט איהר זעהן גבורות ונפלאות, און איהר וועט פאר־שטעהן וואס פאר א חברה־מאן דאס איז! דערווייליע וועלען מיר

פריהער געהן עפּיס נעמען אין מויל אריין, אויב מע קאָן עס נאָר נ ע מ ע ן אין מויל אריין, ווייל ניט אַלץ, וואָס מע גיט דאָ אויפ׳ן שיף, מעג מען עסען, און נישט אַלץ, וואָס מע מעג, ווי זאָגט איהר, קאָן מען עסען...

אויף וויעדערזעהען.

---

.13

## די גבורות ונפלאות פון שמואל־משה׳ן.

— — — איהר זאָגט, ס׳איז נישט פאַרהאַן קיין צוויי גלייכע מענטשען אויף דער וועלט. וואָס דאַרפט איהר צוויי גלייכע מענטשען? נאָט אייך צוויי ברידער, פון איינע טאַטע־מאַמע, איך מיין דאָס טאַקי מיין יחיאל׳ן, עליו השלום, מיט מיין שמואל־משה, להבדיל בין החיים למתים, אויב, הייסט עס, איך האָב אַ זכיה ביי גאָט און ס׳איז אמת, אַז שמואל־משה לעבט און איז אין אַמע־ריקאַ... אָט האָט איהר אייך דעם בעסטען ביישפּיעל: צוויי קינ־דער, איין מאַמע האָט זיי געהאַט, אין איין שטוב געוואַכסען, ביי איין רבי׳ן געלערענט, — איז איינער געוועזען, איהר פאַרשטעהט צי ניין, אַ ירא ושלם, מורא געהאַט אַ הויך וואָרט אויסצורעדען, ווי זאָגט איהר, אַ פליעג נישט זאַטשעפּעט אויף דער וואַנט. דער „לא תרצח" איז ביי איהם געוועזען אַ גוואַלד! — אַ קליינינקייט לא תרצח? און דער? — אַ חברה־מאַן, און נאָך וואָס פאַר אַ חברה־מאַן! צווישען חברה־לייט אַ חברה־מאַן! איך האָב דאָך אייך שוין דערצעהלט, וואָס דאָס איז פאַר אַ צאַצקע! איז דאָס אָבער נאָך אַ שמינית שבשמינית. נאָר צו וואָס פּוסטע רעד? יעדער פאָטער האָט ליעב צו דערצעהלען גרויסקייט פון זיינע קינדער. דאָס איז שוין זינט די וועלט שטעהט. חאָטש אויף וויפיעל איהר האָט מיך דערקענט אָט דאָ אויפ׳ן שיף, וועט איהר אַליין זאָגען, אַז איך בין נישט פון די פאָטערס, וואָס זענען בלינד און זעהען

ניט, אָדער זיי מאַכען זיך ניט זעהענדיג. איך האָב עס פיינט. ביי מיר איז אַלץ אויבענאויף, ווי אויף אַ טעלער, ווי זאָגט איהר, איין אָפּענער זעכס און זעכציג. אַט האָט איהר אייך אַ גאַנץ בינטעל בריעף פון מיין שמואל-משה'ן, וואָס ער שרייבט מיר פון דער מלחמה. נאַט לייענט, וועט איהר אַליין זעהען, וואָס פאַר אַ פויגעל דאָס איז. קוקט נישט, פאַני שלום-עליכם, אויפ'ן כתב, וואָס איז ניט אַזוי ריין, און ניט אַזוי שען, ווי זאָגט איהר, קאָט-שערעם מיט לאַפּעטעס. ער, מיין שמואל-משה הייסט עס, האָט אַ האַנד דוקא אַ שענע; מע קאָן זאָגען אויף איהם, אַז ער איז אַ „כתבא רבה“. אַלע מיינע קינדער אַזוי. אַז מיינע קינדער האָבען נאָך געלערענט אין חדר, פלעגט מען זיך אַרומטראָגען מיט זייערע כתבים פון שטוב צו שטוב און פון האַנט צו האַנט. דאָס איז ביי זיי בירושה. איך אַליין, ווי איהר קוקט מיך אָן, האָב אויך געהאַט אַמאָל זעהר אַ שענע „פּאָטשערקע“. די גאַנצע משפחה אונזערע פיינען זיך אויס מיט זייער „פּאָטשערקע“. נאָר וואָס דען? איהר דאַרפט דאָך אַליין פאַרשטעהן, ווי אַזוי און אין וואָס פאַר איין אופן די דאָזיגע בריעף זענען געשריעבען געוואָרען. אין טראַנ-שייעס, משטיינס געזאָגט! און לויפענדיג אונטער אַ האַגעל פון פייער! צווישען האַרמאַטען און לופט-מאַשינען! אַט נאַט, זעהט אַליין, אָדער ווייסט איהר וואָס? איך וועל אייך לייענען שטיק-לעכווייז, ווייל ס'איז שוין אַ סך ערטער פאַרהאַן, וואָס האָבען אָפּגעריבען זיך, אַ סך בלעטלעך פעהלען, און ס'איז טאַקי שווער צו לייענען אַלסדינג אויף איין מאָל. איך לייען אייך, פאַני שלום-עליכם, דעריבער נאָר דעם רעכטען עיקר לייען איך אייך. אַט האָט איהר, למשל, אַ בריעף, הויבט זיך אָן ביי איהם אַזוי:

„שלום, זאָגט ער, לאהובי אָבי הנגיד היקר הנכבד המרומם המופלג המפורסם...“ מילא בקיצור, נו — מיר נעהען ווייטער... „חכם ונבון חביב ונחמד כבוד שמו תפארתו מוהר"ר יעקב נ"י! ראשית קום איך דיר צו מעלדען, זאָגט ער, פון מיין געפינען זיך,

אז איך געפין זיך אין דעם צווייי און צוואנציגסטען בעסעראביער פאלק..." נו, דאס איז נישט וויכטיג פאר אייך, מיר געהען ווייטער: „און אז מיין נאטשאלסטווע איז פון מיר זעהר צופריעדען"... אויך ניט אזוי וויכטיג... „און מיר האבען געהאט, זאגט ער ווייטער, א געפעכט אונטער א דארף, צווישען גרויסע בערג, דריי טעג מיט דריי נעכט אונטער'ן פייער קעגען פיינד, דריי מאל אזוי שטארק ווי מיר. נאר אונזערע האבען זיך געווארפען אין פייער אריין, אפגעשלאגען אלע אטאקעס און באקומען אלע מאל נייע אונטערגעפרישטע פאלקען, וואס זענען געפאלען איינס נאך דאס אנדערע, איינס נאך דאס אנדערע, אזוי ווי שטרוי. בלוט האט גערונען, אזוי ווי וואסער. און מיר האבען געשפאנט איבער טוידטע. ווארום ס'איז ניט געווען קיין צייט אויפראמען די גע'הרג'עטע און איבערבינדען אונזערע געראנעטע, איבער די דייטשע שראפנעלען, וואס גיסען ווי א רעגען, און איבער זייערע מורא'דיגע באמבעס פון די צוויי און פערציגער הארמאטען, וואס דערלאנגען ווייט, און אונזערע קאנען ניט אזוי ווייט דערלאנגען. ווען ניט דאס, וואלטען מיר געמאכט פון זיי א תל! ווארום אונזערע, אז ס'איז געקומען צום סוף, האבען מיר זיך א ווארף געטהאן אויפ'ן פיינד מיט באיאנעטען, מיר זענען שוין געווען די לעצטע, האט דער קאמאנדיר נאר א זאג געגעבען איין ווארט: „בראטצי!" — ברידערלעך, הייסט עס, — האבען מיר פארגעסען, אז מיר זענען שוין סך־הכל א הייפעל, און די דייטשען זענען נאך א גאנצער ים, און מיר האבען זיך א לאז געטהאן אויף זיי מיט א הורא, און האנט ביי האנט געשלאגען זיך מיט זיי, ביז ס'איז געווארען נאכט, און דערווייל זענען אונטערגעקומען צו אונז פון הינטען נאך און נאך חיל, צוגעפרישטע הייסט עס, וואס זענען געפאלען אויף טוידט און א סך געפאנגען, נאר איך בין געווען גערינג געראנעט פון א שראפנעל, סאמע אין דער קניה פון דעם לינקען פוס. נאר איך האב זיך געהאלטען שטארק, ווייל איך האב געהאט די פאהן אין די הענט. איך האב זי אוועק־

גענומען ביי א געפאלענעם פון די הענט ארויס, און איך האב מיר געזאגט: דער טוידט זאל מיר זיין, נאר כל זמן איך שטעה אויף די פיס, לאז איך די פאהן נישט ארויס! דאס האט געזעהען דער קאמאנדיר אליין, און אז מיר האבען אפגעטראטען און מע האט מיך גענומען אין האספיטאל, האט מיך דערפאר דער קאמאנדיר צונעשטעלט צו א „געארגי", וואס איך דארף די טעג באקומען, און טאקי די טעג שרייב איך מיך אויס פון האספיטאל צוריק אין פאלק אריין. און איך צעהל שוין די טעג, די מינוטען, ווען איך וועל ווידער זיך קאנען נעמען צו דער ביקס, ווארום עס קאכט אין מיר דאס בלוט מיט סכנת נפשות, עס ברעכט אין מיר א פייער אויפ'ן פיינד, וואס האט אוועקגעלעגט די בעסטע כחות אונזערע, אויסגעקוילעט אונזערע ברידער, אזוי ווי די אכסען, אזוי ווי שאף, און אונזערע בעסטע אפיציערען האט ער גענומען אין פלען איינ־איינעם מיט אונזערע הארמאטען און מאשינעס, מיט אונזער גאנ־צער שווערער ארטילעריע, אהן א שיעור אמוניציע, פערד און גאנ־צע וואגאנעם מיט ברויט — אויסקרענקען זאל ער דאס, ער איז שטארק, דער דייטש, אוי איז ער שטארק! מיר זענען אבער אויך גענוג שטארק! מיר'ן איהם באווייזען!..."

נו, פאני שלום־עליכם? וואס'ט איהר זאגען אויף יאנקעל יונעווער'ס זוהן און אויף יחיאל'ס ברודער? אדער נאט, אט האט איהר נאך א בריוועל: „לכבוד, זאגט ער, אהובי אבי יקירי הרבני הנגיד המרומם..." בקיצור... „החכם המפואר הנחמד והחביב כש"ת מוהר"ר יעקב נ"י! איך האב דיין ליעבען בריעף, אבי יקירי, מקבל געווען, און דאנק דיר זעהר פאר דיינע ליעבע זיסע קלוגע רעד, וואס זענען געזאגט געווארען מיט גרויס חכמה און מיט פיעל קלוגשאפט"... מילא בקיצור, מוחל, מוחל! בעסער געווען פריהער פאלגען דעם טאטען, איידער איצט מודה זיין, אז ער פאר־שטעהט אין עסק... און ווייטער, לאמיר לייענען וואס שרייבט ער ווייטער? ווייטער שרייבט ער אזוי: „און וואס די מאמע בא־

וויינט אזוי יחיאל'ן און לעגט איין די וועלט, וואָס ער דאַרף גען אין דער דיענסט, פאַרשטעה איך ניט, מיט וואָס איז יחיאל מעהר מיוחס פון מיר? דאַכט זיך, מיר שטאַמעןביידע פון איין יחוס..." וואָס זאָגט איהר אויף אזא חברה־מאַן, ווי ער ווערטעלט זיך? עס ליגט איהם נאָך אין זינען ווערטלעך אין אזא צייט! נאָר לאָמיר געהן ווייטער: „און דו קאָנסט מיר זאָגען, אָבי היקר, מזל טוב מיט א צווייטען אָרדען, אויך א „געאָרגי", פאַר דערפאַר, וואָס איך האָב אויף מיינע פּלייצעס, אנטלויפענדיג פון'ם פיינד, ארויסגעטראָגען א געראַנעטען אָפיציער פון סאַמע פייער. ער האָט זיך געבעטען נאָר, מע זאָל איהם אויפהויבען פון דער ערד, זיך געהאַלטען ביי'ם בויך, נישט געקאָנט אליין, האָט קיינער נישט געוואָלט זיך אָפּשטעלען, ווארום מע האָט אונז זעהר געיאָגט, געהאָגעלט אויף אונז מיט פייער פון אלע זייטען, פון רעכטס און פון לינקס, פון פאָרינט און פון הינטען, און פון אויבען די לופטמאַשינען, אזוי ווי די ווילדע פויגלען, ווער האָט געקאָנט הערען, אז מע לויפט, ווי די צעווילדעוועטע חיות? און ווער האָט דאָס געקאָנט זיך אָפּשטעלען חאָטש אויף א ווײלע, ביי אזא העליש פייער? נאָר דער דאָזיגער געפאַלענער אָפיציער האָט אויף מיר אזא מאָדנעם קוק געגעבען מיט זיינע שענע, בלויע, גוטע אויגען, אז ער האָט מיך דורכגענומען דורך און דורך, און איך האָב זיך אָפּגעשטעלט, מיט ביידע עלענבויגענס זיך געמאַכט א וועג צווישען די לויפענדיגע, זיך אָנגעבויגען צום אָפיציער, געוואָלט איהם אויפשטעלען פון דער ערד — ווער? וואָס? ער קאָן זיך ניט האַלטען אויף די פיס, ווי איין אונטערגעהאַקטער בוים. וואָס טהוט מען? זאָל איך איהם איבערלאָזען אליין? — ווערד ער צעטראָטען. איין אָפיציער! שלעפּען זיך מיט איהם? — וועט מען אונז ביידען אוועקלעגען. זעץ איך מיך צו און זאָג צו איהם: קריך, וואַשע בלאַהאָראָדיע, אויף מיר! און איך האָב איהם א נעם געגעבען צו זיך אויף די פּלייצעס און בין דורכגעלאָפען מיט איהם א שען ביסעל

מייל, אונטער א האגעל פון קוילען, ביז מיר זענען קוים געקומען ··· א פונקט, וואו אונזערע האבען געוואַרט אויף אונז. דאָרט האָט ען דעם אָפיציער אָוועקגעלעגט אין האָספיטאל און מיך אויך, ווייל איך בין אויך געווען געראַנעט פון דער גרינג, א שראַפּנעל האָט מיר אָפּגעסמאַליעט איין אויהער, און ערשט דאָרטען ווער איך גע־וואויר, אז דער אָפיציער איז א גאַנצע שישקע, א פירשט, א קניאַזש, פון די, וואָס זענען נאָהענט צום הויף!... ער האָט מיך צוויי מאָל געזעהן, געשיקט מיך רופען, אויסגעפרעגט זיך, ווי אזוי איך הייס און ווער איך בין, שטאַרק געלויבט מיך און געזאָגט, אז ער וועט מיך קיין מאָל ניט פארגעסען — און מע האָט מיך צוגעשטעלט צו א „געאָרגי" דעם צווייטען מאָל..."

וואָס זאָגט איהר אויף דער גדולה — צוויי געאָרגים! פרעגט ·הם, וואָס'ט ער טהון מיט זיי? אַנו, לאָז ער פּרובען קומען מיט ··· למשל, קיין פּיטערבאַרג אָדער קיין מאָסקווע — צי וועט מען איהם ניט ארויסוואַרפען · יט די געאָרגים? צי לאָז ער, אשטייגער, ·ומען צוריק קיין קרושניק, וועט זיך פּליאַקע מסתמא איבערשרע־ ·ן און וועט נישט מאַכען אויף איהם מעהר קיין באַיקאָט, ווי ·עהרט איהר? נאָר מיינט ניט, אז איהר זענט שוין פאַרטיג. ·שיר האָבען, איהר פאַרשטעהט צי ניין, נאָך א דריטען „געאָרגי". ·וואָס מיינט איהר, מיר זענען עפּיס פון די קליינע? דעם דריטען מענדאַל האָבען מיר באַקומען... נאָר אָט וועל איך אייך בעסער ·לייענען, וואָס ער אליין שרייבט מיר, מיין שמואל־משה הייסט עס. ·ס'אי· כדאי נאָר צוליעב'ן לשון אליין. ער האָט א שענעם לשון. מליצה — דאָס ליגט שוין ביי אונז אין דער טבע. דאָס איז ביי אונז א משפחה־זאַך. ער שרייבט צו מיר ווייטער, שרייבט ער אזוי:

„...איצטיגס מאָל קאָן איך מיך זאָגאַר באַריהמען, אָבי יקירי, אז איך האָב כמעט אָפּגעראַטעוועט א גאַנצע ארמיע, וואָס

האט געקאנט ארומגערינגעלט ווערען פון אלע זייטען און גענומען ווערען פונ׳ם פיינד אין פלען, העכער זיבעציג טויזענד מאן מיט אונזער גאנצער שווערער ארטילעריע, ווארום דער שנייי, וואס איז אויסגעפאלען, האט צעלאזט, די ערד איז געווארען ווייך, אזוי ווי דרילים, און די פערד האבען געזונקען, די רעדער האבען נישט געקאנט ארויס...״

הקיצור, פאני שלום־עליכם, ווי זאגט איהר — פאני׳ס גליקען מיט פאני׳ס תירוצים. איך וויל גארניט לייענען ווייטער. אין צוויי ווערטער וועל איך אייך נאר איבערגעבען די מעשה: אז מע האט באדארפט אויסגעפינען, וואו געפינט זיך דער שונא, האט מען אויסגערופען, ווער וויל זיך מוסר נפש זיין קריכען בארג ארא? אויפ׳ן בויך צום וואלד, צו אויסקוקען, איהר פארשטעהט צי ניין, דעם דייטש? האבען זיך אפגערופען ניט איין סך, און צווישען זיי איז דער ערשטער געווען ער, שמואל־משה הייסט עס. אט דאס איז די גאנצע מעשה; נאר ער צעלעגט עס, ווי זאגט איהר, אויף טעלערלעך. דער שפיץ איז — זיי האבען אויסגעשמעקט דעם דייטש, און מיין שמואל־משה איז געווען דער ערשטער, וואס האט אנגעזאגט די דאזיגע גוטע בשורה. און מע האט צייט געהאט דער־ריבער מאכען פליטה — אניט וואלט געווען שלעכט! דאס הייסט, ס׳איז אזוי אויך געווען אזא יאהר אויף די שונאי ישראל, מע האט איהם געבראכען א ביין, פאני׳ן הייסט עס, געיאגט ווי מיט הינט, נאר פארנעמען א גאנצע ארמיע איז דעם דייטש נישט געראטען — און דא האט אויך מיין שמואל־משה געהאט א חלק, און דערפאר באקומען א נייע מתנה — ווידער א „געארגי״, שוין צום דריטען מאל. און דערמיט ווערד אפגעהאקט די געשיכטע פון זיינע גבורות ונפלאות, און עס הויבט זיך אן א נייע געשיכטע פון איין אומגליק, וואס האט זיך מיט איהם געטראפען איבער א דייטשען אפיציער, וואס ער האט גענומען אין פלען און וואס מע האט איהם דערי־בער גע׳משפט, טאקי מיין שמואל־משה׳ן הייסט עס, פעלדגעריכט.

נאָך עס איז איהם געקומען אַ קלייניגקייט — נאָר שיסען אין פיער און צוואַנציג שעה!...

וואָס מיט איהם איז ווייטער געוואָרען — דאָס ווייס נאָר גאָט און גוטע מענטשען, וואָס זאָגען, אַז ער איז איצט אין אַמעריקא. הלואי, פון אייער מויל, ווי זאָגט איהר, אין גאָט'ס אויהערען. נאָר אַזוי ווי מיר האָבען זיך שויןביידע גוט אָנגעלייענט, לאָזען מיר די דאָזיגע געשיכטע איבער אויף שפּעטער אביסעל.

---

.14

שמע ישראל!

— — — איך האָב מורא, אַז די געשיכטע וואָס איך געב אייך איבער אַצינד, פאַני שלום־עליכם, איז דאָס די לעצטע מעשה פון כּוויזענד איין נאַכט, וואָרום די אידען, וואָס פאָהרען מיט מיר אין דריטער קלאַס, זאָגען, אַז מיר זענען שוין באַלד אין אַמעריקא. הלואי, פון זייער מויל אין גאָט'ס אויהערען. האָטש איך דאַרף אייך זאָגען דעם אמת, איך בין אין דעם נישט אַזוי גרויסער מאַמין. מיר שלעפּען זיך שוין אַזוי לאַנג, אַז איך האָב שוין אָנגעהויבען גאָר פאַרלירען דעם בטחון מיט דער אמונה, ווי ס'איז פאַרהאַן אַ לאַנד, וואָס הייסט אַמעריקא. נאָר אויב ס'איז איין אמת, אַז מיר דערנעהענטערען זיך, ווי זיי זאָגען, צום גאָלדענעם לאַנד, באַדאַרף מען זעהען אָפּהאַפּען די דאָזיגע געשיכטע, וואָרום איך קאָן חלילה בלייבען אין מיטען — וואו וועל איך אייך געהן זוכען אין ניו־יאָרק?

הקיצור — ווי אַזוי ווילט איהר? צי זאָל איך אייך לייענען ווייטער מיין זוהנ'ס בריעף, ווי ער שרייבט צו מיר פון דער מלחמה? אָדער ס'איז גענוג, איך זאָל אייך איבערגעבען נאָר דעם תמצית אין קורצען, אַזוי ווי מיר ביידע האָבען ליעב? דער תמצית אין קורצען קאָן איבערגעגעבען ווערען, ווי זאָגט איהר, בשלשה דברים —

אין צוויי ווערטער: עשו, אַ שלאַק זאָל אין זיינע ביינער אריין, דעם אמת מוז מען אויף איהם זאָגען אונטער די אויגען, - - איז געוואַלדיג שטאַרק און געוואַלדיג מעכטיג, און געוואַלדיג קרעפטיג און געוואַלדיג תקיף, מורא'דיג תקיף, — אָבער נאָר ביי זיך זיין דער היים. פיה־רען אַ היימישע מלחמה, למשל, איינשטילען אויפגעשטאַנענע פּאָ־ליאַקען, שמייסען צעבונטעוועטע מוזשיקעס, דערשטיקען אַ רעוואָ־לוציע, מאַכען, איהר פאַרשטעהט צי ניין, אַ אידישען פּאָגראָם — דערויף איז ער איין מזיק! קומט איהם אָבער אוים פיהרען אַ מלחמה אין דרויסען, איין תחום־שבת ווייטער פון זיין לאַנד ארוים — אהא! איז שוין שלים־שלים־מזל. ווי זאָגט איהר, מיט דער פוטער אראָפּ. אויף איהם איז געזאָגט געוואָרען דאָס אייגענע, וואָס דער מדרש זאָגט אויף אונז אידען, להבדיל. „פאַר וואָס, פרעגט דער מדרש, איז ישראל געגליכען צו איין איילבערט? ווייל אזוי ווי איין איילבערט גיט ניט ארוים זיין בוימעהל נאָר דורך שטויסען, דורך קלאַפּען און דורך קוועטשען, אזוי איז אויך ער; ער ווערד ניט בעסער ביז ער האַפּט ניט קיין קלעפּ“... ווי געפעלט אייך דער מדרש? פון דעסטוועגען, איינס צום אנדערען געהער זיך ניט אָן. וואָס אמת איז אמת. עס מאַכט זיך אַ צייט, ווען ער איז גובר, ווען ער איז, ווי זאָגט איהר, ידו על העליונה. אמת, דאָס טרעפט זיך זעלטען, נאָר עס טרעפט, הלואי זאָל זיך אזוי ניט טרעפען. אָט האָט זיך געטראָפען אַ נס — איך פאַרשטעה ניט, ווי אזוי דאָס איז געשעהן, נאָר ער איז אריין דעם דייטש, אזוי שרייבט מיר מיין שמואל־משה, דורך צוויי פליגלען איז ער אריין, און האָט איהם ארויסגעיאָגט פון די טראַנשייעס, האָט איהם ארומ־גערינגעלט פון אלע זייטען און האָט פאַרנומען ביי איהם אַ גוזמא חיל אין געפענקעניש, מיט קאַנאָנען מיט אמוניציע, מיט הכל בכל מכל פלעקעל, און דער ערשטער פון אלע האָט זיך אויסגעפיינט, פאַרשטעהט זיך, ער, מיין שמואל־משה, דערמיט, וואָס ער האָט געפאַנגען דעם ערשטען אָפיציער, וואָס האָט זיך אונטערגעגעבען

מיט א גאנצען באטאליאן. נאר אט אזוי גרינג, מיינט איהר, גיט זיך קירה־דייטש אונטער? האט צייט, ווארט א ביסעל, וועט איהר הערען, ווי אזוי דער חברה־מאן, מיין שמואל־משה הייסט עס, באשרייבט דאס מיר אין זיין בריעף. די מעשה, איהר פארשטעהט צי ניין, איז אזוי געווען. פריהער האט מען זיך געשלאגען און גע־שלאגען און געשלאגען, ווי געוויינטליך אין א מלחמה — מע שטעלט שטעלט אוועק הארמאטען איינס אקעגען דאס אנדערע און מע צילעווען זיך: דו שיסט אויף מיין רבי'ן, איך שיס אויף דיין רבי'ן. דערנאך הויבט מען אן מיט קא־נאנען און מיט ביקסען, אלע מאל נעהענטער און נעהענ־טער, און מענטשען פאלען פוןביידע צדדים, אזוי ווי שטרוי, א שורה נאך א שורה, אזוי לאנג, ביז עס עסט זיך צו — ווי זאגט איהר, קרעפלעך עסען ווערד אויך נמאס, — און מע טהוט זיך א ווארף איינס אויף דאס אנדערע מיט באיאנעטען, און מע הויבט אן צו ארבייטען מיט די הענט און מיט די פיס און מיט די צייהן, — שעהמט זיך ניט, פשוט מיט די צייהן, ווארום וואס איז דאס חדוש, אז אויסגעמוטשעט איז מען, און מיעד און שלע־פעריג אויך, און הונגעריג אויך, און פארדראס אין הארצען טראגט מען, און דאס לעבען איז במילא נישט ווערטה א שוה פרוטה, — עלעהיי, לאז זיך אייך דאכטען, אויסגעהונגערטע וועלף, צעוויל־דעוועטע חיות... וואס זאג איך, צעווילדעוועטע חיות? א סך ערגער פון חיות! ווארום א חיה, אז זי איז הונגעריג, פאלט זי אן און פארצוקט אייך, און אז זי האט זיך אנגעזעטיגט, שווייגט זי שמיל; און א מענטש, אז ער צעווילדעוועט זיך, ווייסט ער ניט [illegible]ין אויפהער. [illegible]ד־בה, וואס מעהר בלוט ער זעהט, מעהר גלוסט [illegible]יהם בלוט פארגיסען, און מע ווארפט זיך איינס אויף דאס [a]נדערע, און מע שניידט קעפ, אזוי ווי מע שניידט קרויט, און מע שטעכט מענטשען, אזוי ווי מע שטעכט, להבדיל, חזירים, און בלוט [illegible]יסט זיך, אזוי ווי וואסער. ווער האט דאס צייט א קלער צו

צו טהון: וואָס טהו איך? פון וועמענס וועגען און צוליעב וואָס? ווער האָט צייט איבערצוטראַכטען: טאָמער געה איך אויף מיין אייגענעם ברודער? והראיה — אָט וועט איהר האָרכען ווייטער. אַזוי ווי מע האָט זיך אַ לאָז געגעבען איינס אויף דאָס אַנדערע, אַזוי שרייבט מיר מיין חברה׳מאַן, מיט בלויזע שווערדען און מיט שאַרפע פּיקעס, ער טהוט אַ קוק — גלייך אויף איהם טראָגט זיך אַ דייטשער אָפיציער, די אויגען ברענען, דאָס פּנים פלאַקערט; אָט נאָך אַ מינוט, נאָך אַ רגע — איז ער איהם דורס, האַקט איהם אַראָפּ דעם קאָפּ! מיין שמואל־משה אָבער שלאָפט אויך נישט. אַזוי ווי ער האָט דערזעהען דעם בלוטדאָרשטיגען אָפיציער, אַזוי האָט ער זיך געגעבען אַ נעם צו דער פּיקע, און גלייך אויפ׳ן אָפיציער, גרייט געוועזען איהם דורכלעכערען דורך און דורך, ווי אַ מצה! יענער, דער אָפיציער הייסט עס, האָט דאָס באַמערקט און איז דוקא נישט אָפּגעשפּרונגען צוריק, און דוקא גלייך אויף מיין חברה־מאַן, און, ווי אַ מענטש, וואָס ווייסט, וואָס פיהלט, אַז ער געהט אויף אַ זיכערען טוידט, האָט ער מיט אַלע כחות אַרויסגעשריען די ווער־טער: שמע ישראל! ה׳ אלהינו! ה׳ אחד!"... האָבען זיך ביי מיין שמואל־משה׳ן, אַזוי שרייבט ער מיר, אָפּגעלאָזט הענט און פיס, און ער געדענקט ניט, זאָגט ער, וואָס מיט איהם איז געוואָרען. מיין חברה־מאַן איז קיינמאָל ניט געוועזען קיין מסוכנ׳ער דאַוונער, נאָר עס האָט זיך אַרויסגעריסען ניט ווילענדיג ביי איהם פון מויל: „ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד!"... און ווי נאָר ער האָט אויסגערעדט די דאָזיגע ווערטער, אַז יענער טהוט נישט אַ וואָרף אַוועק פון זיך די כלי־זין און פאַלט נישט מיין חברה־מאַן אויפ׳ן האַלז און מע הויבט זיך ניט אָן צו קושען זיך?... איז מען דאָך אָבער אַ איד, און איד האָט שונאים, איז זיך מיישב איינער אַ פּראָסטער קאַפּראַל און פער׳מסר׳ט מיין שמואל־משה׳ן, אַז ער האָט אַליין געזעהען, ווי מיין שמואל־משה האָט זיך געקושט מיט׳ן דייטשען אָפיציער,

מיט'ן שונא הייסט עס, אוןביידע, מיין זוהן און דער אָפּיציער, האָ־בען בעת מעשה עפּים געשמועסט צווישען זיך פּאָ זשידאָווסקאָמו,— אויף אידיש הייסט עס ; און וואָס טויג אייך, ס'איז געוואָרען אַ „דיע־לאָ". מלחמה־צייט איז ניט קיין שפּיעלכעל : איינס־צוויי־דריי — און פאַרטיג ! נישטאָ קיין פּאַרענטפערען זיך, נישטאָ קיין עדות, אין פיער און צוואַנציג שעה זענט איהר איין אָפּגע'משפּט'ער און אַ געשאָסענער און אַ באַגראָבענער — און , ווי זאָגט איהר, אַ גוטען טאָג מיט דער קאַפּאָטע ! נישט נאָר קיין קדיש, אַפילו קיין האָהן וועט נאָך אייך ניט קרעהען ! — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַט דאָ מוז אָבער די מעשה איבערגעהאַקט ווערען, נישט מחמת איך בין אזא שלעכטער מענטש און פאַרג ן אייך נישט צו וויסען וואָס ווייטער איז געווען, נאָר איבער איין אַנדער זאַך — דאָס איז דער לעצטער בריעף זיינער, מ הר קיין בריעף האָב איך שוין פון מיין חברה־מאַן ניט באַקומען עד היום הזה, גליי'ך ווי אין וואַסער אַריין ! אַלץ, וואָס איך ווייס פון איהם, איז נאָר דאָס, וואָס מענ־טשען זאָגען, מענטשען וואָס ווייסען. און מענטשען וואָס ווייסען גיבען איבער די מעשה אויף צווייערליי אופנים, צוויי גירסות הייסט עס : פאַרהאַן אַ יש אומרים, וואָס ווייסען פון איהם אַ גאַנצע גע־שיכטע, ווי אַזוי ער האָט זיך אויסגעדרעהט פונ'ם תליון'ס הענט דורך איין המצאה, וואָס נאָר יאַנקעל יונעוועו'ס זוהן קאָן אַזעל־כעס איינפאַלען. דהיינו ? ז מע האָט איהם אַריינגעפיהרט, דעם חברה־מאַן, אַזוי דערצעהלט מען, און געגעבען אַ נע אויפ'ן צימ־בעל : „זאָג נאָר, דו פיינער בחור, דו שמיאל־משה ב"ר יעקב, איז דאָס אמת, אַז דו מיט'ן דייטשען אָפּיציער, וואָס דו האָסט גענומען אין פּלען, זענט איהר געפאַלען איינס דאָס אַנדערע אויפ'ן האַלז זיון געקושט זיך און געשמועסט פּאָ זשידאָווסקאָמו ?"... טראַכט זיך מיין שמואל־משה אַזוי : זאָל ער פאַרלייקענען און זאָגען, אַז זיי האָבען גאָרניט געשמועסט, האָט ער מורא, טאָמער וועט זיך

ארויסבאווייזען, אז זיי האבען יא געשמועסט, קאן ער דא מיאוס אפּ־שניידען... זאל ער, װידער צוריק, זאגען דעם אמת, קאנען זיי דאביידע האפּען א ביטערע מפּלה... וואס טהוט מען? איז ער געפאלען אויף א המצאה, איהר פארשטעהט צי ניין, אז זאגען זאל ער זיי טאקי דעם גאנצען אמת, נאר פארטייטשען וועט ער זיי די ווער־טער אזוי, אז ס'זאל אויסקומען, ווי זאגט איהר, אגיל ואשמח, דאס הייסט, טאקי געזאגט אקוראט, נאר א מכה זאלען זיי וויסען ווער עם האט זיי געשליערט... און ער רופט זיך אן צו זיי, מיין שמואל־משה הייסט עס: „איך וועל אייך זאגען, זאגט ער, וואס דער דייטש האט כ'ר געזאגט. ער האט צו מיר געזאגט, זאגט ער, אויף אידיש: „שמע ישראל ה׳ אלהינו" — דאס הייסט: „איך געב זיך אונטער צו דיר מיט מיין גאנצען רעגימענט"... האב איך איהם, זאגט ער, דערויף אפּגעענטפערט אויך אויף אידיש: „ברוך שם כבוד מלכותו — הלואי וואלטען אלע אייערע רעגימענטען געפאלען אויף אזא שכל"... האט מען איהם אויסגעהערט און מ'האט צו איהם אזוי געזאגט: „הער זשע אוים, גוטער ברודער, די מעשה דערפון איז אזוי. איין אנדערער אויף דיין ארט וואלט פאר אזא זאך געווים געשאסען געווארען אין פיער און צוואנציג שעה. ווארום ווער איז דאס מחויב צו פארשטעהן אייער זשידאווסקי לשין, וואס איהר רעדט דארטען צווישען זיך? נאר אזוי ווי דו ביזט א קאוואליער פון דריי געארגים, גלויבען מיר דיר"... און מע האט איהם ארויסגעלאזט, האט ער זיך אויפגע־הויבען און איז אוועק קיין אמעריקא. אזוי זאגען מענטשען, וואס וויסען... איז אבער פארהאן א יש אומרים, וואס געבען איבער די אייגענע מעשה, נאר אביסעל אנדערש. דהיינו: מע האט איהם אויסגעהערט טאקי אלסדינג פיין. נאר וואס דען? אז ער האט געענדיגט, האט מען צו איהם אזוי געזאגט: „הער זשע אוים, גוטער ברודער, די מעשה דערפון איז אזוי. איין אנדערער אויף דיין ארט וואלט פאר אזא זאך געווים געשאסען געווארען אין פיער

און צוואנציג שעה; נאר אזוי ווי דו ביזט א קאוואליער פון דריי געארגים, ווילען מיר דיר אפגעבען כבוד, דיר און דיין פריינד דעם דייטשען אפיציער, אין מיר וועלען מאכען אזוי, אז איהר זאלט שוין תמיד זיין גינאיינעכ און זאלט זיך קיינמאל ניט צעשיידען...״ — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — —

וואס דאס האט געמיינט — באדארף איך אייך נישט דערקלעה־רען. ס׳איז מלחמה־צייט, און אין מלחמה־צייט איז אלסדינג מעג־ליך. נאר איך וויל עס ניט ברענגען פאר׳ן מויל און נישט אפילו אויף די געדאנקען. ווארום אויב דאס איז חלילה אמת, פרעגט זיך, צו וואס איז מיין נסיעה קיין אמעריקא? און צו וואס לעב איך? און פאר וואס זאל איך מיך ניט ארשפלאזען, אזוי ווי איך זיץ דא מיט אייך און רעד, אין וואסער אריין? נישט מעהר, בלאטע — איך וועל עס ניט טהון. פאר וואס? ווארום איך הייס יאנקעל יונעווער... — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — —

זעהט נאר, ווי דער עולם האט זיך דאס אביסעל א שפאר גע־געבען אויפ׳ן דעק, און אלע קוקען זיי אהין אין איין פינטעל אריין! ניט שוין זשע זעהען מיר נ׳זהענט צו אמעריקא? געלויבט ביזט דו גאט! אויב אזוי, גיט מיר אייער האנט, רב שלום־עליכם, זייט געזונט און זאגט מיר צו, אז איהר וועט פארגעסען אלסדינג, וואס איהר האט דא געהערט פון מיר, פארגעסען אויף אייביג. איך האב מיך אנגעהערט, הערט איהר, אזוי פיעל צרות פון די אידען, וואס פאהרען מיט מיר אין דריטער קלאס, אז איך האב ארויס־געזעהען, איהר פארשטעהט צי ניין, אז איך בין ניט קיין בן יחיד ביי׳ם רבונו־של־עולם, אדער, ווי זאגט איהר, ניט איין זכר אין מאסקווע. זייט זשע געזונט און בלייבט געזונט און האט קיין פאראיבעל ניט!

---

# איינער פון טויזענד.

— — —

איך וואָלט געמעגט שווערען, אַז דאָס איז ער...

אינגאַנצען ער מיט די ביינער! אַ ביסעל איין אויסגעבויגענע נאָז, קאַרע, גוטע, תמיד לאַכענדיגע אויגען, איין צאָהן ביי איהם אַ ביסעל אַ קרומער, איין איבערגעוואַכסענער; אַז ער הויבט אָן לאַכען, בעווייזט זיך אַרויס דער קרומער צאָהן.

נאָר די האָר — אַמאָל זענען זיי געווען געלבליכע, גילדענע האָר; היינט זענען זיי פערזילבערט געוואָרען און גלאַנצען אַקעגען דער זון און גיסען זיך אויס אין צוויי פאַרבען: גאָלד און זילבער.

שוין ניט קיין יונגערמאַן, אַפנים, האָטש ער דאַרף זיין אין מיינע יאָהרען.

נאָר די משמעות, אַז איך בין שוין אויך ניט קיין יונגערמאַן, אריבער פערציג...

זאָל איך צוגעהן צו איהם? עפּיס איז ער מיר זעהר עלעגאַנט געקליידט. אַ ווייסע קאַמזול אויפ'ן בייבעל מיט אַ מאַסיווע גאָלדענע קייט, אַ שניפּס אַ גרויסאַרטיגער, און ווערדליג איך האָב געהערט פון איהם, איז ער היינט גאָר „בגלופין", אין די פעדערען, זאָגט מען, קנאַקט און טראַסקעט, פאָהרט אין קאַרעטעס, קעהרט וועלטען!

האָב איך מורא, טאָמער מיינט ער, אַז איך מיין עפּיס.

און איך בין, דאַרפט איהר וויסען, ביי זיך פון תמיד אָן גדול־דיג, אַ ביסעל אַ גדלן.

נישט קיין בעל־גאוה, הייסט דאָס, נאָר אַ גדלן.

אַ גדלן האָט אָבער פֿיינט די וועלט, דאָס הייסט, ניט ער האָט פֿיינט די וועלט, נאָר די וועלט — איהם, ובפֿרט, אַז ער איז דערצו נאָך איין אָרעמאַן...

און איך בין זיך מודה — אָרעם, זאָגט מען, איז ניט קיין שאַנדע — איך בין, לא־עליכם, נישט קיין גביר, ווייט, גאַנץ ווייט פֿון אַ נגיד! איך בין, פֿערשטעהט איהר מיך, פֿון יענע רייכע פֿערשטעל־טע בעפּוצטע אָרעמע לייט, וואָס פֿערשטעלען דעם דלות אין שטוב מיט אַ שפּיגעל און אַ פּאָרטעפּיאַן, און אין גאַס — מיט איין אויסגעפּוצטען ראָק און מיט אַ נייעם קאַפּעליש; נאָר אַז מע קוקט זיך גוט צו, זעהט מען, ווי דער דלות פּייפֿט אין אַלע ווינקעלעך און אין קעשעני איז ערב־פּסח'דיג...

מיט איינעם וואָרט, ס'איז מיר נישט אין בעסטען; פֿון אַ צייט, אַז עס האָט מיר אויפֿגעהערט צו פֿיעדלען. איך האָב שוין איבערגעטהאָן כל עבודת־פּרך, איבערגעדיענט אַלע עבודה־זרה'ס — עס געהט מיר נישט, חאָטש צערייס זיך. עס געהט מיר ניט אַזוי שטאַרק, אַז איך בין זיך שוין אַליין נמאס געוואָרען; יענעם — שמועסט מען ניט!

עס קאָן זיין, אַז יענער קלערט גאָר ניט וועגען מיר, האָט מיך אין זינען אין דער לינקער פּאה, נאָר מיר דאַכט זיך, אַז איטליכער, ווער עס דערזעהט מיך, טראַכט זיך: „אָט אַ שלים־מזל! ער קעהר אודאי וועלען בעטען אַ גמילות־חסד? איך וועל איהם ניט געבען!“

און איך וועל שוין ביי איהם ניט בעטען, איך זאָל וויסען, דער טוידט זאָל מיר זיין. און טאָמער האָב איך אפֿילו יאָ אין זינען גע־האַט רעדען מיט איהם מכח אַ גמילות־חסד, וועל איך איהם שוין מכות זאָגען אַ וואָרט!

— וואָס מאַכט איהר? — פֿרעגט ער מיך און קוקט מיר גלייך אין די אויגען אריין.

— וואָס זאָל איך מאַכען? — זאָג איך און קוק איהם גלייך אין די אויגען אריין.

— אָבער ווי געהטס? נישקשה?

— נישקשה.

— נו, דאַנקען גאָט, — זאָגט ער און קוועטשט מיר די האַנד.

— אויף אייך געזאָגט געוואָרען! — טראַכט איך מיר און קוועטש איהם די האַנד.

און אַזוי צעגעהען מיר זיך.

נישט אַזוי האָט געקוקט אויף מיר ער, דער, וואָס איך דער־צעהל אייך פון איהם, בשעת מיר האָבען זיך בעגעגענט אין אַדעם אויפ'ן בולוואַר. זיין קוקען איז געווען גאָר איין אַנדער מין קוקען, איך האָב איהם געלייענט אין זיינע גוטע, קאַרע, שמייכלענדיגע אוי־גען.

ער האָט מיך צוגעצויגען צו זיך מיט זיינע גוטע, קאַרע, שמייכ־לענדיגע אויגען, און איך האָב מיך אויפגעהויבען און לאָז מיך גלייך צו איהם.

ער ציהט מיר אויס די האַנד פון וויטען, עפענט אויף דאָס מויל אויף צו לאַכען — און עס זעהט זיך ארויס זיין קרומער איבער־געוואַכסענער צאָהן.

— אַ! ?...

— אַ! ?...

מיר שטעהען איינס אַקעגען אַנדערען און האַלטען זיך ביי די הענד — און איך בין זיך מודה: פון זינט עס געהט מיר נישט גוט, האָב איך פיינט אַ נגיד; איך האָב פיינט פעטע, געזונטע, פריי־ליכע פּיסקעס; איך קאָן נישט אָנקוקען אַ פּנים, וואָס איז צופריעדען מיט זיך אליין און מיט דער גאַנצער וועלט! נאָר דער דאָזיגער חברה־מאַן בויגט זיך צו צו מיר עפּיס זעהר פריינדליך, און מיר צעקושען זיך.

איך ווייס ניט, ווי אַזוי זאָל איך מיך צו איהם ווענדען? זאָ־גען איהם „דו“? — ווארפט זיך דורך זילבער אין זיינע גילדענע האָר; זאָגען איהם „איהר“? — האָבען מיר געלערענט אין איין חדר אַזוי פיעל יאָהר אינאיינעם!

דאָס אייגענע, אפנים, איז פאָרגעקומען ביי איהם אויך, וואָרום אַז מיר האָבען זיך צערעדט, האָבען מיר גענומען רעדען „בלשון נסתר“, דאָס הייסט, אין דער גאַנצער צייט האָבען מיר זיך אַזוי געקליגט, אַז מיר האָבען זיך בעגאַנגען אָהן „דו“ און אָהן „איהר“.

ווי אַזוי איז דאָס מעגליך? אָט וועט איהר הערען.

ע ר: איך שטעה און קוק און קוק, דאכט זיך יאָ, און דאכט זיך ניין? וואָס־זשע מאַכט מען?

א י ך: און איך שטעה און טראַכט די גאַנצע צייט: אָט דאָס זאָל זיין טאַקי ער? דאכט זיך ער, און דאכט זיך ניט ער. וואָס־זשע הערט זיך? פון וואַנען קומט מען אָן?

ע ר: פון וואַנען? איך בין דאָך אַ היגער טאַקי, איין אדעסער שוין פון וויפיעל יאָהר!

א י ך: און איך בין ערשט ניט לאַנג אַ היגער. געקומען אַהער צו פאָהרען זוכען אַ געשעפט.

ע ר: אַ געשעפט? אַ געשעפט דאַרף מען זוכען? ביי מיר איז פאַרקעהרט: ביי מיר איז שוין צו פיעל געשעפטען; הלואי וואָלט איך געהאַט אַזוי פיעל מענשען. שלעכט אָהן מענשען, שלעכט! וואָס מיך קאָסט אָפּ אַ יאָהר מענשען! (אַ בעריהמער! — טראַכט איך מיר.) איך האָב נישט קיין גליק צו מענשען! ווי־פיעל מאָל איך טראַכט מיר: ווען איך האָב האָטש איין געטרייען מענשען, וואָס מע קאָן זיך אויף איהם פערלאָזען, וואָלט איך גע־לעבט, דאכט מיר, מעהר מיט צעהן יאָהר. וואָס זאָג איך מיט צעהן? מיט צוואַנציג יאָהר! איך האָב שוין געפּרובט האַלטען אַלערליי מענשען — אי ביליגע, אי טייערע, אי גאָר טייערע — אַלע איינס, נישטאָ קיין געטרייע מענשען! (אָט דאָ, טראַכט איך

מיר, וועט ער זיך מסתמא צעלאָזען, ווי אַזוי ער מאַכט גליקליך מענשען און ווי אַזוי זיי עקספּלואַטירען איהם — איך קען זיי שוין, די דאָזיגע פילאַנטראָפען! נאָר איך שלאָג איהם ניט איבער און לאָז איהם רעדען ווייטער.) איך האָב געהאַט אַמאָל אַזוי פיעל חברים, ווען איינער קומט צו מיר צו געהן און וויל מיר זיין צו הילף, וואָלט איך איהם דאָך אָפּגילטען פון קאָפּ ביז פיס (אַ רעכטער ליגנער! — טראַכט איך מיר.) — און ווי אויף צו להכעיס, בעגעגען איך ניט קיינעם פון מיינע לייט. איך קאָן זאָגען, אַז דאָס איז מיין ערשטע בעגעגעניש פון זינט איך בין אַ היגער. דאַכט זיך, מיר זענען געווען אַמאָל גאַנץ נאָהענטע חברים, האַ?

א י ך: חברים? אַלץ הייסט חברים! אינאיינעם געלערענט, אינאיינעם קעסט געגעסען ביי איין רבי'ן, אינאיינעם געשלאָפען.

ע ר: איך געדענק אפילו ביי וואָסער רבי'ן, ביי'ם רבי'ן זרח, אויפ'ן אויוועז, ווינטער אין די גרויסע פרעסט.

א י ך: און זומער אין דרויסען, אויף דער הוילער ערד.

ע ר: ווי די חזירים אין בלאָטע, מיט אַלע זשאַבעס.

א י ך: און צום שכן טביה אין די פענסטער ווער האָט גע־וואָרפען שטיינדלעך און איבערגעשראָקען די גאַנצע שטוב מענשען אויף טויט?

ע ר: און ביי דער פיראָנדיטשקע די עפּעל פונ'ם קאָשיק ווער האָט גע'לקח'ענט מיט אַ שטעקעל, אונטען אַ צוויאַק צוגע־שלאָגען?

א י ך: און די קאַוועגע הושענא־רבה פונ'ם וואָגען ביי גדליה דעם אַלטען?

און אַזוי ווייטער.

צערעדט זיך פון אַמאָליגע גליקליכע, נאַרישע, נאָר גליקליכע קינדער־יאָהרען, קאָנען מיר שוין אַזוי גיך ניט אויפהערען; עס שיט זיך ביי אונז ווי פון אַ זאַק; עס גיסט זיך ביי אונז ווי פון אַ פאַס; עס לאָזט זיך גאָר ניט אויס קיין שטאָף — ביז מיר קומען

ארויף צו ביסלעך אויף אונזער איצטיגען מעמד, און מיר ווערען גע־וואָהר איינס פון׳ם אַנדערען אַ סך גוטס און אַ סך שלעכטס, אַ סך פריילעכס און אַ סך טרויעריגס. איינעם פון אונז געהט דאָס גוט, מיט הצלחה, דעם אַנדערען געהט דאָס שלעכט, שלים־שלים־מזל; איינער פון אונז איז אַ גביר, איין אדיר, דער אַנדערער אַ רעכטער בתריאל. איינער האָלט קינדער אין בעסטער ערציהונג, די עלטערע טאָכטער אויסגעגעבען גליקליך, די זיהן אַלע אין גימנאַזיע; דער אַנ־דערער מוטשעט זיך מיט זיינע קינדער, ווי אויפ׳ן טוידט, די עלטערע טאָכטער זוכט שטונדען און קאָן ניט געפינען, און דעם זוהן אין גימנאַזיע קאָן ער נישט איינגעבען, מע דאַרף האָבען פּראָטעקציעס, עס דאַרף קאָסטען געלד... איינער האָט זיך זיין אייגען הויז אין אָדעס, און נאָך וואָס פאַר אַ הויז — מיט אַ גאָרטען איין אייגענעם, מיט אַלע אַנטיקען, אַ גן־עדן! דער אַנדערער איז שוין פון היבשע עטליכע יאָהר נע־ונד, פון איין דירה אין דער אַנדערער. ערשט ניט לאַנג האָט מען איהם „אָפּגעשריבען“ פון קאָפּ ביז פיס, פער־קויפט די בעבעכעס און ארויסגעוואָרפען מיט בזיונות אויף דער גאַס. און ס׳איז ביי איהם געבליבען, וואָס ס׳וועט זיין, וועט זיין — אַרויספאָהרען, אַריבערפאָהרען אין איין אַנדער שטאָדט. מע זאָגט, ס׳איז אַ סגולה: משנה מקום משנה מזל.

איך האָב נאָך פאַר קיינעם אַזוי אָפענטליך ניט אַרויסגערעדט זיך דאָס האַרץ, ווי אַצינד פאַר מיין חבר, און קיינער האָט מיך נאָך קיינמאָל אַזוי נישט אויסגעהערט געשמאַק ביז׳ן סוף מיט אַזאַ גוט־פריינדשאַפט. איך האָב דערפיהלט, ווי אַ שטיין פון האַר־צען, צעהן פוד משא איז פון מיר אַראָפּ. און איך האָב דער־זעהען, ווי זיינע גוטע, קאַרע, שמייכלענדיגע אויגען זענען ווי בע־נעצט, דאָס פּנים ערנסט. ער לעגט אַרויף אויף מיר די האַנד און מאַכט צו מיר:

— נו, איין עק! פון היינט אָן און ווייטער וועט דאָס בעסער געהן. אמת, אמת. משנה מקום משנה מזל. איך ווייס עס פון

זיך זעלבער; ס'איז מיר אמאל, ניט היינט געדאכט, אויך געווען נישט גוט! אצינד וועלען מיר שוין זיצען אינאיינעם.

— וואס הייסט, זאג איך, אינאיינעם?

— אינאיינעם וואס הייסט? — זאגט ער צו מיר מיט א ניגון, און זיינע גוטע, קארע אויגען לאכען. — אינאיינעם הייסט, אז איינער האט געשעפטען, און דארף האבען א הילף ווי אין לעבען אריין, און זוכט א מענשען איין ארענטליכען, א געטרייען, וואס וויפיעל ער זאל ניט קאסטען, איז ער ווערטה צוויי מאל אזוי פיעל, און גאט העלפט איהם — ער בעגעגענט זיך מיט זיינעם א חבר, וואס האט זיך מיט איהם אזא צייט נישט געזעהען, און ווערד געוואהר, אז דעם חבר איז נעבאך נישט גוט די צייט און ער זוכט א געשעפט, הייסט דאך עס, אז זיי דארפען האבען איינס דאס אנדערע, — היינט וואס קאן נאך זיין גלייכער דערפון?

און בכדי עס זאל מיר, אפנים, ניט זיין קשה, וואס ער לעגט מיר פאר אזא גליק, חאפט ער ארויס דעם טייסטער, עפענט איהם אויף און וויל מיר ווייזען א דעפעש, וואס מע רופט איהם ארויס אויף עטליכע טעג און ער קאן ניט פאהרען בשום אופן ניט! נאר מיינע אויגען קוקען ניט אויף דער דעפעש, מיינע אויגען פאלען אויפ'ן פעקעל אסיגנאציעס וואס אין טייסטער. א היבש פעקעל אסיגנאציעס — גרויע הונדערטערס און פיעלפארביגע פינפהונדערטערס; און מיינע אויגען, אפנים, ברענען, און זיינע אויגען בעגעגענען זיך מיט מיינע אויגען, און ער שטויסט זיך, אפנים, וואס איך קוק, און ער רופט זיך אן אליץ מיט דעם זעלבען ניגון:

— דאס געשעפט, דאנקען גאט, קאן טראגען אויף אלעס, און א נייער מענש, אז ער קומט אן אין געשעפט אריין, בעדארף ער מסתמא האבען א ביסעל געלד, און געלד איז דאך, ברוך השם, פארהאן גענוג, פאר וואס זשע זאל ער ניט נעמען, וויפיעל ער דארף? וואס איז דא פארהאן צו שעמען זיך? מע פערשטעהט גאנץ גוט, וואס הייסט אריבערטראגען זיך אין א ניי ארט מיט קיין עין־הרע

קינדער... איך ווייס עס פון זיך זעלבער. איך בין אליין אויך געווען אמאל ניט אין קיין בעסערער לאגע; איך האב אמאל אליין אויך געשמייכעלט צו־נ־א דרייערל, אויך גענוג אויסגעריסען געווארען, פערשווארצט געווארען — אוי, פערשווארצט געווארען!

און מיין חבר זעצט זיך אנידער מיט מיר בעזונדער אויף א באנק און דערצעהלט מיר אויס אינגאנצען די ביאגראפיע זיינע אין קורצען. א מערקווירדיגע ביאגראפיע, עפיס טאקי גאר חדושים ונפלאות, מעשיות פון טויזענד איין נאכט! איך מיט מיין לעבענס־געשיכטע, מיט מיין איצטעריגער ביטערער לאגע בין גאר א גראף, א מאגנאט אקעגען איהם! איך זיץ נאר און קוק אויף איהם און טראכט מיר: „וואס א מענש קאן איבערטראגען אויף זיך!... און אז גאט האט איהם געקאנט העלפען נאך אזעלכע גרויסע צרות מיט אומגליקען, וואס דער האט אויף זיך איבערגעטראגען, איז פאר־האן א שטיקעל האפנונג, אז מיר זאל נאך אויך אמאל זיין גוט“...

און מיין חבר נעמט ווידער ארויס דעם טייסטער און טראגט מיר איהם אונטער גלייך אין פנים אריין.

— וואס דארף מען זיך דא שעמען? — מאכט ער צו מיר. — מע נעמט דערווייל, וויפיעל מע בעדארף...

איך פרעג מיך אליין, צי ס'איז ניט קיין חלום, און קוק אין טייסטער אריין, און דער טייסטער איז אפען, און די גרויע הונדער־טערס מיט די פיעלפארביגע פינפהונדערטערס שמייכלען צו מיר גלייך מיט מיין חבר'ס שענע, גוטע, קארע אויגען, און איך ציה אויס די האנד און זאג:

— גענוג וועט זיין דערווייליע צוויי.

איך ווייס ניט, וואס איך זאל זאגען: צוויי הונדערטערס, צי צוויי פינפהונדערטערס? און בכדי מיר זאל, אפנים, זיין גרינגער, רופט ער זיך אן פאר מיר:

— צוויי טויזענד, מיין איך, וועט זיין ווינציגליך.

און ער צעהלט מיר אָפּ זעכס פיעלפאַרביגע פינפהונדערטערס און מאַכט צו מיר:

— געננג דריי טויזענד אויף דער ערשטער צייט?

— אָ!... — מעהר קאָן איך ניט זאָגען גאָרניט, און לעג צענויף די האַרטע אַסיגנאַציעס און שטופּ זיי אין בוזעם־קעשענע און פיהל אַ מאָדנע וואַרעמקייט פון זיי, אַ גלאַטקייט...

און בכדי ס׳זאָל מיר, אַפּנים, ניט זיין שווער די טובה, רופט ער זיך אָן צו מיר ווייטער:

— און איך וואָלט נאָך אַ בעלן געווען אָנקוקען, קיין עין־הרע, די דאָזיגע קאָמאַנדע, מיין חבר׳ס קינדער.

און איך ענטפער איהם נישט באַלד. מיינע געדאַנקען זענען דאָרט, אין בוזעם־קעשענע, ביי די פיעלפאַרביגע פינפהונדערטערס, וואָס וואַרעמען מיך און גלעטען מיך און קריכען נישט אַרויס פון קאָפּ; און מיינע מחשבות האַפּען מיך און טראָגען מיך אַוועק אַהיים, צו ווייב און קינדער, און איך שטעל מיר פאָר די שמחה, וואָס וועט זיין, אַז מע וועט דערזעהען פּלוצים אַזוי פיעל געלד און דערהערען פּלוצים אַזאַ גליק!... און ער זאָגט צו מיר נאָך אַ מאָל, אַז ער וואָלט וועלען זעהן מיין ווייב און קינדער.

— אָך! — זאָג איך. — קאָנען מיר דאָך געהן גלייך צו מיר. איך זיץ ניט ווייט אָט דאָ. די קינדער זענען סאַמע אין דער היים. געהען מיר?

— פאַר וואָס ניט? — מאַכט ער צו מיר, און איך דערקען אין זיינע אויגען, אַז ער ווייסט, אַז מיינע געדאַנקען זענען דאָרט, ביי׳ם געלד, וואָס ליגט אין בוזעם־קעשענע, ווארום איך טהו מיך אַלע מאָל נישט ווילענדיג אַ טאַפּ צו דעם און לאָז אַרויס אַ טיעפען זיפץ, און ער, דער הונד, פערשטעהט דאָס גוט, און טראָגט אריבער באַלד דעם שמועס ווידער צוריק אַהין, אין יענע אַמאָליגע, נאַרישע, נאָר גליקליכע קינדער־יאָהרען, דערמאָנט מיר בילדער שוין לאַנג־געשטאָרבענע, און אַזוי קומען מיר צו מיר אַהיים.

און דאָ דערמאָן איך מיך אָן מיין שטוב, מיין מעבעל... און עס ווערד מיר אַ ביסעל אַ בזיון פאַר מיין רייכען חבר, און איך הויב מיך אָן פערענטפערען פאַר איהם

— אַ נייע דירה... ניט לאַנג אריבערגעקלויבען זיך... זומער... אַ שטיקעל מישמאַש...

ער פערשטעהט, אַפּנים, וואָס איך מיין, פערחאַפּט ער פריי־הער און זאָגט צו מיר:

— אַ־וואָ! אַ גרויסער אומגליק!... אומעטום אזוי! ביי מיר אויך ניט בעסער... קומט דער זומער, הויבט זיך אָן רעמאָנט... אַ חתונה!

און בשעת־מעשה דערמאָן איך מיך, אַז אין בוזעם ליגט ביי מיר דאָס געלד, און עס טהוט מיך אַ בריה, אַ ברען, אַ סמאַליע, און עס פליהט מיר דורך אַ מחשבה, וואָס זאָל איך פריהער טהון, און גיך־גיך לויפט דורך אַ חשבון ביי מיר אין קאָפּ: דירה־געלד... דעם קצב... דאָס קינד אין גימנאַזיע... דעם ווייב שיך אַ פּאָר... די טעכטער היטעלעך... זיך אַ סורדוט... אַ ביסעל מעבעל... היינט חובות... די אַלטע חובות! חובות! חובות! חובות!

און עס לויפען דורך ביי מיר אין דער מחשבה אַלע הארבסטע חובות. מע מוז, מע מוז זיי צאָהלען באַלד! און איך זעה גאָר ניט, אַז ס'איז שוין אָפען די טהיר, און איינס פון מיינע קינדער געהט מיר אַקעגען מיט אַ בלאַס פינסטער פּנים. די קינדער נעבאַך ווייסען אַלע צרות אונזערע; ווייסען שוין פון דחקות, ווייסען שוין, וואָס הייסט פאַר מילך, פאַר פלייש, אין מארק אריין, דער דוואָרניק דירה־געלד קומט מאָהנען, די אידינע פאַר טיי, דער איד פון האָלץ, אַ בייזער יונגערמאַן מיט אַ געל בערדעל: „פון ווינטער נאָך, טענה'ט ער, פאַר האָלץ האָט איהר געקאָנט ביז אהער דריי מאָל שוין באַצאָהלען!"...

— וואו איז די מאַמע? — פרעג איך.

— אין קיך. — ענטפערט מיר דאָס קינד.

— קיין דיענסט אַצינד נישטאָ, ערשט נעכטען אוועקגעגאַנגען די דיענסט! — פערענטפער איך זיך פאַר מיין רייכען חבר און ווער שיער פערברענט פאַר חרפּה, און דערמאָן זיך, ווי אַזוי מיין ווייב וועט אַריינקומען חלילה מיט פערשמירטע הענד און גאָט ווייסט מיט וואָס פאַר אַ קליידעל...

— ביי מיר — זאָגט ער — אויך דאָס אייגענע; אַלע וואָך, אַלע וואָך אַ נייע דיענסט. איין אומגליק מיט די היגע דיענסטען!

איך ווייס ניט, וואָס צו טהון: צי זאָל איך לאָזען דאָ מיין חבר זיצען און אַליין געהן אין קיך אַריין אָנזאָגען מיין ווייב די גוטע בשורה, ווי אַזוי גאָט האָט דאָ מיט מיר געפיהרט? צי זאָל איך בעסער בלייבען זיצען מיט מיין חבר דאָ אין זאַל?

איך זאָג: „אין זאַל“. עס רעדט זיך אַזוי אַ זאַל! אַ גרויס חדר טאַקי, נאָר לעדיג; נישט לעדיג — אַ פּאָר טישלעך שטעהען, מעפּ פון קוויטען, אַ פּאָרטעפּיאָן, איין אַלטער און אַ שפּיעגעל, אַ לאַנגער עדות פון אַמאָליגע גוטע יאָהרען און פון איצטיגען דלות. אַ לאָמפּ, אוי אַ לאָמפּ אַ מאָדנע, און אַ בעטעל פּונקט אין מיטען זאַל. אַזוי שפּעט זאָל שטעהן אַ בעט אין זאַל און ניט פערבעט נאָך! אַ הונדערטער וואָלט איך בעצאָהלט אין דער מינוט, עמיצער זאָל צונעמען פון דאַנען דאָס בעטעל. עס ברענט מיר דאָס פּנים פאַר בזיון!

מיין חבר, אַפּנים, שטויסט זיך אָן, וואָס איך בין אַזוי צע־מישט, און רופט זיך אָן צו מיר:

— אַ וואוילע דירה, אַ פריינע, אַ „פּראָסטאָרנע“! און דוקא קלוג, וואָס מע שלאָפט אין זאַל. ביי מיר שלאָפען אויך די קינדער זו־מער אין זאַל. ס'איז היים אין אַלע אַלקערם!

— אַט דאָס איז מיין בן־יחיד, — שטעל איך איהם פאָר מיין זוהן, וואָס גראָד אַצינד איז איהם געפעלען אראָפּוואַרפען די שטי־וועל און אַרומגעהן באָרוויס. מיין חבר זעהט, אז די מעשה קרענקט מיך, טראַכט ער אויס אַ ליגען:

— זומער געהען ביי מיר אַלע קינדער באָרוויס...

און דאָ קומט אריין אַ טאָכטער מיינע, די צווייטע פון דער עלטערער. איך שטעל זי פאָר פאַר מיין אַלטען חבר. זי ווערד רויט ווי פייער, ניט מחמת זי איז אַזאַ שעמענדיגע, נאָר מחמת זי געהט זעהר אָרדינער, פּראָסט געקליידעט, און דער עיקר זענען די שיך — געמיינע שיך מיט לאַטעס, אָהן אָבצאַסען, און אויסגע־דרעהט, צעריסען...

און ווי אויף צו־להכעיס, זעצט זי זיך אַוועק אַזוי, אַז ער דער־זעהט די שיך, און זי דערזעהט, וואוהין ער קוקט, און איך דער־זעה, ווי זיי קוקעןביידע אויף איהרע שיך, און איך ווער צעמישט. ס׳זאָל זיין אַ גרוב, וואָלט איך אריין אַ לעבעדיגער אין גרוב.

— אַ שען קינד, — מאַכט ער צו מיר אין אויהער אריין, — שען ווי גאָלד!

איך וויל איהם עפּיס ענטפערען, קומט אריין די עלטערע טאָכ־טער מיינע, שוין אַ היבשע. געהן געהט זי אפילו אין גאַנצע שיך, נאָר אַ קאָפּטעל האָט זי אָנגעטהאָן פון קיסיי, אַ דינס, אָהן איין עלענבויגען. זי ווייסט ניט, אפּנים, אז סע פעהלט ביי איהר איין עלענבויגען, און זעצט זיך פונקט אַזוי אַנידער, אז זי קומט אויס מיט׳ן עלענבויגען גלייך צו איהם. ער קוקט אויפ׳ן עלענבויגען, איך אויף איהם, און בין אויסער זיך פאַר צרות! איך ווינק צו איהר, זי פערשטעהט ניט וואָס, ווערד זי רויט ווי פייער, הויבט זיך אויף און דרעהט זיך אויס צוריק — אוי־וועה, אַ צרה, אַ שלאַק! דאָס גאַנצע קאָפּטעל איז צעפּיצעלט!

— איינע שענער פון דער אנדערער. — מאַכט צו מיר מיין חבר אויפ'ן אויהער. — צו אַזעלכע שענע קינדער פערשפּאַרט מען שוין אפילו נדן!

און איך דערמאַן זיך אינ'ם שדוך פון מיין טאָכטער, וואָס ס'איז שיער געוואָרען, נאָך פון פאַראַיאָהרען, אַ גלייכער שידוך, אַ וואוי־לער יונג, אַ דאָקטאָר, און איבער נדן איז זיך עס צעגאַנגען, — און עס טהוט מיר וועה דאָס האַרץ אויף איהר, און איך טראַכט מיר:

— אוי, מיט איין יאָהר פריהער ווען איך בעגעגען זיך מיט מיין גוטען־גוטען חבר!...

— — — — — — — — — — — — — — —

— לאָז געהן אין דער ערד אריין דער בעל־הבית מיט דער פּליטע, מיט דער שטוב, מיט'ן הויף, מיט אַלע הויפען, און לאָזען זיי זיך אָנצינדען און ברענען אויפ'ן פייער מיט גאַנץ אדעם אינ־איינעם!

איהר דאַרפט זיך שוין שטויסען, וועד דאָס רעדט; דאָס רעדט אַ ווייב, בשעת זי קומט אריין פון קיך אַ פערשוויצטע, אַ פער־חושכ'טע, אַ פעריאָמערטע און אַ צעבראָכענע, נעבאָך אָהן אַ דיענסט, דאַרף אַליין קאָכען, וואָס זי איז בפירוש נישט געוואוינט געוואָרען; די פּליטע רויכערט, דער קצב וויל שוין נישט געבען אָהן געלד, די גויע פאַר מילך מאָהנט, טרעט נישט אָפּ פון קיך, אין מאַרק איז אויף אַלץ אַ יקרות, און די קינדער דעקוטשען שטאַרק, ווילען אָנבייסען, דוקא יונגע קאַרטאָפעלעך, און דוקא מיט פּוטער!

איך וויל זיך אויפהויבען, לויפען איהר אַקעגען, זי אַוועקרוי־פען, אָנזאָגען איהר, ערשטענס, די גליקליכע בשורה און, צווייטענס, בעטען, זי זאָל זיך איבערטהון — לאָזט ער מיך נית, דער חבר מיינער; ער נעמט מיך אָן ביי דער האַנד און מאַכט אַזוי:

— אין וועל מיך בעסער אליין פאָרשטעלען פאַר איהר.

און ער געהט־צו צו איהר און ער שטעלט זיך פאָר פאַר איהר, און צווישען זיי פערבינדעט זיך אַזאַ מין שמועס:

ע ר: איך געדענק אייער מאַן, מאַדאַם, אַ סך פריהער פון אייך!

ז י: אַ גליק האָט אייך געטראָפען!

ע ר: מיר זענען חברים פון קינדווייז אויף.

ז י: זאָג מיר, ווער זענען דיינע חברים, וועל איך דיר זאָגען, ווער ד ו ביזט...

ע ר: אינאיינעם געלערענט, אינאיינעם געגעסען, אינאיינעם געשלאָפען, אינאיינעם אפילו גע'גנב'עט עפּעל פון איין קאָשיק.

ז י: אַ שענע רעקאָמענדאַציע פאַר אייך ביידען...

ע ר: ניט נאָר עפּעל אליין, קאַוועגעס אויך.

ז י: גענוג, איך פערשטעה שוין ווער איהר זענט...

די לעצטע ווערטער רעדט אַרוים מיין ווייב מיט אַזוי פיעל סם־המות, אַז מיין חבר בלייבט אָהן לשון. איך ווינק צו איהר, מאַך איהר מיט די אויגען, זי זאָל אויפהערען רעדען אַזעלכע שאַרפע שטעכעדיגע ווערטער, און טראַכט מיר: ווען זי ווייסט, למשל, ו ו ע ר דאָס איז און ו ו אָ ס ער איז פאַר אונז? פוילט זי זיך ניט און ענטפערט מיר:

— וואָס ווינקסט דו צו מיר? איך פערשטעה שוין, וואָס דאָס איז פאַר אַ מין פראַנט, אַז ער איז דיינער אַ חבר.

— מאַדאַם! — רופט זיך אָן צו איהר מיין חבר שוין מיט אַ טאָן פון אַ מענשען, וואָס געפינט זיך אַ ביסעל בעלעדיגט: — מאַדאַם, ווערליג איך זעה, זענט איהר נישט זעהר קיין געהויבענע מיינונג וועגען אייער מאַן, דאַרף איך אייך זאָגען, אַז איך קען איהם בעסער פון אייך.

— דאַרף איך אייך זאָגען, — ענטפערט זי מיט'ן אייגענעם נוסח וואָס ער, — דאַרף איך אייך זאָגען, אַז קיינער בעט אייך ניט, איהר זאָלט זיין פאַר איהם אַ מליץ יושר. ער קאָן זיך זיין שטערטעל, נישקשה, אַליין באַשטעהן.

איך זעה, מיין חבר האָט שוין גאָר איין אַנדער פּנים: די באַקען ברענען איהם שוין גאָר מיט אַ מאָדנע פייער; די גוטע, קאַרע, תמיד שמייכלענדיגע אויגען האָבען אויפגעהערט צו לאַכען, און ער שוויצט, שוויצט מיט סכנת־נפשות!... וואָס זאָל איך דאָ טהון? איך בין אויס מענש! איך עק זיך! עס האָט מיר פערשטעהרט, פער'סמ'ט די גאַנצע שמחה מיינע! איך האָב פערגעסען אַנ'עם געלד, וואָס ליגט ביי מיר אינ'ם בוזעם־קעשענע; איך האָב פערגעסען אַן אַלסדינג; איין געדאַנק ליגט מיר איצט אין מח, איין מחשבה: „ווי אַזוי נאַרט מען אַרויס מיין ווייב פון דאַנען? ווי אַזוי גיט מען איהר צו וויסען, ו ו ע ר מיין חבר איז און ו ו אָ ס ער האָט פאַר אונז געטהאָן?“ און איך קוק אויף איהר מיט געבעט, ווי איינער רעדט: „האָב רחמנות, מאַך צו דאָס מויל, הער אויף צו רעדען!“ נאָר, ווי אויף צו־להכעיס, האָט זי זיך צערעדט:

— איך ווייס, זאָגט זי, די גוטע ברידער זיינע מיט די שענע חברים פונ'ם חדר! עפּיס רעכטס וועט צו איהם נישט אָנשלאָגען... אָדער אַ שלים־מזל אַ קבצן, אָדער אַ באַריהמער, וואָס קומט דערצעהלען גליקען... אַט איז ערשט יענע וואָך געקומען צו איהם זיינער אַ בן־עיר, כּ'יט איהם אַ גאַנצער רב שמעלקע, פון ווייט איז ער געקומען, אַזש פון אַלדי שוואַרצע יאָהר, איהם אָנדערצעהלט אַזעלכע גוזמאות פון זיך, אַז דער קאָפּ האָט זיך געדרעהט: אַ גאַנצער מיליאָנער, און אַ נדבן, אַ גוטער מענש, איין בעל־טובה אין דער וועלט! און אַז ס'איז געקומען צו דעם, אַז מיין מאַן... — וואָס שעמסט דו זיך? עס איז דאָך דיינער אַ חבר, זאָגסט דו, וואָס איהר האָט אינאיינעם אַמאָל גע'גנב'עט עפּעל פון איין מול־

מערעל... — און אז ס'איז געקומען דערצו, אז מיין מאן האט איהם געזאגט, אז...

איך קאן מיך מעהר שוין נים איינהאלטען. איך געה ארויס פון די כלים. קוים, וואס איך שטעה אויף די פיס. איך פיהל, אז אט־אט פלאצט אין מיר דאס הארץ. איך מוז, איך מוז מאכען א סוף צום דאזיגען שמועס! און איך טהו א געשריי צו מיין פלונית נישט מיט מיין קול:

— אבער גע־נוג!!! — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — —

— וואס איז? וואס שרייסט דו? גאט איז מיט דיר! שטעה אויף! — מאכט צו מיר מיין ווייב, איין איבערגעשראקענע אויף טויטט, און וועקט מיך אויף פונ'ם שלאף.

* * *

איך זעץ מיך אויף, וויש־אויס די אויגען, קוק מיך ארום אויף אלע זייטען.

— וואו איז ער ערגיץ?

— ווער? וועמען זוכסט דו?

— דער קרוב מיינער... דער חבר, מיין איך...

— וואסער קרוב? וואסער חבר? עס האט זיך דיר גע'חלומ'ט א חלום... שפיי אויס דריי מאל... האסט זיך שפעט געלעגט שלא־פען... איך האב דיר וויפיעל מאל געזאגט, שפעט ביינאכט זאלסט דו נים שרייבען...

און איך טאפ מיך אין דער זייט ביים בוזעם. איך זוך די בוזעם־קעשענע. איך פיהל, אז געוואלד! אט־א־דא־א, אויף דעם ארט, איז געלעגען נאר־וואס א פעקעל מיט הארטע פיעלפארביגע

פינפהונדערטערס! איך הער נאָך דאָס קנאַקען זייערס, איך פיהל נאָך די גלאַטקייט פון זיי אין די הענד, מיט דער וואַרעמקייט אויף דער נשמה!...

און איך דערמאָן מיך, אַז מאָרגען צעהן אַ זייגער אין דערפריה קומט צו מיר דער סודעבני פּריסטאַוו איבערשרייבען און אויס־פּערקויפען די בענקלעך מיינע, און דער בעל־הבית וואַרפט מיך אַרויס פון דער דירה, און דער קצב מאָנט פּאַר פלייש, און די גויע פאַר מילך, און די אידינע פון׳ם קלייטעל האָט מיר צוגעזאָגט מאָרגען, אם ירצה השם, גאַנץ פריה זיין ביי מיר נאָך אַ מאָל, און דער איד פון האָלץ וועט אויך ניט שווייגען; ער קומט אַלע מאָל צו געהן און פרעגט מיך נאָר: „היתכן?"... און דאָס יונגעל מיינס זאָגט מיר אָן אַ בשורה, אַז ער איז שוין פאַרטיג צום עקזאַ־מען! מאָרגען איז דער עקזאַמען — מזל־טוב דיר, מיין קינד, זאָלסט דערלעבען אָנזאָגען בעסערע בשורות!... עס בעשלאָגט מיך אַ שוויים און עס ווערד מיר קאַלט אין אַלע אברים.

---

